טאָמאַס מאַן

# דער צויבערבאַרג

ראָמאַן

פערטער באַנד

ווילנע — 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# זיבנט קאַפּיטל

## שפּאַצירן ביים ברעג

צי קאָן מען דערציילן די צייט, זי גופא, ווי אַזעלכע, פאַר זיך אַליין? באמת, ניין, דאָס וואָלט געווען אַ נאַרישער פּרוּוו! אַ געשיכטע, וואָס דערציילט: „די צייט איז פאַרפלאָסן, זי איז געגאַנגען, די צייט האָט געשטראָמט“, און כסדר אַזוי ווייטער, — דאָס וואָלט קיינער, וואָס איז ביים געזונטן שכל, נישט געקאָנט אָנרופן אַ דערציילונג. ס'וואָלט געווען, ווי מען וואָלט אויף משוגענעם אופן אַ שעה־לאַנג אויסגעהאַלטן דעם זעלבן טאָן אָדער אַקאָרד און — דאָס אָנגעגעבן פאַר מוזיק. וואָרעם די דערציילונג איז געגליכן צו דער מוזיק דערמיט, וואָס זי פילט אויס די צייט, וואָס זי „פילט זי אָנשטענדיק אויס“, „טיילט זי איין“ און מאַכט, אַז „עפּעס איז אין איר“ אָדער עפּעס „געשעט אין איר“ — כדי צו דערמאָנען אין ווייטאָגדיקער פּיעטעט, וועלכע מ'האָט פאַר רייד פון געשטאָרבענע, די ווערטער, וועלכע יאָאַכים עליו־השלום האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט ביי אַ געלעגנהייט. עס זיינען לאַנג פאַרקלונגענע ווערטער. מיר ווייסן אַליין נישט, צי דער לייענער גיט זיך אָפּ אַ קלאָרן דין־וחשבון, ווי לאַנג זיי זיינען שוין פאַרקלונגען. די צייט איז דער עלעמענט פון דער דערציילונג, אַקוראַט ווי זי איז דער עלעמענט פון לעבן, אומצעשיידבאַר פאַרבונדן דערמיט, ווי מיט די קערפּערס אין רוים. זי איז אויך דער עלעמענט פון דער מוזיק, וועלכע מעסט און צעגלידערט די צייט, מאַכט זי קורצווייליק און טייער צוזאַמען. דערמיט איז זי, ווי געזאָגט, אין קרובהשאַפט מיט דער דערציילונג, וועלכע קאָן אויך נאָר (און דערמיט אַנדערש פון דעם פּלאַסטישן קונסט־ווערק, וואָס לייכט־אויף איינמאָל קעגנווערטיק און איז געבונדן אין דער צייט בלויז ווי אַ קערפּער) ווירקן ווי עפּעס, וואָס ציט זיך

כסדר און קאָן געגעבן ווערן בלויז אין אָפּלויף פון צייט. אַפילו ווען זי זאָל וועלן פרווון צו זיין גאַנץ אין יעדן מאָמענט, וואָלט זי אַליץ באַדאַרפט האָבן צייט צו דער דערשיינונג.

דאָס ליגט ווי אויף דער האַנט. ס'איז אָבער אויך קלאָר, אַז ס'איז דאָ פאַראַן אַן אונטערשייד. דער צייט-עלעמענט פון דער מוזיק איז בלויז איינער: עס איז אַ אויסשניט פון מענטשלעכער ערדישער צייט, אין וועלכן די מוזיק גיסט זיך אַריין, כדי אים אָן אַ שיעור אויסצואיידלען און צו דערהויבן. די דערציילונג דערפאַר האָט צווייערליי מינים צייט: קודם-כל איר אייגענע, די מוזיקאַליש-רעאַלע, וועלכע איז דער תנאי פון איר אָפּלויף, פון איר דערשיינונג. דער צווייטער מין צייט איז אָבער די צייט פונם אינהאַלט, וועלכע איז פערספּעקטיוויש און אין אַזאַ פאַרשיידענער מאָס, אַז די אימאַגינערע צייט פון דער דערציילונג קאָן אַמאָל כמעט אָדער אַפילו אינגאַנצן צוזאַמענפאַלן מיט איר מוזיקאַלישער און אַמאָל — זיך דערווייטערן פון איר הימל-ווייט. אַ מוזיקאַליש שטיק, וואָס הייסט „פינף-מינוטיקער וואַלצער", דויערט פינף מינוט — דערין און אין גאָרנישט אַנדערש באַשטייט זיין באַציונג צו דער צייט. אַ דערציילונג, אָבער, וואָס איר אינהאַלטלעכע צייט-מאָס זאָל אָנטרעפן פינף מינוט, וואָלט געקאָנט פון איר זייט דויערן טויזנט מאָל אַזוי לאַנג, אַדאַנק אויסערגעוויינלעכער געוויסנהאַפטיקייט אינם שילדערן די דאָזיקע פינף מינוט. דערביי וואָלט זי געקאָנט זיין זייער קורצווייליק, כאָטש לגבי דער אימאַגינערער צייט וואָלט זי געווען זייער לאַנגווייליק. פון דער אַנדערער זייט איז מעגלעך, אַז די אינהאַלטלעכע צייט פון אַ דערציילונג זאָל איבערשטייגן צוליב פאַרקירצונגען איר אייגענעם היער אָן אַ שיעור מאָל. מיר זאָגן „צוליב פאַרקירצונגען", כדי אָנצודייטן אויף אַ אילוזיאָנערן, אָדער, בולטער גערעדט, אויף אַ קרענקלעכן עלעמענט, וועלכער געהערט אַהערצו: אויף וויפיל, נעמלעך, די דערציילונג באַדינט זיך מיט סודותדיקן כישוף און מיט אַ צייטלעכן איבער-פערספּעקטיוו, וועלכע דערמאָנען אין געוויסע אַנאָרמאַלע פאַלן פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג, וואָס שמעקן מיט איבערחושימדיקייט. עס זיינען פאַראַן אויפצייכענונגען פון אָפּיום-רויכערער, וועלכע ווייזן, אַז דער באַרוישטער האָט אין משך פון דער קורצער

צייט פון זיין פאַרהונקענקייט דורכגעלעבט הלומות וואָס זייער צייט=
לעכער פאַרנעם האָט אַרומגענומען צען, דרייסיק און אפילו זעכציק
יאָר און אַפילו איבערגעשטיגן אַלע גרענעצן פון דער מענטשלעכער
צייט=דערפאַרונג; דאָס זיינען, ווי מ'זעט, חלומות, וואָס זייער אי=
מאַגינערער צייט=שטח שטייגט געוואַלדיק איבער זייער אייגענעם דוי=
ער און אין וועלכע ס'הערשט אַן אומגלויבלעכע פאַרקירצונג פון
דער צייט=איבערלעבעניש. די פאָרשטעלונגען שטופּן זיך דאָ צונויף
מיט אַזאַ געשווינדקייט, גלייך ווי ס'וואָלט פון די געהירן פון באַ=
רוישטן, ווי ס'דריקט זיך אויס אַ האַשיש=עסער: „עפּעס אַוועק=
גענומען געוואָרן, ווי אַ שטייגער די פעדער פון אַ קאַליע=געוואָרענעם
זייגער“.

ענלעך, הייסט עס, צו די דאָזיקע קרענקלעכע חלומות איז
אויך די דערציילונג בכוח צו באַגיין זיך מיט דער צייט, ענלעך קאָן
אויך די דערציילונג באַהאַנדלען זי. היות אָבער זי קאָן זי
„באַהאַנדלען“, איז קלאָר, אַז די צייט, וואָס איז דער עלעמענט
פון דער דערציילונג, קאָן אויך ווערן איר אָביעקט; און אויב
„דערציילן די צייט“ איז צופיל געזאָגט, איז אַלנפאַלס דער ווילן
צו דערציילן וועגן דער צייט גאָרנישט אַזאַ אַבסורדאַלער פּרוּוו,
ווי ס'האָט זיך אונז אינאָנהייב געדאַכט. ממילא קומט=אויס, אַז דער
נאָמען „צייט=ראָמאַן“ קאָן באַקומען אַ ספּעציפיש טרוימערישן טאָפּל=
זין. פאַקטיש האָבן מיר בלויז אויפגעוואָרפן די פראַגע, צי מען
קאָן דערציילן די צייט, כּדי מודה צו זיין, אַז מיר האָבן דאָס טאַקע
בדעה אין אונזער איצטיקער געשיכטע. און ווען מיר האָבן אויפגע=
וואָרפן די פראַגע, צי די פאַרזאַמלטע אַרום אונז זיינען נאָך אינגאַנצן
קלאָר בנוגע דעם, ווי לאַנג ס'איז דאָ, אַז דער געשטאָרבענער בכּבודי=
קער יאָאַכים האָט אַריינגעפלאָכטן אין שמועס יענע באַמערקונג וועגן
מוזיק און צייט (די פראַגע האָט, אַ.ב, אַרויסגעוויזן אַ געוויסע אַל=
כימיסטישע שטייגונג פון זיין וועזן, וואָרעם געוויינלעך זיינען אַזעלכע
באַמערקונגען נישט געלעגן אין זיין פּשוטער נאַטור), — וואָלט אונז גאַנץ
ווייניק פאַרדראָסן, ווען מיר הערן, אַז מ'קאָן זיך באמת אין דעם
מאָמענט נישט אָפּגעבן קיין קלאָרן דין=וחשבון וועגן דעם. עס וואָלט
אונז נישט פאַרדראָסן און מיר וואָלטן אַפילו געווען צופרידן, פּשוט

דערפאַר, ווייל דאָס אַלגעמיינע אָנטייל־נעמען אין די איבערלעבענישן פון אונזער העלד ליגט נאַטירלעך אין אונזער אינטערעס און דער אַליין, האַנס קאַסטאָרפּ, איז אין יענעם פונקט אויך שוין נישט אינ־גאַנצן פעסט געווען, אַפילו לאַנג שוין נישט. דאָס געהער צו זיין ראָמאַן, אַ צייט־ראָמאַן, אַזוי — און אויך אַזוי גענומען.

ווי לאַנג אייגנטלעך האָט יאָאַכים דאָ אויבן געלעבט מיט אים ביז צו זיין ווילדער נסיעה אַהיים אָדער בכלל? ווען איז, לויטן קאַ־לענדאַר, פאָרגעקומען אָט־דער ערשטער ווילדער אַוועקפאָר? ווי לאַנג איז ער דאָ נישט געווען, ווען איז ער ווידער צוריקגעקומען און ווי לאַנג איז האַנס קאַסטאָרפּ אַליין דאָ געווען, זינט יאָאַכים איז צוריקגעקומען און שפּעטער אינגאַנצן אַרויס פון דער גבול פון צייט? ווי לאַנג איז — כדי אַרויסצולאָזן יאָאַכימען – פרוי שאָשאַ נישט געווען דאָ, ווי לאַנג איז זי — גערעכנט לויט דער צייט — ווידער דאָ (וואָרעם זי איז ווידער דאָ פאַראַן)? וויפיל צייט איז שוין האַנס געהאַט דאָ אָפּגעוועזן, בעת זי איז צוריקגעקומען? קיינער האָט אים אָט־די פראַגן נישט געשטעלט, ער זיך אַליין אויך נישט, ווייל ער האָט מסתמא מורא געהאַט עס צו טאָן. נאָר ווען מיר נעמען אָן, אַז מ׳וואָלט זיי אים יאָ געשטעלט, וואָלט האַנס קאַסטאָרפּ געווען גע־פּויקט מיט די פינגער־שפּיצן אין שטערן און וואָלט לחלוטין אַליין נישט געקאָנט דערגיין צו קיין טאָלק. עס איז אַ דערשיינונג, וואָס באַאומרויקט נישט ווייניקער ווי יענע פאָראיבערגייענדיקע אומפעיקייט צו ענטפערן ווי אַלט ער איז, וואָס איז באַפאַלן האַנס קאַסטאָרפן אין ערשטן אָוונט פון זיין אָנקומען, בעת סעטעמבריני האָט אים געפרעגט דערויף. יאָ, איצט איז יענע אומפעיקייט נאָך פאַרערגערט געוואָרן, וואָרעם איצט האָט ער באמת שוין לאַנג נישט געוואוסט, ווי אַלט ער איז!

דאָס קאָן קלינגען אויסטערליש. עס איז אָבער ווייט נישט אויסגעשלאָסן אָדער אומוואָרשיינלעך, און עס קאָן ביי באַשטימטע באַדינגונגען טרעפן זיך צו יעדער צייט און מיט יעדן פון אונז. ביי אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט אונז קיין שום זאַך נישט אָפּגעהיט דער־פון, מיר זאָלן פאַרלירן יעדן חשבון וועגן אָפּלויף פון צייט און ממילא וועגן אונזער עלטער. די דערשיינונג איז מעגלעך אַדאַנק

דעם, וואָס מיר האָבן נישט קיין שום צייט־אָרגאַן אין אונז, אַדאַנק אונזער אַבסאָלוטער אומפּעיִקייט, הייסט עס, צו באַשטימען דעם אָפּלויף פון צייט פון אונז אַרויס אין אָן אַ אויסנווייניקסטן אָנהאַלט — אַפילו בלויז בערך. בערגלייט, וואָס זיינען געווען פאַרשיט, אָבגעשניטן פון יעדער מעגלעכקייט צו זען דעם אָפּבייט פון טאָג און נאַכט, האָבן, בעת זיי זיינען שפּעטער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, משער געווען די צייט, וועלכע זיי האָבן פאַרבראַכט אין דער פינסטער, צווישן האָפענונג און פאַרצווייפלונג, אויף דריי טעג. פאַקטיש האָט עס געדויערט צען. דוכטן וואָלט זיך געקאָנט, אַז צוליב דער שרעקלעכער לאַגע וואָלט זיי די צייט געדאַרפט ווערן נאָך מער אויסגעצויגן. פאַקטיש איז זי זיי איינגעשרומפּן געוואָרן אויף קנאַפּער נאָך ווי אַ דריטל פון אָביעקטיוון דויער. עס זעט דערפאַר אויס, אַז ביי צעטומלענדיקע באַדינגונגען איז די מענטשלעכע הילפלאָזיקייט גיכער גענייגט איבערצולעבן די צייט אין שטאַרקע פאַרקירצונגען איידער זי איבערצושאַצן.

קיינער וועט אַוודאי נישט לייקענען, אַז ווען האַנס קאַסטאָרפּ וואָלט געוואָלט, וואָלט ער אָן שום פאַקטישע שוועריקייטן געקאָנט קלאָר אויסרעכענען, וואו ער איז אין דער וועלט. אַקוראַט ווי דער לייענער וואָלט דאָס געקאָנט טאָן ביי אַ קליינער באַמיִונג, אויב פאַרשוואומענע און פאַרפלאָנטערטע זאַכן זיינען אין היפוך צו זיין געזונטן שכל. וואָס ס׳איז נוגע האַנס קאַסטאָרפּן, האָט ער זיך מסתמא נישט אַזוי גוט געפילט דערביי, פונדעסטוועגן האָט ער אויך נישט געמאַכט קיין שום אָנשטרענגונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער פאַרשוואומענקייט און פון דער פאַרפלאָנטערטקייט און זיך קלאָר צו מאַכן, ווי אַלט ער איז דאָ געוואָרן. און די מורא, וועלכע האָט אים געשטערט דערין, איז געווען די מורא פון זיין געוויסן — הגם ס׳איז דאָך די ערגסטע געוויסנלאָזיקייט נישט אומצוקוקן זיך אויף דער צייט.

מיר ווייסן נישט, צי מען דאַרף עס האַלטן פאַר זיין טובה, וואָס די באַדינגונגען זיינען געווען אַזוי גינציק פאַר זיין מאַנגל אין גוטן ווילן, אויב מען וויל נישט גראָד ריידן וועגן זיין שלעכטן ווילן. בעת פרוי שאָשאַ איז צוריקגעקומען (אַנדערש ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט

געהלומט וועגן דעם — אָבער דעריבער אויף אַן אַנדער אָרט), האָט ווידעראַמאָל געהערשט אַדווענט־צייט און אין דער נאָענטער פּער־ספּעקטיוו איז געשטאַנען דער קירצסטער טאָג, דער אָנהייב ווינ־טער, הייסט עס, אַסטראָנאָמיש גערעדט. פּאַקטיש אָבער, נישט גע־קוקט אויף דער טעאָרעטישער צייט־אָרדענונג, לויטן שניי און דעם פראָסט, איז שוין געווען ווינטער מי־יורע ווי לאַנג. יאָ, דער ווינ־טער איז בכלל בלויז איבערגעריסן געוואָרן פּאַריבערגייענדיק דורך בריע־נענדיקע זומער־טעג מיט אַ הימל־בלויקייט, וואָס איז געווען אַזוי טיף, אַז זי איז אַריינגעפאַלן אין שוואַרץ. אַזעלכע זומער־טעג פלעגן זיך, אגב, אויך טרעפן אין ווינטער, אויב מען וועט נישט רעכענען דעם שניי, וואָס פאַלט, אַגב, אויך יעדן זומער־חודש. ווי אָפט האָט האַנס קאַסטאָרפּ מיט דעם פאַרשטאָרבענעם יאָאַכים געפּלוידערט וועגן דער דאָזיקער גרויסער צעטומלונג, וואָס צעמישט די צייטן פון יאָר, וואַרפט זיי אַדורך, נעמט צו ביים יאָר זיין צעגלידערטקייט און מאַכט עס אַזוי אַרום אויף אַ לאַנגווייליקן אופן קורצווייליק אָדער אויף אַ קורצווייליקן אופן לאַנגווייליק, אַזוי אַז פון צייט האָט בכלל נישט געקאָנט זיין קיין רייד, ווי יאָאַכים האָט זיך גאָר אַמאָל געהאַט אויסגעדריקט מיט עקל. אויב עפּעס איז אייגנטלעך פאַרטוישט און פאַרמישט געוואָרן אין אָט דער גרויסער צעטומלונג, זיינען עס גע־ווען די געפיל־באַגריפן אָדער די באַוואוסטזיינס־שטעלן פון „נאָך" און פון „שוין ווידער" — איינס פון די סאַמע פאַרווירנדיקסטע, צעדרייטסטע און פאַרכישופטסטע איבערלעבענישן בכלל. עס איז גע־ווען אַן איבערלעבעניש, צו וועלכער האַנס קאַסטאָרפּ האָט דער־שפּירט אַן אוממאָראַלישע נייגונג באַלד אין ערשטן טאָג זיינעם דאָ איבן: ביי די פינף געוואַלדיקע מאָלצייטן אין לוסטיק שאַבלאָנירטן עס־זאַל, בעת ס'האָט אים באַהערשט דער ערשטער קאָפּ־שווינדל פון דעם מין — דעמאָלט נאָך בערך אַן אומשולדיקער.

זינט דעמאָלט האָט די חושים־און גייסט־נאַרעריי אָנגענומען אַ סך אַ גרעסערע מאָס. די צייט — אַפילו ווען איר סוביעקטיווע אי־בערלעבונג איז אָפּגעשוואַכט אָדער אינגאַנצן אַוועקגענומען — האָט זאַכלעכע ווירקלעכקייט, אויף וויפיל זי איז טעטיק, אויף וויפיל זי „צייטיקט". עס איז אַ פראַגע פאַר פּראָפעסיאָנעלע דענקער (האַנס

קאַסטאָרפּ האָט זיך דערמיט אָפּגעגעבן איינמאָל בלויז צוליב יוגנטלעכער-
פאַרמעסטערישקייט) צו אַנטשיידן, צי הערמעטישע קאָנבערוון זיינען
אויף זייערע פּאָליצעס אויסער דער צייט. אָבער מיר ווייסן, אַז די
צייט טוט דאָס אייריקע אויך מיט אַ פּעפער. אַ דאָקטאָר דערציילט
וועגן אַ פּאַל מיט אַ צוועלף-יעריק מיידל, וואָס איז אין איינעם אַ
טאָג אַריינגעפאַלן אין אַ שלאָף און געלעגן אַזוי דרייצן יאָר. דערביי
איז זי אָבער נישט געבליבן אַזוי קיין צוועלף-יעריק מיידל, נאָר אין
דער צייט אויפגעבליט ווי אַ רייפע פרוי. ווי וואָלט גאָר געקאָנט זיין
אַנדערש. דער טויטער איז טויט און האָט זיך מיט דעם צייטלעכן
אָפּגעזעגנט. ער האָט אַ סך צייט, דאָס הייסט: ער האָט בכלל נישט
קיין צייט — פּערזענלעך גענומען. כּוֹנדעסטוועגן שטערט דאָס נישט,
אַז ס'זאָלן אים וואַקסן האָר און נעגל און בסך-הכּל די גאַנצע — —
אָבער מיר ווילן נישט איבערחזרן דאָס וואוילינגערישע לשון, וועל-
כעס יאָאַכים האָט געהאַט באַנוצט אַמאָל אין שייכות דערמיט און
צוליב וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך דעמאָלט פלאַכלענדיש גע-
פילט באַליידיקט. אויך אים, האַנס קאַסטאָרפּן, זיינען געוואַקסן האָר
און נעגל. זיי זיינען געוואַקסן שנעל, דאַכט זיך. ער איז אַזוי אָפט
געזעסן איינגעהילט אין ווייסן ליילעך אויף דער שטול ביים פריזי-
רער אין דער הויפּטגאַס אין „דאָרף" און האָט זיך געלאָזט שערן
די האָר, ווייל ביי די אויערן האָבן זיך ווידער געשאַפן צויטן. ער
איז אייגנטלעך דאָרטן תּמיד געזעסן, אָדער בעסער: ווען ער איז
דאָרט געזעסן און האָט געשמועסט מיט דעם חניפהדיק-געשיקטן
אָנגעשטעלטן, וואָס האָט געטאָן דאָס זייניקע, נאָכדעם ווי די צייט
האָט געטאָן דאָס אייריקע; אָדער ווען ער איז געשטאַנען ביי זיין
באַלקאָן-טיר און האָט געקירצט זיינע נעגל מיט אַ שערעלע און
פּיילכל, וועלכע ער האָט אַרויסגענומען פון זיין שיינעם סאַמעטענעם
נעצעכער, — דעמאָלט פלעגט אים פּלוצלונג באַפאַלן יענער שווינדל
מיט אַ מין שרעק, אויסגעמישט מיט אַ נייגעריקער הנאה. עס איז
געווען אַ שווינדל מיט דער וואַקלענדיקער טאָפּלבאַדייטונג פון וואָרט,
קאָפּ-פאַרדרייונג און אָפּנאַרעריי, דאָס ווירוואַרישע נישט אונטערשיידן
צווישן „נאָך" און „ווידער". די דאָזיקע צעמישונג און פאַרווישונג
האָט געשאַפן אַ מין צייטלאָזן „תּמיד" און „אייביק".

מיר האָבן אָבער פאַרזיכערט, אַז מיר ווילן אים נישט מאַכן נישט בעסער און אויך נישט ערגער, ווי ער איז געווען. דערפאַר ווילן מיר נישט פאַרשווייגן, אַז ער פלעגט זיין אומסימפּאַטישע נייגונג צו אַזעלכע מיסטישע דיגרעסיעס, וועלכע ער האָט אַרויסגערופן באַוואוסטזיניק אין בכיון, געפּרווט צו פאַרריכטן אויך דורך פאַרקערטע באַמיִונגען. ער האָט געקאָנט זיצן מיטן זייגער אין דער האַנט (זיין פלאַך גלאַט־גאָלדן טאַשן־זייגערל. דאָס דעקל מיטן אויסגראַווירטן מאָנאָגראַם האָט ער געעפנט) און קוקן אויף דעם פאַרצעלאַנענעם בלעטל, באַזעצט טאָפּלט מיט שוואַרצע און רויטע אַראַבישע ציפערן, אויף די צוויי פּרעכטיק־שיינע קונציק־געדרייטע גאָלדענע ווייזערס און אויף דעם דינעם סעקונדן־ווייזערל, וואָס האָט זיך גיך און פּיקנדיק געדרייט אין זיין אייגענעם קליינעם קרייז. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים געהאַלטן פאַרן אויג, כדי אויפצוהאַלטן עטלעכע מינוט און זיי אויסצוציען, כדי אָנצונעמען די צייט ביים ווידל. דאָס ווייזערל איז געלאָפן זיין וועג נישט קוקנדיק אויף די ציפערן, וועלכע עס האָט דערגרייכט, אָנגערירט, איבערגעלאָפן, איבערגעלאָזט ווייט אויף צוריק, דערנאָך איז עס ווידער צוגעקומען און ווידער דערגרייכט. עס איז געווען גלייכגילטיק בנוגע ציל, אָפּשניט, אויסמעסטונגען. עס וואָלט כאָטש געווען אויף זעכציק געבליבן שטיין אַ סעקונדע אָדער לכל־הפּחות געגעבן אַזוי אַ קליינעם צייכן, אַז דאָ ענדיקט זיך עפּעס. אָבער אין דעם אופן, ווי דאָס ווייזערל איז גיך איבערגעלאָפן, נישט אַנדערש ווי איבער יעדן אַנדערן נישט־באַצייכנטן שטריכעלע, האָט מען דערקאָנט, אַז די אַלע ציפערן און די צעגלידערונגען אויף זיין וועג זיינען בלויז אונטערגעלייגט געוואָרן און אַז ער אַליין גייט בלויז און גייט... אַזוי־אַרום האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווידער באַהאַלטן זיין קונציק אינסטרומענטל אין וועסטל־קעשענע אַריין און האָט געלאָזט די צייט אין איר אייגענעם רשות.

ווי אַזוי קאָנען מיר פאַר דער פלאַכלענדישער בכבודיקייט קלאָר מאַכן די פאַרענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דער אינעווייניקסטער באַלעבאַטישקייט פון דעם יונגן אַוואַנטוריסט? עס איז געוואַקסן דער מאַסשטאַב פון די שווינדלענדיקע אידענטישקייטן. נישט בלויז, וואָס ס'איז שווער געווען נאָך אַ שטיקל צייט אונטערצוו־

שיידן צווישן אַן „איצט“ פון היינט און אַן „איצט“ פון נעכטן, אייער־נעכטן און פון אייער־אייער־נעכטן, וועלכע זיינען געווען ענלעך צווישן זיך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, נאָר אַפּילו תּיכּף שוין איז דער איצט געווען געניגט און פעיק צו פאַרטוישן זיין קעגנוואַרט אויף אַזעלכער, וואָס האָט געהערשט פאַר אַ חודש, צי פאַר אַ יאָר און צוזאַמען דערמיט פאַרשלונגען ווערן אינם תּמיד. אויף וויפיל אָבער די געוויינלעכע באַוואוסטזיינס־פאַלן פון „נאָך“, „ווידער“ און „שפּע־טער“ זיינען פאָרט געבליבן אָפּגעזונדערט, איז מען געשטאַנען פאַר'ן נסיון אויסצוברייטערן אין אָנצוווענדן אויף גרעסערע צייט־פאַרהעל־טענישן די נעמען „נעכטן“ און „מאָרגן“, מיט וועלכע דער „היינט“ גרענעצט זיך אַרום, באַשטימענדיק אַ פאַרגאַנגנהייט און אַ צוקונפט.

ס'איז גאָרנישט שווער זיך פאָרצושטעלן באַשעפענישן אַפשר אויף קלענערע פּלאַנעטן — וועלכע זאָלן באַלעבאַטעווען מיט אַ מיניאַטור־צייט און פאַר וייער „קורץ“ לעבן זאָל האָבן דאָס פלינקע טיקען פון אונזער סעקונדע־ווייזער די איינגע פּעסטע פאַמעלעכדי־קייט ווי ביי אונז דער שעהן־ווייזער. אָבער מ'קאָן זיך אויך פאָרשטעלן אַזעלכע באַשעפענישן, ביי וועלכע דער רוים פאַרבינדט זיך מיט געוואַלדיקע צייט־מאָסן, אַזוי אַז די דיסטאַנץ־באַגריפן פון „אָט ערשט“, „נאָר וואָס“, „נעכטן“ און „מאָרגן“ נעמען אָן אין זייער איבערלע־בעניש אומגעהייער אַ ברייטע באַדייטונג. דאָס וואָלט געווען, זאָגן מיר, נישט בלויז מעגלעך, נאָר מ'וואָלט געקאָנט, לויטן גייסט פון אַ טאָלעראַנטן רעלאַטיוויזם און לויט אַלע „גוטע און פרומע לייט“, האַלטן עס פאַר לעגיטים, געזונט און בּכּבודיק. אָבער וואָס קאָן מען טראַכטן וועגן אַ מענטש, נאָך דערצו פון די יאָרן, פאַר וועלכן אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש, אַ סעמעסטער דאַרפן שפּילן אַזאַ גרויסע ראָל, ברענגען אין לעבן אַזויפיל פאַרענדערונגען און דערגרייכונגען, און פונדעסטוועגן נעמט ער אָן אַ שיינעם פרימאָרגן די קרענקלעכע געוווינהייט אָדער גיט זיך טיילמאָל נאָך די תּאווה צו זאָגן אָנ־שטאָט „פאַראַיאָרן“ — „נעכטן“, און אָנשטאָט „איבער־אַ־יאָר“ — „מאָרגן“? דאָ מוז מען אָן שום ספק פסקענען: „צעטראָגן און צע־מישט“ און מ'קאָן האָבן דערפון די גרעסטע עגמת־נפש.

ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַ לעבנס־מצב, עס זײַנען פֿאַראַן אָרט־אומשטאַנדן (אויב מ'קאָן ריידן וועגן „אָרט" אין אַזאַ פֿאַל), בײַ וועלכע אַזאַ צעטומלטקייט און צעמישונג פֿון די צײַטלעך־רוימלעכע דיסטאַנצן ביז צו שווינדלדיקער מאָנאָטאָניע געשעט אין אַ געוויסער מאָס בטבע און באַרעכטיקט. דערפֿאַר טאַקע קאָן מען האַלטן פֿאַר דערלויבט אין די פֿרייע שעהן צו פֿאַרזינקען אין אָט־דעם כישוף. מיר מיינען דאָ דעם שפּאַציר בײַם ברעג ים, אַ מצב, אין וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך קיינמאָל נישט דערמאָנט אָן דער גרעסטער צוגענייגטקייט. מיר ווייסן דאָך שוין, אַז לעבנדיק צווישן שניי, האָט ער גערן און דאַנקבאַר זיך דערמאָנט אין די זאַמד־ברעגן פֿון דער הים. מיר גלויבן, אַז אויך די דערפֿאַרונג און דער זיכרון פֿון לייענער וועט אונז נישט פֿאַרלאָזן, ווען מיר וועלן ריידן וועגן דער דאָזיקער וואונדערבאַרער פֿאַרלוירנקייט. דו גייסט און גייסט... פֿון אַזאַ גיין וועסטו קיינמאָל נישט אַהיימקומען צו דער צײַט, ווײַל דו ביסט אַוועקגעקומען דער צײַט און זי דיר. אָ, ים, בעת מיר דערציילן, זיצן מיר ווײַט פֿון דיר, מיר ווענדן צו דיר אונזערע געדאַנקען, אונזער ליבע. דו זאָלסט בפּירוש און הויך אויף אונזער רוף בײַזײַן אין אונזער דערציילונג, ווי שטילערהייט ביסטו עס אַלעמאָל געווען און וועסט זײַן... רוישנדיקער מדבר, פֿאַרצויגן בלאַס העלגרוי, פֿול מיט שאַרפֿער פֿײַכטקייט, פֿון וועלכער ס'בלײַבט אויף אונזערע ליפּן אַ טעם פֿון זאַלץ. מיר גייען, גייען אויף אַ גרונט, ווי אויף לײַכטע שפּרינגפֿעדערס, און עס זײַנען אָנגעוואָרפֿן אויף אים ים־געוויקסן און קליינע מושלעס. די אויערן זײַנען פֿאַרדרוישט פֿון ווינט, פֿון אָט־דעם גרויסן, ברייטן און מילדן ווינט, וואָס לויפֿט אַהורך דעם שטח פֿרײַ, נישט־געשטערט און אָן בײַזקייט און רופֿט אַרויס אַ מילדע באַטויבונג אין קאָפּ. מיר וואַנדערן, וואַנדערן און זעען, ווי די שוים־צונגען פֿון ים, וואָס רײַסט זיך פֿאָרויס און כוואַליעט זיך צוריק, לעקן אונזערע פֿיס. דער תהום זידט, העל און שווער רײַסט זיך און רוישט כוואַליע נאָך כוואַליע צום פֿלאַכן ברעג, אָט־דאָ און אָט־דאָרטן בײַ די זאַמד־אָפּזאַצן ווײַט. אָט דאָס אַלגעמיינע, מילד־ברויזנדיקע רוישן פֿאַרשפּאַרט אונזער אויער פֿאַר יעדן אַנדערן קול אין דער וועלט. טיפֿע צופֿרידנקייט, וויסנדיק פֿאַרגעסן...

לאָמיר פאַרמאַכן די אויגן. מיר זיינען פאַרבאָרגן אין דער אייביקייט!
אָבער ניין, גיב אַ קוק, דאָרטן אין דער שוימיקער גרוי-גרינער ווייט,
וועלכע ווערט פאַרלוירן דורך אומגעהייערע פאַרקירצונגען קעגן האָ-
ריזאָנט, עס שטייט דאָרטן אַ זעגל. דאָרט? וואָס איז דאָס פאַר אַ
דאָרט? ווי ווייט? ווי נאָענט? דאָס ווייסטו נישט. אויף אַ שווינדל-
דיקן אופן לאָזט זיך עס נישט אָפּשאַצן. כּדי צו זאָגן, ווי ווייט די
שיף איז דערווייטערט פון ברעג, וואָלסטו געמוזט וויסן, ווי גרויס
זי איז פאַר זיך, ווי אַ קערפּער. צי איז זי קליין און נאָענט
אָדער גרויס און ווייט? דיין בליק ווערט געבראָכן אין דער אומוויסנ-
דיקייט, ווייל אין דיר גופא איז נישטאָ קיין שום אָרגאַן און חוש פאַרן
רוים... מיר גייען, גייען — ווי לאַנג שוין? ווי ווייט? דאָס ווייסט
מען נישט. קיין זאַך ענדערט זיך נישט ביי אונזער טריט. דאָרט
איז ווי דאָ, פריער ווי איצט און דערנאָך. אין דער אומגעמאָסטענער
מאָנאָטאָניע פון רוים ווערט פאַרטרונקען די צייט. באַוועגונג פון
פּונקט צו פּונקט איז קיין באַוועגונג נישט, וואו עס הערשט מאָנאָ-
טאָניע; און דאָרט, וואו באַוועגונג איז שוין קיין באַוועגונג נישט,
איז נישטאָ קיין צייט.

די מייסטערס פון מיטלאַלטער האָבן געהאַלטן, אַז די צייט
איז אַן אילוזיע און אַז איר אָפּלויף אין סיבות און פאָלגן איז נאָר
אַ רעזולטאַט פון דער קאָנסטרוקציע פון אונזערע חושים. דאָס אמת-
דיקע זיין איז אַ שטייענדיקער „איצט". צי האָט ער ביים ים שפּאַ-
צירט, אָט-דער דאָקטאָר, וועלכער איז צום ערשטן מאָל געקומען
אויף דעם רעיון — מיט דער שוואַכער ביטערקייט פון דער איי-
ביקייט אויף די ליפּן? מיר חזרן אַלנפאַלס איבער, אַז מיר ריידן
דאָ פון פעריען-רעיונות, וועגן פאַנטאַזיעס פון ליידיקגייעריי, מיט
וועלכע דער עטישער גייסט זעטיקט זיך אַזוי שנעל ווי אַ קרעפטיקער
מענטש פון רוען און וואַרעמען זאַמד. גיין קריטיקירן די מענטשלעכע
דערקענטעניש-מיטלען און פאָרמען, אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן זיי-
ער גילטיקייט — וואָלט געווען אַן אַבסורד, אַן אומכּבֿוד, אַ צו-
להכעיסדיקייט, אויב מ'זאָל האָבן דערביי אַן אַנדערע כּוונה, ווי אָנ-
צווייזן דעם מענטשלעכן שכל גרענעצן, וועלכע ער טאָר נישט

אַריבערגיין, אויב ער וויל נישט פאַרנאַכלעסיקן זיינע אמתדיקע פליכטן. מיר קאָנען דערפאַר דאַנקבאַר זיין אַזאַ מענטשן ווי סעטעמבריני, וועלכער האָט דעם יונגנמאַן (וואָס זיין „גוף" אינטערעסירט אונז און וועלכן ער האָט ביי אַ געלעגנהייט זייער ריכטיק אָנגערופן „ציטערדיק קינד פון לעבן") מיט פעדאַגאָגישער דעצידירטקייט כאַראַקטעריזירט די מעטאַפיזיק ווי „דאָס בייז". מיר טוען אָן דעם בעסטן כּבוד דעם אָנדענק פון איינעם אַ ליבן געשטאָרבענעם, בעת מיר זאָגן, אַז דער זין, צוועק און ציל פון קריטישן פרינציפּ קאָן און מוז נאָר זיין איינער: די אידעע פון פליכט, דער אימפּעראַטיוו פון לעבן. יאָ, דערמיט, וואָס די געזעצגעבערישע חכמה האָט אַוועקגעשטעלט קריטיש די גרענעצן פון שכל, האָט זי ביי אָט־די גרענעצן טאַקע אַריינגעשטעקט די פאָן פון לעבן און פּראָקלאַמירט פאַר די מענטשן דעם זעלנערישן חוב צו דינען אונטער איר. און אפשר זאָל מען דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ מוחל זיין און אָננעמען, אַז זיין קרענקלעכע צייט־ווירטשאַפט, זיין שלימזלדיקע שפּילעריי מיט דער אייביקייט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן צוליב דעם מיאוסן כּוח, וואָס ס'האָט געהאַט זיין מיליטערישן קוזינס „היציקייט", ווי ס'האָט עס אָנגערופן זיינס אַ מעלאַנכאָלישער פלאַפּלער?

---

## מיינהעער פעפּערקאָרן

מיינהעער פעפּערקאָרן, אַן עלטערער האָלענדער, איז אַ צייט לאַנג געווען אַ גאַסט אין דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף", וואָס האָט מיט אַזויפיל רעכט צוגעגעבן זיך אין טיטל דאָס בייוואָרט „אינטערנאַציאָנאַל". פעפּערקאָרנס לייכט־פאַרביקע נאַציאָנאַליטעט (ווייל ער איז געווען אַ האָלענדער פון די קאָלאָניעס, אַן איינוואוינער פון יאַוואַ, אַן אייגנטימער פון קאַווע־פלאַנטאַציעס) וואָלט אונז נאָך נישט באַוואויגן אַריינצופירן זיין, פּיטער פעפּערקאָרנס (אַזוי האָט ער געהייסן, אַזוי האָט ער זיך אַליין באַצייכנט. „איצט איז זיך פּיטער פעפּערקאָרן מחיה מיט אַ שנאַפּס", פלעגט ער זאָגן) פערזאָן אין דער עלטער שעה אין אונזער דערציילונג. וואָרעם, גרויסער גאָט,

אַ היפּש ביסל פאַרבן און שאַטירונגען האָט געהאַט דער עולם פון באַוואוסטן אינסטיטוט, וועלכן דער הויפראַט דאָקטאָר בערענס האָט אָנגעפירט מעדיציניש אויף אַלערליי לשונות! עס איז אַפילו געקומען אַהער לעצטנס אַן עגיפּטישע פּרינצעסין, די אייגענע, וועלכע האָט אַמאָל געשענקט דעם הויפראַט דאָס אינטערעסאַנטע קאַווע-געשיר און די ספינקס-פּאַפּיראָסן, אַ סענסאַציאָנעלע פערזאָן מיט ניקאָטין-געלע באַרינגטע פינגער און קורץ-געשוירענע האָר. אַחוץ די הויפּט-מאָלצייטן, ווען זי האָט געטראָגן פּאַריזער טואַלעטן, האָט זי זיך אַרומגעדרייט אין אַ מענעריש רעקל און געפּרעסטע הויזן. פון דער מענער-וועלט האָט זי, אַגב, גאָרנישט געוואָלט וויסן, דערפאַר האָט זי פויל און גלייכציטיק שטאַרק אָפּגעגעבן זיך בלויז מיט איין רומענישער יידישער פרוי, וועלכע מ׳האָט גאַנץ פּשוט געהייסן פרוי לאַנדויער. דערביי האָט דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט צוליב איר פאַר-נאַכלעסיקט די מאַטעמאַטיק און פון גרויס פאַרליבטקייט געמאַכט זיך פּשוט צום נאַר. אָבער טאָמער איז זי אַליין געווען צו ווייניק, האָט זיך נאָך אין איר קליינער סוויטע געפונען אויך אַ קאַסטרירטער נעגער, אַ קראַנקער שוואַכער מענטש, וועלכער האָט, אַפּנים, שטאַרקער געהאַנ-גען אין לעבן, ווי יעדער איינער, כאָטש קאַראָלינע שטער האָט געחוזקט פון זיין מום. ער האָט טאַקע שטאַרק געליטן פון זיין אינערלעך בילד, וואָס די פּלאַטע האָט געוויזן, נאָכדעם ווי מ׳האָט דורכגעלויכטן זיין שוואַרצע הויט...

אין פאַרגלייך מיט אַזעלכע פענאָמענען האָט, הייסט עס, מיינ-העער פּעעפּערקאָרן געקאָנט ווירקן כמעט פאַרבלאָז. און אויב אָט דער אָפּשניט פון אונזער דערציילונג וואָלט געקאָנט ווי אַ פריערדי-קער טראָגן די איבערשריפט „נאָך עמעץ“, דאַרף מען פונדעסטוועגן נישט מורא האָבן, אַז ס׳טרעט ווידער אַרויס אויפן פּלאַן עמעץ, וואָס וועט מאַכן אַ גייסטיקע און פּעדאַגאָגישע צעטומלונג. ניין, מיינ-העער פּעעפּערקאָרן איז לחלוטין נישט געווען דער מענטש, וואָס זאָל אַריינטראָגן אין דער וועלט לאָגישע צעמישונג. ער איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער מענטש, ווי מיר וועלן זען. פאַרוואָס זיין פער-זאָן האָט שטאַרק צעטומלט אונזער העלד, וועט מען באַלד זען.

מיינהעער פּעפּערקאָרן איז אָנגעקומען מיט דעם זעלבן אָוונט־צוג אין דער סטאַציע „דאָרף", וואָס מאַדאַם שאָשאַ. ער איז מיט איר אין איין שליטן צוגעפאָרן צו „בערגהאָף" און ער האָט אַפילו צוזאַמען מיט איר געגעסן אָוונט־ברויט אין רעסטאָראַן. עס איז געווען מער ווי אַ גלייכצייטיק אָנקומען, עס איז געווען אַ צוזאַמענדיק אָנקומען. די דאָזיקע צוזאַמענדיקייט איז ווייטער געצויגן געוואָרן אַזוי, צום ביישפּיל, אַז מיינהעער האָט באַקומען אַן אָרט לעבן דער צוריקגעקומענער ביים גוטן רוסן־טיש, קעגנאיבער דעם דאָקטאָר־פּלאַץ דאָרטן, וואו דער לערער פּאָפּאָוו האָט אַמאָל אָפּגעטאָן זיינע ווילדע און צווידייטיקע קונצן. טאַקע די דאָזיקע צוזאַמענדיקייט האָט צעמישט דעם וואוילן האַנס קאַסטאָרפּ, ווייל אויף אַזאַ זאַך האָט ער זיך נישט געריכט. וועגן דעם טאָג און דער שעה פון קלאַוודיעס אָנקומען האָט אים דער הויפראַט אָנגעזאָגט אויף זיין שטייגער. נאָ, קאַסטאָרפּ, אַלטער יונגאַטש — האָט ער געזאָגט — אַז מ'וואַרט, דערוואַרט מען זיך. איבערמאָרגן אינאָוונט קומט דאָס קעצל ווידער צו קריכן. כ'האָב אַ טעלעגראַם. אָבער וועגן דעם, אַז פרוי שאָשאַ וועט נישט קומען אַליין, האָט ער מיט קיין וואָרט זיך נישט אַרויסגעכאַפּט, אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט אַליין אויך נישט געוואוסט, אַז זי וועט קומען צוזאַמען מיט פּעפּערקאָרן. אַלנפאַלס האָט ער געמאַכט אַן איבעראַשנדיקע מינע, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים אַ טאָג נאָך דעם צוזאַמענדיקן אָנקום אין אַ געוויסער מאָס געמאַכט אַ פאָרוואורף.

— כ'קאָן אייך אויך נישט זאָגן, וואו זי האָט אים געפּאַקט — האָט ער דערקלערט. — אַ וועג־באַקאַנטשאַפט, אַפּנים, פון די פּירענעען, נעם איך אָן. טיאַ, אויף אים וועט איר מוזן באַשטיין, איר אַנטטוישטער סעלאַדאָן*, ס'וועט אייך גאָרנישט העלפן. אַ פעסטע פריינטשאַפט, פאַרשטייט איר. ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי אַפילו אַ בשותּפותדיקע קאַסע אין וועג. דער מענטש איז אַ שווערער גביר, לויט אַלעמען, וואָס איך הער. אַ קאַווע־קיניג אין עמעריטור, מוזט

* אַ באַצייכענונג פאַר אַ פאַרפּענקטן ליבהאָבער, לויט דער פיגור אין דעם פראַנצויזישן ראָמאַן „אַסטרע" פון ד'אורפע.

איר וויסן, אַ מאַלאַיִשער קאַמער־דינער, אמתדיקער ליקסוס. אַגב, איז ער זיכער נישט געקומען גלאַט אַזוי זיך, ווייל אַחוץ נישקשה־דיקער אַלקאָהאָלישער פאַרשליימונג, האָט ער אויך נאָך, אַפנים, אַ בייז טראָפּיש פיבער, ווערכסל־פיבער, פאַרשטייט איר, אַ עקשנות־דיקע און פאַרשלעפּטע קרענק. איר ווערט מוזן זיין צו אים גע־דולדיק.

— אַדרבא, אַדרבא — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט פון אויבן אַראָפּ. — און דו? — האָט ער געטראַכט — ווי פילסטו דיך? אינגאַנצן אַ זייטיקער ביסטו דאָך אויך נישט, פון אַמאָל נאָך, איך כ'האָב קיין טעות נישט, דו בלוי־באַקיקער אַלמן מיט דיין שיינער אייל־מאָלעריי. דו לייגסט אַריין אַ סך הנאה פון מיינע ליידן אין דיינע ווערטער, ווי מיר דאַכט זיך, און דערביי זיינען מיר אַחים לצרה, אין אַ געוויסער מאָס בנוגע פעפּערקאָרנען, — אַ קוריאָזער מענטש, לחלוטין אַן אָריגינעלע פּערזאָן — האָט ער געזאָגט מיט אַ אָפּ־וואַרפנדיקן זשעסט. — אַ פעסטער און אַ שיטערער — אַזאַ איינ־דרוק באַקומט מען פון אים, לכל־הפחות האָב איך היינט ביי פרי־שטיק אַזאַ איינדרוק באַקומען. פעסט און אויך שיטער — מיט די דאָזיקע אייגנשאַפט־ווערטער מוז מען אים כאַראַקטעריזירן לויט מיין מיינונג, כאָטש זיי גילטן געוויינלעך נישט פאַר אַ פּאָר. ער איז טאַקע גרויס און ברייט און האָט ליב צו שטיין מיט פונאַנדערגעצוי־גענע פיס, די הענט פאַרגראָבן אין זיינע ווערטיקאַלע הויזן־קעשע־נעס. זיי זיינען ווערטיקאַלע ביי אים, ווי כ'האָב געמוזט באַמערקן, נישט קיין זייטיקע ווי ביי אַייך און ביי מיר און בכלל ביי די העכערע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט. און בעת ער שטייט אַזוי און רעדט אויפן האָלענדישן אופן פון גומען אַרויס, האָט ער אין זיך אָן שום־ספק עפּעס אמתדיקן פעסטס. אָבער זיין באָרד איז אַ שיטערע, אַ לאַנגע, אָבער אַ שיטערע, אַז מ'קאָן, דאַכט זיך, יעדע האָר איבערציילן. זיינע אויגן זיינען אויך קליינע און בלאַסע, ממש ווי אָן פאַרב. פאַרפאַלן, עס העלפט אַפילו לחלוטין נישט, וואָס ער באַמיט זיך זיי כסדר אויפצורייסן. דערפון האָט ער די טיפע שטערן־קנייטשן, וואָס גייען אויף די שלייפן אַרויף און איבערן שטערן גייען זיי האָריזאָנטאַל, אָט־דער הויכער, רויטער שטערן זיינער, פאַר־

שטייט איר, אַחוץ וועלכן די ווייסע האָר זיינען לאַנג אָבער שיטער. אָבער די אויגן בלייבן קליינע און בלאַסע, מעג ער זיי ווי אויפרייסן. זיין וועסט, וואָס איז ביז אויבן צוגעקנעפּלט, גיט אים צו עפּעס גלחיש, כאָטש דער ראָק איז געקראַטקעוועט. אָט דאָס איז מיין איינדרוק פון היינט אינדערפרי.

— איך זע, אַז איר האָט אים גוט גענומען אויפן צימבל — האָט געענטפערט בערענס — און איר האָט זיך עפּעס איינגעקוקט אין זיין אייגנאַרטיקייט. איך האַלט, אַז איר האָט שבלדיק געטאָן, ווייל איר וועט אייך מוזן אַראַנזשירן מיט זיין אָנוועזנקייט.

— דאָס, דאָס וועלן מיר מסתמא מוזן טאָן — האָט געענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ.

מיר האָבן אים איבערגעלאָזט די עובדא צו צייכענען פון דער פיגור פון נייעם, אומגעריכטן גאַסט מער-ווייניקער אַ בילד און ער האָט זיין זאַך געמאַכט נישט שלעכט. מיר וואָלטן עס אייך באמת נישט געמאַכט בעסער. זיין באַאָבאַכטונג-פּלאַץ איז אויך געווען דער סאַמע גינציקסטער. ווי מיר ווייסן, האָט ער אין משך פון קלאַוודיעס אָפּוועזנקייט זיך צוגערוקט אין שכנות צום גוטן רוסן-טיש. היות דער זייניקער איז געשטאַנען פּאַראַלעל מיט יענעם — דער אַנדערער איז בלויז געשטאַנען אַ ביסל ווייטער צוגערוקט צו דער וועראַנדע-טיר — און סיי האַנס קאַסטאָרפּ, סיי פּעעפּערקאָרן זיינען געזעסן אויף די שמאָלע זייטן צום עס-זאַל צו, איז ממילא אויסגעקומען, אַז זיי זיינען געזעסן, אַזוי צו זאָגן, איינער לעבן אַנדערן. האַנס קאַסטאָרפּ אַ ביסל הינטער דעם האָלענדער און דאָס האָט פאַרלייכטערט אַ דיסקרעטע אָבסערוואַציע. פרוי שאָשאַן האָט ער געהאַט פאַר זיך קרום, אין אַ דריי-פערטל פּראָפיל. כדי צו דערגאַנצן זיין איינגעגעבענעם סקיץ, וואָלט מען געדאַרפט צוגעבן, אַז פּעעפּערקאָרנס אייבערשטע ליפּ איז געווען ראַזירט, זיין נאָז — גרויס און פליישיק און זיין מויל אויך גרויס און מיט אומרעגלמעסיקע ליפּן, ווי צע-ריסן. ווייטער זיינען זיינע הענט אַפילו געווען גענוג ברייט, אָבער מיט לאַנגע שפּיציקע נעגל. ער האָט זיך באַנוצט מיט די הענט ביים ריידן — ביי זיין כמעט אומאויפהערלעכן ריידן, וועלכעס האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט אינגאַנצן פאַרשטאַנען. ער האָט געמאַכט מיט

זיי געקליבענע באוועגונגען, וואס האבן אויפגעהאלטן די אויפמערק־זאמקייט. עס זיינען געווען די דעליקאט־ניואנסירנדיקע, געפלעגטע, גענויע און פיינע קולטור־באוועגונגען פון א דירינענט. פון דעם וויז־פינגער מיטן גראבן פינגער האט ער געמאכט א קרייז, אדער ער האט אויסגעשפרייט די פלאכע האנט ברייט, אבער מיט די אויסגע־שפיצטע נעגל, פארהיטנדיק, איינשטילנדיק, ארויספאדערנדיק אויפמערק־זאמקייט. דערנאך האט ער געקאנט די שמייכלענדיקע אויפמערקזאמקייט, וועלכע ער האט ארויסגערופן, אנטטוישן מיט עפעס א אומפארשטענד־לעכן אויסדרוק, צו וועלכער ער האט געמאכט אזעלכע גרויסע הכנות. אייגנטלעך האט ער נישט אנטטוישט, נאר פארוואנדלט אלץ אין א דערפרייטער שטוינונג. ווארעם די אינטענסיווקייט, סובטעלקייט און באדייטנדיקייט פון דער צוגרייטונג האבן אין א הויכער מאס בא־צאלט פאר דעם, וואס ס'איז געקומען שפעטער און זיי האבן גע־ווירקט באפרידיקנדיק, ווילנדיק און אפילו באדייכערנדיק דורך זיך גופא. טיילמאל האט ער בכלל מער גארנישט געזאגט. ער האט צארט אוועקגעלייגט זיין האנט אויף דעם שכנס ארעם לינקס, א יונגער בול־גארישער געלערנטער, אדער אויף מאדאם שאשאס ארעם רעכטס. דער־נאך האט ער די זעלבע האנט אויפגעהויבן קרום, ארויסרופנדיק א שטילשווייגן און א געשפאנטקייט צו דעם, וואס ער האט געהאט בדעה צו זאגן. דערביי האט ער געקוקט איפן טישטעך לעבן דעם געשפאנטן צוהערער מיט הויך־פארצויגענע ברעמען, אזוי אז די קנייטשן, וואס זיינען געלאפן רעכטווינקלדיק פון זיין שטערן צו די דרויסנדיקע אויגן־ווינקלען, האבן זיך פארטיפט ווי אין א מאסקע. זיינע גרויסע, צעריסענע ליפן האט ער בשעת־מעשה געעפנט און ס'האט זיך געדאכט, אז זיי גייען ארויס זאגן דאס סאמע וויכטיקסטע. אבער נאך א ווײַלע האט ער אויסגעאטעמט, האט רעזיגנירט, האט געמאכט א מינע ווי איינער זאגט „געגאנגען" און האט זיך, נישט פארענדיקנדיק, גענומען צוריק צו זיין קאווע, וועלכע ער האט זיך געלאזט סערווירן ספעציעל שטארק, אין אן אייגענער מאשינקע.

נאכדעם ווי ער האט אויסגעטרונקען איז געשען אזוי. ער האט מיט דער האנט ווידער אפגעשטעלט דעם שמועס, האט איינגעשטילט ווי א דירינענט, וועלכער מאכט שווייגן דאס ברומעניש פון די

אינסטרומענטן, וואָס ווערן געשטימט, און גרייט־צו זיין אָרקעסטער מיט קולטורעלער באַפעלערישקייט צום אָנהייב פון דעם קאָנצערט. היות זיין גרויסער קאָפּ מיט די ווייסע האָר און בלאַסע אויגן, זיינע מעכטיקע שטערן־קנייטשן, די לאַנגע באָרד און דאָס ראַזירטע אַרויס־געדריקטע, ווייטאָגדיקע מויל איבער איר האָבן גאַנץ זיכער שטאַרק געווירקט, האָבן אַלע געפאָלגט זיין זשעסט. אַלע זיינען שטיל גע־וואָרן, האָבן אים אָנגעקוקט שמייכלענדיק, וואַרטנדיק. דאָ און דאָרט האָט עמעץ צו אים שמייכלענדיק צוגעשאָקלט דעם קאָפּ, ווי צו דער־מונטערונג. ער האָט געזאָגט מיט אַ גענוג שטיל קול:

— מיינע הערשאַפטן, — גוט. אַלץ גוט. דער — ליידיקט. נעמט אָבער אין אַכט און נישט — קיין איין רגע — פאַרגעסן, אַז — אָבער וועגן דעם גאָרנישט מער. דאָס, וואָס איך וויל זאָגן, איז נישט אַזוי יענץ, ווי קודם־כל און בלויז דאָס, אַז מיר זיינען מחוייב — אַז דער קאַטעגאָרישער — איך חזר איבער און לייג דעם גאַנצן טראָפּ אויף אָט־דעם אויסדרוק — דער קאַטעגאָרישער חוב איז אויף אונז אַרויפגעלייגט. ניין! ניין, מיינע הערשאַפטן, נישט אַזוי! נישט איך זאָל האָבן — וואָס פאַר אַ טעות ס'וואָלט געווען צו טראַכטן, אַז איך — — דער־ליידיקט, מיינע הערשאַפטן! אינ־גאַנצן דערליידיקט. איך ווייס, אַז מיר זיינען איינשטימיק אין דעם אַלע און דערפאַר: צו דער זאַך!

ער האָט גאָרנישט געזאָגט, אָבער זיין קאָפּ איז געווען אַזוי אָן שום ספק באַדייטנדיק, די שפּיל פון זיינע מינעס און זשעסטן איז געווען אַזוי דעצידירט, פעסט, אויסדרוקספול, אַז אַלעמען און אויך דעם צוהערנדיקן האַנס קאַסטאָרפּן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מ'האָט געהערט עפּעס זייער וויכטיקס. אַפילו אויב ס'איז עמעצן געקומען צום באַוואוסטזיין, אַז דאָ איז עפּעס נישט דערזאָגט געוואָרן און נישט דערפירט געוואָרן צום סוף, האָט עס אויך נישט געאַרט. אינטערעסאַנט, וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס וואָלט געמאַכט אויף אַ טויבן. אפשר וואָלט ער געהאַט עגמת־נפש, אַז ער האָט נישט ריכטיק אַרויסגעדרונגען דאָס אויסגעדריקטע פון אויסדרוק און זיך איינגערעדט, אַז צוליב זיין מום האָט ער נישט אויפגעכאַפּט אַלץ. אַזעלכע מענטשן זיינען גענייגט צו חשד און ביטערקייט. דערפאַר

האָט בײַם אַנדערן טיש־עק אַ יונגער כינעזער, וואָס האָט נאָך געקאָנט ווייניק דײַטש און נישט פאַרשטאַנען, אָבער דערפאַר געהערט און געזען, אַרויסגעוויזן זײַן דערפרייטע צופרידנקייט, אויסרופנדיק: Very well! * און ער האָט אַפילו אַפּלאָדירט.

און מײַנהער פּעפּערקאָרן איז דערווײַל איבערגעגאַנגען „צו דער זאַך“. ער האָט זיך אויסגעגלײַכט, האָט אויסגעצויגן די ברייטע ברוסט, האָט צוגעקנעפּלט דעם געקראַטקעוועטן ראָק איבער דער הויך־פאַרקנעפּלטער וועסט און זײַן ווײַסער קאָפּ איז געווען קיניגלעך. ער האָט אַ וואונק געטאָן צו אַ זאַל־טאָכטער — עס איז געווען די קאַרליקיכע. כאָטש זי איז געווען זייער פאַרנומען, האָט זי תיכּף געפאָלגט זײַן באַדײַטנדיקן צייכן און האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן זײַן שטול, האַלטנדיק אַ קענדל קאַווע און מילך. אויך זי האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן נישט צוצושאָקלען שמייכלענדיק און דערמונטערנדיק מיט איר גרויס עלטלעך פּנים, געשפּאַנט פון זײַן בלאַסן בליק אונטער די מעכטיקע שטערן־קנייטשן, פון זײַן אויפגעהויבענער האַנט, אין וועלכער דער וויַז־פינגער און גראָבער פינגער האָבן געמאַכט אַ רינגל. די איבעריקע דרײַ פינגער זײַנען דערבײַ געווען אויפגעהויבן אינדערהויך מיט די אויסגעשפּיצטע שפּיציקע נעגל אַרויף.

— מײַן קינד — האָט ער געזאָגט. — גוט. דערווײַל אַלץ גוט. איר זענט קליין — וואָס אַרט עס מיך? פאַרקערט! איך שאַץ עס פּאָזיטיוו, איך דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס איר זײַנט, ווי איר זענט און דורך אײַער כאַראַקטערפולער קלײנקייט — נו מילא גוט! אויך דאָס, וואָס איך פאַרלאַנג פון אײַך, איז קליין, קליין און כאַראַקטערפול. קודם־כּל ווי הייסט איר?

זי האָט שמייכלענדיק גענומען שטאַמלען און דערנאָך געזאָגט, אַז איר נאָמען איז עמערענציאַ.

— אויסגעצייכנט! — האָט פּעפּערקאָרן אויסגערופן. דערבײַ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום אָנלען פון שטול און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער קאַרליקיכע. ער האָט עס אַ רוף געטאָן מיט אַן אַקצענט, גלײַך ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: וואָס־

* ענגליש: זייער גוט.

זשע פאַרלאַנגט איר? אַליץ איז דאָך וואונדערבאַר! — מיין קינד! — האָט ער גענומען ריידן זייער ערנסט און כמעט שטרענג. — דאָס שטייגט אַריבער אַלע מיינע דערוואַרטונגען. עמערענציאַ — איר זאָגט עס אַרויס מיט באַשיידנקייט, אָבער דער נאָמען — און אין שייכות מיט אייער פערזאָן — בקיצור, דאָס עפנט די שענסטע מעגלעכקייטן. עס איז אַוודאי כדאַי צו זיין צוגעבונדן צו אים און אַריינלייגן אַלע געפילן, כדי — פאַרצויגענערהייט — איר פאַרשטייט מיך, מיין קינד: פאַרצייגענערהייט — קאָן עס זיין רענציאַ, אָבער אויך עמכען וואָלט געווירקט וואַרעמער — אין דעם מאָמענט בין איך דעצידירט אויף עמכען. עמכען, הייסט עס, מיין קינד, העד מיט קאָפּ: אַ שטיקל ברויט, מיין ליבע. האַלט! שטיי! ס'זאָל נאָר נישט אַריינקריכן אַ מיספאַרשטייעניש! איך דערקאָן אין דיין פראָפּאָרציאָנעל גרויס פּנים, אַז אָט־די סכנה — ברויט, רענצכען, אָבער נישט קיין געבאַקן ברויט־דאָס האָבן מיר דאָ אַ שפע, פון אַלע מינים. געברענט ברויט, מיין מלאך. געטלעך ברויט, קלאָר ברויט, פאַרצויגענערהייט, געמלעך צום דערפרישן. איך בין מסופק, צי דער זין פון אָט־דעם וואָרט איז אייך — איך וואָלט פאָרגעלייגט צו זאָגן „האַרץ־שטאַרקונג", ווען נישט די נייע סכנה, אַז מען קאָן עס אויף אַ לייכטזיניקן אופן — דער־ליידיקט, רענציאַ, דערליידיקט אין אויסגעשלאָסן. גיכער צו־ליב אונזער פליכט און הייליקער אַחריות — צום ביישפיל, דער ערן־הויב, וואָס ליגט אויף מיר, בנוגע דיין כאַראַקטעריסטישער קליינקייט — אַ גענעווער*, געליבטע! — צום דערפרייען, האָב איך געוואָלט זאָגן, שידאַמער**, עמערענצכען. לויף און ברענג מיר!

— אַ גענעווער, עכט! — האָט איבערגעחזרט די קעלנערין. האָט זיך אַ דריי געטאָן אַרום זיך, אַליין מיטן פאַרלאַנג פּטור צו ווערן פון די קענדלעך און האָט זיי דערנאָך אַוועקגעשטעלט אויף האַנס קאַסטאָרפס טיש, לעבן זיין גאָפּל־און־מעסער, מסתמא, כדי נישט צו דערבייזערן פעפּערקאָרנען. זי איז געגאַנגען גיך און יענער האָט תיכף באַקומען, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. דאָס גלעזל איז געווען

* אַ בראָנפן.

** אַ האָלענדישער בראָנפן, דאָס זעלבע, וואָס גענעווער.

אַזוי פול, אַז דאָס „ברויט“ איז גערונען פון אַלע זייטן און אײַנגע־
נעצט דעם טעלער. ער האָט עס אָנגענומען מיטן מיטלסטן און
גראָבן פינגער און האָט עס אויפגעהויבן קעגן דער שײַן. — און
אָט — האָט ער דערקלערט — איז זיך פּיטער פּעפּערקאָרן מחיה
מיט בראַנפן. און נאָכדעם ווי ער האָט אַ ביסל געהאַלטן עס אין
מויל, שלינגט ער אַראָפּ די קאָרענע משקה. — איצט — האָט
האָט ער געזאָגט — קוק איך אײַך אַלע אָן מיט מחיהדיקע אויגן.
און ער האָט גענומען פרוי שאָשאַס האַנט פון טישטעך, האָט זי
צוגעלייגט צו די ליפּן און דערנאָך זי צוריקגעלייגט. דערבײַ איז
זײַנע געבליבן נאָך אַ שטיקל צײַט ליגן אויף אירער.

אַ מאָדנער, פערזענלעך וואָגיקער, כאָטש מטושטשער מענטש.
דער עולם פון „בערגהאָף“ האָט זיך מיט אים שטאַרק פאַראינטערע־
סירט. ער האָט זיך נישט לאַנג צוריקגעצויגן פון די קאָלאָניאַל־גע־
שעפטן, האָט מען דערציילט, און אַרויסגענומען זײַנע קאַפּיטאַלן.
מ'האָט גערעדט פון זײַן פּרעכטיק הויז אין האַאַג און פון זײַן ווילע
אין שעווענינגען. פרוי שטער האָט אים גערופן „געלט־מאַגנעט“ (מאַג־
נאַט! די מוראדיקע עם־האָרצטע!) און האָט אָנגעוויזן אויף דעם
שנור פּערל, וואָס מאַדאַם שאָשאַ טראָגט צום אָוונט־קלייד זינט זי
איז צוריקגעקומען. לויט קאַראָלינעס מיינונג איז עס נישט געווען
קיין באַווייז פון דעם מאַנס גאַלאַנטעריע, וואָס הינטערן קאַווקאַז, נאָר
עס שטאַמט פון דער „בשותפותדיקער וועג־קאַסע“. דערבײַ האָט זי
צוגעבלינצלט, האָט זייטיק געוויזן מיטן קאָפּ אויף האַנס קאַס־
טאָרפּן און האָט מיט הוזקדיקער עגמת־נפש אַראָפּגעצויגן די ליפּן.
די קראַנקהייט און די ליידן האָבן זי נישט אויסגעאיידלט און זי
האָט אויסגענוצט זײַן שלעכטן מצב אויף אויסצולאַכן אים אָן רחמנות.
אָבער ער האָט זיך געהאַלטן. ער האָט אַפילו נישט אָן שפּאַס
פאַרריכט אירע עם־הארצותן. — איר האָט אַ טעות געהאַט, האָט
ער געזאָגט. מ'דאַרף זאָגן געלט־מאַגנאַט. אָבער מאַגנעט איז אויך
נישט שלעכט, ווײַל פּעפּערקאָרן האָט, אַפּנים, אין זיך אַ סך צו־
ציענדיקס. איך דער לערעריז ענגלהאַרדט האָט ער אָפּגעענטפערט מיט
געמאָסטענער רו, בעת זי האָט זיך פאַרקרימענדיק צעלאַכט און
אים נישט אָנקוקנדיק געפרעגט, ווי ס'געפעלט אים דער נייער גאַסט. —

מיינהעער פעעפערקאָרן — האָט ער געזאָגט — איז אַ „מטושטשע פערזענלעכקייט“, אַ פּערזענלעכקייט, אָבער מטושטש. די גענויקייט פון דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק האָט באַוויזן זיין אָביעקטיווקייט און גלייכצייטיק זיין רויקייט. דאָס האָט די לערעריין אַרויסגעשטויסן פון איר פּאָזיציע. וואָס ס'איז נוגע פערדינאַנד ווייזאַל און זיין קאַפּוליער אָנצוהערעניש אויף די אומגעריכטע אומשטאַנדן, אין וועלכע מאַדאַם שאָשאַ איז צוריקגעקומען, — האָט דאָ האַנס קאַסטאָרפּ באַוויזן, אַז ס'זיינען פאַראַן בליקן, וואָס זיינען אויף קיין האָר נישט ווייניקער קלאָר, ווי בפירושע ווערטער. נעבעכדיקער! — האָט געזאָגט דער בליק, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם מאַנהיימער. ער האָט עס געזאָגט אַזוי, אַז מ'האָט בשום-אופן נישט געקאָנט קיין טעות האָבן. ווייזאַל האָט זיך טאַקע פאַרשטאַנען אויף אָט דעם בליק און האָט אים אַראָפּגעשלונגען. ער האָט אַפילו צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און דערביי געוויזן זיינע קאַליעדיקע ציין. אָבער ער האָט פון איצט אָן אויפגעהערט אויף די שפּאַצירנס מיט נאַפּטען, סעטעמבריני און פערגען נאָכצוטראָגן האַנס קאַסטאָרפּן דעם מאַנטל.

אַ קנאַפּ אומגליק. ער האָט אים דאָך געקאָנט אַליין טראָגן. ער האָט אים אַפילו מיט מער הנאה געטראָגן אַליין און בלויז צוליב העפלעכקייט האָט ער דאָס געלאָזט טאָן פון צייט צו צייט דעם עלנטן ווייזאַל. אין אונזער סביבה האָט מסתמא יעדער דערקאָנט, אַז האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געפילט שווער געטראָפן דורך יענע אינגאַנצן נישט-פּאָרויסגעזעענע אומשטאַנדן, וועלכע האָבן אויסגעלאַכט אַלע הכנות, וועלכע ער האָט אינערלעך געמאַכט צום טרעפן זיך מיט דעם אָביעקט פון זיין קאַרנאַוואַל-נאַכט-געשעעניש. בעסער געזאָגט: די הכנות זיינען געוואָרן איבעריקע און דערין איז געלעגן דער גאַנצער בזיון.

זיינע צוגרייטונגען זיינען געווען די צאַרטסטע, איבערגעקלערטסטע, זייער ווייט פון לאַ-יוצלחדיקער שטורמישקייט. ס'איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן, ער זאָל גיין אָפּוואַרטן קלאַוודיען אויפן וואָקזאַל און נאָך אַ נס, וואָס ער האָט נישט צוגעלאָזט צו אַזאַ רעיון! בכלל אָבער איז ער געווען אינגאַנצן נישט זיכער, צי אַ פרוי, וועלכער די קראַנקהייט האָט געגעבן אַזויפיל פרייהייט, וועט וועלן אָפּ-

היטן אין זכרון די פאַנטאַסטישע געשעענישן פון אַ ווייטער מאַסקירטער און פרעמד־שפּראַכיקער חלום־נאַכט און צי זי וועט בכלל וועלן, מ'זאָל זי דירעקט דערמאָנען דערין. ניין, קיין שום צודרינגלעכקייט, קיין שום אומגעלומפּערטע פּרעטענזיעס! ווען מ'זאָל אַפילו מודה זיין, אַז זיין באַציִונג צו דער קרום־איגיקער קראַנקער איז לויטן מהות אַריבער די גרענעץ פון מערב־אייראָפּעיִשן שכל און מאָראַל — איז אַלנפאַלס די פאָרם געווען אַ העכסט ציוויליזירטע און אַפילו אין דעם מאָמענט איז ער מחויב געווען איר צוצוגעבן די שיין פון פאַרגעסנקייט. אַ קאַוואַלערישן גרוס פון טיש צו טיש — קודם־כל נישט מער! ביי אַ שפּעטערער געלעגנהייט — לייטיש צוגיין און לייכט אַ פרעג טאָן, וואָס ס'הערט זיך ביי דער אָנגעקומענער זינט לעצטנס... דאָס אייגנטלעכע ווידערזען זאָל געשען שפּעטער אַמאָל, ווי אַ לוין פון באַהערשטער ריטערלעכקייט.

אָט־די אַלע צאַרטע איבערקלערעכצער, ווי געזאָגט, האָבן איצט פאַרלוירן זייער ווערט צוליב דעם, וואָס ס'איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן די פריילעכקייט אין דערמיט ממילא די פאַרדינסטן. די קעגנוואַרט פון מיינהעער פּעפּערקאָרן, האָט לחלוטין אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון אַ טאַקטיק, וואָס זאָל נישט זיין ביז גאָר צוריקגעהאַלטן. אין אָוונט פון איר אָנקומען האָט האַנס קאַסטאָרפּ געקוקט פון זיין באַלקאָן אַרויס אויף דעם שליטן. אויף די קאָזלעס לעבן דעם קוטשער איז געזעסן דער מאַלאַיִשער קאַמער־דינער, אַ געל מענטשל מיט אַ פוטערנעם קאָלנער אויף דעם פּאַלטאָ און אין אַ שטייפן הוט. דער שליטן איז פּאַמעלעך געגאַנגען איבערן וועג־שלייף און אין דער זייט פון קלאַוודיען, טיף אינעווייניק, איז געזעסן דער פרעמדער מיטן הוט איבערן שטערן. אין יענער נאַכט איז האַנס קאַסטאָרפּ ווייניק געשלאָפן. אינדערפרי איז אָנגעקומען גאַנץ לייכט געוואָר צו ווערן דעם נאָמען פון דעם באַאומרויִקנדיקן מיטקומער און מ'האָט אים נאָך דערלייגט די ידיעה, אַז ביידע האָבן גענומען אויפן ערשטן שטאָק שכנותדיקע לוקסוס־צימערן. דערנאָך איז ער געגאַנגען אויפן ערשטן פרישטיק. ער האָט זיך פרי אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט, איז געווען היפּש בלאַס און האָט אָפּגעוואַרט דערויף, די גלעזערנע טיר זאָל צופאַלן, אָבער ס'איז ניט גע־

שען. קלאַוודיעס אַריינקומען איז געשען שטיל, ווייל הינטער איר האָט פאַרמאַכט די גלעזערנע טיר מיינהער פעעפּערקאָרן. אַ גרויסער, אַ ברייטער, מיט אַ הויכן שטערן, דער מעכטיקער קאָפּ באַקרוינט מיט ווייסע האָר, איז ער נאָכגעגאַנגען דער שאָשאַ, וועלכע איז צוגעגאַנגען צו איר טיש מיט די באַקאַנטע קעצישע טריט און מיט אַ פאָרויסגעבויגענעם קאָפּ. יאָ, זי איז עס געווען, נישט געענדערט. נישט געקוקט אויף זיין באַשלוס און אַ פאַרגעסענער, האָט זי האַנס קאַסטאָרפּ דורכגענומען מיט זיין נישט אויסגעשלאָפענעם בליק. עס זיינען געווען אירע הייטלעך-בלאָנדע האָר, נישט ספּעציעל קונציק פריזירט, נאָר פּשוט און גלאַטיק פאַרפלאָכטן אַרום קאָפּ, עס זיינען געווען אירע „שליפּיעס פון אַ סטעפּ-וואָלף", איר נאַקן-שניט, אירע ליפּן, וואָס האָבן אויסגעזען פולער, ווי זיי זיינען געווען צוליב יענער אַקצענטירונג פון די באַקן-ביינער, וועלכע האָבן געווירקט, אַז די באַקן זאָלן אויסזען חנעוודיק-איינגעפאַלן... קלאַוודיאַ! האָט ער געטראַכט אויפשוידערנדיק און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אומגעריכטן באַגלייטער. דערביי האָט ער פונדעסטוועגן חוזקדיק און מיט צולהכעיס אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ קעגן דער מאַסקנהאַפטיקער גרויסאַרטיקייט פון יענעמס אויסזען און האָט נישט גובר געווען דעם יצר-הרע אָפּצולאַכן פון דער ברייטקייט פון אַן איצטיקער חזקה, וועלכע ווערט צוליב געוויסע פאַרגאַנגענע מאָמענטן אַוועקגעשטעלט אין אַ קרום ליכט. באמת, געוויסע פאַרגאַנגענע מאָמענטן, נישט טונקל-אומזיכערע, וואָס זיינען געלעגן אויפן געביט פון דילעטאַנטישער אייל-מאָלעריי, און וואָס זיינען אַמאָל בכוח געווען אים אַליין צו באַאומרויקן... ביי קלאַוודיאַ שאָשאַ איז אויך פאַרבליבן דער שטייגער זיך אַוועקצושטעלן שמייכלענדיק קעגן זאַל איידער זי פאַרנעמט אַ פּלאַץ, גלייך ווי זי וואָלט פּרעזענטירן פאַרן עולם. פּעעפּערקאָרן איז בשעת דער קליינער צערעמאָניע געשטאַנען הינטער איר און ערשט דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט אויף זיין אָרט ביים עק טיש, לעבן קלאַוודיען.

פון דעם קאַוואַלערישן גרוס פון טיש צו טיש איז גאָרנישט געוואָרן. קלאַוודיעס אויגן האָבן ביי דער „פּרעזענטאַציע" אַריבער

געקוקט איבער האַנס קאַסטאָרפּן און איבער זיין גאַנץ אָרט ווייט ערגעץ אין זאַל. נישט אַנדערש איז געווען ביי דער שפּעטערדיקער מאָלצייט אין עס־זאַל. ס׳זיינען אַוועק אַלץ מער מאָלצייטן, בעת וועלכע די בליקן האָבן זיך באַגעגנט בלויז דעמאָלט, בעת פרוי שאָשאַ האָט בלינד און גלייכגילטיק זיך אומגעקוקט, ווען זי האָט זיך אַמאָל אויסגעדרייט ביים עסן. וואָס שפּעטער איז דערפאַר אַלץ אומפּאַסיקער געווען אַרויסצושפּרינגען מיט דעם קאַוואַלערישן גרוס. בעת דעם קורצן אָוונט־צונויפקום האָבן די אָנגעקומענע זיך אויפגעהאַלטן אין קליינעם סאַלאָן: זיי זיינען געזעסן איינער לעבן אַנדערן אויף דער סאָפע, אַרומגערינגלט מיט זייערע טיש־שכנים. פּעפּערקאָרן, וואָס זיין גרויסאַרטיק פּנים האָט אָפּגעשלאָגן שטאַרק רויט קעגן זיינע ווייסע פלאַמענדיקע האָר, האָט אויסגעטרונקען די רעשט פון דער פלאַש רויטוויין, וועלכע ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען ביי דער אָוונטמאָלצייט. צו יעדער הויפּט־מאָלצייט האָט ער אויסגעטרונקען אַ פלאַש, טיילמאָל אויך אָנדערטהאַלבן אָדער צוויי, שוין אָפּגערעדט פון דעם „ברויט", מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן שוין ביים ערשטן פרישטיק. דער קיניגלעכער מענטש האָט, אַפּנים, געמוזט זיך קוויקן דאָס האַרץ גאָר גאָר שטאַרק. אויך עקסטרע־שטאַרקע קאַווע האָט ער אַריינגעטרונקען אין זיך אַ סך מאָל אין טאָג. נישט בלויז אינדערפרי, נאָר אויך ביי מיטאָג האָט ער אויסגעטרונקען אַ גרויסע שאָל. נישט בלויז נאָך דער מאָלצייט, נאָר אויך בשעת־מעשה און צוזאַמען מיטן וויין. ביידע, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהערט אים זאָגן, זיינען גוט קעגן פיבער (שוין אָפּגערעדט וועגן דער שטאַרקונג), זייער גוט קעגן זיין זיך אומקערנדיקן טראָפּיקאַליש פיבער, וואָס האָט אים שוין אויפן צווייטן טאָג אויף אַ סך שעהן צוגעבונדן צו דער שטוב און צום בעט. דער הויפראַט האָט עס אָנגערופן קוואַרטאַןפיבער, ווייל ס׳האָט געדויערט ביים האָלענדער בערך פיר טעג: אינאָנהייב האָט געשוידערט, דערנאָך נעמט מען גליען און צום סוף — שוויצן: ער האָט אויך געזאָלט האָבן דערפון אַ געשוואָלענע מילץ.

---

## * Vingt et un

אַזוי־אַרום איז אַוועק אַ צייט — ס'זיינען געווען וואָכן, בערך פון דריי ביז פיר, לויט אונזער שאַצונג, ווייל אויף האַנס קאַסטאָרפּן און אויף זיין חוש פאַר צייט־מאָס קאָנען מיר זיך בשום־אופן נישט פאַרלאָזן. זיי זיינען אַוועק נישט מיטברענגענדיק מיט זיך קיין נייע פאַרענדערונגען. זיי האָבן געצייטיקט אין אונזער העלד אַיינגעווייטע עקשנות קעגן נישט־פאָראויסגעזעענע אומשטאַנדן, וועלכע האָבן אים געצוואונגען צו אומפרוכטבאַרער אַיינגעהאַלטנקייט; קעגן יענעם אומשטאַנד, וואָס רופט זיך אַליין פּיעטער פּעעפּערקאָרן, בעת ער מאַכט אַ שנאַפּס; קעגן דעם שטערנדיקן פאַראַנגען־זיין פון אָט־דעם קיניגלעכן, וואָגיקן און מטושטשן מענטשן. ער איז פאַקטיש געווען שטענדיק אויף אַ סך אַן ערגערן אופן, ווי ס'האָט „דאָ געשטערט" סעטעמבריני אַמאָליקע צייטן. צולהכעסדיק־קאַפּריזנע קנייטשן האָבן זיך ווערטיקולאַר איינגעגראָבן צווישן האַנס קאַסטאָרפּס ברעמען. אונטער די דאָזיקע קנייטשן האָט ער באַטראַכט פינף מאָל אין טאָג די צוריקגעקומענע, כאָטש ר'איז אַלנפאַלס צופרידן געווען, וואָס ער קאָן זי באַטראַכטן און פול מיט ביטול פאַר אַ גרויסמעכטיקער קעגנוואַרט, וואָס זאָגט אַפילו נישט, אַז די פאַרגאַנגענהייט וואַרפט אויף איר אַ קרומען שיין.

אָבער אין איינעם אַן אָוונט האָט דער אָוונטיקער צונויפקום אין דער האַלע און אין די צימערן אַוועקגעשטעלט זיך לעבעדיקער, ווי געוויינלעך — אַ זאַך, וואָס קאָן זיך אַמאָל טרעפן אָן שום ספּעציעלע סיבות. מ'האָט געשפּילט מוזיק, אַ אונגאַרישער סטודענט האָט דרייסט אויסגעפירט אויף אַ פידל ציגיינער־מעלאָדיעס. דער הויפראַט בערענס, וואָס איז אַהער אַריינגעפאַלן אויף אַ פערטל שעה צוזאַמען מיט ד"ר קראָקאָווסקי, האָט עמעצן איינגערעדט צו שפּילן מיט די טיפע טענער פון פּיאַנינע די מעלאָדיע פון „עולי־רגל־כאָר"** — ער אַליין איז געשטאַנען דערנעבן, האָט מיט אַ בערשטל אַרומגעפּויקט אויף די הויכע קלאַווישן און אַזוי־אַרום פאַ־

---

* פראַנצויזיש: איינאונצוואַנציק — אַ האַזאַרד־שפּיל אין קאָרטן.

** פון ריכאַרד וואַגנערס אָפּערע: טאַנהויזער.

ראָדירט די באַגלייטנדיקע וויאָלין־פיגורן. דערפון האָט מען געלאַכט. שפּעטער, ווען דער היפּראַט איז אַוועק פון די קאָנווערזאַציע־צימערן, האָט מען אים געמאַכט אַ גרויסן אַפּלויז און ער האָט אַליין צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צופרידן פון אייגענעם שפּאַס. אָבער די פריילעכע שטימונג האָט זיך ווייטער געצויגן. מ'האָט נאָך ווייטער מוזיצירט, אָבער מ'האָט מער נישט געדאַרפט לייגן דערויף קיין ספּעציעלן אַכט. מען איז געזעסן ביי דאָמינאָ און בידוש מיט געטראַנקען, מ'האָט זיך געוויילט מיט די קונציקע אינסטרומענטן און מ'האָט דאָ און דאָרט געשמועסט. אויך די זיצער פון גוטן רוסן־טיש האָבן זיך אויסגעמישט צווישן די גרופּעס מענטשן אין דער האַלע און אין קלאַוויר־צימער. מיינהערר פּעעפּערקאָרן האָט מען געזען אויף פאַרשיידענע ערטער. ס'איז אוממעגלעך געווען אים נישט צו זען. זיין מאַיעסטעטישער קאָפּ האָט זיך אָפּגעשלאָגן אומעטום, אָנגעזען זיך צוליב דער קיניגלעכער וואָגיקייט און באַדייטונג. אויב יענע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום איר, זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו אים, לכתחילה, צוליב די ידיעות וועגן זיינע עשירות, האָבן זיי שפּעטער פונדעסטוועגן גענומען הענגען אין אים בלויז און לחלוטין צוליב זיין פּערזענלעכקייט גופא. זיי זיינען געשטאַנען אַרום אים שמייכלענדיק און אים צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אויפמונטערנדיק און פאַרטאָן, פאַרכאַפּט דורך זיין אַשיקן בליק אונטער די מעכטיקע שטערן־קנייטשן, געשפּאַנט דורך דער אַריינדרינגלעכקייט פון זיינע קולטורעלע באַוועגונגען מיט די לאַנג־נעגלדיקע פינגער. דערביי האָבן זיי אַפילו נישט דערפילט די מינדסטע אַנטוישונג צוליב דער אומפאַרשטענדלעכער אָפּגעריסנקייט, אומדייטלעכקייט און פאַקטישער אומנוציקייט פון די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט.

ווען מיר קוקן זיך איצט אום צו האַנס קאַסטאָרפּן, זעען מיר אים אין שרייב־און לייען־צימער, אין יענעם זאַל וואו מ'האָט אים אַמאָל (דער „אַמאָל" הענגט אין דער לופט; דער דערציילער, דער העלד און דער לייענער זיינען מיר נישט אינגאַנצן קלאָר, ווי ווייט

דער „אַמאָל“ ליגט אין דער פּאַרגאַנגענהייט), געמאַכט וויכטיקע אַנט־פּלעקונגען וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון מענטשלעכן פּראָגרעס. עס איז דאָ געווען שטילער. מיט אים צוזאַמען זיינען דאָ געווען בלויז עטלעכע מענטשן. עמעץ האָט אונטער אַן עלעקטרישן הענג־לאָמפּ געשריבן אויף איינעם פון די טאָפּלטע שטענדערס. אַ דאַמע מיט צוויי צוויקערס אויף דער נאָז איז געזעסן ביי דער ביבליאָטעק און געבלעטערט אין אַן אילוסטרירטן באַנד. האַנס קאַסטאָרפּ איז גע־זעסן מיט אַ צייטונג נאָענט צום אָפענעם דורכגאַנג אין קלאַוויר־צימער אַריין, מיטן רוקן אויסגעדרייט צו די פּאָרטיערן, אויף אַ שטול, וואָס איז גראָד דאָרטן געשטאַנען, אַ פּליוש־איבערגעצויגענע רענעסאַנס־שטול, אויב מ׳וויל וויסן, ווי זי האָט אויסגעזען, מיט אַ הויכן, גלייכן רוקן־אָנלען און אָן אָנלענען פאַר די הענט. דער יונגערמאַן האָט אַפילו געהאַלטן די צייטונג אַזוי ווי מ׳האַלט זי בעת מ׳וויל לייענען, ער האָט אָבער נישט געלייענט, נאָר האָט זיך צוגעהערט מיט אַ קרום־אָנגעבויגענעם קאָפּ אין שכנותדיקן צי־מער צו דעם אָפּגעריסענעם מוזיצירן, וואָס איז אויסגעמישט געווען מיט רייד. די פאַרפינסטערונג פון זיינע ברעמען האָט געוויזן, אַז דאָס הערט ער אויך בלויז מיט אַ האַלב אויער און אַז זיינע גע־דאַנקען גייען אויף אוממוזיקאַלישע וועגן, אויף דאָרניקע וועגן פון אַנטוישונג צוליב אַ מצב, וואָס האָט צום סוף פון אַן אָפּוואַרט־צייט פאַרשעמט און צום נאַר געמאַכט אַ יונגמאַן, וועלכער האָט אויף זיך גענומען אָט־די אָפּוואַרט־צייט. עס זיינען געווען ביטערע וועגן פון מרידה, פון וועלכער ס׳איז באַשטימט שוין נישט ווייט גע־ווען צו דעם באַשלוס און צו דער אויספירונג: אַוועקצולייגן די צייטונג אויף אָט־דער צופעליקער און אומבאַקוועמער שטול, אַרויס־צוגיין דורך דער טיר, וואָס פירט אין דער האַלע און אויסצובייטן דעם פאַרשטערטן צוניפקום אויף דער פּראָקטיקער איינזאַמקייט פון באַלקאָן צוזאַמען מיט אַ מאַריע־מאַנציני.

— און אייער קוזין, מסיע*? — האָט אַ קול געפרעגט הינ־טער אים, איבער זיין קאָפּ. עס איז געווען אַ פאַרכישופנדיק קול

* פראנצויזיש: הער.

פאַר זיין אויער, וואָס איז געווען באַשאַפן צו פילן אין יענער זיסער צוגעדושעטקייט דעם סאַמע גרעסטן תענוג (דער באַגריף פון תענוג דערפירט צו דער סאַמע העכסטער מדרגה). עס איז געווען יענץ קול, וואָס האָט אַמאָל געזאָגט: „אַדרבא, אָבער צעברעך זי נישט", אַ באַצווינגענדיק קול, אַ קול פון גורל. אויב ער האָט נישט קיין טעות, האָט עס געפרעגט וועגן יאָאַכימען.

ער האָט פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט די צייטונג און האָט זיין פּנים אויפגעהויבן אַ ביסל העכער, אַזוי אַז זיין קאָפּ איז אויסגעקומען ווייטער אַרויף און בלויז מיטן האָר־ווירבל אָנגעשפּאַרט זיך אין דעם גלייכן שטול־אָנלען. ער האָט אַפילו אַ ביסל צוגעמאַכט די אויגן, ר'האָט זיי אָבער גלייך צוריק אויפגעמאַכט, כדי זיי צו ווענדן קרום אַרויף, אין יענער ריכטונג, וואו זיין בליק איז געווען געווענדט צוליב דער פּאָזיציע פון קאָפּ — ערגעץ אין דער ליידיקייט. דער וואוילער בחור, מ'וואָלט געמעגט זאָגן, אַז זיין אויסדרוק האָט אין זיך כמעט עפּעס זעערישעס און סאָמנאַמבולישעס, ער האָט געוואָלט, זי זאָל נאָכאַמאָל פרעגן, אָבער דאָס איז נישט געשען. ער איז דערפאַר מער נישט זיכער געווען, צי זי שטייט נאָך הינטער אים, בעת ער האָט נאָך אַ היפּשער פריזע, מיט אַ מאָדנער פאַרשפּעטיקונג און מיט אַ האַלב קול אָפּגעענטפערט:

— ער איז טויט. ער האָט געדינט אין פלאַכלאַנד און איז געשטאָרבן.

ער אַליין האָט באַמערקט, אַז „טויט" איז דאָס ערשטע אָקצענטירטע וואָרט, וואָס איז אַרויסגעקומען געוואָרן צווישן זיי. ער האָט גלייכצייטיק באַמערקט, אַז צוליב קנאַפּער קענטעניש פון זיין שפּראַך האָט זי אויסגעקליבן צו־לייכטע אויסדריקן פון מיטגעפיל, ווען זי האָט הינטער און איבער אים געזאָגט:

— אוי וויי, דאָס איז אַ שאָד. אינגאַנצן טויט און באַגראָבן? זינט ווען?

— זינט אַ צייט. זיין מוטער האָט אים אַראָפּגענומען צו זיך אונטן. ס'איז אים אָנגעוואַקסן אַ פּראָנט־באָרד. איבער זיין קבר האָט מען געגעבן דריי ערן־באַלוועס.

— ער האָט זיי כשר פאַרדינט. ער איז געווען זייער וואַיל. אַ סך וואַילער פון אַנדערע מענטשן, געוויסע אַנדערע.

— יאָ, ער איז געווען אַ וואַילער. ראַדאַמאַנט האָט אַלעמאָל גערעדט פון זיין ברען. אָבער זיין קערפּער האָט פאַרלאַנגט עפּעס אַנדערש. Rebellio carnis * — הייסט עס ביי די יעזויטן. ער איז אַלעמאָל געווען קערפּערלעך געשטימט, אויף אַן ערנהאַפטיקן אופן. אָבער זיין קערפּער האָט געלאָזט אַריינדרינגען אין זיך עפּעס נישט ערנהאַפטיקס און האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל זיין ברען. ס'איז, אגב, מאָראַלישער זיך צו פאַרלירן און אַפילו זיך צו פאַרדאַרבן, ווי זיך אָפּצוהיטן.

— איך זע טאַקע, מ'איז נאָך אַלץ אַ פילאָסאָפישער שלים-מזל. ראַדאַמאַנט? ווער איז דאָס?

— בערענס. סעטעמבריני רופט אים אַזוי.

— אַ, סעטעמבריני, איך ווייס. דאָס איז געווען יענער איטאַליענער דאָ... איך האָב אים נישט ליב געהאַט. ער איז נישט מענטשלעך (דאָס קול האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „מענטשלעך" מיט אַ געוויסער פוילער און פאַרטראַכטער אויסגעצויגנקייט). ער איז געווען גאַווהדיק. (אַקצענטירט די צווייטע זילב). ער איז מער דאָ נישטאָ? איך בין נאַריש. איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס: ראַדאַמאַנט.

— עפּעס הומאַניסטישס. סעטעמבריני האָט זיך אַרויסגעצויגן. מיר האָבן ברייט פילאָסאָפירט אין אָט-די צייטן. ער און נאַפטאַ און איך.

— ווער איז נאַפטאַ?

— זיין קעגנער.

— אויב ער איז זיין קעגנער, וואָלט איך מיך געוואָלט מיט אים באַקענען. אָבער כ'האָב אייך דען נישט געזאָגט, אַז אייער קוזין וועט שטאַרבן, אויב ער וועט פּרוּוון ווערן אַ סאָלדאַט אין פלאַכלאַנד?

---

* לאַטייניש: די מרידה פון גוף.

— יאָ, דו האָסט עס געוואוסט.

— וואָס פעלט אײַך אײַן?

אַ לענגער שטילשווייגן. ער האָט גאָרנישט צוריקגענומען. ער האָט צוגעדריקט דעם קאָפּ צום אָנלען פון דער שטול און מיט אַ זעעריִשן בליק געוואַרט, דאָס קול זאָל זיך דערהערן, אויפסניי אומזיכער, צי זי איז נאָך דאָ הינטער אים, מורא האָבנדיק, אַז דאָס אָפּגעריסענע מוזיצירן דערנעבן זאָל האָבן פאַרשלונגען דעם רויש פון די אָפּגייענדיקע טריט. צום סוף האָט זיך עס דערהערט:

— און מסיע איז אַפילו נישט געפאָרן אויף דעם קווינס לוויה?

ער האָט געענטפערט:

— ניין, איך האָב זיך דאָ מיט אים געזעגנט, איידער מ'האָט אים פאַרמאַכט, ווייל ער האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען. קאָנסט דיר נישט אויסמאָלן, ווי קאַלט זיין שטערן איז געווען.

— שוין ווידער! וואָס איז דאָס פאַר אַן אופן ריידן צו אַ דאַמע, וועלכע מ'קאָן קוים!

— זאָל איך ריידן הומאַניטיש אָנשטאָט מענטשלעך? (נישט ווילנדיק האָט ער איך אויסגעצויגן דאָס וואָרט אויף אַ שלעפעריקן אופן, בערך ווי עמעץ, וואָס ציט זיך אויס און געניצט).

— * Quelle blague! — איר זענט כסדר דאָ געווען?

— יאָ, כ'האָב געוואַרט.

— אויף וואָס?

— אויף דיר.

איבער זיין קאָפּ האָט מען זיך צעלאַכט און צוזאַמען דערמיט אַרויסגעזעצט: — שוטה! אויף מיר! מ'האָט דיך מסתּמא נישט אַרויס-געלאָזט.

— אדרבה, בערענס וואָלט מיך אַמאָל געהאַט אַרויסגעלאָזט, ווען ר'איז געווען שטאַרק אין כעס. אָבער ס'וואָלט געווען אַ היל-

---

* פראַנצויזיש: וואָס פאַר אַ שטעל!

דער אָפּפּאָר. וואָרעם אַחוץ די אַלטע פאַרקאַלכונג פון אַמאָל, פון מײַן שול־צײַט, פאַרשטײסטו, איז דאָ אַ פריש אָרט, װעלכעס בע־רענס האָט געפונען און װאָס איז דער גורם פון דער היץ.

— נאָך אַלץ היץ?

— יאָ, כסדר אַ ביסל, כמעט שטענדיק. עס טױשט זיך, אָבער ס'איז נישט קײן װעקסל־פיבער.

— Des allusions ? *.

ער האָט געשװיגן. ער האָט פינסטער פאַרצױגן די ברעמען איבער זײַן זעערישן בליק. אין אַ װײַלע אַרום האָט ער געפרעגט:

— און װאו ביסטו געװען?

אַ האַנט האָט אַ קלאַפּ געטאָן איבער דעם אָנלען פון זײַן שטול.

— Mais c'est un sauvage! ** — װאו איך בין געװען? — אומע־טום. אין מאָסקװע (דאָס קול האָט געזאָגט „מואָסקװע", עס איז געװען אַ ענלעכע פױלע צעצױגנקײט װי בײַ „מעהנטשלעך"), אין באַקו, אין דײַטשע בעדער, און שפּאַניע.

— אָ, אין שפּאַניע, װי איז דאָרט געװען?

— אַזױ זיך. דאָס פאָרן איז שלעכט. די מענטשן זײַנען האַלבע מאָרן. קאַסטיליען איז זײער טרוקן און שטײף. דער קרעמל איז שע־נער, װי דער שלאָס אָדער קלױסטער דאָרט בײַם פוס פון די בערג...

— עסקאָריאַל.

— יאָ, פיליפּס שלאָס. אַ אומענטשלעכער שלאָס. מיר איז אַ סך מער געפעלן דער פאָלקס־טאַנץ אין קאַטאַלאָניען, די סאַר־דאַנאַ, בײַ אַ דודע. איך האָב אַלײן אױך מיטגעטאַנצט, אַלע נעמען זיך אָן און טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד. דער גאַנצער פּלאַץ איז פול. C'est charmant ***. עס איז מענטשלעך. איך האָב מיר געקױפט

* פראַנצױזיש: אָנצוהערענישן.

** עס איז דאָך אַ װילדער.

*** פראַנצױזיש: ס'איז רײצנד.

אַ קליין בלוי היטעלע, ווי ס'טראָגן דאָרטן אַלע מענער און יינגלעך פון פאָלק. מ'רופט עס באָינאַ און ס'איז כמעט אַ פעסקע. איך טראָג עס אויף ליג־קוראַציע און אַזוי. מסיע וועט זאָגן צי ס'קליידט מיר.

— וועלכער מסיע?

— דער, וואָס זיצט דאָ אויף דער שטול.

— כ'האָב געמיינט: מיין העער פעעפערקאָרן.

— יענער האָט שוין געזאָגט. ער האָט געזאָגט, אַז עס פאַסט מיר פרעכטיק.

— ער האָט עס געזאָגט? אַרויסגעזאָגט ביזן סוף? פאַרענדיקט דעם זאַץ מ'זאָל אים קאָנען פאַרשטיין?

—אַ, דוכט זיך, מ'איז אין אַ שלעכטן הומאָר. מ'וויל זיין צו־להכעיסדיק, בייסנדיק. מ'פרוווט חוזק מאַכן פון מענטשן, וואָס זענען אַ סך גרעסער, בעסער און מענטשלעכער ווי מ'איז אַליין צוזאַמען מיט דעם... avec son ami bavard de la Méditerranée, son maître grand parleur... * אָבער איך וועל נישט ערלויבן, מ'זאָל מיינע פריינד... —

— דו האָסט נאָך מיין אינערלעכן פאָרטרעט? — האָט ער איבערגעהאַקט דאָס קול, אַריינפאַלנדיק אין אַ פינסטערן טאָן.

זי האָט געלאַכט. — כ'וואָלט געמוזט אַ זוך טאָן.

— איך טראָג דיינעם דאָ. אויסערדעם האָב איך אַ קליין סטאַ־לוגעלע אויף מיין קאָמאָדע, וואָס עס שטייט ביינאַכט און —

ער האָט נישט געענדיקט. פאַר אים איז געשטאַנען פעעפערקאָרן. ער האָט געזוכט זיין וועג־באַגלייטערין. ער איז אַריינגעקומען דורך די פאָרטיערן און ער איז געשטאַנען פאַר דער שטול, הינטער וועלכער ער האָט זי געזען שטיין און שמועסן. ר'איז געבליבן שטיין ווי אַ טורעם און האַרט פאַר האַנס קאַסטאָרפס פיס. נישט געקוקט אויף

* פראַנצויזיש: מיטן פריינד, דעם באַזינגער פון דעם מיטללענדישן, דעם מייסטער, דעם גרויסן רעדנער.

זיין סאָמנאַמבוליזם, האָט ער פונדעסטוועגן פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף איצט אויפשטיין און זיין העפלעך. עס איז אים אָבער שווער אָנגעקומען זיך אויפצוהויבן פון זיין שטול צווישן זיי ביידע. ער האָט זיך געמוזט זייטיק אַפּעררוקן, אַזוי אַז אַלע דריי זענען געבליבן שטיין אין אַ דרייעק און די שטול — אינמיטן.

פרוי שאָשאַ האָט געטאָן איר חוב לגבי דעם געבילדעטן מערב און האָט „די הערן" פאָרגעשטעלט איינעם פאַרן אַנדערן. — אַ באַקאַנטער פון אַמאָל — האָט זי געזאָגט וועגן האַנס קאַסטאָרפּ — פון דער צייט, ווען זי איז דאָ פריער געווען. פּעעפּערקאָרנס זיין דאָ האָט מען נישט געדאַרפט אויסטייטשן. זי האָט אָנגערופן זיין נאָמען און דער האָלענדער האָט געווענדט זיין בלאַסן בליק אונטער די אַראַבעסקן פון זיינע אויפמערקזאַם־פאַרטיפטע שטערן־און שלייפן־קנייטשן אויף דעם יונגנמאַן און האָט אים דערלאַנגט די האַנט, וואָס איז געווען פון רוקן באַשיט מיט זומערשפּרינקעלעך. אַ האַנט פון אַ שיף־קאַפּיטאַן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — אויב מ׳זאָל נישט נעמען אין אַכט די שפּיציקע נעגל. צום ערשטן מאָל איז ער איצט געשטאַנען אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון פּעעפּערקאָרנס וואָגיקער פּערזענלעכקייט („פּערזענלעכקייט" — מ׳האָט שטענדיק אין זינען געהאַט דאָס וואָרט, בעת מ׳האָט אים אָנגעקוקט; ווען מ׳האָט אים אָנגעקוקט, האָט מען תיכף געוואוסט, וואָס עס איז — אַ פּערזענלעכקייט. מער נאָך, מ׳איז אַפילו געווען איבערגעצייגט, אַז אַ פּערזענלעכקייט קאָן בכלל נישט אויסזען אַנדערש ווי ער). האַנס קאַסטאָרפּס וואַקלדיקע יוּנגלערישקייט האָט זיך געפילט דערדריקט פון דער וואָג פון דעם ברייט־אַקסלדיקן, רויט־פּנימדיקן, ווייס־האָריקן זעכציקער מיט דעם ווייטאָגדיק צעריסענעם מויל און מיט דער באָרד, וואָס האָט לאַנג און שמאָל אַראָפּגעהאַנגען אויף דער גלחיש־פאַרקנעפּלטער וועסט. אגב, איז פּעעפּערקאָרן געווען די העפלעכקייט אַליין.

— מיין הער — האָט ער געזאָגט — דורכאויס ניין, ערלויבט מיר — דורכאויס! איך מאַך היינט אינאָווענט מיט אייך קאַנטשאַפט — די קאַנטשאַפט מיט אַ יונגנמאַן, וואָס דערוועקט צוטרוי. איך טו עס

מיט באַוואוסטזיין, מיין הער, איך בין איינגאַנצן ביי דער זאַך. איר געפעלט מיר, מיין הער, איך — כ'בעט אייך זייער! דערליידיקט. איר געפעלט מיר.

ס'איז נישט געווען וואָס צו ענטפערן. זיינע קולטורעלע באַוועגונגען זיינען געווען צו אַנטשיידנדיק. האַנס קאַסטאָרפּ איז אים געפעלן. און פּעעפּערקאָרן האָט אַרויסגעצויגן דערפון די קאָנסעקווענצן, וועלכע ער האָט האַלב אַרויסגעזאָגט. זיין וועג־באַגלייטערין האָט אים אַרויסגעהאָלפן און פאַרענדיקט דעם זין.

— מיין קינד — האָט ער געזאָגט — אַלץ גוט. וואָס וואָלט אָבער געווען — איך בעט, איר זאָלט מיך גוט פאַרשטיין. דאָס איז קורץ! אונזער מעגלעכקייט אויסצופילן זיינע פאָדערונגען, דאָס איז שוין — ס'זיינען פאַקטן, מיין קינד. כּללים אימ־ברת־מנת־יקייטן. בקיצור מיין גוט, קורץ און שאַרף. ער איז פאַרבליבן מיט אַ אויסדרוקפולן זשעסט, וואָס האָט יענעם איבערגעלאָזט די ברירה און פון אים אַראָפּגענומען די אחריות אין פאַל אויב מ'זאָל דאָ באַגיין אַן אַנטשיידנדיקן פעלער נישט געקוקט אויף זיין אָנווייז.

פרוי שאָשאַ איז אַפּנים שוין געניט געווען צו פאַרשטיין זיינע פאַרלאַנגען ברמז. זי האָט געזאָגט:

— פאַרוואָס נישט. מ'קאָן נאָך אַ ביסל בלייבן צוזאַמען, אפשר מאַכן אַ שטיקל שפּיל און אויסטרינקען אַ פלאַש וויין. וואָס שטייט איר? — האָט זי זיך געווענדט צו האַנס קאַסטאָרפּ. רירט אייך, מיר וועלן נישט בלייבן אין דרייען, מיר מוזן האָבן געזעלשאַפט. ווער איז נאָך דאָ אין סאַלאָן? פאַקט, ווען איר וועט טרעפן. נעמט עטלעכע פריינד פון באַלקאָן. מיר וועלן דערווייל פאַרבעטן דעם דאָקטאָר טונג־פו פון אונזער טיש.

פּעעפּערקאָרן האָט זיך געריבן די הענט.

— אַבסאָלוט — האָט ער געזאָגט — פּערפעקט. אויסגעצייכנט. איילט אייך, יונגער פריינד! פאָלגט! מיר וועלן שאַפן אַ קרייז. מיר וועלן שפּילן און עסן און טרינקען. מיר וועלן פילן, אַז מיר — אַבסאָלוט, יונגערמאַן!

האַנס קאַסטאָרפּ איז מיט דער ווינדע אַרויפגעפאָרן אויפן צווייטן שטאָק. ער האָט אָנגעקלאַפּט ביי א. ק. פּערגע און יענער ווייטער האָט אַרויסגענומען פערדינאַנד ווייזאַל און אַלבינען פון זייערע שטולן אין דער אונטערשטער ליג־האַלע. אין דער האַלע האָט מען אויך געפונען דעם פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט און דאָס פּאָרפּאָלק מאַגנוס און אין סאַלאָן — די פרוי שטער מיט דער קלעעפעלד. דאָ האָט מען אונטער דעם מיטלסטן זשיראַנדאָל אַוועקגעשטעלט אַ גרוימען שפּיל־טיש, וועלכן מ'האָט אַרומגעשטעלט מיט שטולן און קליינע טישלעך. מיין העער האָט באַגריסט יעדן גאַסט, וואָס איז צו־געקומען, מיט אַ בלאַסן און העפלעכן בליק אונטער אויפמערקזאַם פאַרצויגענע שטערן־אַראַבעסקן. צוועלף פּאַרשוין האָבן זיך אַוועק־געזעצט. האַנס קאַסטאָרפּ — צווישן דעם מאַיעסטעטישן אויפנעמער און קלאַוודיאַ שאָשאַ. מ'האָט אַרויסגענומען קאָרטן און שפּיל־מאַרקעס, ווייל מ'האָט אַיינגעשטימט צו שפּילן עטלעכע מאָל אין Vingt et un און פּעעפּערקאָרן האָט אויך זיין פּייערלעכן אופן באַשטעלט וויין ביי דער צוגערופענער קאַרליקיכע, אַ ווייסן שאַבלי*, פון יאָר 06, קודם־כל דריי פלאַשן און כלערליי זיסקייטן, וואָס ווערט זיך נאָך געפינען פון געטריקנט דרום־אויבסט און קאָנפעקטן. בעת מ'האָט דערלאַנגט די גוטע זאַכן, האָט ער געריבן די הענט פול מיט צופרידנקייט און ער האָט אויך געפּרוווט אויסדריקן זיינע געפילן מיט ווערטער, באַדייטנדיק אָפּגעריסענע, און עס איז אים באמת אינגאַנצן געלונגען, אויף וויפיל מ'קאָן בכלל ריידן וועגן זיין אַלגעמיינער ווירקונג ווי אַ פּערזענלעכקייט. ער האָט ביידע הענט אַרויפגעלייגט אויף די אונטערשטע אָרעמס פון זיינע שכנים, האָט אויפגעהויבן זיין וויז־פינגער מיטן שפּיזיקן נאָגל און האָט מיט ווירקנדיקן ערפאָלג געפאָדערט די העכסטע אויפמערקזאַמקייט פאַר דעם הערלעכן גאָלד־קאָליר פון וויין אין די בעכערס, פאַר דעם צוקער, דורך וועלכן ס'שוויצן די מאַלאַגאַ־טרויבן, און פאַר אַ געוויסן מין קליינע זאַלץ־און מאָן־פלעצלעך, וועלכע ער האָט אָנגע־

---

* ווייסער בורגונדער.

רופן געטלעך. דערבײַ האָט ער מיט אַן אַנטשיידנדיקער קולטורעלער באַוועגונג דערשטיקט באַלד אין אָנהייב יעדן פּרוּוו, וואָס וואָלט געוואָלט קעגנשטעלן זיך, קעגן אַזאַ הויך וואָרט. טאַקע ער האָט דער ערשטער איבערגענומען די באַנק, דאָך האָט ער זי באַלד אָפּגעטרעטן אַלבינען, וואָרעם, אויב מען האָט אים ריכטיק פאַרשטאַנען, האָט אים דאָס האַלטן די באַנק געשטערט פרײַ הנאה צו האָבן פון דעם אַלעמען.

דער האַזאַרד איז פאַר אים, אַפּנים, געווען אַ נעבן-זאַך. לויט אים איז אויסגעקומען, אַז מ'שטעלט גאָרנישט אײַן, דערבײַ האָט ער פאָרגעלייגט, אַז דער קלענסטער אײַנשטעל זאָל זײַן פופציק שווייצער גראָשן, כאָטש פאַרן רוב אָנטיילנעמער איז עס פונדעסטוועגן געווען זייער אַ סך. דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט און אויך פרוי שטער זײַנען געוואָרן דאָ רויט און דאָ בלאַס. די לעצטע האָט מוראדיק גע-קווענקלט זיך, ווען מ'האָט געהאַלטן בײַ דער פראַגע, צי זי זאָל בײַ אַכצן נאָך עפּעס צוקויפן. זי האָט הויך אַ געשריי געטאָן, ווען אַלבין האָט איר מיט קאַלטער רוטין צוגעוואָרפן אַ קאָרט, וואָס איז פאַר איר געווען צופיל און פעפּערקאָרן האָט דערפון האַרציק געלאַכט.

— שרייט, שרייט, מאַדאַם! — האָט ער געזאָגט. — עס קלינגט גרילצנדיק און לעבעדיק און קומט פון טיפן — טרינקט, דערקוויקט אײַך דאָס האַרץ צו אַ נייער — און ער האָט איר צוגעגאָסן ווײַן, האָט אויך צוגעגאָסן זײַנע שכנים און זיך אַליין. ער האָט באַשטעלט דרײַ נײַע פלאַשן און האָט אָנגעקלאַפּט מיט ווייזאַל און מיט דער אינערלעך פאַרמרה־שחורה־טער פרוי מאַגנוס, ווײַל זיי בײדע האָט מען לויט זײַן אײַנזען אַממייסטן געדאַרפט אויפמונטערן. זייער גיך האָבן די פּנימער באַקומען אַלץ מער און מער קאָלירן פון דעם באמת וואונדערלעכן ווײַן. אַן אויסנאַם איז געווען דאָס פּנים פונם דאָקטאָר פינג-פו, וואָס איז געבליבן אומפאַרענדערט געל מיט די קרעלן-שוואַרצע מויזן-אויגן. ער האָט מיט אַ שטיל כיכען אײַנגע-שטעלט גרויסע סומעס און ס'איז אים געגאַנגען אומפאַרשעמט מזלדיק. אַנדערע האָבן אויך נישט געוואָלט אָפּשטיין. דער פּראָקוראָר פּאַראַ-

וואַנט האָט מיט אַ פֿאַרשוואומענעם בליק געפּרווט דאָס מזל און האָט איינגעשטעלט צען פראַנק אויף אַ נישט איבעריק צוזאָגנדיקע קאָרט באַלד אין אָנהייב, האָט בלאַס־ווערנדיק צוגעקויפּט און האָט פונדעסטוועגן געוואונען דאָס געלט טאָפּלט, ווייל אַלבין האָט געהאַט צופיל צוטרוי צו זיין טויז, וועלכע ער האָט באַקומען, און גע־לאָזט דובלירן אַלע איינשטעלן. דאָס זיינען געווען דערשיטערונגען, וועלכע האָבן זיך נישט באַגרענעצט בלויז אויף דער פּערזאָן גופא, וואָס האָט זי אַרויסגערופן. דער קרייז האָט אויך גענומען דערין אָנטייל. אַפילו אַלבין אַליין, וואָס האָט געקאָנט קאָנקורירן מיט דער קאַלטקייט פון אַ קרופּיער אין מאָנטע קאַרלאָ, וואו ער איז געווען, ווי ר'האָט דערציילט, אַ שטענדיקער גאַסט, — אויך ער האָט קוים באַהערשט זיין אויפרעגונג. אויך האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשפּילט הויך. דאָס זעלבע — די קלעעפעלד און פרוי שאָשאַ. מ'האָט דערנאָך אָנגע־הויבן שפּילן „טורן", מ'איז איבערגעגאַנגען צו „באַן", שפּעטער צו „מיין מומע און דיין מומע" און צו דער געפערלעכער „דיפּע־ראַנס". ס'זיינען געווען אויסברוכן פון פרייד און פאַרצווייפלונג, אויסלאָדונגען פון צאָרן און היסטערישע לאַך־אַטאַקעס, אַרויסגערופן דורך דעם רייץ, וואָס דאָס פאַרשאָלטענע מזל האָט געהאַט פאַר די נערוון. זיי זיינען געווען עכט און ערנסט — זיי וואָלטן נישט געקלונגען אַנדערש אויך אין די פאַרשיידענע סיטואַציעס פון לעבן.

און דאָך איז נישט בלויז און אַפילו נישט בעיקר דאָס שפּילן און דער ווין געווען דאָס, וואָס האָט אַרויסגערופן די גייסטיקע געשפּאַנטקייט פון קרייז, די דערהיצטקייט פון די פּנימער, די ברייט־צעגלאַנצטע אויגן, אָדער דאָס, וואָס מ'קאָן אָנרופן: די אָנגעשרענגט־קייט פון דער קליינער געזעלשאַפט, זייר איינגעהאַלטענער אָטעם, איר כמעט ווייטאָגדיקע קאָנצענטראַציע אויף דער מינוט. גיכער האָט דאָס אַליך אַרויסגערופן די ווירקונג פון אַ הערשערישער נאַטור אויף דער סביבה, פון אַ „פּערזענלעכקייט" צווישן זיי, פון מיינהער פּעעפּערקאָרן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט זיין זשעסטיקולירנדיקער האַנט, און וועלכער האָט אַלעמען פאַרכאַפּט מיט דעם שפּיל פון זיינע הדרת־פּנימדיקע מינעס, מיט זיין בלאַסן בליק אונטער די מאָנומענטאַלע

קנײטשן פֿון זײן שטערן, מיט זײן װאָרט און מיט דער דורכדרינגלעכ־
קײט פֿון זײן פֿאַנטאָמימיק. װאָס האָט ער געזאָגט? זײער אומדײַטלעכס
און ס׳איז געװאָרן אַלץ מער אומדײַטלעך, װאָס מער ער האָט גע־
טרונקען. אָבער מ׳האָט אים געקוקט אין מױל אַרײַן, מ׳האָט שמײכ־
לענדיק, שאָקלענדיק דעם קאָפּ, געגלאַנצט אױף דעם רינגל, װעלכעס
ער האָט געמאַכט מיט זײן װײַז־פֿינגער און גראָבן פֿינגער און לעבן
װעלכן די אַנדערע פֿינגער האָבן אַפּערגעשטאַרט שפּיציק; זײן קיניגלעך
פּנים האָט בעטן רײדן זיך געהאַלטן אין אײן באַװעגן. מ׳האָט זיך אָן
יעדן װידערשטאַנד געלאָזט מיטרײסן צו געפֿילן מיט אַזאַ כּוח,
װעלכער האָט װײט איבערגעשטיגן די מאָס פֿון לײדנשאַפֿט, צו װעל־
כער די מענטשן זײנען געװײנלעך צוגעװײנט געװען. די דאָזיקע
געפֿילן זײנען געװען איבער די כּוחות פֿון אַן אײנצלנעם. פֿרױ מאַגנוס
לכל־הפּחות האָט נישט אױסגעהאַלטן. זי איז שיר נישט געפֿאַלן
חלשות, זי האָט אָבער שטאַרק נישט קײן חשק געהאַט אַהײמצוקומען,
נאָר האָט זיך באַנוגנט דערמיט, װאָס זי האָט זיך אַװעקגעלײגט אױפֿן
שעזלאָנג. דערבײ האָט מען איר אַרומגעװיקלט דעם שטערן מיט אַ
נאַס סערװעט און אַז ס׳איז איר אַ ביסל בעסער געװאָרן, איז זי
צוריקגעקומען צום קרײז.

פּעעפּערקאָרן האָט דאָס געפּרוּװט אױסטײַטשן מיט שלעכטער
דערנערונג. ער האָט זיך צערעדט אין אָט דער ריכטונג מיט באַדײַטנדיק
אָפּגעריסענע װערטער, מיט אַן אױפֿגעהױבענעם װײַז־פֿינגער. מען
מוז עסן, כּדי צו קאָנען יוצא זײן פֿאַר די לעבנס־פֿאָדערונגען —
אַזױ האָט ער געגעבן צו פֿאַרשטײן און ער האָט באַשטעלט עפּעס אין
מױל אַרײן פֿאַרן קרײז, אַן איבערבײס, פֿלײש, אױפֿשניט, לעקעך, געגנז־
ברוסט, בראַטן, װאורשט און שינקע, — שיסלען פֿול מיט מעדנים,
גאַרנירט מיט קײלעכלעך פּוטער, רעטעכלעך און פּיעטרושקע און
ענלעך צו הערלעכע בלומען־בײטן. נישט געקוקט דערױף, װאָס
מ׳האָט פֿריער געהאַט געגעסן זײער אַ זעטיק אָװנט־ברױט, האָבן
אַלע מיט הנאה גענומען פֿון די שיסלען. פּונדעסטװעגן האָט מײנ־
העער פּעעפּערקאָרן נאָך עטלעכע ביסנס דערקלערט די איצטיקע
סעודה פֿאַר אַ „נאַרישקײט“! און מיט אַ צאָרן, װאָס האָט אױסגעדריקט

די סאַמע מוראַדיקסטע אומבאַרעכנטקייט פון זיין הערשעריישער נאַ־טור. יאָ, ער איז אַפילו געוואָרן מלא רציחה, ווען עמעץ האָט גע־וואַגט פאַרטיידיקן דעם צובייס. זיין מעכטיקער קאָפּ איז געוואָרן אָנגע־לאָפן און ער האָט געקלאַפּט מיט דער פויסט איבערן טיש. דערביי האָט ער דאָס אַלץ ערקלערט פאַר פוסטער נאַרישקייט. דערויף איז מען געפלויפט פאַרשטומט געוואָרן, ווייל ער האָט סוף־כל־סוף ווי דער פונדירער און גאַסט־געבער געהאַט רעכט אַרויסצוזאָגן זיך וועגן זיין כיבוד.

אגב, האָט דער צאָרן — ווי אומבאַגרייפלעך ר׳איז געווען — געעפּאַסט אים צום פּנים. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס געמוזט מודה זיין. דער צאָרן האָט אים לחלוטין נישט געמאַכט מיאוס, אים נישט פאַרקלענערט און ער האָט מיט זיין אומבאַגרייפלעכקייט (צו טראַכטן, אַז עס האָט אַ שייכות מיט דער מאַסע ווין, וועלכן ער האָט אויסגעטרונקען, האָט קיינער זיך נישט איינגעשטעלט) געווירקט אַזוי גרויס און קיניגלעך, אַז אַלע האָבן זיך איינגעבויגן און מ׳האָט זיך געהיטן צו נעמען אַ ביסן פון די פליישן. ערשט פרוי שאָשאַ האָט באַרויִקט איר חבר. זי האָט געגלעט זיין ברייטע קאַפּיטאַנישע האַנט, וואָס איז געבליבן ליגן נאָכן קלאַפּ אויפן טיש און האָט הניפּהדיק געזאָגט, אַז מען קאָן באַשטעלן עפּעס אַנדערש, אַ וואַרעם מאכל, אויב ער וויל און אויב מען וועט נאָך פועלן ביים קיך־שעף. — מיין קינד — האָט ער געזאָגט — גוט. און אָן שום מי, פול מיט ווערדע איז ער איבערגעגאַנגען פון שווערן צאָרן אין אַ מעסיקן צו־שטאַנד, דערביי האָט ער געטאָן אַ קוש קלאַוודיעס האַנט. ער האָט געוואָלט פאַר זיך און פאַר זיינע מענטשן אָמעלעטן — פאַר יעדן איינציקן אַ גוטן געמיזע־אָמעלעט, כדי מ׳זאָל קאָנען יוצא זיין פאַר די לעבנס־פאָדערונגען. און צוזאַמען מיט דער באַשטעלונג האָט ער אַריינגעשיקט אין קיך אַריין אַ באַנקנאָט פון הונדערט פראַנק פאַר דעם פערסאָנאַל, עס זאָל וועלן איבערדרייסן די אָוונט־רו.

ער איז טאַקע געוואָרן צוריק אינגאַנצן געמיטלעך, בעת מ׳האָט דערלאַנגט די פאַרעדיקע מאכלים אויף אַ סך שיסלען, געל און גרין באַשפרענקלטע און ס׳האָט ווייך און וואַרעם געשמעקט פון זיי אי־

בערן זאַל מיט אייער און פּוטער. מען האָט זיך גענומען דערצו צוזאַמען מיט פּעפּערקאָרנען, ער האָט אַכטונג געגעבן אין יעדן איינעם אונטערגעגעבן חשק מיט אָפּגעריסענע ווערטער און באַצווינגנדיקע קולטורעלע זשעסטן, הנאה צו האָבן פון גאָטס גאָבן. דערצו האָט ער מכבד געווען מיט האָלענדישן גענעווער, יעדן איינעם באַזונדער און האָט אַלע געצוואונגען צו נעמען זיך מיט כּוונה צו דער קלאָרער משקה, פון וועלכער ס'האָט געשטראָמט אַ געזונטער ריח פון תּבואה מיט צאַרטן צומיש פון יאַלאָווער סאָק.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערויכערט. אויך פרוי שאָשאַ האָט זיך מכבד געווען מיט די מונדשטוק־פּאַפּיראָסן, וועלכע זי האָט צוליב באַקוועמלעכקייט אַוועקגעלייגט פאַר זיך אויפן טיש אין אַ רוסישן לאַק־פּאָרטסיגאַר, באַצירט מיט אַ לויפנדיקער „טראָיקאַ“. פּעפּערקאָרן האָט נישט געהאַט קיין טענות, הלמאי זיינע געסט טוען זיך אָן דאָס פאַרגעניגן, אָבער ער אַליין האָט נישט גערויכערט, האָט עס קיינמאָל נישט געטאָן. אויב מ'האָט אים גוט פאַרשטאַנען, האָט ער געהאַלטן דאָס רויכערן טיטון פאַר איינעם פון די סאַמע ראַפינירטסטע הנאות. דאָס כסדרדיקע געניסן פון זיי רויבט צו די מאַיעסטעטישקייט פון די פּשוטע לעבנס־גאָבן, יענע גאָבן און פאָדערונגען, קעגן וועלכע מיר קאָנען מיט אונזער געפיל קוים יוצא זיין. — יינגער־מאַן — האָט ער געזאָגט צו האַנס קאַסטאָרפּן, און אים געצוימט מיט זיין בלאַסן בליק און מיט זיינע קולטורעלע זשעסטן — יונגער־מאַן — דאָס פּשוטע! דאָס הייליקע! גוט, איר פאַרשטייט מיך. אַ פלאַש ווייַן, אַ פאַרעדיקער פיינקוכן, אַ לויטערער קאָרן — לאָמיר קודם־כּל עס רעכט געניסן, לאָמיר עס אויסשעפּן, לאָמיר דערפון פריער באמת הנאה האָבן, איידער מיר — אַבסאָלוט, מיין הער. דערליידיקט. איך האָב געקאָנט מענטשן, מענער און פרויען, קאָקאַין־עסער, האַשיש־רויכערער, מאָרפיניסטן, — גוט, ליבער פריינד! פּערפעקט! זאָלן זיי! לאָמיר נישט אַריינמישן זיך און משפּטן! אָבער בנוגע דעם, וואָס דאַרף זיין פריער, דעם פּשוטן, דעם גרויסן, דעם לכתחילה־געטלעכן, זיינען די דאָזיקע מענטשן דורכאויס געווען דערליידיקט, מיין פריינד. פאַרמשפּט. אָפּגעפּטרט. זיי זיינען אים אַלץ

שולדיק געבליבן! ווי איר זאָלט נישט הייסן, יונגערמאַן — גוט, כ'האָב עס שוין געוואוסט און ווידער פאַרגעסן — נישט אין קאָקאַין, נישט אין אָפּיום, נישט אין דער זינדיקער געוויינהייט גופא ליגט די זינד. די זינד, וועלכער מ'קאָן נישט מוחל זיין, באַשטייט. —

ער איז געבליבן שטיין. אַ גרויסער, אַ ברייטער, אויסגעדרייט צו האַנס קאַסטאָרפּן — האָט ער געשוויגן לאַנג, מעכטיק, אויסדרוקפול און אַזוי אַרום געצוואונגען צו פאַרשטיין. דעם ווייז־פינגער האָט ער אויפגעהויבן, דאָס מויל אונטער דער נאַקעטער און רויטער, פון ראַזירן אַ ביסל וואונדיקער, אויבערשטער ליפּ איז געווען אומרעגלמעסיק צעריסן. די לינעאַרע קנייטשן פון זיין גאָלן וויים־אַרומגעפּלאַטערטן שטערן זיינען געווען אָנגעשטרענגט פאַרצויגן, די קליינע בלאַסע אויגן ברייט צעעפנט און האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען אין זיי עפּעס אַ מין פלאַקערדיקע שרעק פאַר פאַרברעך, פאַר דער גרויסער פאַרזינדיקונג, פאַר דער נישט פאַרגעבענער אוממעכטיקייט, אויף וועלכער ער האָט מרמז געווען. שווייגנדיק, האָט ער מיט דער גאַנצער צווינגענדיקער קראַפט פון זיין מטושטעשער הערשערישער נאַטור באַפוילן אַריינצודרינגען אין אָט דער גאַנצער שרעקלעכקייט... עס איז אַ שרעק — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — אַ גאַנץ זאַכלעכע, אָבער דאָרט פלאַקערט אויך אַ רגע אויף עפּעס ווי אַ מין פּערזענלעכע שרעק, וואָס איז נוגע אים גופא, דעם קיניגלעכן מענטש, מורא הייסט עס, אָבער נישט קיין לייכטע און קליינע מורא, נאָר אַ מין פּאַנישער שרעק — אַזוי האָט אויסגעזען. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען צו פיין בטבע, ער זאָל נישט דערשיטערט ווערן, דערזעענדיק דאָס, נישט געקוקט אויף אַלע סיבות, וועלכע האָבן אים געקאָנט באַוועגן אָנצונעמען אַ פיינדלעכע שטעלונג לגבי פּרווי שאָשאַס מאַיעסטעטישן באַגלייטער.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, כדי אָנצוטאָן זיין וויכטיקן שכן די הנאה און אַרויסצוווייזן, אַז ער פאַרשטייט אים.

— דאָס איז טאַקע אמת — האָט ער געזאָגט — עס איז אוודאי אַ זינד און אַ סימן פון שוואַכן כאַראַקטער, אויב עמעץ גיט זיך איבער די ראַפינירטע הנאות, איידער מ'איז יוצא קעגן די פּשוטע און

נאַטירלעכע גאָבן פון לעבן, וואָס זיינען אַזוי גרויס און הייליק. דאָס איז אַייער מיינונג, אויב איך פאַרשטיי גוט, מיינהער פּעעפּערקאָרן, און כאָטש עס איז מיר גופא נאָך נישט איינגעפאַלן, קאָן איך מיט אַייך מסכים זיין פון אייגענער איבערצייגונג, ווייל איר האָט אָנגעוויזן דערויף. עס געשעט, אַגב, געוויס זעלטן, מ'זאָל אינגאַנצן יוצא זיין קעגן די דאָזיקע געזונטע און איינפאַכע גאָבן פון לעבן. גאַנץ זיכער איז דער רוב מענטשן צו שוואַך און נישט־אויפמערקזאַם און געוויסנ־לאָז און אינערלעך פאַרטעמפּט, כדי יוצא צו זיין פאַר זיי. אַזוי איז טאַקע.

דער מעכטיקער פּעעפּערקאָרן איז געווען שטאַרק צופרידן. יונ־גערמאַן — האָט ער געזאָגט — פּערפעקט! דערלויבט מיר — קיין וואָרט מער נישט. איך בעט אַייך צו טרינקען מיט מיר, אויסצו־ליידיקן דאָס גלאָז ביזן דנאָ, אין געמלעך: אָרעם ביי אָרעם. דאָס הייסט נאָך נישט, אַז איך לייג אַייך פאָר דעם ברודערלעכן „דו". איך האָב טאַקע בדעה געהאַט עס צו טאָן, איך קלער מיר אָבער איבער, אַז דאָס וואָלט געווען אַ ביסל צו געכאַפּט. איך וועל עס אַייך מסתמא אין דער נאָענטסטער צייט — איר קאָנט אַייך פאַרלאָזן! אויב איר פאַרלאַנגט אָבער און איר ווילט דווקא, אַז מיר זאָלן גלייך—

האַנס קאַסטאָרפּ האָט דעליקאַט אונטערגעשטיצט פּעעפּער־קאָרנס פאָרשלאָג אָפּצולייגן.

— גוט, מיין יונג, גוט, קאַמעראַד. שוואַכער כאַראַקטער — גוט. גוט און שוידערלעך. געוויסנלאָז — זייער גוט. גאָבן — נישט גוט. פאָדערונגען! הייליקע ווייבלעכע פאָדערונגען פון לעבן בנוגע כבוד אין מענלעכער קראַפט —

האַנס קאַסטאָרפּ האָט פּלוצלונג דערקאָנט, אַז פּעעפּערקאָרן איז שטאַרק שיכור. פונדעסטוועגן האָט אויך זיין שיכרות נישט געווירקט לייכט און מבוזה, נישט זוי אַ צושטאַנד פון אומ־כבוד, נאָר האָט זיך פאַרבונדן מיט דער מאַיעסטעטישקייט פון זיין נאַטור און געשאַפן אַ גרויסאַרטיקע און יראת־הכבודיקע דערשיינונג. אויך באַקכוס אַליין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט — האָט זיך אַ

שיכורער אָנגעלענט אויף זיינע ענטוזיאַסטישע באַגליטער, און האָט פונדעסטוועגן גאָרנישט פאַרלוירן פון זיין גאָטהייט. אין דער העכסטער מדרגה גייט עס וועגן דעם, ווער ס'איז שיכור, אַ פערזענלעכקייט, צי אַ פשוטער בשר-ודם. ער האָט אינערלעך זיך געהיטן דאָס מינדסטע נישט אָפּצולאָזן פון דעם דרך-ארץ פאַר דעם מעכטיק-שווערן פעעפערקאָרן, וואָס זיינע קולטורעלע זשעסטן זיינען געוואָרן שוואַך, און ביי וועלכן די צונג האָט זיך געפּלאָנטערט.

— היצבּרודער — האָט פעעפערקאָרן געזאָגט. דער מעכטיקער קערפער איז געווען צוריקגעוואָרפן אין פרייער און שטאָלצער שיכרות, די האַנט האָט ער געהאַלטן אויסגעשטרעקט איבער דער פּלאַטע פון טיש און ער האָט לייכט געקלאַפּט מיט דער שלאַף-געביילטער פויסט — אין פּערספּעקטיוו גענומען, אין נאָענטער פּערספּעקטיוו, כאָטש דערווייל נאָך אַ ישוב-הדעת — גוט. דערליידיקט. דאָס לעבן — יונגערמאַן — עס איז אַ ווייב, אַ אויסגעשפּרייט ווייב, מיט האַרט נעבנאַנאַנד קוועלנדיקע בריסטן און מיט אַ גרויסן, ווייכן בויך צווישן די צעלייגטע היפטן, מיט שמאָלע הענט, אָנגעלאָפענע שענקלען און האַלב-צוגעמאַכטע אויגן. זי פאָדערט אַרויס אונזער העכסטן כוח העלדעך און חוזקדיק, די גאַנצע קראַפט פון אונזער מענלעכער לוסט, וועלכע וועט ביישטיין פאַר איר אָדער ווערן צו שאַנד — צו שאַנד, יונגערמאַן, באַנעמט איר, וואָס דאָס הייסט? די מפּלה פונם געפיל פאַר דעם לעבן, דאָס איז די שוואַכקייט, פאַר וועלכער ס'איז נישטאָ פאַראַן קיין שום חסד, קיין רחמנות און קיין ווערדע, נאָר וועלכע ווערט פאַרשטויסן אָן רחמנות און מיט חוזק. דער—לייּ—דיקט, יונגערמאַן, און אויסגעשפּיגן... חרפּה און אומכּבוד זיינען צו לייכטע ווערטער פאַר דער דאָזיקער חורבה און באַנקראָט, פאַר דעם דאָזיקן מוראדיקן בלאַמאַזש. עס איז דער סוף, די גיהנומדיקע פאַרצווייפלונג, דער אונטערגאַנג פון דער וועלט...

ביים ריידן האָט דער האָלענדער אַלץ מער און מער צוריקגעוואָרפן דעם מעכטיקן קערפער, דערביי האָט זיך זיין קיניגלעכער קאָפּ גענייגט צו דער ברוסט, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט איינשלאָפן. אָבער ביי דעם לעצטן וואָרט האָט ער ברייט אַראָפּגעלאָזט די שוואַכע פויסט אויפן טיש מיט אַ שווערן קלאַפּ, אַזוי אַז דער

אײדעלער האַנס קאַסטאָרפּ — נערוועז פֿון שפּיל און ווײַן און פֿון דער גאַנצער אויסטערלישקייט — האָט אַזש אויפֿגעציטערט און האָט מיט יראַת־הכּבֿוד און שרעק געקוקט אויף דעם מעכטיקן פּעפּערקאָרן. „אונטערגאַנג פֿון דער וועלט“, ווי דאָס וואָרט האָט אים געפּאַסט צום פּנים! האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט געדענקט, ער זאָל עס האָבן עמעצן געהערט אַרויסזאָגן, סײַדן אפֿשר בעת דער לעקציע פֿון רעליגיע. דאָס איז נישט קײן צופֿאַל — האָט ער געטראַכט — וואָרעם וועמען צווישן די אַלע מענטשן, וואָס ער קען, וואָלט דאָס געפּאַסט אַרויסצוזאָגן אַזאַ דונערדיקן וואָרט? ווער האָט דעם פֿאָרמאַט דערצו רכטיק געזאָגט? אמת, דער קלײנער נאַפּטאַ וואָלט זיך געקאָנט אַמאָל באַנוצן דערמיט, אָבער דאָס וואָלט געווען בלויז אוזורפּאַציע און שאַרפֿע פּלוידערײַ, בעת אין פּעפּערקאָרנס מויל באַקומט דאָס דונערדיקע וואָרט זײַן גאַנצע שמעטערנדיקע און שופֿרותדיקע וואָגיקייט, בקיצור, ביבלישע גרויסקייט. מײַן גאָט — אַ פּערזענלעכקייט! — האָט ער דערפֿילט צום הונדערטסטן מאָל. איך האָב מיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט אַ פּערזענלעכקייט און זי איז קלאַוודיאַס וועג־באַגלייטער. ער אַלײן איז אויך געווען היפּש מבֿושם, און האָט געדרייט דאָס ווײַן־גלאָז אַרום זיך אויפֿן טיש. די אַנדערע האַנט האָט ער געהאַלטן אין דער הויזן־קעשענע, אײן אויג — צוגעזשמורעט. צוליבן רויך פֿון פּאַפּיראָס, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין ווינקל מויל. האָט ער נישט גענדאַרפֿט שווײַגן, נאָכדעם ווי דער באַרופֿענער מענטש האָט אַרויסגערעדט זײַנע דונערדיקע ווערטער? וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט נאָך דאָ געקאָנט האָבן זײַן שוואַך קול? אָבער ער איז געוויינט געוואָרן דורך זײַנע דעמאָקראַטישע דערציִער צו נעמען אַ וואָרט אין אַ דיסקוסיע — בײדע זענען געווען בטבֿע דעמאָקראַטיש, הגם אײנער פֿון זײ האָט זיך נישט געוואָלט מודה זײַן דערצו — האָט ער זיך גענומען צו אײנעם פֿון זײַנע ערלעכע אויסטײַטשונגען. ער האָט געזאָגט:

— אײַערע באַמערקונגען, מײַנהער פּעפּערקאָרן (וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויסדרוק: באַמערקונגען! מאַכט מען דען „באַמערקונגען“ וועגן אונטערגאַנג פֿון דער וועלט?), פֿירן מײַנע געדאַנקען ווידעראַמאָל צוריק דערויף, וואָס מ׳האָט פֿריער געשמועסט וועגן זינדיקע

גערוויינהייטן, אַז זיי באַשטייען אין אַ באַליידיקונג פאַר די פשוטע און, ווי איר האָט געזאָגט, פאַר די הייליקע, אָדער, ווי איך וואָלט געזאָגט, פאַר די קלאַסישע גאָבן פון לעבן, פאַר די גאָבן פון פאַרמאַט, אַזוי צו זאָגן, לטובת די שפּעטערדיקע און צעלאָזענע, די ראַפינירטע, וועלכע מען „גיט זיך אָפּ", ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט איינער פון אונז ביידע, אין דער צייט ווען צו די גרויסע „הייליקע" מען זיך אין מען „קולטיווירט" זיי. אָבער דאָ ליגט אויך, דאַכט זיך מיר, די אַנטשולדיקונג (זייט מיר מוחל, איך בין אַ נאַטור, וואָס איז גענייגט מוחל צו זיין), כאָטש אַנטשולדיקונג האָט נישט קיין פאָרמאַט, ווי איך פיל עס דייטלעך — די אַנטשולדיקונג פאַר דער זינדיקער גערוויינהייט, הייסט עס און טאַקע, אויף וויפל זי שטיצט זיך אויף „שוואַכקייט", ווי מיר האָבן עס אָנגערופן. איר האָט געזאָגט וועגן די שרעקן פון שוואַכקייט אַזעלכע ווערטער, אַז איר האָט מיך באמת צעטומלט. אָבער איך מיין, אַז דער זינדיקער איז לחלוטין נישט אומעמפינדלעך אויף די דאָזיקע שרעקן. פאַרקערט, בעת דאָס געפיל קאָן נישט ביישטיין די קלאַסישע לעבנסגאָבן און עס טרייבט דעם מענטשן צו זינדיקע גערוויינהייטן, זעט ער פאַר זיך גאַנץ ריכטיק די אַלע שרעקן. ממילא איז דערין נישטאָ און עס דאַרף נישט זיין קיין באַליידיקונג פאַרן לעבן, ווייל מ'קאָן עס אויך אויפפאַסן ווי אַ כבוד פאַרן לעבן, נעמלעך: אויף וויפיל די ראַפינירטע תענוגים שטעלן פאָר מיט זיך באַרוישונג־און דערהויבונג־מיטלען, Stimulantia *, ווי מען זאָגט, אָנשפּאַרן און שטייגערונגען פון די געפיל־כוחות. וואָרעם דער צוועק און זין איז דאָ פאָרט דאָס לעבן, די ליבע צום געפיל, דאָס שטרעבן פון דער שוואַכקייט צו געפיל... איך מיין...

וואָס האָט ער דאָ גערעדט? איז עס נישט געווען געגנוג דעמאָקראַטישע אומפאַרשעמטקייט צו זאָגן „איינער פון אונז ביידע", בעת ס'רעדט זיך וועגן אַ פּערזענלעכקייט און וועגן אים? צי האָט ער דעם מוט צו אָט דער חוצפה געצויגן פון פאַרגאַנגענע חזקות, וועלכע האָבן פּעעפערקאָרנס איצטיקע באַזיצער׳שקייט אַוועקגעשטעלט

* לאַטייניש: רייץ־מיטל.

אין אַ קרומער שיין? צי האָט אים עפּעס געקוועטשט און דערפאַר האָט ער נאָך דערצו געמוזט זיך פאַרפּלאָנטערן אין אַ אומפּאַר־שעמטן אַנאַליז וועגן „זינדיקער געוווינהייט"? ר'איז שוין געהען אַ בעלן צו זען, ווי אַזוי ער וועט אַרויס פון דעם עסק, ווייל ס'איז קלאָר געווען, אַז ער האָט פאַרקאָכט אַ מוראדיקע קאַשע.

בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערעדט, איז מיינהער פּעפּערקאָרן געזעסן אַ צוריקגעוואָרפענער און געהאַלטן כסדר דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, אַזוי אַז ס'איז געווען אַ ספק, צי האַנס קאַסטאָרפּס ווערטער דרינגען אַריין אין זיין באַוואוסטזיין. איצט אָבער, בעת דער יונגערמאַן האָט זיך גענומען פּלאָנטערן, האָט ער בּיסלעכווייז גענומען אויפהייבן זיך פון אָנלען, אַלץ העכער און העכער, אין זיין גאַנ־צער גרייס. זיין מאַיעסטעטישער קאָפּ איז רויט אָנגעלאָפן, זיינע שטערן־קנייטשן האָבן זיך אויפגעהויבן, אָנגעצויגן זיך און זיינע קליינע בלאַסע אויגן זיינען דראָענדיק גרעסער געוואָרן. צו וואָס איז דאָ געגאַנגען? ס'האָט אויסגעזען, ווי ס'זאָל זיך גרייטן אַ גרימצאָרן, קעגן וועלכן דער פריערדיקער איז בלויז געווען אַ לייכטער רוגז. מיינהערס אונטערשטע ליפּ האָט זיך מיט מעכטיקן כעס אַ הייב געטאָן קעגן דער אייבערשטער, אַזוי אַז די מויל־ווינקלען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, די גאָמבע האָט זיך אַרויסגערוקט. זיין רעכטע האַנט האָט זיך פּאַמעלעך אַ הייב געטאָן פון טיש ביז צום קאָפּ און נאָך העכער. די פויסט איז געווען געבאַלט, מעכטיק גרייט אַ קנאַק צו טאָן קעגן דעם דעמאָקראַטישן פלוידערזאַק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך דערשראָקן און דערביי געפילט אַן אַוואַנטוריסטישע פרייד אָנ־קוקנדיק דאָס בילד פון בולטן קיניגלעכן צאָרן. ער האָט קוים גע־קאָנט פאַרבאָרגן זיין מורא און נייגונג צו אַנטלויפן. ער האָט דערפאַר אינדערגיך פאַרכאַפּט:

— נאַטירלעך, האָב איך מיך אויסגעדריקט נישט ריכטיק. אַלין צוזאַמען איז אַ פראַגע פון פאָרמאַט און נישט מער. מ'קאָן נישט אָנרופן זינדיקע געוווינהייט עפּעס, וואָס האָט פאָרמאַט. די ראַפי־נירטע תענוגים האָבן עס נישט. אָבער צום מענטשלעכן שטרעבן נאָך געפיל איז פון קדמונים אָן צוגעגעבן אַ הילף־מיטל, אַ באַ־רוישונג־און באַגייסטערונג־מיטל, וואָס געהער אַליין צו די קלאַ־

סישע לעבנס־גאָבן און טראָגט דעם כאַראַקטער פון פשוטן און הייליקן, און ממילא נישט פון זינדיקן. עס איז אַ הילף־מיטל פון באָרמאַט, אויב כ'קאָן אַזוי זאָגן, צום ביישפיל, דער ווײַן, אַ געטלעכע מתנה צו די מענטשן, ווי ס'האָבן שוין געהאַלטן די אַלטע, הומאַניסטישע פעלקער, די פילאַנטראָפישע דערפינדונג פון אַ גאָט און אַפילו די ציוויליזאַציע האָט דערמיט אַ שייכות, דערלויבט מיר אָנצווייזן. וואָרעם מיר ווייסן, אַז אַדאַנק דער קונסט צו פלאַנצן און צו קעלטערן דעם ווײַן, זײַנען די מענטשן אַרויס פון זייער רויען מצב און גענומען זיך ציוויליזירן; און נאָך היינט גילטן די פעלקער, בײַ וועלכער מ'וואַקסט דער ווײַן, פאַר ציוויליזירטע — אָדער האַלטן זיך פאַר אַזעלכע — ווי די ווײַנלאָזע, די קימערער*. און דאָס איז אינטערעסאַנט. וואָרעם דערפון דאַרף מען אַרויסדרינגען, אַז ציוויליזאַציע איז גאָרנישט אַן ענין פון פאַרשטאַנד און מישבדיקער ניכטערקייט, נאָר האָט גיכער צו טאָן מיט דער באַגייסטערונג, מיטן רויש און מיט דערקוויקונג. ס'איז נישט אַזוי — אויב כ'מעג מיר דערלויבן פאָרצולייגן אײַך די פראַגע, אויך אײַער מיינונג וועגן דעם דאָזיקן ענין?

אַ יונג מיט ביינער, אָט דער האַנס קאַסטאָרפּ. אָדער ווי סעטעמבריני האָט עס איבערגעדריקט מיט שריפטשטעלערישער פײַנקייט— אַ ליק. ער איז אימפּאָרזיבמיק און אַפילו חוצפּהדיק אין פאַרקער מיט פערזענלעכקייטן און דערבײַ גענוג געשיקט, ווען מען דאַרף זיך אַרויסדרייען פון עסק. אָט האָט ער קודם־כל אין דער סאַמע פריקרער לאַגע און אָן שום ישוב־הדעת מיט גרויס פלינקייט פאַרטיידיקט און אָפּגעגעבן כבוד דער שיכּרות, דערנאָך האָט ער, כּלאַחר־יד, אַרויסגעפירט דעם שמועס אויף „ציוויליזאַציע”, וועלכע שפּירט זיך גאַנץ ווייניק אין מיינהערס פּעפּערקאָרנס אור־מוראדיקער האַלטונג. צום סוף האָט ער די דאָזיקע האַלטונג געלינדערט און אומפּאַסיק געמאַכט דערמיט, וואָס ער האָט געשטעלט אַ פראַגע, אויף וועלכער מ'קאָן בשום־אופן נישט ענטפערן מיט אַן איבערגעהויבענער פּיכט.

* אזוי האָט מען באַצייכנט אין גריכנלאַנד דאָס בלומרשט ווילדע פאָלק, פון צפון־סקיטיע.

דער האָלענדער האָט נאָכאַנאַנד געמוזט לינדערן זיין זשעסט פון גרימ־צאָרן. ביסלעכווייז האָט זיך זיין האַנט צוריק אַראָפּגעלאָזט צום טיש, זיין אָנגעלאָפענער קאָפּ איז אָפּגעפאַלן. „דיין גליק!" האָט מען געקאָנט אַרויסלייענען פון זיין מינע, וועלכע איז נאָך געווען דראָ־ענדיק. דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט און אַחוץ דעם האָט זיך אַריינגעמישט מאַדאַם שאָשאַ און אָנגעוויזן איר וועג־באַ־גלייטער, אַז די געסט האָבן זיך אויפגעהערט ווילן.

— ליבער פריינט, איר פאַרנאַכלעסיקט אייערע געסט — האָט זי געזאָגט אויף פראַנצויזיש — איר גיט זיך אָפּ צופיל און הורבּ־אויס דעם יונגן הער, מיט וועלכן איר האָט אָן שום ספק אַרומ־צורידן וויכטיקע ענינים. אָבער דערווייל האָט די שפּיל כמעט אויפּ־געהערט און כ'האָב מורא, אַז מען לאַנגווייליקט זיך. צי ענדיקן מיר שוין דעם אָוונט?

פּעעפּערקאָרן האָט זיך תיכף אויסגעדרייט צום עולם אַרום טיש. ס'איז ריכטיק געווען: דער עולם איז געוואָרן דעמאָראַליזירט, איינ־געשלאָפן, טעמפּ. די געסט זיינען געווען אָפּגעלאָזן, ווי אַ שול־קלאַס, אויף וועלכן מ'גיט נישט אַכטונג. אַ סך האָבן געהאַלטן ביי איינשלאָפן. פּעעפּערקאָרן האָט תיכף אַ נעם געטאָן אין האַנט די אָפּגעלאָזענע לייצעס. מיינע הערשאַפטן! — האָט ער אַ רוף געטאָן און אויפגעהויבן דעם וויזפינגער און דער דאָזיקער שפּיזיק־שפּיציקער פינגער, ווי אַ ווינקענדיקע שווערד אָדער ווי אַ פאָן. זיין רוף, גלייך ווי דער רוף „ווער ס'איז נישט קיין פּחדן, נאָך מיר!" מצד אַ אַ פירער, וועלכער שטעלט אָפּ זעלנער, וואָס זיינען שוין גרייט צו אַנטלויפן. זיין פּערזענלעכקייט האָט תיכף גענומען ווירקן און קאָנ־צענטרירן. מען האָט זיך צונויפגענומען, אויסגעגלייכט די אָפּגעלאָזן־געוואָרענע צורות און מ'האָט צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און גע־שמייכלט אין דעם מעכטיקן גאַסטגעבערס בלאַסע אויגן אַריין אונ־טער דער לינעאַטור פון זיין שטערן. ער האָט אַלע געצווימט און האָט זיי אויפסניי דערוואַרעמט צו מעשים, דערביי האָט ער דעם שפּיץ פון וויז־פינגער אַראָפּגעלאָזט צום שפּיץ פון גראָבן און האָט אויפּ־געריסן די איבעריקע לאַנג־נעגלדיקע פינגער. ער האָט באַשיצנ־דיק און באַרויקנדיק אויסגעשפּרייט זיין קאַפּיטאַנישע האַנט און פון

זיינע וויטאָגדיק־צעריסענע ליפּן זיינען אַרויסגעקומען ווערטער, וואָס האָבן, נישט געקוקט אויף זייער מטושטשדיקייט, אַדאַנק דער פּערזענלעכקייט, באַצוואונגען די געמיטער.

— מיינע הערשאַפטן — גוט. דער קערפּער, מיינע הערשאַפטן, איז שוין מלא — דערליידיקט. ניין — דערלויבט מיר — „שוואַך", אַזוי שטייט געשריבן אין דער הייליקער שריפט. „שוואַך", דאָס הייסט געניינט נישט יוצא צו זיין קענען — אָבער איך אַפּעליר צו אייער — קורץ און שאַרף, מיינע הערשאַפטן, איך אַ־פּע־ליר. איר וועט מיר זאָגן: דער שלאָף. גוט, מיינע הערשאַפטן, פּערפעקט. איינגעצייכנט. איך האָב ליב און האַלט בכבוד דעם שלאָף, איך האָב דרך־ארץ פאַר דער טיפער, זיסער, דערקוויקנדיקער הנאה, וועלכע ער גיט. דער שלאָף געהער צו די ערשטע — ווי האָט איר געזאָגט, יונגערמאַן? — קלאַסישע לעבנס־גאָבן, צו די סאַמע ערשטע — דערלויבט — צו די איבערשטע, מיינע הערשאַפטן. ווילט איר אָבער דאָך דערמאָנען זיך אין דער עוואַנגעליע: „און ער האָט גערופן צו זיך פּעטרוסן און די צוויי זין פון זבד. און ער האָט גערעדט צו זיי: בלייבט דאָ און וואַרט מיט מיר" — איר דערמאָנט אייך? „און ער איז געקומען צו זיי און האָט זיי געטראָפן שלאָפן און ער האָט געזאָגט צו פּעטרוסן: קאָנט איר דען נישט וואַכן מיט מיר אַ שעה?" — אינטענסיוו, מיינע הערשאַפטן, דורכדרינגענדיק, רירנדיק. „און ער איז געקומען און האָט זיי ווידער געטראָפן שלאָפנדיק און זייערע אויגן זיינען געווען פול מיט שלאָף. און ער האָט גערעדט צו זיי: אַך, ווילט איר גאָר שלאָפן און רוען? זע, ס'איז אָנגעקומען די שעה" — מיינע הערשאַפטן: ס'נעמט אַדורך, ס'צערייסט דאָס האַרץ.

אַלע זיינען פּאַקטיש געווען פון סאַמע טיפן האַרץ איבערגענומען און פאַרשעמט. ער האָט פאַרלייגט די הענט פאַר דער ברוסט איבער דער שמאָלער באָרד און אָנגעניינגט דעם קאָפּ קרום. זיין בלאַסער בליק האָט זיך געבראָכן ביי די ווערטער וועגן איינזאַמען טויט־שרעק, וואָס זיינען געקומען פון זיינע צעריסענע ליפּן. פראַו שטער האָט געשלוכצט. פראַו מאַגנוס האָט אַרויסגעלאָזט אַ הויכן זיפץ. דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט האָט געפונען פאַר נייטיק מעשה פאַר־

שטייער, ווי דער שליח פון דעם עולם, צו זאָגן עטלעכע ווערטער מיט אַ שטיל קול צום חשובן גאַסט=געבער און אים צו פאַרזיכערן, אַז אַלע זיינען מיט אים. דאָ איז מסתמא געשען אַ טעות. מען איז פריש און מונטער, לעבעדיק, געמיטלעך און אַריינגעטאָן אין אָזנט מיטן לייב און לעבן. עס איז אַ שיינער, יום=טובדיקער, פשוט אויסערגעווינלעכער אָוונט — אַלע פאַרשטייען און פילן דאָס און קיינער קלערט לעת=עתה נישט וועגן דעם צו באַנוצן זיך מיט דער לעבנס=גאָב שלאָף. מיינהעער פעפערקאָרן קאָן זיך פאַרלאָזן אויף זיינע געסט אויף יעדן איינציקן פון זיי.

— פערפעקט! אויסגעצייכנט! — האָט פעפערקאָרן אויסגערופן און זיך אויסגעגלייכט. זיינע הענט האָבן זיך צענומען, זיינען זיך צעגאַנגען און אויפגעהויבן זיך, האָבן זיך אויסגעשפּרייט, מיט די פלאַכן אינדרויסן, ווי בעת אַ געצנדינערישער תפילה. זיין גרויסאַרטיקע פיזיאָנאָמיע — נאָך אַ באַגייסטערטע פון גאָטישער וויטאָג — האָט אויפגעבליט געזונט און מונטער. אין זיין באַק האָט זיך אַפילו געוויזן פלוצלונג אַ תאוהדיק גריבל. „די שעה איז געקומען" — און ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען די וויין=ליסטע, האָט אָנגעטאָן אויף דער נאָז אַ האָרנעם צוויקער, וואָס זיין הענטל האָט אים דערגרייכט הויך איבערן שטערן און ער האָט באַשטעלט שאַמפּאַניער, דריי פלאַשן מום עט קאָמפּ. Cordon rouge, trés sec*; דערצו — petits fours**, טייערע קעגלפאָרמיקע קליינע נאַשערייען, באַצויגענע מיט קאָלירקן צוקער, פון זייער פיינעם בישקאָפטן=טייג, אינעווייניק מיט שאָקאָלאַד און פיסטאַציען=קרעם***, אַוועקגעלייגט אויף פאַפירלעך מיט שיינע שפּיצן=ראַנדן. פראוי שטער האָט עסנדיק אָפּגעלעקט אַלע פינגער. אַלבין האָט מיט פוילער רוטין אַרויסגעפּלאָנטערט דעם ערשטן שטאָפּער פון זיין דראָטן געפלעכט און אַרויסגעלאָזט פון צי־לעכן העלזל דעם שוואָם=פאָרמיקן קאָרק מיט דעם קנאַל פון אַ קינדער=רעוואָלווער אַזש ביזן סופיט. דערנאָך האָט

* אַ מאַרקע שאַמפּאַניער.

** קליינע קיכעלעך.

*** אַ מין ניס.

ער די פלאַש האַלב אײַנגעוויקלט אין אַ סערוועט, ווי מ'פירט זיך אין דער עלעגאַנטער וועלט. דער פיינער שוים האָט אײַנגענעצט דאָס טישטעך. מען האָט אָנגעקלאַפּט די פלאַכע קעלישקעס און מ'האָט מיט איין זופּ אויסגעטרונקען די ערשטע גלעזער, עלעקטריזירט דעם מאָגן מיט דעם אײַז=קאַלטן, שמעקעדיקן געטראַנק. די אויגן האָבן געגלאַנצט. די שפּיל האָט אויפגעהערט און מ'האָט אַפילו נישט אַראָפּגערוימט פון טיש די קאָרטן מיטן געלט. דער עולם איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ זיסער פוילקייט, מ'האָט געפּלוידערט אָן יעדער שייכות. די עלעמענטן פון שמועס האָבן בײַ יעדן איינעם געשטאַמט פון געשטייגערטע געפילן און זיינען אין ערגעץ אַן אור=מצב געווען זייער שיין. אָבער אויפן וועג צום איבערגעבן זיינען זיי געוואָרן פראַגמענטאַריש=הינקענדיק, איבערגעגאַנגען צום טייל אין אַ אומדירעקטן, צום טייל אין אַ אומפאַרשטענדלעכן מישמאַש, פון דעם מין, וואָס וואָלט אַרויסגערופן צאָרנדיקע בושה בײַ אַ ניכטערנעם מענטש; וואָס וואָלט צוגעקומען. אָבער די באַטייליקטע האָבן עס גאַנץ לײַכט פאַרטראָגן, ווײַל אַלע האָבן זיך געפונען אין דעם זעלבן אומפאַראַנטוואָרטלעכן מצב. אַפילו פרוי מאַגנוס האָט באַקומען רויטע אויערן און מודה געווען, אַז זי פילט, ווי דאָס לעבן שטראָמט דורך איר. דעם הער מאַגנוס האָט דאָס, אַפּנים, נישט קיין הנאה געטאָן. הערמינע קלעעפעלד האָט אָנגעלענט איר רוקן אויף אַלבינס אַקסל און געהאַלטן פאַר אים דאָס גלאָז. פּעפּערקאָרן האָט אָנגעפירט די וואַקכאַנאַליע דורך קולטורעלע זשעסטן מיט די שפּיציקע פינגער און געזאָרגט זיך, מ'זאָל דערלאַנגען נייע זאַכן. נאָך דעם שאַמפּאַניער האָט ער געהייסן דערלאַנגען קאַווע Mocca double *, דערנאָך איז ווידער געגאַנגען „ברויט" און פאַר די דאַמען זיסע שאַרפע משקאות— אַפּריקאָס בראַנדי, שאַרטרעז, קרעם דע וואַניל און מאַראַסקען **. שפּעטער האָט מען נאָך צוגעגעבן זויערע פישפילעס *** און ביר דערצו און צום סוף טיי, טיי כינעזישע און טיי פון רומיאַנעק, פאַר-

* טאָפּל-מאָקאַ.

** מינים ליקערן.

*** געבראָטנס.

אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואָלט בלייבן ביים שאַמפּאַניער אָדער ליקער, אָדער צוריק נעמען זיך צו ערנסטן וויין, ווי מיינהער פּעפּערקאָרן. נאָך מיטן־נאַכט האָט ער ערשט צוזאַמען מיט פרוי שאָשאַ און האַנס קאַסטאָרפּ געעפנט אַ פלאַש רויטן, שווייצאַרישן, לייכט־שוימענדיקן וויין, פון וועלכן ער האָט מיט אמתדיקער דאָרשט אַריינגעגאָסן אין זיך איין בעכער נאָכן אַנדערן.

איינס אַ זייגער האָט דער פייערלעכער אָוונט נאָך אַלץ געדויערט אַ ביסל איז מען געבליבן צוליב דער בלייערנער שיכּורותדיקער אָפּגעטומעניקייט, אַ ביסל דורך דער ספּעציעלער הנאה פון הוליען ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַ ביסל דורך דער ווירקונג פון פּעפּערקאָרנס פּערזענלעכקייט און דורך דעם אָפּשרעקנדיקן ביישפּיל פון פּעטרוסן און זיינע מענטשן. קיינער האָט נישט געוואָלט זיין אַזוי קערפּערלעך שוואַך ווי זיי. בכלל גערעדט האָט דער ווייבלעכער טייל אַרויסגעוויזן ווייניקער מידקייט. די מענער האָבן — רויטע אָדער אַש־גרויע — אויסגעצויגן די פיס, אָנגעבלאָזן די באַקן, האָבן בלויז מעכאַניש פון צייט צו צייט גענומען די בעכערס און מער נישט געווען באַגייסטערט פון אמתער פרייד. די פרויען האָבן זיך דערפאַר געהאַלטן טעטיקער. הערמינע קלעעפעלד האָט אָנגעשפּאַרט די נאַקעטע עלנבויגנס אויפן טיש, אונטערגעלענט די באַקן מיט די הענט און האָט לאַכנדיק געוויזן דעם כיכענדיקן טינג־פו די פאָדערשטע ציין. פרוי שטער האָט קאָקעטירט דעם פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט אויסגעשטרעקטער גאָמבע איבערן אַקסל און אַזוי־אַרום אים געפּרוווט לעבעדיק מאַכן. מיט פרוי מאַגנוס איז עס דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַלבינען אויפן שויס און אים געצויגן ביי ביידע אויערן־לעפּלעך. פאַרן מאַן איז דאָס, אַפּנים, געווען אַ דערלייכטערונג. מ׳האָט אויפגעפאָדערט אַנטאָן קאַרלאָוויטש פערגע, ער זאָל דערציילן די געשיכטע פון זיין לונגען־צעטרייסלונג, אָבער די צונג האָט נישט געוואָלט פאָלגן און ער האָט ערלעך דערקלערט זיין באַנקראָט. אַלע האָבן איינשטימיק דערפאַר אָנגענומען, אַז מ׳דאַרף אויסטרינקען. ווייזאַל האָט אַ שטיקל צייט ביטער געוויינט צוליב עפּעס אַ טיפער צרה און זיין צונג איז אַפילו נישט בכוח געווען איבערצוגעבן די סיבה פאַרן עולם אַרום. מ׳האָט אים

אָבער דערנאָך געשטעלט אויף די פיס מיט קאַזע און קאָניאַק. ער האָט, אַגב, דורך זיין יאָמערן, דורך זיין געראַנצלט ציטערנדיקער גאָמבע, וואָס איז נאָס געווען פון טרערן, דערוועקט אין פעפער-קאָרן אַ גרויסן אינטערעס. מיט אַן אויפגעהויבענעם ווייז-פינגער און הויך-פאַרצויגענע קנייטשן-אַראַבעסקן האָט אַלעמען פּאַראַנטערעסירט מיט ווייזאַלס צושטאַנד.

— דאָס איז — האָט ער געזאָגט — דאָס איז דאָך — ניין, דערלויבט מיר: הייליק! וויש אים אָפּ די באַק, מיין קינד, נעם מיין פּערוועט! אָדער בעסער נאָך, ניין, טו עס נישט! ער אַליין איז עס מוחל, מיינע הערשאַפטן — הייליק! הייליק אין יעדן זין, אין קריסט-לעכן און אויך אין היידנישן! אַ אורפּעגנאָמען! אַ פּענאָמען פון ערשטן — פון אייבערשטן — ניין, ניין, דאָס איז: —

אין טאָן פון „דאָס איז" אָדער „דאָס איז דאָך" זיינען בכלל געווען אַלע זיינע הערשעריש-אויפקלערנדיקע אויסדריקן אין דעם אָוונט. דערביי האָט ער געמאַכט גענויע קולטורעלע זשעסטן, כאָטש זיי זיינען שוין אַריינגעפאַלן אַ ביסל אין בורלעסק. ער האָט, למשל, אויפגעהויבן דעם ווייז-פינגער, אַיינגעבויגן אין אַ רעדל מיטן גראָבן פינגער איבערן אויער, אָפּגענייגט דערפון דעם קאָפּ קאָמיש-קרומ-לעך און ס'האָט זיך דערביי געגומען דאַכטן, אַז ס'האָט דאָ פאַר זיך אַן עלטערן גייסטלעכן פון אַ פרעמדן קולט, וואָס טאַנצט מיט אויפגעהויבענע בגדים און מיט וואונדערלעכער גראַציע פאַר אַ מזבח. שפּעטער, בעת ער האָט ברייט און מאַיעסטעטיש זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין פּאָטעל, די האַנט פאַרלייגט איבער דעם אָנלען פון אַ שכנותדיקער שטול, האָט ער אַלע דערשראָקענע געצוואונגען צו-זאַמען מיט אים זיך הורכצוגעמען מיט דער לעבעדיקער און דורכ-דרינגענדיקער פאָרשטעלונג פון אַ פרימאָרגן, פון אַ פראָסטיקן, טונ-קעלן ווינטער-פרימאָרגן, ווען די געלבלעכע שיין פון נאַכט-טיש-לעמפּל שפּיגלט זיך אָפּ אין יענער זייט פענסטער צווישן די איס-געקראָכענע צווייגן, וועלכע גליווערן אינדרויסן קעגן אייזיקן, פאַר-טאָגיק-נעפּלדיקן פרימאָרגן אין קראַקעריי פון קראָען... ער האָט גע-קאָנט מיט רמזים אַזוי שמאַרק מאָלן אָט די געוויינלעכע טאָג-טעגלעכע דערשיינונג, אַז אַלע האָבן אויפגעשוידערט, בפרט נאָך,

ווען ער האָט דערמאָנט אינם אַייז-קאַלטן וואַסער, וואָס מ'קוועטשט אויס אין אַזאַ פרישער שעה פון אַ גרויסער שוואָם איבערן נאַקן און, דאָס אָנגערופן היליק. דאָס איז בלויז געווען אַן אָפּווייכונג, אַ ביישפּיל פון אַ לעקציע וועגן לעבנס-אויפמערקזאַמקייט, אַ פאַנטאַסטיש אימפּראָמטו*, וועלכן ער האָט געלאָזט פאַלן, כדי אין אַ ווײַלע אַרום צו ווענדן זיין גאַנצע קראַפט און געפיל צו דער שטימונג פון דער פריילעכער נאַכטישער הוליאַנקע. ער האָט זיך אַרומגעוויזן פאַרליבט אין יעדער מין ווייבלעכקייט, אָן שום אָפּקלייב און אָן הילוק פון דער פּערזאָן. ער האָט דער קאַרליקלעכע געמאַכט אַזעלכע מינים פאָרשלאָגן, אַז דאָס פאַרקריפּלטע באַשעפעניש האָט ביז פאַרצויגן איר צו-גרויס, אַלטלעך פנים; דער פרוי שטער האָט ער געמאַכט אַזעלכע קאָמפּלימענטן, אַז די אָרדינערע פרוי האָט נאָך מער אויסגעבויגן איר אַקסל און געטריבן איר קאָקעטעריע לחלוטין ביז אידיאָטיזם. ער האָט אויסגעפועלט ביי דער קלעפפעלד אַ קוש אויף זיין גרויס צעריסן מויל און האָט אַפילו געשאַרט זיך צו דער רעזיגנירטער פרוי מאַגנוס. דאָס אַליך האָט אים פונדעסטוועגן נישט געשטערט צו זיין צערטלעך צו זיין ווען-באַגלייטערין און ער האָט אַלעמאָל מיט גאַלאַנטער כוונה גענומען איר האַנט צו זיינע ליפּן. — דער וויין — האָט ער געזאָגט — די פרויען — דאָס איז — דאָס איז דאָך — דערלויבט מיר — וועלט-אונטערגאַנג.

אַרום צוויי אַ זייגער איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז „דער אַלטער“ — היפּראַט בערענס, הייסט עס — דערנענטערט זיך אין גיכן מאַרש צו די קאָנווערזאַציע-זאַלן. צווישן דערשראָקענעם עולם איז תיכף אין דער רגע געוואָרן אַ פּאַניק. מ'האָט אומגעוואָרפן שטולן און אַייז-קובלען, מ'איז געלאָפן דורך דעם ביבליאָטעק-צימער. פעפערקאָרן איז אַריינגעפאַלן אין קיניגלעכן גרימצאָרן, דערזעענדיק, אַז זיין פייערונג צעפאַלט זיך, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט און האָט נאָכגעשריען די אַנטלויפנדיקע בערך: פחדנותדיקע קנעכט! אָבער שפּעטער האָט ער זיך הערן האַנס קאַסטאָרפּ און פרוי שאָשאַ געלאָזט ביז צו אַ געוויסער מאָס איבערצייגן,

---

* פלוצלינגער איינפאַל.

אַז אָט־די סעודה, וואָס דויערט שוין אַן עך זעקס שעה, האָט סײַ־ווי־סײַ געמוזט ענדיקן זיך. ער האָט זיך אויך געלאָזט אַיינריידן, אַז מ׳דאַרף יוצא זײַן קעגן דער הייליקער דערקוויקעניש פון שלאָף און מסכּים געווען, מ׳זאָל אים אַוועקפירן לייגן זיך.

— העלף מיר צו, מײַן קינד! האַלט מיך אונטער פון דער אַנדער זייט, יונגערמאַן! — האָט ער געזאָגט צו פרוי שאָשאַ און צו האַנס קאַסטאָרפּן. זיי האָבן טאַקע צוגעהאָלפן אויפשטיין זײַן שווערן קערפּער פון דער שטול, האָבן אים דערלאַנגט זייערע אָרעמס און ער איז אַ אָנגעהאַנגענער אין בײדע געטרעטן מיט גרויסע שפּרייזן, דער מעכטיקער קאָפּ אָנגעניי̇גט צו איינעם פון זיינע הויך־פּאַרצוי־גענע אַקסלען. ער האָט געשפּרייזט אויף זײַן וועג צו רו, און וואַקלענדיק זיך האָט ער אָפּגעשטופּט אין אַ זייט דאָ איין באַגלייטער זיינעם, דאָ דעם אַנדערן. אין תּוך איז עס געווען בלויז אַ קינינגלעכער לוקסוס, דאָס, וואָס ער האָט זיך אויף אַזאַ אופן געלאָזט העלפן און אונ־טערשפּאַרן. ווען ס׳וואָלט אים דווקא געגאַנגען דעריך, וואָלט ער מסתּמא אויך געווען געקאָנט גיין אַליין. אָבער ער האָט געפילט אַ ביטול צו אַזאַ אָנשטרענגונג, וואָס וואָלט געקאָנט האָבן בלויז די קליינע קנעכטישע כּוונה מיט בושה אויסצובאַהאַלטן די שיכּרות. פּאַקטיש אָבער האָט ער זיך דערמיט לחלוטין נישט געשעמט, נאָר פאַרקערט, הנאה געהאַט פון דער גרויסקייט און רחבות און ער האָט געהאַט קינינגלעך געווײלט דערמיט, וואָס ער האָט, וואַקלענ־דיק זיך, געשטויסן זיינע דינענדיקע פירער אויף רעכטס און אויף לינקס. ער אַליין האָט אַ זאָג געטאָן אויפן וועג:

— קינדער — אומזין — מ׳איז גאָרנישט נאַטירלעך —
ווען אין אָט דער רגע — איר וועט זען — לעכערלעך —

— לעכערלעך — האָט מסכּים געווען האַנס קאַסטאָרפּ — אָן שום ספק! מ׳גיט אָפּ די קלאַסישע לעבנס־גאָבן דאָס ווייעריקע, אויב מ׳וואַקלט זיך אָן בושה לכבוד זיי. דאַקעגן אין ערנסט... איך בין דאָך אויך אַ ביסל שיכּור, אָבער נישט געקוקט אויף דער אַזוי־גערופענער אָנגעטרונקנקייט, האָב איך דאָס קלאָרע באַוואוסטזיין, אַז כ׳האָב דעם ספּעציעלן כּבוד צו פירן לייגן אַן אויסגעשפּראַ־

כענע פערזענלעכקייט. די שיכּרות האָט אַזוי ווייניק אַ שליטה איבער מיר, כאָטש אין פאָרמאַט קאָן מען מיך בכלל נישט פאַרגלייכן.

— נאַ, דו, פלוטעלע — האָט פּעעפּערקאָרן געזאָגט און האָט, וואַקלענדיק זיך, אים אַ שטופּ געטאָן צו דער טרעפּ־באַריערע און מיטגעצויגן מיט זיך די פרוי שאָשאַ. —

די ידיעה וועגן דעם, אַז דער היפּראַט קומט אָן, איז, אַפּנים, געווען אַן אומויסטע שרעק. אפשר האָט זי אויסגעטראַכט די מידע קאַרליקיכע, כּדי דער עולם זאָל זיך צעלויפן. אַז פּעעפּערקאָרן האָט זיך דערוואוסט, איז ער געבליבן שטיין און האָט שוין געוואָלט צוריקגיין ווייטער טרינקען. אָבער ביידע צדדים האָבן אים צוגערעדט צו עפּעס בעסערס און ער האָט זיך ווידער געלאָזט רירן פון אָרט.

דאָס מאַלאַיִשע קאַמערדינערל, דאָס פאַרשוינדל מיטן ווייסן קראַוואַט און מיט די שוואַרץ־זיידענע שיך אויף די פיס, האָט אָבגעוואַרט זיין האַר אויפן קאָרידאָר, פאַר דער טיר פון אַפּאַרטאַמענט און האָט אים איבערגענומען מיט אַ פאַרבייגונג, ביי וועלכער ער האָט אַוועקגעלייגט איין האַנט אויף דער ברוסט.

— קושט אייך! — האָט פּעעפּערקאָרן באַפוילן. — גיב אַ קוש דער רייצנדער פרוי אין שטערן ביים סוף, יונגערמאַן! — האָט ער געזאָגט צו האַנס קאַסטאָרפּן — זי וועט גאָרנישט האָבן קעגן דעם און צוריק געבן. טוט עס צו מיין געזונט און מיט מיין הסכּם — האָט ער געזאָגט. אָבער האַנס קאַסטאָרפּן האָט זיך עס נישט געוואָלט טאָן.

— ניין, אייער מאַיעסטעט! — האָט ער געזאָגט. — אַנטשולדיקט, דאָס גייט נישט.

פּעעפּערקאָרן האָט זיך אָנגעלענט אין זיין קאַמערדינער, האָט הויך פאַרצויגן זיינע קנייטשן־אַראַבעסקן און געוואָלט וויסן, פאַרוואָס דאָס גייט נישט.

— ווייל איך קאָן נישט קושן זיך אין שטערן מיט אייער וועג־באַגלייטערין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. איך ווינטש אייך אַ גוטע נאַכט! ניין, דאָס וואָלט געווען, פון יעדער זייט געזען, אַ פּשוטער אומזין!

היות פרוי שאָשאַ איז אויך צוגעגאַנגען צו דער טיר פון איר צימער, האָט פּעפּערקאָרן געלאָזט גיין דעם ווידערשפּעניקן. אמת, ער האָט אים נאָך אַ ווײַלע מיט פאַרצויגענע שטערן-קנייטשן נאָכגעקוקט איבער דעם אייגענעם אַקסל און איבער דעם מאַלאַיערס, דערשטוינט פון דער נישט-געהאָרכזאַמקייט, אויף וואָס זיין הערשערישע נאַטור איז נישט געוויינט געווען אָנצושטויסן זיך.

---

## מיינהער פּעפּערקאָרן.

מיינהער פּעפּערקאָרן איז געבליבן אין דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“ אין משך פון דער גאַנצער רעשט ווינטער ביז אין פרילינג אַריין, אַזוי, אַז ס'איז נאָך דערגאַנגען צום סוף צו אַן אמת אינטערעסאַנטן בשותּפותדיקן אויספלוג (אויך סעטעמבריני און נאַפּטאַ זיינען געווען דערביי) אין פלי-עלאַ-טאַל אין צום דאָרטיקן וואַסערפאַל... צולעצט גאָר? — און דערנאָך איז ער לענגער נישט געבליבן? — ניין, לענגער נישט. — ער איז אַוועקגעפאָרן? — יאָ און ניין. — יאָ און ניין? — זייט מוחל, קיין שום סודות-מאַכעריי! מיר וועלן זיך שוין קאָנען אַן עצה טאָן. אויך לייטענאַנט צימסען איז געשטאָרבן, שוין אָפּגערעדט וועגן ווייניקער-דערהויבענע קרבנות פון טויט. דעם מטושטשן פּעפּערקאָרן האָט, הייסט עס, אַוועקגענומען דאָס טראָפּיקאַלישע פיבער? — ניין, דאָס נישט, אָבער צו וואָס די אומגעדולד? דער פאַקט, וואָס אַלץ געשעט נישט אויף איינמאָל, מוז גענומען ווערן ווי אַ באַדינג פון לעבן און פון דערציילן און מ'וועט דאָך נישט גיין האָבן טענות צו די פאָרמען פון מענטשלעכער דערקענטעניש, וועלכע גאָט האָט געגעבן! לאָמיר אָפּגעבן דער צייט על-כל-פנים אַזויפיל כבוד, וויפל ס'דערלויבט די קאָנסטרוקציע פון אונזער געשיכטע! לאַנג וועט עס סיי-ווי-סיי נישט דויערן, עס גייט שוין אַזוי אויך האַסטיק באַרג-אַראָפּ! אָדער, אויב דאָס איז צו שטאַרק געזאָגט: עס גייט הוש הוש! אַ ווייזערל מעסט אונזער צייט, עס רוקט זיך, גלייך ווי ס'וואָלט געמאָסטן סעקונדן. פּאַקטייש ווייסט איין גאָט, אויף וואָס פאַר אַ צייט עס ווייזט אָן

יעדעס מאָל, ווען ס׳גייט דורך קאַלטבלוטיק און אָן אָפּשטעל דורכן הויך־פּונקט. שוין יאָרן, דאָס איז זיכער — זיינען מיר שוין דאָ איבן, עס שווינדלט אונז אין מוח, עס איז אַ קראַנקהאַפטער חלום אָן אָפּיום און האַשיש, דער מאָראַליזאַטאָר וועט אונז פאַרמישפּטן און דאָך שטעלן מיר בכיוון אַקעגן דער פאַסקודנער פאַרנעפּלט־קייט אַ סך העלקייט פון פאַרשטאַנד און לאָגישע שאַרפקייט! נישט צופעליק — מ׳מעג עס אַיינזען — האָבן מיר אונז אויסגעקליבן אַזעלכע קעפּ ווי נאַפטאַ און סעטעמברִיני, אָנשטאָט זיך אַרומצודרינגלען כסדר בלויז מיט אַזעלכע מטושטשע פעעפערקאָרנס. דאָס פירט אונז, אמת, צו אַ פאַרגלייך, וואָס איז אין טייל פּרטים, און בעיקר אין פּרט פון פאָרמאַט, לטובת דעם לעצטן. דאָס האָט טאַקע אויך געקלערט האַנס קאַסטאָרפּ, ווען ער איז געלעגן אויף זיין באַלקאָן און זיך מודה געווען, אַז די ביידע בולט־קלאָרע דרעציער, וועלכע האָבן געקעמפט אַרום זיין אָרעמער נשמה, ווערן לעבן פּיעטער פעעפער־קאָרן ממש קאַרליקעס. ער איז אַפילו גענייגט געווען זיי צו רופן (ווי פעעפערקאָרן האָט אים אַליין אין קיניגלעך־שיכּורן הומאָר גע־רופן): „פּלוטלעך“. ער האָט אַפילו געהאַלטן, אַז ס׳איז זייער גוט און אַ גליקלעכער פאַל, וואָס די הערמעטישע פּעדאַגאָגיק האָט אים אויך געבראַכט אין באַריר מיט אַן אויסגעשפּראָכענער פּערזענלעכ־קייט.

דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע פּערזענלעכקייט איז געווען קלאַוודיאַ שאָשאַס וועג־באַגלייטער און ממילא אַ געוואַלדיקע שטערונג, — דאָס איז געווען אַ פּונקט פאַר זיך און האַנס קאַסטאָרפּ האָט צו־ליב דעם נישט געוואָלט לאָזן אַריינפירן זיך אין אַ טעות ביי דער אָפּשאַצונג. ער האָט זיך נישט געלאָזט, חזרן מיר איבער, אַריינ־פירן אין אַ טעות בנוגע זיין אויפריכטיקן דרך־ארץ פאַר דעם מענטש פון פאָרמאַט, כאָטש ער האָט זיך איינצייטיק באַצויגן אַ ביסל חוצפּהדיק צו אים, ווייל יענער האָט געהאַט איין וועג־קאַסע מיט דער פרוי, ביי וועלכער האַנס קאַסטאָרפּ האָט אין דער קאַרנאַ־האַל־נאַכט געהאַט געבאָרגט אַ בלייפעדער. ס׳איז נישט געווען אין

זיין שטייגער אויסצומישן זאַכן, כאָטש מיר רעכענען זיך לחלוטין דערמיט, אַז נישט איינעם אָדער איינער וועט פאַרדריסן די דאָזיקע „טעמפעראַמענטלאָזיקייט“ און מ'וואָלט גיכער הנאה געהאַט, ווען ער וואָלט פעעפערקאָרן געהאַסט, אויסגעמיטן און אינערלעך געטראַכט וועגן אים, ווי וועגן אַן אַלטן אייזל אין אָנגעבלאָזענעם שיכור, איי־דער ער זאָל אים גיין מבקר־חולה זיין, ווען ס'כאַפּט אים אָן דאָס וועקסל־פיבער, זיצן ביי זיין בעט, מיט אים פּלוידערן (אגב, דאָס לעצטע וואָרט איז חל בלויז אויף האַנס קאַסטאָרפּס אָנטייל אין די שמועסן, נישט אויף די רייד פון הרחבהדיקן פעעפערקאָרן) און וועלן באַווירקט ווערן פון זיין פערזענלעכקייט מיט דער נייגעריקייט פון עמעצן, וואָס פאַרט אויף דער וועלט לשם בילדונג. ער האָט עס אָבער געטאָן און מיר דערציילן עס, נישט געקוקט אויף דער סכנה, אַז עמעץ זאָל זיך אַזוי־אַרום נישט דערמאָנען אין פערדינאַנד וויזאַל, וואָס האָט נאָכגעטראָגן האַנס קאַסטאָרפּן דעם מאַנטל. דאָס וואָלט נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. אונזער העלד איז נישט געווען קיין וויזאַל. ער איז נישט געווען דער מענטש פון אַזאַ טיפער עלנט. ער איז בכלל נישט געווען קיין „העלד“, דאָס הייסט: ער האָט נישט דערלאָזט, אַז זיין פאַרהעלטעניש צום מענלעכן זאָל באַשטימט ווערן דורך דער פרוי. מיר בלייבן געטריי אונזער פּרינציפּ נישט פאָרצושטעלן אים נישט בעסער און נישט ערגער, ווי ר'איז געווען, און מיר שטעלן פעסט, אַז ער האָט פשוט נישט צוגעלאָזט (נישט באַוואוסטזיניק און בפירוש, נאָר אויף אַ גאַנץ תמימותדיקן אופן) דערצו, אַז ראָמאַנטישע השפּעות זאָלן ביי אים צורויבן די גערעכטיקייט בנוגע דעם איינענעם מין און דעם חוש פון נוצלעכע בילדונגס־איבערלעבענישן אין אָט דער ספערע. די פרויען קאָן עס נישט געפעלן. מיר וויסן, דאַכט זיך, אַז פרוי שאָשאַ האָט דאָס נישט ווילנדיק פאַרדראָסן. מ'האָט עס געקאָנט אַרויס־דרינגען פון דער אָדער יענער שאַרפער באַמערקונג, מיט וועלכער זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט און וועלכע מיר וועלן נאָך דערמאָנען. אָבער אפשר האָט אים טאַקע די דאָזיקע אייגנשאַפט געמאַכט פאַר אַזאַ גוטן שטרייט־אָביעקט פון דער פּעדאַגאָגיק.

פּיעטער פּעפּערקאָרן האָט אַ סך געקרענקט און ס'איז נאָר קיין וואונדער נישט, אַז ס'איז געשען באַלד צו מאָרגנס נאָך יענעם ערשטן קאָרטן־און שאַמפּאַניער־אָוונט. כמעט אַלע אָנטיילנעמער פון דעם לאַנגן און געשפּאַנטן אָוונט האָבן דערנאָך געהאַט צרות, האַנס קאַסטאָרפּ אויך. אָבער דער שטאַרקער קאָפּ־ווייטאָג האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן דערפון, ער זאָל גיין מבקר־חולה־זיין דעם נעכטיקן גאַסט־געבער. דורך דעם מאַלאַיער, וועלכן ער האָט געטראָפן אויפן קאָרידאָר פון ערשטן שטאָק, האָט ער אַרויסגעשיקט מעלדן פּעפּערקאָרנען און מ'האָט אים פריינטלעך פאַרבעטן.

ער איז אַריין אין צוויי־בעטיקן שלאָף־צימער פון האָלענדער דורך אַ סאַלאָן, וואָס האָט עס אָפּגעטיילט פון פרוי שאָשאַס שלאָף־צימער און ער האָט באַמערקט, אַז ס'צייכנט זיך אויס פון די דורכשניטלעכע בערגהאָף־צימערן סיי לויט דער גרוימיקייט, סיי לויט דער עלעגאַנץ פון מעבל. עס זיינען דאָ געשטאַנען זיידענע פאָטעלן און טישלעך מיט געבויגענע פיס. אויפן דיל איז געלעגן אַ ווייכער טעפּיך און אויך די בעטן זיינען נישט געווען פון געוויינלעכן טיפּ היגיענישע מתים־בעטלעך, זיי זיינען אַפילו געווען פּרעכטיקע: פון פּאָלירטן קאַרשן־האָלץ באַשלאָגן מיט מעש און ביידע האָבן געהאַט איין בשותפותדיקן באַלדאַכין, אַ נישט באַהאַנגענעם. עס איז געווען אַ קליינער באַלדאַכין, וואָס פאַראייניקט ביידע בעטן ווי אַ שירעם.

פּעפּערקאָרן איז געלעגן אין איינעם פון ביידע בעטן. אויף דער רויט־זיידענער קאָלדרע זיינען געלעגן ביכער, בריוו און צייטונגען, און ער האָט דורך זיין האָרנצוויקער מיטן הויכן הענטל געלייענט דעם „טעלעגראַף“. אויף אַ שטול לעבן אים איז געשטאַנען קאַווע־געשיר. אויף דעם נאַכט־טישל לעבן די מעדיצין־פלעשעלעך איז געשטאַנען אַ האַלב־ליידיקע פלאַש רויט־וויין, דער לייכט־שוימענדיקער פון נעכטן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט באַמערקט מיט באַשיידענער פאַרוואונדערונג, אַז דער האָלענדער טראָגט נישט קיין ווייס העמד, נאָר אַ וואָלנס מיט לאַנגע אַרבל, וואָס קנעפלען זיך צו ביז די האַנט־געלענקען; קיין קאָלנער האָט עס נישט געהאַט, נאָר עס איז געווען קיילעכדיק־אויסגעשניטן און עס איז גלאַטיק געלעגן

איף די ברייטע אַקסלען און איף דער מעכטיקער ברוסט פון אַלטן מאַן. די הדרת-פנימדיקייט פון זיין קאָפּ איפן קישן איז געווען נאָך אַ געהייבענערע. דער דאָזיקער לבוש האָט צוגעגומען ביי זיין צורה יעדע בירגערלעכקייט און צוגעגעבן זיין געשטאַלט צום טייל אַ פאָלקסטימלעך-פראָלעטאַרישן און אַ מאָנומענטאַלן הותם.

— דורכאויס, יונגערמאַן — האָט ער געזאָגט, אַראָפּנעמענ-דיק דעם האָרענעם צוויקער ביים הויכן הענטל. — זייט מוחל — בשום-אופן. פאַרקערט. און האָנס קאַסטאָרפּ האָט זיך צוגעזעצט און האָט פאַרבאָרגן זיין פאַראינטערעסירטע פאַרוואונדערונג (אויב דאָס געפיל איז נישט געווען אמתדיקע באַוואונדערונג, צו וועל-כער זיין חוש פון גערעכטיקייט האָט אים געצוואונגען) הינטער דעם פריינטלעך לעבעדיקן שמועס, וועלכן פּעפּערקאָרן האָט באַגלייט מיט גרויסאַרטיק-אָפּגעריסענע רייד און מיט דורכדרינגלעכע זשעסטן. ער האָט נישט אויסגעזען גוט, איז געווען געל, אמתדיק קרענק-לעך און אויסגעמוטשעט. אינדערפרי האָט ער געקריגן אַ שטאַרקן אָנפאַל פון פיבער און די מאַטקייט נאָך אים האָט זיך פאַרבונדן מיט די נאָכווייען פון דער נעכטיקער הוליאַנקע.

— מיר האָבן נעכטן שלעכט — האָט ער געזאָגט — ניין, דערלויבט מיר —פאַסקודנע און שלעכט! איר זענט דאָך — גוט, ס'איז גאָרנישט אַזוינס — אָבער ביי מיינע יאָרן און מיינע מיחו-שים. — מיין קינד — האָט ער זיך געווענדט מיט צאַרטער אָבער פעסטער שטרענגקייט צו דער פרוי שאָשאַ, וואָס איז גראָד אַריינ-געקומען פון סאַלאָן — אַלץ איז גוט, אָבער איך חזר אַייך איבער, אַז מ'וואָלט בעסער געדאַרפט אַכטונג געבן און מיך נישט לאָזן —— ביי די דאָזיקע ווערטער איז אין זיין פנים און אין זיין קול גע-ווען עפּעס אַזוינס, ווי אַ אָנגלויבנדיקער קיניגלעכער אויסברוך פון צאָרן. אָבער מ'דאַרף זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שטורעם ס'וואָלט געווען אויסגעבראָכן, ווען מ'וואָלט אים באמת געווען גע-שטערט אין טרינקען, כדי אָפּצושאַצן די גאַנצע אומגערעכטיקייט און אומשכלדיקייט פון זיין פאָרוואורף. אַזאַ מין אומגערעכטיקייט געהער מסתמא צו דער גרויסקייט. זיין וועג-באַגלייטערין האָט דער-פאַר זיך נישט ווינדיק געמאַכט הערויף און האָט באַגריסט האַנס

קאַסטאָרפּן, וועלכער האָט זיך איבגעהויבן. זי האָט אים, אַ.ב., באַגריסט נישט דערלאַנגענדיק די האַנט, נאָר בלויז מיט אַ שמייכל און מיט אַ וואונק, ער זאָל נאָר בלייבן זיצן, ער זאָל זיך נאָר נישט שטערן אין זיין טעט=אַ=טעט מיט מיינהעער פּעעפּערקאָרן... זי האָט זיך דאָ אין דאָרט אַרומגעאָרעט אין צימער, האָט געהייסן דעם קאַמער=דינער צונעמען דאָס קאַווע=געשיר, איז אויף אַ ווײַלע אַרויס, איז שטילערהייט צוריק אַריינגעקומען און האָט שטייענדיקערהייט אַ ביסל אָנטייל=גענומען אין שמועס, אָדער — ווי ס'האָט זיך האַנס קאַסטאָרפּן אומבאַשטימט עפּעס איבגעוויזן — עס אַ ביסל אונטערגעהערט! נאַטירלעך! זי האָט געקאָנט צוריקקומען אין דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף“ צוזאַמען מיט אַ פּערזענלעכקייט פון גרויסן פאָרמאַט. אָבער ווען יענער, וואָס האָט דאָ אַזוי לאַנג געוואַרט אויף איר, ווייזט אַרויס דער פּערזענלעכקייט דעם געהעריקן הדך=ארץ, דעם דרך=ארץ פון מאַן צו מאַן, דעמאָלט ווייזט זי אַרויס אומרויִקייט און אַפילו כיטרעקייט מיט אירע „נאָר יאָ“ און „נאָר נישט“. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשמייכלט צוליב דעם, איינבייגנדיק זיך איבער דער קני, כדי דעם שמייכל צו פאַרבאָרגן, און גלייכצייטיק איז ער אינערלעך אָנגעצונדן געוואָרן פון פרייד.

פּעעפּערקאָרן האָט אים מכבד געווען מיט אַ גלאָז וויין, פון דער פלאַש אויפן נאַכט=טישל. ביי אַזעלכע אומשטאַנדן ווי די איצטיקע — האָט דער האָלענדער געזאָגט — איז דאָס בעסטע אָנצוהויבן דערביי, ביי וואָס מ'האָט נעכטן ביינאַכט איבגעלאָזט. אָט דער שוימיקער וויין קאָן דינען אָנשטאָט סאָדע=וואַסער. ער האָט אָנגעשטויסן מיט האַנס קאַסטאָרפּן און דער לעצטער האָט טרינקענדיק צוגעזען, ווי די באַשפּרענקלטע קאַפּיטאַן=האַנט מיט די שפּיציקע נעגל, מיט דעם צוגעקנעפּלטן אַרבל פון וואָלענעם העמד אַרום געלענק הייבט אויף דאָס גלאָז, ווי די ברייטע, צעריסענע ליפּן רירן זיך צו צו דעם ראַנד און ווי דער וויין גיסט זיך אַריין דורך דעם גאָרגל, וואָס הייבט זיך כסדר אויף און פאַלט צוריק אַראָפּ. דערנאָך האָבן זיי גערעדט וועגן דער מעדיצין אויף דעם נאַכט=טיש, וועגן דעם דאָזיקן ברוינעם זאַפט, וועגן וועלכן פּרישאָשאַ האָט אים דערמאָנט און געגעבן אַ לעפל איינצונעמען. עס

איז געווען אַן אַנטיפּירעטיקום*, בעיקר, כינין. פּעפּערקאָרן האָט געגעבן זיין גאַסט אַ ביסל צו פּאַרזוכן, כדי ער זאָל דערשפּירן דעם כאַראַקטעריסטישן ביטער־הערציקן געשמאַק פון פּרעפּאַראַט און האָט גענומען זאָגן אַ סך שבחים וועגן כינין, וואָס איז געבענטשט נישט בלויז אַדאַנק זיין באַצילן־צעשטערנדיקער ווירקונג און היילנ־דיקן איינפלוס איף דעם וואַרעמקייט־צענטרום, נאָר דאַרף אויך גע־שעצט ווערן ווי אַ טאָניקום**. עס פּאַרמינערט דעם אומזאַץ פון איי־ווייס, איילט־צו דעם דערנערונגס־צושטאַנד, בקיצור, ס'איז אַן אמת־דיקע דערקוויקנדיקע משקה, אַ הערלעך שטאַרקונג־דערהזעקונג־ און דערקוויקונג־מיטל — אגב, אויך אַ באַרוישונג־מיטל. מ'קאָן לייכט ווערן בגילופין דערפון, האָט ער געזאָגט, דערביי האָט ער, ווי נעכטן, געמאַכט קאָמישע ושעסטן מיט די פינגער און מיטן קאָפּ און איז ווידער ענלעך געוואָרן צום טאַנצנדיקן געצנדינער־ישן פּריסטער.

יאָ, אַ הערלעכע מאַטעריע, די כינין־קאָרע. עס זיינען, אגב, נאָך נישטאָ קיין גאַנצע דריי הונדערט יאָר, זינט די אייראָפּעיִשע פאַרמאַקאָלאָגיע*** איז געוואָר געוואָרן דערפון און נאָך נישט קיין הונדערט יאָר, זינט די כעמיע האָט אַנטדעקט דעם אַלקאַלאָיד, אין וועלכן ס'באַשטייט איינגעמלעך די גאַנצע מעלה פון אָט־דער קאָרע, די כינין, הייסט עס: אַנטדעקט און ביז צו אַ געוויסער מדרגה אַנאַ־ליזירט. וואָרעם זיך פונאַנדערצוקלייבן אין איר קאָנסטרוקציע און בכוח זיין זי צו קאָנסטרויִרן קינסטלעך — דאָס קאָן נישט ביז איצט די כעמיע. אונזערע ידיעות וועגן רפואות זיינען בכלל נישט צופיל באַלאָדן מיט וויסן. דאָס אייגענע וואָס מיט כינין געשעט מיט נישט איין רפואה: מ'ווייסט דאָס און יענץ וועגן דער דינאַמיק, וועגן די ווירקונגען פון שטאָף, אָבער די פראַגע, פונוואַנען די דאָ־זיקע ווירקונגען נעמען זיך, ברענגט אַריין אין אַ פּאַרלעגנהייט. דער יונגערמאַן וואָלט געמעגט אַ קוק טאָן איף דער גיפט־וויסנ־שאַפט, — וועגן די עלעמענטאַרע אייגנשאַפטן, וואָס רופן אַרויס

* אַ מיטל קעגן פיבער.

** וויסנשאַפט פון היילמיטלען.

*** אַ מיטל, וואָס שטאַרקט.

די ווירקונגען פון די אַזוי־גערופענע גיפט־שטאָפן, הער איך קיי־נער גאָרנישט קאָנען דערקלערן. אָט האָבן מיר, צום ביישפיל, די שלאַנגען־גיפטן. מ'ווייסט וועגן זיי נישט מער ווי דאָס, אַז אָט־די חיהשע שטאָפן געהערן גאַנץ פשוט צו דער ריי פון אייווייס־פאַרבינדונגען, זיי באַשטייען פון פאַרשיידענע אייווייס־קערפערס, וועלכע האָבן זייערע שטאַרקע ווירקונגען בלויז אין אָט דעם באַ־שטימטן — אייגנטלעך לחלוטין אומבאַשטימטן — צונויפשטעל. אויב זיי ווערן אַריינגעפירט אין דער בלוט־צירקולאַציע, רופן זיי אַרויס עפעקטן, וועלכע קאָנען בלויז פאַרוואונדערן, ווייל מ'איז עפעס נישט געוויינט, אַז אייווייס זאָל זיך פאָרן מיט גיפט. אָבער מיט דער וועלט פון שטאָפן — האָט פעפערקאָרן געזאָגט און בשעת־מעשה גע־וויזן דאָס שטענדיקע רעדל און די שפיציקע פינגער זיינע לעבן זיין אונטערגעהויבענעם בלאַס־אויגיקן קאָפּ מיט די שטערן־אַראַבעסקן — מיט די שטאָפן איז די מעשה אַזעלכע, אַז אַלע אַנטהאַלטן זיי אין זיך צוזאַמען אי לעבן אי טויט. אַלע זיינען גלייכ־צייטיק לעבנס־עלעקסירן און גיפטן. די וויסנשאַפט פון הייל־מיט־לען און טאָקסיקאָלאָגיע* זיינען איינס און דאָס זעלבע. פון גיפטן קאָן מען געהיילט ווערן און דאָס, וואָס גילט פאַר אַ סם־החיים, קאָן ביי אַנדערע באַדינגונגען טייטן מיט איין־און־איינציקן קראַמפּ־שלאָג אין משך פון אַ סעקונדע.

ער האָט גערעדט זייער אַיינדרינגלעך און און אומגעוויינלעך איבערצייגנדיק וועגן די לעבנס־עלעקסירן און גיפטן און האָט קאַס־מאָרפּ האָט אים אויסגעהערט, האַלטנדיק דעם קאָפּ אינדערקריום און צושאָקלענדיק אים, ווייניקער פאַרנומען מיט דעם אינהאַלט פון די רייד, וואָס זיינען יענעם, אַפּנים, שטאַרק אָנגעגאַנגען, ווי מיט דעם שטילן אויספאָרשן יענעמס ווירקונג און פערזענלעכקייט. דאָס לעצטע איז, אַגב, געווען אַקוראַט אַזוי נישט צום דערקלערן, ווי די ווירקונג פון שלאַנגען־גיפטן. דינאַמיק — האָט פעפערקאָרן גע־זאָגט — איז אין דער וועלט פון שטאָף אַלץ — דאָס איבעריקע איז אינגאַנצן אָפּהענגיק. אויך כינין איז אי אַ רפואה אי אַ גיפט

* וויסנשאַפט פון גיפטן.

און האָט קודם־כל אין זיך אַן ענערגיע. פור. גראַס דערפון מאַכן טויב, ס׳נעמט ,שווינדלען אין קאָפּ, דער אָטעם ווערט קורץ, ס׳שאַפן זיך דערפון שטערונגען אין זין ווי ביי אַטראָפּין, זיי פאַר־שיכורן, ווי אַלקאָהאָל, און די אַרבעטער אין כינין־פאַבריקן האָבן אַנטצינדענע אויגן און געשוואָלענע ליפּן, ליידן אויף הויט־אויס־שלאָגן. און ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פון דער קינכאָנאַ, דעם כינע־בוים, וועגן די אורוועלדער פון די קאָרדילערן, וואו אָט־דער בוים וואַקסט דריי טויזנט מעטער הייך. פון דאָרטן טאַקע האָט מען אַזוי שפּעט געבראַכט זיין קאָרע קיין שפּאַניע אונ־טערן נאָמען „יעזויטן־פולווער". די איינגעבוירענע פון דרום־אַמע־ריקע האָבן שוין לאַנג געוואוסט זיינע פעולות. ער האָט געשיל־דערט די גוואַלדיקע קינכאָנאַ־פּלאַנטאַציעס פון דער האָלענדישער רעגירונג אין יאַווע, פונוואַנען מ׳פירט אַוועק יעדעס יאָר מיט שיפן קיין אַמסטערדאַם און לאָנדאָן מיליאָנען פונט פון די רויטלעכע קאָ־רע־רערלעך, וואָס זיינען ענלעך צו צימרינג... די קאָרעס בכלל, דאָס געוועב פון קאָרעס פון האָלץ־געוויקסן, פון דער עפּידערמוס* ביז צום קאַמביום** האָבן אַלע אין זיך — האָט פעפערקאָרן גע־זאָגט — פאַרמאָגן כמעט שטענדיק אויסערגעוויינלעכע דינאַמישע ווירק־קונגען, סיי צום גוטן סיי צום שלעכטן. די פאַרמאַקאָלאָגיע פון די פאַרביקע פעלקער שטייט אַ סך העכער פון אונזערער. אויף טייל אינזלען אין מזרח פון ניי־גווינעע מאַכן זיך די יונגעלייט אַ מין ליבע־עלעקסיר, נעמענדיק די קאָרע פון אַ געוויסן בוים, וועלכער איז אַפּנים אַ גיפט־בוים, ווי דער Antiaris toxicaria פון יאַווע, וואָס פאַרסמט — ווי מ׳זאָגט — די לופט אַרום זיך (גלייך ווי דער מאַנצאַנילאַ־בוים) מיט זיינע אויסהויכונגען און פאַרטשאַ־דעט מענטשן און חיות צום טויט. זיי צערייבן, הייסט עס, די קאָרע פון אָט דעם בוים אויף שטויב, דעם שטויב מישן זיי אויס מיט שניצלעך פון קאָקוס־ניס, שיטן אַריין די מישונג אין אַ בלאַט און בראָטן עס אָפּ. דעם זאַפט פון אָט־דער מישונג שפּריצן זיי איינפן

* אייבערשטער שיכט.

** אינעווייניקסט צעלן־געוועב.

פּנים פון דעם באַגערטן מיטל בעטן שלאָף און זי הייבט אָן ברענען פאַר דעם, וואָס האָט דאָס געשפּריצט. טיילמאָל האָט אין זיך די קאָרע פון וואָרצל אַזאַ קראַפט, אַ שטייגער די קאָרע ביי אַ בלושטש־געוויקס אויפן מאַלאַיִשן אַרכיפּעלאַג, מ'רופט זי סטריכנאָס טיעוטע — און די דאָרטיקע מישן דאָס אויס מיט שלאַנגען־גיפט און מאַכן דערפון אופּאַס־ראַדשאַ, אַ סם, וואָס רופט אַרויס דעם שנעלסטן טויט, ווען ס'קומט אַריין אין בלוט, אַ שטייגער דורך אַ פייל. דערביי וועט קיינער נישט וויסן צו זאָגן, ווי אַזוי דאָס געשעט. איינס איז קלאָר, אַז דער אופּאַס איז אין דינאַמישער באַציִונג נאָענט צו סטריכנין... פּעעפּערקאָרן האָט זיך איצט שוין אינגאַנצן אויפגעזעצט אין בעט, האָט אַלעמאָל מיט לייכט־ציטערנדיקער קאַפּיטאַנישער האַנט צוגענומען דאָס וויין־גלאָז צו זיינע צעריסענע ליפּן, האָט געזופּט גרויסע, דאָרשטיקע שלוקן און דערציילט וועגן קראָען־אויגן־בוים ביי די קאַראַמאַנדעל־ברעגעס, וואָס פון זיינע פּאָמעראַנצן־געלע יאַגדעס ווערט געמאַכט „קראָען־אויגן", דער סאַמע דינאַמישסטער אַלקאַלאָיִד, וועלכן מ'רופט סטריכנין. ער האָט דערציילט מיט אַ שעפּטשענדיק שטיל קול און מיט הויך־פאַרצויגענע שטערן־קנייטשן פון די אַש־גרויע צווייגן, פון די אויפפאַלנדיק־גלאַנצנדיקע בלעטער און פון די געל־גרינע בליטן פון יענעם בוים, אַזוי אַז האַנס קאַסטאָרפּ איז געשטאַנען פאַר די אויגן אַ מרה־שחורהדיק און גלייכצייטיק היסטעריש־בונט בילד פון אַ בוים און ס'איז אים בסך־הכל געוואָרן אַ ביסל אומהיימלעך.

פרוי שאָשאַ האָט זיך איצט ווידער אַריינגעמישט און געזאָגט, אַז ס'איז נישט גוט, דער שמועס מאַטערט־אויס פּעעפּערקאָרנען, ער קאָן נאָך אויפסניי באַקומען היץ. כאָטש ס'איז איר שטאַרק נישט ניחא איבערצורייסן דעם שמועס, מוז זי דאָך בעטן, האַנס קאַסטאָרפּ, ס'זאָל זיין פאַר דאָסמאָל גענוג. ער האָט איר, נאַטירלעך, צוליב געטאָן. אָבער אין משך פון עטלעכע חדשים איז ער נאָך אָפט, נאָך אַ היץ־אָנפאַל, געזעסן ביים בעט פון קיניגלעכן מענטש און פרוי שאָשאַ האָט זיך דערביי געדרייט אַהין און אַהער אונטערהערנדיק דעם שמועס אָדער באַטייליקנדיק זיך אויך מיט עטלעכע ווערטער. אויך בעת פּעעפּערקאָרן האָט נישט גע־

האַט קיין היץ, האָט ער פאַרבראַכט אָפּט שעהן מיט אים און מ׳ט זיין ווענ־באַגלייטערין, וואָס איז אויסגעפּוצט געווען אין פּערל. וואָרעם בעת דער האָלענדער איז נישט געלעגן אין בעט, האָט ער זעלטן פאַרפעלט נאָך אוונטברויט צונויפצוקלייבן אַרום זיך יע־דעם מאָל אַן אַנדער עולם פון די בערגהאָף־געסט אויף שפּיל, ווייַן און אַלערליי אַנדערע דעריקוויקענישן. ס׳איז פאָרגעקומען אָדער אין קאָנווערזאַציע־צימער, ווי ביים ערשטן מאָל, אָדער אין רעסטאָראַן און האַנס קאַסטאָרפּ האָט שוין געהאַט אַ חזקה צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ צווישן דער אָפּגעלאָזענער פרוי און דעם גרויסאַרטיקן מענטש. אַפילו אינדרויסן איז מען געגאַנגען צוזאַמען, געמאַכט צוזאַמען שפּאַציר־גענג, אין וועלכע ס׳פלעגן זיך טיילמאָל באַטיי־ליקן פערגע און וועזאַל און אַן אַנדער מאָל אויך סעטעמברינ׳י און נאַפטאַ, די גייסטיקע בעלי־מחלוקת, וועלכע מ׳האָט נישט גע־דאַרפט אויסמיידן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס ער האָט זיי באַקענט מיט פּעעפּערקאָרנען און ממילא סוף־כל־סוף אויך מיט קלאַוודיאַ שאָשאַ. דערביי האָט ער זיך לחלוטין נישט געמאַכט דערפון, צי די דיספּוטאַנטן זיינען צופרידן פון אָט דער באַקאַנטשאַפט און פאַרבינדונג און ער האָט זיך שטילערהייט פאַרלאָזט דערויף, אַז זיי דאַרפן האָבן אַ פּעדאַגאָגישן אָביעקט און אַז זיי וועלן גלייכער מוזן נעמען פאַר ליב אַ נישט איבעריק אָנ־גענעמען באַגלייטער, איידער זיך אָפּצוזאָגן דערפון, זיי זאָלן פאַר אים זיך אויסטענהן.

ער האָט טאַקי נישט געהאַט קיין טעות: די מיטגלידער פון זיין פיל־פאַרביקן קרייז האָבן זיך לכל־הפחות צוגעוויינט דערצו, אַז זיי וועלן זיך נישט צוגעוויינען איינער צום אַנדערן. ס׳איז, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, געווען צווישן זיי גענוג שפּאַנונג, פרעמדקייט און אַפילו שטילע פיינטלעכקייט. מ׳ר אַליין וואונדערן זיך טאַקע, ווי אַזוי ס׳האָט געקאָנט געלונגען אונזער אומבאַדייטנדיקן העלד זיי צונויפצוהאַלטן. מיר דערקלערן עס אונז מיט אַ געוויסער כיטרער לעבנס־פריינטלעכקייט אין זיין מהות, וואָס האָט גורם געווען, ער זאָל אַלץ האַלטן פאַר „כדאי צו הערן". מ׳האָט די דאָזיקע לעבנס־פריינטלעכקייט אַפילו געקאָנט רופן געזעלשאַפטלעכקייט אין דעם

זין, וואָס זי האָט נישט בלויז אים פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע פערזאָנען און פערזענלעכקייטן, נאָר האָט אַפילו יענע פאַרבונדן צווישן זיך ביז אַ געוויסער מדרגה.

וואונדערלעכע פאַרפלאָנטערטע באַציִונגען! עס רייצט אונז אָט די פאַרוויקלטע פעדים אויפצודעקן אויף אַ ווײַלע, אַזוי ווי ס'האָט זיי באַטראַכט האַנס קאַסטאָרפּ גופא אויף די שפּאַציר־גענג מיט זײַן ביטרע און לעבנס־פרײַנטלעך איג. ס'איז דאָ געווען דער עלנטער הייזאַל, וואָס האָט אַזוי היים באַגערט פרוי שאָשאַ און מיט הכנעה פאַרערט פעפערקאָרנען און האַנס קאַסטאָרפּן, דעם ערשטן צוליב דער הערשנדיקער קעגנוואַרט, דעם צווייטן — צוליב דער פאַרגאַנגענהייט. אָט איז געווען קלאַוודיאַ שאָשאַ פון איר זייט, די באַהנט און ווייך גייענדיקע קראַנקע און רייזנדע, צוגעהעריק פעפערקאָרנען, אַוודאי פון איבערצייגונג, אָבער אַלעמאָל אַ ביסל באַאומרויקט און אינערלעך פאַרדראָסיק, הלמאַי דער ריטער פון דער אַמאָליקער קאַרנאַוואַל־נאַכט שטייט אַזוי נאָענט מיט איר אין צשיקן געביטער. צי דערמאָנט נישט די דאָזיקע שאָקירטקייט אַ ביסל אין יענער, צוליב וועלכער זי האָט באַקומען אַזאַ שלעכטע באַציִונג צו סעטעמברינין? צו דעם דאָזיקן שיין־רעדער און הומאַניסט, וועלכן זי האָט נישט געקאָנט סובל זיין און וועלכן זי האָט אָנגערופן גאַווהדיק און אוממענטשלעך? זי וואָלט זייער גערן געפרעגט דעם יונגן האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס פאַר אַ גרינגשעצנדיקע ווערטער האָט דאָס אים דעמאָלט נאָכגערופן זיין פּעדאַגאָגישער פרײַנט אין זיין מימללענדישן דיאַלעקט, פון וועלכן זי האָט אַקוראַט אַזוי וויניק פאַרשטאַנען, ווי יענער רוסיש? ס'איז געשען דעמאָלט, בעת דער יונגער אָפּגעהיטער דייטש, אָט דער שיינער קליינער בורזשוי פון דער גוטער היים און מיטן פּייכטן אָרט אין די לונגען האָט זיך געוואָלט דערנעענטערן צו איר. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אין איר פאַרליבט, ווי מ'זאָגט „איבער די אויערן", אָבער נישט אין אָנגענעמען זין פון אָט דעם ווערטל, נאָר אַזוי ווי מ'האָט ליב, ווען דער פאַל איז פאַרבאָטן און נישט שכלדיק און מ'קאָן הערן דעם נישט זינגען קיין פרידלעכע קליינע לידער פון בלאַבלאַד. ער איז געווען אומגליקלעך פאַרליבט און ממילא אָפּהענגיק, אונטער־

געוואָרפן, ליידנדיק און הכנעהדיק, דאָך האָט ער געקאָנט אין זיין שקלאַפעריי באַהאַלטן געוויסע כיטרעקייט און האָט דערפאַר גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ ווערט זיין איבערגעגעבנקייט קאָן האָבן פאַר דער קריכנדיקער קראַנקער מיט די באַצויבערנדיקע טאָטערישע שליפעס. ביי זיינע אַלע ליידן און אונטערגעוואָרפנקייט האָט ער געטראַכט, אַז זי קאָן אויפמערקזאַם ווערן אויף אָט דעם ווערט דורך סעטעמברינים באַציִונג צו איר, וואָס האָט אָפן באַשטעטיקט, איר חשד און וואָס איז געווען אַזוי דערווייטערנדיק, אויף וויפיל הומאַניסטישע העפלעכקייט קאָן נאָר דערלויבן. שלעכט — אָדער אין האַנס קאַסטאָרפּס אייגן דווקא גוט — איז געווען, וואָס זי האָט זיך רעכט נישט אַנטשעדיקט אויך דורך דער באַציִונג מצד לעאָ נאַפּטאַ, אויף וועלכער זי האָט געלייגט געוויסע האָפענונגען. אמת, דאָ האָט זי זיך נישט אָנגעשטויסן אויף יענער פרינציפּיעלער פאַרניינונג, ווי ביים הער לאָדאָוויקאָ, און די שמועסן זיינען צוגעגאַנגען גינציקער. קלאַוודיאַ און דער שאַרפער קליינער נאַפּטאַ פלעגן טיילמאָל שמועסן באַזונדער, איבער ביכער, איבער פּראָבלעמען פון פּאָליטישער פילאָסאָפיע און זיי זיינען אייניקשטימיק געווען אין זייער ראַדיקאַלער באַהאַנדלונג. האַנס קאַסטאָרפּ פלעגט אויפריכטיק נעמען אָנטייל דערין. אָבער זי האָט דאָך געמוזט באַמערקן אַ געוויסע אַריסטאָקראַטישע איינגעהאַלטנקייט, וועלכע ס'האָט איר אַרויסגעוויזן דער אויפגעקומענער, פּאָרזיכטיק, ווי אַלע אויפגעקומענע. אַחוץ דעם האָט זיין שפּאַנישער טעראָריזם אין תוך ווייניק איינגעשטימט מיט איר טיר-קלאַפּנדיק-אַרומפּאָרנדיקער „מענשליכקייט“. דאָס לעצטע און סאַמע דינסטע געפיל איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט אַרויסגעפילט מיטן ווייבלעכן חוש אַ שנאה, שווער אָנצוכאַפּן, מצד ביידע בעל-מחלוקת, סעטעמבריני און נאַפטאַ (אַזוי גוט ווי איר קאַרנאַוואַל-ריטער האָט זי געשפּירט) און די סיבה דערפון איז געווען זייער ביידנס באַציִונג צו איר, האַנס קאַסטאָרפּ. עס איז געווען דער פאַריבל פון דערציִערס אויף אַ פרוי, ווי אַ שטערנדיקער עלעמענט, וואָס פירט אַראָפּ פון וועג; די דאָזיקע שטילע און לכתּחילהדיקע קעגנערשאַפט האָט זיי פאַר-

איינִיקט און אין איר זיינען בטול געוואָרן די פּעדאַגאָגיש־פאַרשפּיצ־
טע חילוקי־דעות.

צי איז אָט־די פיינטלעכע באַציִונג מצדביידע דיאַלעקטיקער
נישט חל געווען אַ ביסל אויך אויף פּיטער פּעעפּערקאָרן? האַנס
קאַסטאָרפּ האָט זיך געדאַכט, אַז ער באַמערקט דאָס, אפשר דער־
פאַר, ווייל ער האָט כיטרע געריכט זיך דערויף און האָט גאַנץ
גיריק געשטרעבט דערצו, צוזאַמענצוברענגען דעם קיניגלעכן שטאַמ־
לער מיט זיינע צוויי „רעגירונגס־ראַטן”, ווי ער האָט זיי ביי זיך
אין האַרצן אָנגערופן אין אַ וויץ, און צוצוקוקן זיך, וואָס דאָ וועט
אַרויסקומען. מיינהער האָט אינדרויסן נישט געווירקט אַזוי געוואַל־
דיק ווי אין אַ זאַל. דער ווייכער פילץ־הוט, וועלכן ער האָט גע־
טראָגן טיף אַראָפּגערוקט איבערן שטערן און וואָס האָט צוגעדעקט
זיינע ווייסע פלאַמענדיקע האָר און זיינע מעכטיקע קנייטשן, האָט
פאַרקלענערט זיינע שטריכן, האָט זיי ווי איינגעשרומפּן און האָט
אַפילו פאַרמינערט די מאַיעסטעטישקייט פון זיין רויטלעכער נאָז. ער
האָט געהאַט די טבע, ביי יעדן קורצן טריט אַ וואָרף צו טאָן
דעם גאַנצן שווערן גוף און אַפילו דעם קאָפּ אַ ביסל אין דער
זייט פון פוס, וועלכן ער האָט נאָר וואָס אַרויסגעשטעלט. דאָס
האָט גיכער געווירקט זקניש־גוטמוטיק, ווי קיניגלעך. ער איז אויך
נישט געווען אויסגעגלייכט אין דער פולער גרייס, ווי בעת ער איז
געשטאַנען, נאָר אַ ביסל איינגעקאָרטשעט. אָבער אַפילו אַזוי איז ער
אויך העכער געווען פון הער לאָדאָוויקאָ און בפרט נאָך פון קליי־
נעם נאַפטאַ מיט אַ קאָפּ. אָבער נישט דאָס אַליין איז געווען די
סיבה, הלמאַי זיין קעגנוואַרט האָט אַזוי שטאַרק, זייער שטאַרק, גע־
דריקט אויף ביידע פּאָליטיקער, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס מיט
זיין פאַנטאַזיע פאָראויסגעזען.

דאָס איז געווען אַ דרוק, אַ פאַרמינערונג און אַ פאַרקלענע־
רונג צוליב פאַרגלייך. עס האָט עס געפילט דער דורכגעטריבע־
נער האַנס קאַסטאָרפּ, אָבער ס'האָבן עס אָן שום ספק געפילט אויך
די באַטייליקטע, סיי די שאַרף באַריידעוודיקע, סיי דער מעכטיקער
שטאַמלער. פּעעפּערקאָרן האָט באַהאַנדלט נאַפטען און סעטעמברינין
דורכאויס העפלעך און אויסמערקזאַם, מיט אַ רעספּעקט, וועלכן האַנס

קאַסטאָרפּ וואָלט געווען אָנגערופן איראָניש, ווען נישט דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער באַגריף קאָן זיך נישט פּאָרן מיט דעם באַגריף פון גרויסן פּאָרמאַט. קיניגן ווייסן נישט פון קיין איראָניע — אַפילו נישט דעמאָלט, ווען ס׳איז אַ גלייך און קלאַסיש מיטל פון רעטאָריק, אַפּשיטא אין אַ קאָמפּליצירטערן זין. אויב אַזוי, האָט מען גיכער געקאָנט אָנרופן דעם האָלענדערס באַנעמונג צו האַנס קאַסטאָרפּס פּריינט — פיינער און מאַיעסטעטישער חוזק, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינטער לייכט איבערגעטריבענעם ערנסט אָדער האָט זיך אַרויסגעוויזן אָפן. — יאָ — יאָ — יאָ — האָט ער געקאָנט זאָגן און האָט געדראָט מיטן פינגער אין זייער זייט, דערביי האָט ער אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ מיט די חוזקדיק-שמייכלנדיקע צעריסענע ליפּן. — דאָס איז — דאָס זענען. — מיינע הערשאַפטן, איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכן — — צערעבּרום*, צערעבּראַל**, פאַרשטייט איר! ניין — ניין, פּערפעקט, אויסערגעוויינלעך, דאָס איז, דאָס ווייזט זיך טאַקע — — זיי האָבן געוואָלט אַריינציען אויך האַנס קאַסטאָרפּן אין שפּיל, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון.

ס׳איז דערגאַנגען, אַז סעטעמבּריני האָט דירעקט אַ שמועס געטאָן מיטן תּלמיד וועגן דעם און אַרויסגעזאָגט זיין פּעדאַגאָגישע אומרויִקייט.

— אָבער, דערבאַרעמט אייך, אינזשיניער, דאָס איז דאָך אַ נאַרישער אַלטער מענטש! וואָס געפינט איר אין אים? קאָן ער אייך נוצן? איך באַנעם דאָ גאָרנישט! אַלץ וואָלט געווען קלאָר — כאָטש נישט אַזוי פיין — ווען איר מוזט אים פאַרטראָגן, ווען איר זוכט אין זיין געזעלשאַפט בלויז זיין איצטיקע געליבטע. אָבער ס׳איז אוממעגלעך נישט צו זען, אַז איר אינטערעסירט זיך כמעט מער מיט אים, ווי מיט איר. איך באַשווער אייך, העלפט מיר פאַרשטיין...

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געלאַכט. — דורכאויס! — האָט ער געענטפערט. — פּערפעקט! עס איז שוין — דערלויבט מיר — גוט!

---

* געהירן.

** וואָס איז נוגע די געהירן.

און ער האָט געפּרוווט דערבײַ נאָכמאַכן אײַך פּעעפּערקאָרנס זשעסטן. — יאָ, יאָ — האָט ער ווײַטער געלאַכט. — איר האַלט עס פֿאַר נאַריש, הער סעטעמבריני, אַלנפֿאַלס איז עס מטושטש, אַ זאַך, וואָס איז אין אײַערע אויגן זיכער ערגער נאָך פֿון נאַריש. אַך, נאַרישקײט. ס'זײַנען דאָ אַזױפֿיל פֿאַרשײדענע מינים נאַרישקײטן און די קלוגשאַפֿט איז נישט די בעסטע פֿון זײ. האַלאָ! דאָ האָב איך עפּיס אַרויסגעזאָגט, דאַכט זיך, אַ וואָרט, אַ mot *. ווי געפֿעלט עס אײַך?

— זײער גוט. איך דערוואַרט אײַער ערשטע זאַמלונג פֿון אַפֿאָריזמען. אפֿשר איז נאָך צײַט אײַך צו בעטן, איר זאָלט דערבײַ נעמען אין אַכט געוויסע באַטראַכטונגען, וועלכע מיר האָבן בײַ אַ געלעגנהייט אַרויסגעזאָגט וועגן דעם מענטשן־פּײַנטלעכן מהות פֿון פּאַראַדאָקס.

— געפֿעלט, הער סעטעמבריני. אַבסאָלוט גע־פֿעלט. נײן, איך יאָג מיך גאָרנישט אַזוי נאָך פּאַראַדאָקסן מיט מײַן mot. איך האָב בלויז געוואָלט אָנווײַזן אויף די גרויסע שווע־ריקײטן בײַם באַשטימען, וואָס ס'איז „נאַרישקײט" און וואָס קלוג־שאַפֿט... שוועריקײטן הײסט עס, נישט אמת? ס'איז אַזוי שווער פֿונאַנדערצוטײלן, דאָס גײט אַזוי איבער אײנס אין אַנדערן... איך ווײס גאַנץ גוט, אַז איר האָט פֿײַנט דעם מישמיש guazzabuglio ** און איר האַלט פֿון שאַצן, משפּטן, פֿון אָפּשאַצן ווערטן און דער־מיט, האַלט איך, זענט איר גאַנץ גערעכט. אָבער די מעשה מיט דער „נאַרישקײט" און „קלוגשאַפֿט" — דאָס איז שוין טײלמאָל אַ קאָמפּלעטע מיסטעריע און מ'מעג דאָך גאַנץ זיכער פֿאַראינטערע־סירן זיך מיט מיסטעריעס, בתנאַי, אַז ס'איז פֿאַראַן די ערלעכע שטרעבונג צו דערגײן זײער תּוך, ווי ווײַט ס'איז נאָר מעגלעך. איך פֿרעג אײַך אַזאַ זאַך. איך פֿרעג אײַך: קענט איר פֿאַרלײקענען, אַז ער פֿאַרשטעקט אונדז אַלע אין גאַרטל? איך דריק מיך אויס גראָבלעך און דאָך קאָנט איר, אויף וויפֿיל כ'זע, עס נישט אָפּ־

* פֿראַנצ.: וואָרט, ווערטל.

** איטאַל.: מישמאַש.

לייקענען. ער פֿאַרשטעקט אונז אין גאַרטל און האָט דאָס רעכט הויך צו מאַכן פֿון אונז. פֿינגוואַנען? ווי אַזוי? אויך ווי ווייט? נאַטירלעך, נישט צוליב זיין קלוגקייט. איך בין מודה, אַז פֿון קלוגשאַפֿט קאָן דאָ קיים זיין אַ רייד. ער איז גיכער אַן אומדייטלעכער מענטש און אַ געפֿיל־מענטש, דאָס געפֿיל איז ממש זיין פֿערדל — זייט מיר מוחל דעם המונישן אויסדרוק! איך זאָג, הייסט עס: נישט צוליב חכמה פֿאַרשטעקט ער אונז אין גאַרטל, דאָס הייסט — נישט צוליב גייסטיקע סיבות — איר פֿאַרשפּאָרט עס מיר צו זאָגן, דאָס קומט נישט אין באַטראַכט. אָבער אויך נישט צוליב קיין קערפּערלעכע! נישט צוליב זיינע קאַפּיטאַנישע פּלייצעס, פֿיזישע כוחות און צוליב דעם, ווייל ער קאָן יעדן פֿון אונז אַוועקלייגן מיט זיין פֿויסט. ער טראַכט גאָרנישט וועגן דעם, אַז ער וואָלט דאָס געקאָנט און הען ער זאָל אַפֿילו ווען עס איז אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, זיינען גענוג עטלעכע טאַקטישע ווערטער, ער זאָל זיך באַרויִקן... הייסט עס, אויך נישט צוליב קערפּערלעכע סיבות. און דאָך שפּילט אָן שום ספק דאָס קערפּערלעכע דאָ אַ ראָל, נישט אין פֿיזישן זין, נאָר אין אַן אַנדערן, אין מיסטישן — אויב דאָס קערפּערלעכע שפּילט אַ ראָל, ווערט דער ענין מיסטיש. דאָס קערפּערלעכע גייט איבער אין גייסטיקן און פֿאַרקערט, און ס'איז שווער אונטערצושיידן, און די נאַרישקייט קאָן דאָ נישט אונטערגעשיידט ווערן פֿון דער קלוגשאַפֿט, אַבי די ווירקונג איז פֿאַראַן, דאָס דינאַמישע, און מען פֿאַרשטעקט אונז אין גאַרטל. דערויף איז פֿאַראַן נאָר איין וואָרט און דאָס הייסט „פּערזענלעכקייט". מען באַנוצט עס אויך אויף אַ שכלדיקן אופֿן, אַזוי, ווי מיר אַלע זיינען פּערזענלעכקייטן — מאָראַלישע, יוריסטישע און אַלערליי אַנדערע פּערזענלעכקייטן. אָבער נישט אין דעם זין מיין איך עס דאָ, נאָר ווי אַ מיסטעריע, וואָס שטייגט איבער נאַרישקייט און קלוגשאַפֿט און מיט וועלכן מ'מוז זיך סוף־כל־סוף פֿאַראינטערעסירן — אַ ביסל, כדי צו דערגיין, ווי ווייט מעגלעך, דעם תוך און אַ ביסל, אויף וויפֿל דאָס איז נישט מעגלעך — כדי צו האָבן הנאה דערפֿון. אויב איר האַלט פֿון ווערטן, איז די פּערזענלעכקייט סוף־כל־סוף אַ פּאָזיטיווער ווערט, מיין איך — פּאָזיטי־

ווער ווי נאַרישקייט און קלוגשאַפט, אין דער העכסטער מדרגה פּאָזיטיוו, אַבסאָלוט פּאָזיטיוו, ווי דאָס לעבן. בקיצור: אַ לעבנס־ווערט און אינגאַנצן אַזוי באַשאַפן, מ'זאָל זיך ביי אַ געלעגנהייט פאַראינטערעסירן דערמיט. דאָס האָב איך אייך געוואָלט ענטפערן קעגן דעם, וואָס איר האָט גערעדט פון נאַרישקייט.

לעצטנס פלעגט זיך האַנס קאַסטאָרפּ מער נישט צעמיטן און נישט פאַרהאַקן ביי אַזעלכע אויספירן און איז נישט געבליבן שטעקן אין דער מיט. ער האָט אויסגערעדט זיין טייל ביזן סוף, האָט פאַרענדיקט שטילער, אָפּגעשטעלט זיך ביי אַ סוף געדאַנק און געגאַנגען זיין וועג ווי אַ מאַן, כאָטש ר'פלעגט נאָך אַלץ דערביי רויט ווערן און אַ ביסל מורא האָבן פאַר דעם קריטישן שווייגן, וואָס וועט קומען נאָך זיין אויפהערן ריידן, כדי ער זאָל האָבן צייט צו שעמען זיך. סעטעמבריני האָט טאַקע געשוויגן דערנאָך און צום סוף געזאָגט:

— איר לייקנט, אַז איר יאָגט זיך נאָך פּאַראַדאָקסן. דערביי ווייסט איר גאַנץ גענוי, אַז איך וואָלט אייך פּונקט אַזוי נישט גערן געוואָלט זען יאָגן זיך נאָך מיסטעריעס. דערמיט וואָס איר מאַכט פון דער פּערזענלעכקייט אַ סוד, שטעלט איר זיך אין דער סכנה אַריינצופאַלן אין עבודה־זרה. איר פאַרערט אַ מאַסקע. איר זעט מיסטיק דאָרטן, וואו ס'גייט וועגן מיסטיפיקאַציע, וועגן איינע פון יענע גנבהשע פּוסטע פאָרמען, מיט וועלכע דער קערפּערלעך־פיזיאָנאָמישער דעמאָן האָט טיילמאָל ליב אונז צו נאַרן. איר האָט קיינמאָל נישט פאַרקערט אין קרייז פון אַקטיאָרן? איר קאָנט נישט אָט־די שטריכן פון יוליוס צעזאַר, געטע און בעטהאָווען. פּונדעסטוועגן, תיכף ווי אַזאַ גליקלעכער פּאַרשוין עפּנט אויף דאָס מויל, דערזעט איר, אַז דאָס זיינען די ערגסטע טיפּשים אונטער דער זון?

— גוט, אַ נאַטור־שפּיל — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — אָבער נישט בלויז אַ נאַטור־שפּיל, נישט בלויז נאַרעריי. וואָרעם אויב די מענטשן זיינען אַקטיאָרן, מוזן זיי האָבן טאַלענט און טאַ־

לענט אַליין גייט אויך איבער די קלוגשאַפט מיט דער נאַרישקייט, טאַלענט איז אַליין אַ לעבנס־ווערט. מיינהער פעעפערקאָרן האָט אויך טאַלענט, זאָגט, וואָס איר ווילט, און דערמיט פאַרשטעקט ער אונז אין גאַרטל. זעצט אַוועק אין איין עק צימער נאַפטען און לאָזט אים האַלטן אַ רעפעראַט וועגן פויפסט גרעגאָר דעם גרויסן און וועגן מלכות־שמים. זייער אינטערעסאַנט. אין אַנדערן עק שטייט פעעפערקאָרן מיט זיין משונהדיק מויל און מיט זיינע הויך־פאַרצויגענע שטערן־קנייטשן און ער זאָגט גאָרנישט מער ווי: דורכאויס! דערלויבט מיר — דערליידיקט! איר וועט זען, ווי דער עולם וועט זיך צונויפקלייבן אַרום פעעפערקאָרנען, אַלע אַרום אים און נאַפטאַ וועט בלייבן זיצן איינגאַנצן אַליין מיט זיין חכמה און מיט זיין מלכות־שמים, כאָטש ער דריקט זיך אויס אַזוי הייטלעך, אַז ס'דערגייט צו דער זיבעטער ריפ, ווי בערענס פלעגט זאָגן...

— שעמט אייך מיט אייער קולט פאַרן דערפאָלג — האָט אים סעטעמבריני געמוסרט. Mundus vult decipi.* איך פאַרלאַנג נישט, מ'זאָל זיך צונויפקלייבן אַרום נאַפטען. ער איז אַ שלעכטער סאָפיסט. אָבער כ'בין געניגט צו שטיין אויף זיין זייט לגבי דער אימאַגינערער סצענע, וועלכע איר מאָלט מיט גאַנץ נישקשהדיקער התלהבות. אַדרבא, זייט אייך מבטל דאָס קלאָרע, פרעציזע און לאָגישע, דאָס וואָרט מיט אַ הומאַנער שייכות! זייט עס מבטל לטובת עפעס אַ האָקוספאָקוס פון רמזים און געפיל־שאַרלאַטאַנעריע — און דער טייוול וועט אייך שוין האָבן...

— אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז ער קאָן אָפט ריידן מיט אַ צוזאַמענהאַנג, ווען ער דערוואַרעמט זיך — האָט האַנס קאַסטאָרפ געזאָגט. — ער האָט מיר ביי אַ געלעגנהייט דערציילט פון דינאַמישע היילמיטלען און פון אַזיאַטישע גיפט־ביימער אַזוי אינטערעסאַנט, אַז ס'איז כמעט געוואָרן אומהיימלעך — דאָס אינטערעסאַנטע איז אַלעמאָל אַ ביסל אומהיימלעך. און ס'איז ווידער נישט געווען אַזוי אינ־

* לאַטייניש: די וועלט וויל, מען זאָל זי אָפּנאַרן. דאָס לאַטיינישע גלייכוואָרט: Mundus vult decipi, ergo decipiatur — די וועלט וויל, מען זאָל זי אָפּנאַרן, דאַרף מען זי אָפּנאַרן.

טערעסאַנט פאַר זיך, ווי אייגנטלעך נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ווירקונג פון זיין פערזענלעכקייט: אַדאַנק דעם איז עס געווען גלייכצייטיק אי אומהיימלעך אי אינטערעסאַנט...

— נאַטירלעך, אייער שוואַכקייט צו דעם אַזאַטישן איז באַקאַנט. פאַקטיש, מיט אַזעלכע ניסים קאָן איך נישט דינען — האָט סעטעמבריני אָפּגעענטפערט מיט אַזויפיל ביטערקייט, אַז האַנס קאַסטאָרפּ האָט אייליק דערקלערט, אַז די מעלות פון סעטעמברינים שמועסן און באַלערונגען זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעך גאַנץ אַנדערע און אַז ס'קאָן נישט איינפאַלן צו מאַכן פאַרגלייכן, ווייל ס'וואָלט דעמאָלט געשען אַן עוולה ביידע צדדים. אָבער דער איטאַליענער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און האָט אָפּגעוואָרפן די חניפה. ער האָט ווייטער געזאָגט:

— אַלנפאַלס מוזט איר דערלויבן צו באַוואונדערן אייער זאַכלעכקייט און רויִקייט, אינזשעניער. עס דערגייט אַ ביסל צו גראָטעסק, דאָס וועט איר מודה זיין. אַזוי ווי אַלץ שטייט אין גייט... דאָס דאָזיקע געטשל האָט אייך צוגענומען אייער בעאַטריטשע — איך רוף אָן די זאַך ביים נאָמען. און איר? דאָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן.

— טעמפעראַמענט־אונטערשיידן, הער סעטעמבריני. אונטערשיידן בנוגע דעם ברען און דער ריטערלעכקייט פון בלוט. נאַטירלעך, איר ווי אַ מענטש פון דרום, איר וואָלט מסתמא גענומען צו הילף גיפט און מעסער, אָדער אַלנפאַלס דעם ענין רעגולירט געזעלשאַפטלעך־ליידנשאַפטלעך, בקיצור — מעשה האָן. דאָס וואָלט אַוודאי געווען זייער מענלעך, געזעלשאַפטלעך־מענלעך, און גאַלאַנט. מיט מיר איז אָבער עפּעס אַנדערש. איך בין גאָרנישט מענלעך אויף אַזאַ אופן, כ'זאָל זען אין מאַן בלויז דעם סעקסועלן קאָנקורענט. איך בין עס אפשר בכלל נישט, אָבער זיכער נישט אויף אַזאַ אופן, וועלכן איך רוף אָן נישט ווילנדיק „געזעלשאַפטלעך", כ'ווייס נישט פאַרוואָס. איך פרעג מיך אַליין אין מיין ברוסט, צי כ'האָב אים עפּעס וואָס פאָרצוּוואַרפן. צי האָט ער מיר בכיוון עפּעס געטאָן אַן עוולה? באַליידיקונגען קאָנען אָבער נאָר געטאָן ווערן בכוונה, ווען נישט, זיינען עס נישט קיין באַליידיקונגען. וואָס

ס'איז נוגע די „עוולה", וואָלט איך מיך שוין דעמאָלט געמוזט ווענדן צו איר, און דערצו האָב איך ווידער נישט קיין רעכט — בכלל נישט און בנוגע פּעפּערקאָרנען אַוודאי נישט. וואָרעם ער איז קודם־כל אַ פּערזענלעכקייט, עפּעס וואָס איז שוין פאַר זיך אַן ענין פאַר פרויען, צווייטנס איז ער נישט קיין ציוויליסט, ווי איך, נאָר אַ מין מיליטער־מענטש, ווי מיין קוזין, עליו־השלום, דאָס הייסט: ער האָט אַ point d'honneur *, אַן ערע־פּערדל, און דאָס איז דאָס געפיל, דאָס לעבן... איך פּלוידער דאָ נאַרישקייטן, אָבער כ'וויל ליבערשט אַ ביסל האַקן אַ טשייניק און דערביי כאָטש האַלב־וועגס אויסדריקן עפּעס שווערס, ווי אַלץ כסדר אַרויסזאָגן לייטישע באַנאַליטעטן, — דאָס איז אפשר אויך אַ מין מיליטעריִשער שטריך פון מיין כאַראַקטער, אויב כ'קאָן אַזוי זיך אויסדריקן...

— איר קאָנט עס זאָגן — האָט סעטעמבריני צוגעשאָקלט — דאָס וואָלט אומבאַדינגט געווען אַ סימפּאַטישער שטריך. דער מוט פון דער דערקענטעניש און פון אויסדרוק, דאָס איז ליטעראַטור, דאָס איז הומאַניטעט...

אַזוי אַרום זיינען זיי זיך דערטרעגלעך פונאַנדערגעגאַנגען. סע־טעמבריני האָט פאַרענדיקט דעם שמועס אויף אַ פרידלעכן שטייגער און ער האָט אויך געהאַט סיבות דערצו. זיין פּאָזיציע איז בשום־אופן נישט געווען אַזאַ פעסטע, אַז ס'זאָל אים לוינען צו ווייט צו דערגיין מיט זיין שטרענגקייט. אַ שמועס וועגן אייפערזוכט איז געווען פאַר אים אַ ביסל צו אַ גליטשיקער באָדן. ביי אַ באַשטימטן פונקט האָט ער אייגנטלעך געדאַרפט ענטפערן, אַז צוליב זיין פּע־דאַגאָגישער אָדער איז זיין באַציִונג צום מענלעכן אויך נישט לחלוטין געזעלשאַפטלעך און מעשה האָן; דערפאַר טאַקע שטערט אים דער מעכטיקער פּעפּערקאָרן אַקוראַט אַזוי ווי ס'האָבן עס גע־טאָן נאַפטאַ און מאַדאַם שאָשאַ. אָבער סוף־כל־סוף האָט ער נישט געקאָנט האָפן, אַז ס'וועט אים געלינגען אויסצורײדן זיין שילער די ווירקונג פון דער פּערזענלעכקייט און פון איר נאַטירלעכער איבער־מאַכט, אַקוראַט ווי ער אַליין און זיין פּאַרטנער אין אינטעלעקטו־עלע ענינים האָבן נישט געקאָנט באַפרייען זיך פון איר.

---

* פראנצויזיש: פונקט פון ערע.

אַמבעסטן האָבן זיי זיך געפילט, ווען ס'האָבן געהייעט גייסטיקע ווינטלעך, ווען זיי האָבן דיספּוטירט און צוגעגעבן די איימערקזאַמקייט פון די שפּאַצירנדיקע צו זייערע עלעגאַנטע און איינציטיקן לײדנשאַפטלעכע, אַקאַדעמישע דעבאַטן, וועלכע זיי האָבן אָבער געפירט אין אַ טאָן, גלייך ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן די ברענענדיקסטע טאָג־און לעבנס־פראַגן. זיי האָבן כמעט אַליין זיך מתווכח געווען און פאַר דער צייט פון וויכוח איז די אָנוועזנדיקע „פּערזענלעכקייט" אין אַ געוויסער מאָס געווען נייטראַליזירט, ווייל זי האָט בלויז געקאָנט דערשטוינט קנייטשן מיטן שטערן און אַמאָל אַריינמישן מטושטש־חוזקדיקע אָפּגעריסענע ווערטער. אָבער אַפילו אין דעם פאַל האָט דאָס געדריקט און באַשאַנט דעם שמועס; אַזוי אַז ער האָט, דאַכט זיך, געהאַט וויניקער גלאַנץ, פאַרלוירן אויף עפּעס אַן אופן דעם מהות. אַלע האָבן געפילט, אַז פּעעפּערקאָרן האָט גאַנץ זיכער אומבאַוואוסטזיניק אָדער אין גאָט ווייסט ווי ווייט מיט אַ כוונה עפּעס קעגנגעשטעלט, פון וואָס עס איז נישט אַרויסגעקומען קיין טובה פאַר ביידע צדדים און פון וואָס דער וויכוח צווישן ביידע איז אין זיין סאַמע עיקר בלאַס געוואָרן. יאָ, מיר דערלויבן זיך אַפילו צו זאָגן, אַז עס איז אַרויסגעלייגט געוואָרן אויף אים דער חותם פון פּוסטקייט. אָדער לאָמיר פּרוּוון דאָס אַרויסזאָגן אויף אַן אַנדערן אופן: דער היציקער קאַמף אויף לעבן און טויט האָט שטילערהייט, אויף אַ באַהאַלטענעם און אומבאַשטימטן אופן באַצויגן זיך כסדר צו דער פּערזענלעכקייט, וואָס איז געגאַנגען אין זייער זייט און האָט אַזוי אַרום פאַרלוירן זיין כוח ביי אָט דעם מאַגנעטיזם. אַנדערש האָט מען נישט געקאָנט כאַראַקטעריזירן אָט דעם סודותדיקן פּראָצעס, וואָס האָבן די דיספּוטאַנטן שטאַרק געערגערט. מ'קאָן נאָר זאָגן, אַז ווען ס'וואָלט דאָ נישט געווען פּיטער פּעעפּערקאָרן, וואָלט מען געהאַט אַ סך עקסטרעמער פּאַרטייאיש. אָט איז אַ ביישפּיל. לעאָ נאַפטאַ האָט פאַרטיידיקט דעם לכתחילהדיקן און פּרינציפּיעלן רעוואָלוציאָנערן מהות פון דער קירך קעגן סעטעמברינים מיינונג, וועלכער האָט געזען אינם דאָזיקן היסטאָרישן כוח בלויז דעם באַשיצער פון פינסטערער אָפּגעשטאַנענקייט און פאַרגליווערונג און וועלכער האָט פאַר=

בּונדן אַלע איבּערקערענישן און בּאַנייזונגען לשם גרויסער לעבּנס=
און צוקונפט=הומאַניטעט מיט די היפּכדיקע עפּאָכן, מיט די גרויסע
תקופות פון צוריקגאַנג צו דער אַלטערטימלעכער בּילדונג, בּונוואַנען
עס שטאַמען די פּרינציפּן פון ליכט, וויסנשאַפט און פּראָגרעס. די
דאָזיקע מיינונגען האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט די שענסטע ווערטער
און זשעסטן. נאַפטאַ האָט זיך דערויף קאַלט און שאַרף גענומען
אויפווייזן — און ער האָט עס טאַקע אויפגעוויזן כּמעט בּיז בּלענדנ=
דיקער זיכערקייט, — אַז די קירך ווי די פאַרקערפּערונג פון דער
רעליגיעז=אַסקעטישער אידעע איז אין סאַמע תוך געווען זייער ווייט
צו זיין די אָנהענגערין און דער אָנלען פון יענע, וועלכע האָבּן
אויסגערעכנט אויף קיום=העולם, אויף וועלטלעכער בּילדונג, הייסט
עס, אויף מלוכהשער רעכט=אָרדענונג; פאַרקערט, גראָד אויף איר
פאָן איז אַלעמאָל געווען געשריבּן דאָס סאַמע ראַדיקאַלסטע, די
איבּערקערעניש מיט פייער און שווערד. ער האָט אויפגעוויזן, אַז
ממש אַלץ, וואָס די שוואַכע, די פּחדנים, די קאָנסערוואַטיוון און
די בּירגער פּרוּוון בּאַשיצן און וועלכעס זיי האַלטן פאַר עפּעס וואָס
דאַרף בּלייבּן: מלוכה און פאַמיליע, וועלטלעכע קונסט און וויסנ=
שאַפט — דאָס אַלץ איז אַלעמאָל געשטאַנען אין אַ בּאַוואוסט=
זיניקער אָדער אומבּאַוואוסטזיניקער סתירה צו דער רעליגיעזער אי=
דעע, צו דער קירך. וואָרעם די איינגעבּוירענע טענדענץ אירע און
איר פעסטער ציל איז מבטל צו זיין אַלע בּאַשטייענדיקע וועלטלעכע
אָרדענונגען און צו אָרגאַניזירן פון דאָס ניי די געזעלשאַפט לויטן
מוסטער פון דער אידעאַלער קאָמוניסטישער מלכות=שמים.

דאָס וואָרט דערנאָך האָט געהאַט סעטעמבּריני און גאָט ווייסט,
אַז ער האָט זיך געקאָנט אַן עצה טאָן. אַזאַ צונויפמיש פון דער
לוציפערישער רעוואָלוציע=אידעע מיט דעם גענעראַל=אויפבּרויז פון
אַלע שלעכטע אינסטינקטן דאַרף מען בּאמת בּאַדויערן — האָט ער
געזאָגט. די רעוואָלוציאָנערישקייט פון דער קירך איז אין משך פון
הונדערטער יאָרן בּאַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט יעדן לעבּע=
דיקן געדאַנק אינקוויזירט, דערוואָרגן, דערשטיקט אין רויך פון אירע
שייטער=הויפנס. היינט דערקלערן זיך אירע עמיסאַרן פאַר רעוואָ=
לוציאָנעריש, מיט דער מאָטיווירונג, אַז איר ציל איז צו פאַרבּייטן

פרייהייט, בילדונג און דעמאָקראַטיע אויף דיקטאַטור פון המון אין באַרבאַריי. ע, באמת אַ שווידערלעכער אופן פון סתירהדיקער קאָנ־סעקווענץ, פון קאָנסעקווענטע סתירות...

— פונקט אַזויפיל סתירות און קאָנסעקווענץ — האָט נאַפטאַ געענטפערט — פעלט אויך ניט ביי זיין קעגנער. ער האַלט זיך אַליין פאַר אַ דעמאָקראַט, פונדעסטוועגן איז ער אַ קנאַפער אָנהענ־גער פון פאָלק און גלייכהייט. ער ווייזט גיכער אַרויס אַ מיאוסע אַריסטאָקראַטישע גאווה דערמיט, וואָס ער רופט אָן דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט, וועלכער דאַרף איבערנעמען די דיקטאַטור, המון־עם. אָבער ווי אַ דעמאָקראַט אויף אַן אמת, באַציט ער זיך, אַפּנים, צו דער קירך, וועלכע איז — מ׳קאָן עס גאַנץ שטאָלץ אַרויס־זאָגן — די דערהויבנסטע מאַכט אין דער געשיכטע פון דער מענטש־הייט, דערהויבן אין סאַמע לעצטן און העכסטן זין, אין גייסטיקן. וואָרעם דער אַסקעטישער גייסט — אויב ס׳איז דערלויבט אויסצודריקן זיך אין פּלעאָנאַזמען* — דער גייסט פון וועלט־פאַרניינונג און וועלט־פאַרניכטונג איז די דערהויבנקייט אַליין, דער סאַמע ריינסטער אַריסטאָ־קראַטישער פּרינציפּ. ער קאָן קיינמאָל נישט זיין פּאָלקסטימלעך, און די קירך איז אין אַלע צייטן אין תוך אַריין געווען אומפּאָפּו־לער. אַ ביסל לעקטור וועגן דער קולטור פון מיטלאַלטער וועט סע־טעמברינין קלאָר מאַכן דעם דאָזיקן פאַקט, אַז דאָס פאָלק — און דאָס פאָלק אין ווייטסטן זין — האָט אַרויסגעוויזן אַ גראָבע אָפּנייי־גונג צום מהות פון דער קירך. פאַר אַ ביישפּיל קאָנען דינען יענע מאָנאַכן, וועלכע די פאָלקסטימלעכע דיכטערישע פאַנטאַזיע האָט אויסגעטראַכט און וועלכע האָבן קעגנגעשטעלט דער אַסקעטישער אידעע אויף אַן אמת לוטערישן אופן ווײַן, ווייב און געזאַנג. אַלע אינסטינקטן פון וועלטלעכן העלדנטום, יעדער קריגערישער גייסט, אויך די הויפישע דיכטונג איז געשטאַנען אין אַ מער אָדער ווײי־ניקער אָפענער קעגנערשאַפט צו דער רעליגיעזער אידעע און ממילא צו דער קירכלעכער היעראַרכיע. וואָרעם דאָס אַלץ איז געווען וועלט־לעכקייט און המון־עמישקייט אין פאַרגלייך מיט דעם אַדל פון גייסט, וועלכן די קירך האָט רעפּרעזענטירט.

* צוויי ווערטער, וואָס באַצייכנען די זעלבע זאַך.

סעטעמבריני האָט געדאַנקט פאַר דער דערמאָנונג. די פיגור פון מאָנאַך אילזאַן פון „רויזנגאָרטן“ אַנטהאַלט אין זיך אַ היפּש ביסל לעבנס־הנאה לגבי דעם קבר־אַריסטאָקראַטיזם, וועלכן נאַפטאַ האָט אַזוי אָפּגעלויבט. אויב ער, סעטעמבריני, איז נישט קיין פריינט פון דייטשן רעפאָרמאַטאָר, אויף וועלכן מ׳האָט דאָ מרמז געווען, איז ער פונדעסטוועגן גרייט הייס צו באַשיצן אַלדאָס דעמאָקראַטיש־אינדיווידועלע, וואָס געפינט זיך אין תוך פון יענעמס לערע קעגן יעדן מין גייסטלעך־פעאָדאַלער שטרעבונג צו הערשאַפט, וואָס וויל פאַרשקלאַפן די פערזענלעכקייט.

— איי! — האָט נאַפטאַ מיטאַמאָל אויסגערופן — מ׳וויל גאָר דער קירך אײַנריידן אַ מאַנגל אין דעמאָקראַטיזם, אין חויש פאַרן ווערט פון מענטשלעכער פערזענלעכקייט? און דער הומאַנער גייסט פון דעם קאַנאָנישן רעכט*? בעת דאָס רוימישע געזעץ האָט גע־מאַכט אָפּהענגיק די רעכט פון יחיד פון זיין בירגער־רעכט, דאָס גערמאַנישע האָט זיי פאַרבונדן מיט דער צוגעהעריקייט צום פאָלק און מיט דער פערזענלעכער פרייהייט, — האָט בלויז דאָס קאַנאָנישע געזעץ געפאָדערט, מ׳זאָל זיין אַ גלויביקער מיטגליד פון דער קירך, עס האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף קיין שום מלוכהשע און גע־זעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן און האָט אָנערקענט דאָס רעכט פון צוואה און ירושה פאַר שקלאַפן, קריגס־געפאַנגענע און נישט־פרייע!

— די דאָזיקע אָנערקענונג — האָט סעטעמבריני באַמערקט בייסיק — האָט זיך אַ היפּש ביסל געשטיצט אויף דער „קאַנאָני־שער פּאָרציע“, וועלכע האָט געמוזט אַראָפּפאַלן לטובת דער קירך ביי יעדער צוואה. דערנאָך האָט ער גענומען ריידן וועגן „גלחישער דעמאַגאָגיע“, האָט זי אָנגערופן די לייטזעליקייט פון אומבאַדינגטער מאַכט־גיריקייט, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ אויפצוטרייסלען דעם גיהנום, ווען די געטער טרייסלען זיך אָפּ פון איר. דערביי האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז דער קירך איז, אַפנים, מער געגאַנגען אין דער כמות פון די נפשות ווי אין זייער איכות און דאָס באַ־ווייזט בלויז טיפע, גייסטיקע פראָסטקייט.

---

* קירכלעכע געזעצן.

גייסטיקע פּראָסטקייט — די קירך? נאַפטאַ האָט איבמערק=
זאַם געמאַכט אויף דעם אַבסאָלוטן קירכלעכן אַריסטאָקראַטיזם, וואָס
אויף אים שטיצט זיך די אידעע וועגן איבערגעבן בירושה די חרפּה
פון די אָבות, דאָס איבערטראָגן די שווערע זינד אויף די — דע=
מאָקראַטיש געערדט. — אומשולדיקע קינדער, למשל, דער לעבנס=
לענגלעכער מום אין די לעבנס=לענגלעכע רעכטלאָזיקייט פון ממזרים.
אָבער סעטעמברינו האָט געבעטן נישט צו ריידן וועגן דעם. קודם=
כל, ווייל זיין הומאַן געפיל מוז איבערוויזן קעגן דעם, צווייטנס האָט
ער גענוג שוין דאָס גראַבלען זיך אין דריידלעך, און אין די שפּיצ=
לעך פון דער קעגנערישער אַפּאָלאָגעטיק זעט ער בלויז דעם
מיאוסן און טייוולאָנישן קולט פאַרן גאָרנישט, וואָס רופט זיך אַליין
אָן גייסט און וואָס וויל לאָזן זען אין דער בפירושער אומפאָסו=
לערקייט פון אַסקעטישן פּרינציפּ עפּעס זייער לעגיטימס און הייליקס.
דאָ האָט נאַפטאַ בלויז געבעטן די דערלויבעניש, הויך אַרויס=
צוזעצן מיט אַ געלעכטער. מ'רעדט גאָר וועגן ניהיליזם פון דער
קירך: וועגן ניהיליזם פון דעם סאַמע רעאַליסטישסטן הערשאַפט=
סיסטעם אין דער געשיכטע פון דער וועלט! צי האָט סעטעמברינו,
הייסט עס, קיינמאָל נישט געשפּירט די הומאַנע איראָניע, מיט וועל=
כער די קירך לאָזט אַלעמאָל אָפּ פון איריקן צוליב דער וועלט, דעם
קערפּער; דערביי פאַרהילט זי מיט קלוגער נאָכגיביקייט די לעצטע
קאָנסעקווענצן פון איר פּרינציפּ, לאָזט דעם גייסט האָבן אַ רעגו=
לירנדיקן אײַנפלוס און באַגייט זיך דערביי נישט צו=שטרענג מיט
דער נאַטור? — ער האָט ממילא אויך נישט געהערט קיינמאָל פון
דעם גלחיש=פיינעם באַגריף פון אינדולגענץ*, אונטער וועלכן ס'פאַלט
אַפילו אַרונטער אַ סאַקראַמענט, דער סאַקראַמענט פון חתונה, כאָטש
עס איז נישט קיין פּאָזיטיווע מצווה, גלייך ווי אַלע אַנדערע סאַקראַ=
מענטן, נאָר אַ שוץ קעגן דער זינד, בלויז כּדי צו באַגרענעצן די
תאַווה און די צעלאָזנקייט, אַזוי אַז דער אַסקעטישער פּרינציפּ, דער
אידעאַל פון ריינקייט ווערט דאָ אָנערקענט, אָבער ער ווערט נישט
אַנטקעגנגעשטעלט דעם קערפּער מיט אומפּאָליטישער שאַרפקייט? —

* דאָס רעכט פון גלח מתיר צו זיין.

סעטעמבּריני האָט פּשוט געמוזט אָפּשאָקלען זיך פון אַזאַ מיאוסן באַגריף, פון „פּאָליטיק", פון אַ זשעסט פון גאַווהדיקער גוטסקייט און קלוגשאַפט, מיט וועלכער דער גייסט — דאָס, וואָס מ׳רופט דאָ אָן גייסט — פאַרמעסט זיך אויף זיין כלומרשט זינדיקן קעגן־כּוח, וועלכן מ׳דאַרף באַהאַנדלען „פּאָליטיש", כאָטש יענער דאַרף באמת לחלוטין נישט די גאַנצע גיפטיקע אינדולגענץ. ער האָט זיך געמוזט אַפילו אָפּשאָקלען פון דער פאַרשאָלטענער צווייִקייט אין וועלט־באַנעם, וועלכע פאַרטייוולט דעם אוניווערכום, סיי דאָס לעבן און סיי זיין אײַנגערעדטן היפּוך, דעם גייסט. וואָרעם אויב דער קערפּער איז שלעכט, מוז עס אויך זיין דער גייסט, ווי די ריינע פאַרניינונג פון קערפּער! דערביי האָט ער גענומען פאַרטיידיקן די אומשולדיקייט פון קערפּערלעכע תענוגים. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך דערביי געמוזט דערמאָנען אין סעטעמבּרינים שטיבל מיטן שטענדער, אין די שטרויענע שטולן און מיט דער קאַראַפינקע. נאַפטאַ האָט אָפּגעענטפערט, אַז די תאווה קאָן קיינמאָל נישט זיין אָן זינד; אַז די נאַטור דאַרף האָבן אַ שלעכטן געוויסן לגבי דעם גייסט; אַז די קירכלעכע פּאָליטיק און אינדולגענץ פון גייסט איז „ליבע" און ער האָט אַזוי־אַרום אויסגעוויזן, אַז דער אַסקעטישער פּרינציפּ איז נישט ניהיליסטיש. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערביי אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס וואָרט „ליבע" פּאַסט מאָדנע נישט צום פּנים דעם שאַרפן, דאַרן, קליינעם.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ווייטער. מיר קאָנען שוין דאָס אַלץ, האַנס קאַסטאָרפּ אויך. מיר האָבן זיך אַ ווײַלע אײַנגעהערט צוזאַמען מיט אים, כדי צוצוקוקן זיך, ווי אַזוי אַזאַ פּעכטערײַ בעת אַ שפּאַציר קומט פאָר אין שאָטן פון אַ פּערזענלעכקייט און ווי אַזוי די דאָזיקע קעגנוואַרט האָט שטילערהייט אָפּגעטויט דעם נערוו פון וויכּוח. געשען איז עס אַזוי: דאָס, וואָס זיי זײַנען שטילערהייט געצוואונגען געווען צו באַציִען זיך מיט זייערע רייד צו פּעפּערקאָרן, האָט גורם געווען, אַז ס׳זאָלן פאַרלאָשן ווערן די פונקען, וואָס האָבן געשפּריצט פון איינעם צום אַנדערן און עס האָט דערמאָנט אין יענער טויטקייט, וועלכע באַהערשט אונז, בעת מיר דערזען, אַז אַן עלעקטרישע לייטונג האָט פאַרלוירן איר קאָנטאַקט.

גוט! אַזוי איז עס געווען. צווישן די דעבאַטאַנטן האָט מיר נישט געקנאַקט, ס'האָט נישט געפּליצט, ס'האָט זיך נישט געפילט קיין שטראָם. די קעגנוואַרט, וועלכע איז כּלומרשט נייטראַליזירט געוואָרן דורכן גייסט, האָט גאָר אַליין נייטראַליזירט דעם גייסט. האַנס קאַס־טאָרפּ האָט עס באַמערקט מיט שטוינונג און נייגעריקייט.

רעוואָלוציע און קיום־העולם. מ'האָט געכאַפּט אַ בליק אויף פּעעפּערקאָרן, מ'האָט אים געזען נאָכגיין, נישט אַזוי גרויסאַרטיק, וואַקלענדיק זיך אין דער זייט פון טריט, מיטן הוט פאַררוקט אי־בערן שטערן. מ'האָט געזען זיינע ברייטע, אומרעגלמעסיק צעריסענע ליפּן.

ער האָט חוזקדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די דיספּוטאַנטן און מ'האָט געהערט ווי ער זאָגט: — יאָ — יאָ — יאָ! צערבערוס, צערעבראַל, פאַרשטייט איר! דאָס איז — דאָס ווייזט זיך אַרויס — — און אַ מאָדנע זאַך: תּיכּף איז דער קאָנטאַקט ווי אָפּגעשטאָרבן. זיי האָבן געפּרוווט פון אַן אַנדערער זייט, האָבן זיך געכאַפּט צו אַ שטאַרקערן כּישוף, זיינען אַרויף אויף דעם „אַריסטאָקראַט'שן פּראָבלעם", אויף פּאָפּולאַריטעט און דערהויבנקייט. אָבער קיין שום פונק נישט. דער שמועס האָט זיך באַצויגן אויף פּעעפּערקאָרן, ווי ער וואָלט געווירקט מאַגנעטיש. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען קלאַוודיעס וועג־באַגלייטער ליגן אין בעט אונטער אַ רויט־זיידענער קאָלדרע, אין אַ טריקאָט־העמד אָן אַ קאָלנער, האַלב פּראָלעטאַריער, האַלב קיניג — און דערביי געהערט, ווי דער נערוו פון וויכּוח שטאַרבט אָפּ מיט אַ מאַט צוקן. שטאַרקערע שפּאַנונג! פון איין זייט פאַרניינונג און קולט פון גאָרנישט — דער אייביקער „יאָ" און די ליבע־פולע נייגונג כון גייסט צום לעבן פון דער צווייטער זייט! וואו איז אַהינ־געקומען דער נערוו, בלייך און שטראָם, בעת מ'האָט אַ קוק געטאָן אויף מיינהעערן! וואָס פאַר אַ אומפאַרמיידלעכע קראַפט און סודות־דיקע צוציִונג שטעקט דאָ? בקיצור, אַלץ איז צעגאַנגען און דאָס איז געווען — ווי האַנס קאַסטאָרפּ וואָלט געזאָגט — אַ מיסטעריע. פאַר זיין אַפאָריזמען־זאַמלונג וואָלט ער געקאָנט פאַרנאָטירן, אַז וועגן אַ מיסטעריע מוז מען ריידן מיט די סאַמע פּשוטסטע ווערטער — אָדער בכלל נישט ריידן וועגן איר. אַלנפאַלס, כּדי איבערצוגעבן

דעם פֿאַל, האָט מען בלויז געדאַרפֿט זאָגן דווקא דאָס, אַז פּיטער
פּעעפּערקאָרן מיט זיין געקניטשטער קיניגלעכער מאַסקע און מיט
זיין ביטער צעריסן מויל איז געווען ביידנס אָביעקט, אַז ביידנס רייד
זיינען געווען חל אויף אים און אין אים בטל געוואָרן: דאָס אין
יענץ, דאָס ערשטע און דאָס צווייטע. יאָ, אָט דער נאַרישער אַל=
טער, אָט=דער הערשערישער זעראָ! ער האָט אָפּגעטויט דעם נערוו
פֿון סתירות, נישט דורך צעטומלונג און שפּיצלעך, ווי נאַפּטאַ.
ער איז נישט געווען צווייטייטיק, ווי יענער, ער איז געווען צווייטייטיק
אויף אַ פּאַרקערטן אופֿן, אויף אַ פּאָזיטיוון — אָט=די וואַקלדיקע
מיסטעריע, וואָס איז נישט בלויז געשטאַנען איבער נאַרישקייט און
קלוגשאַפֿט, נאָר אויך איבער אַ סך אַנדערע היפּוכים, וועלכע סעטעמ=
בריני און נאַפּטאַ האָבן אַרויסגערופֿן, כּדי צו שאַפֿן אַ הויכע שפּאַ=
נונג צוליב פּעדאַגאָגישע צוועקן. די פּערזענלעכקייט, ווייזט אויס, איז
נישט געווען דערציעריש. פֿונדעסטוועגן, וואָס פֿאַר אַ שאַנסן האָט
זי געהאַט פֿאַר אַ מענטשן, וואָס זוכט בילדונג! ווי מאָדנע ס'איז
צו באַטראַכטן אָט=די צווייטייטיקייט פֿון אַ קיניג, בעת די דעבאַ=
טאַנטן ריידן וועגן חתונה און זינד, וועגן סאַקראַמענט, וואָס איז
מתיר, וועגן דער זינד און אומשולדיקייט פֿון תאווה! ער האָט אַראָפּ=
געלאָזט דעם קאָפּ צום אַקסל און צו דער ברוסט, די צעווייטאָגטע
ליפּן האָבן זיך צעעפֿנט, דאָס מויל האָט זיך אויפֿגעמאַכט מיט
שטילן צער, די נאָזלעכער האָבן זיך אָנגעבלאָזן ווי פֿון ווייטאָג, די
קנייטשן פֿון שטערן האָבן זיך פֿאַרצויגן און האָבן געמאַכט די
בלאַסע אויגן גרעסער און ליידנדיק. אַ בילד פֿון צער. אָבער זעט
נאָר: אין איין רגע האָט זיך די מאַרטירערישע מינע צעבליט אין
תאווה. דער קרום=גענייגטער קאָפּ איז געוואָרן לצניש, די ליפּן —
נאָך אָפֿענע — האָבן געשמייכלט נישט אָרנטלעך. אין דער באַנק
האָט זיך באַוויזן דאָס סיבאַריטישע גריבל, וועגן וועלכן מיר האָבן
שוין דערמאָנט ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט. פּלוצלונג האָט מען
ווידער געהאַט פֿאַר זיך דעם טאַנצנדיקן געצנדינערישן פּריסטער.
ער האָט אָנגעוויזן חוזקדיק מיטן קאָפּ אין יענער צערעבראַלער ריכטונג
און מ'האָט געהערט, ווי ער זאָגט: אַי, יאָ, יאָ, יאָ — פּערפֿעקט,

דאָס איז — דאָס זענען — דאָ ווייזט זיך — דער סאַקראַמענט פון דער תאווה, פאַרשטייט איר — —

פונדעסטוועגן, האָבן זיך האַנס קאַסטאָרפּס דעגראַדירטע פריינט און דערציער, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַמביעסטן געפילט, ווען זיי האָבן זיך געקאָנט קריגן. זיי זיינען דעמאָלט געווען אין זייער עלעמענט, בעת די פערזענלעכקייט איז עס נישט געווען און מ'האָט געקאָנט פאַרשיידן קלערן וועגן דער ראָל, וועלכע ער האָט געשפּילט דערביי. דערפאַר איז די לאַגע געוואָרן אינגאַנצן שלעכט פאַר זיי דערנאָך, ווען ס'האָט זיך מער נישט געהאַנדלט וועגן היין, וואָרט און איינפאַל, נאָר וועגן אַנדערע ענינים, ערדיש=פראַקטישע, קורץ, וועגן פראַגן און זאַכן, ביי וועלכע עס ווייזן זיך, אייגנטלעך, אַרויס הערשער=נאַטורן. דעמאָלט זיינען זיי געווען פאַרביי, פלעגן בלייבן אין שאָטן, זיינען געוואָרן נישט אָנזעעוודיק און פעעפערקאָרן האָט גענומען די מאַכט אין דער האַנט אַריין, האָט באַשטימט, דעצידירט, געהייסן, באַשטעלט און באַפוילן... וואָס=זשע פאַר אַ וואונדער, הלמאַי ער האָט געשטרעבט צו אָט=דער סיטואַציע און געריסן זיך דערצו בעת דעם ווערטער=קאַמף? ער האָט געליטן, כל־זמן אָט=דער קאַמף האָט געדויערט, אָדער, אויב ער האָט געדויערט לאַנג. אָבער נישט צוליב פוסטער גאַווה האָט ער געליטן דערביי — האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען זיכער אין דעם. פוסטע גאַווה האָט נישט קיין פאָרמאַט און די גרויסקייט איז נישט גאַווהדיק. ניין, פעעפערקאָרנס שטרעבונג צו זאַכלעכקייט האָט געשטאַמט פון אַנדערע מאָטיוון: פון „מורא“, — אויסגעדריקט גאַנץ פּראָסט און פשוט — פון יענעם פליכט=ברען אין ערע=היציקייט, וועגן וועלכער האַנס קאַסטאָרפּ האָט געפרייווט דערמאָנען פאַר סעטעמברינין און וועלכע ער האָט אין אַ געווויסער מאָס געפרייווט אָנרופן — מיליטערישער שטריך.

— מיינע הערן — האָט געזאָגט דער האָלענדער און האָט דערביי אויפגעהויבן זיינע קאַפּיטאַנישע הענט מיט די שפּיציקע נעגל, באַשווערנדיק און געביטעריש. — גוט, מיינע הערן, פּערפעקט, אויסגעצייכנט! די אַסקעזע — די אינדולגענץ — די תאווה — איך וואָלט דאָס געוואָלט — דורכאויס! זייער וויכטיק! זייער פּראָבלעמאַטיש!

אָבער דערלויבט מיר — איך האָב מורא, אַז מיר באַגייען אַ שווערן — מיר פֿאַרגעסן, מיינע הערשאַפֿטן, מיר פֿאַרגעסן אויף אַן אומפֿאַראַנטוואָרטלעכן אופֿן אין די הייליקסטע — ער האָט טיף אָפּגעעטעמט. — אָט־די לופֿט, מיינע הערשאַפֿטן, די כאַראַקטערפֿולע ווינטיקע לופֿט פֿון היינטיקן טאָג, מיט איר צאַרט־אָפּשוואַכנדיקן, אַנונגאון דערמאָנונג־פֿולן צומיש פֿון פֿרילינגס־אַראָמאַט, — לאָמיר זי נישט אײַנעטעמען, כּדי זי דערנאָך אין דער פֿאָרם פֿון — איך בעט שטאַרק: לאָמיר דאָס נישט טאָן. דאָס איז אַ באַליידיקונג. נאָר איר אַליין זיינען מיר שולדיק אונזער פֿולע און גאַנצע — אָ, אונזער העכסטע און וואַכיקסטע — דערליידיקט, מיינע הערשאַפֿטן! און מיר זאָלן זי ווידער אַרויסלאָזן פֿון אונזער ברוסט בלויז ווי אַ דאַנק פֿאַר אירע — — איך רייס איבער, מיינע הערשאַפֿטן! איך רייס איבער לכּבוד דעם — — ער איז געבליבן שטיין, אַ צוריקגעבויגענער, די אויגן פֿאַרשטעלט מיטן הוט, און אַלע האָבן אים נאָכגעטאָן. — איך לענק — האָט ער געזאָגט — אַייער אויפֿמערקזאמקייט אין דער הויך, גאָר הויך, אויף יענעם שוואַרצן, קרייזנדיקן פּונקט דאָרט אויבן, אונטער דעם אויסערגעוויינלעך בלויען — וואָס פֿאַלט אַריין אין שוואַרץ — דאָס איז אַ רויב־פֿויגל, אַ גרויסער רויב־פֿויגל. דאָס איז, אויב איך האָב נישט קיין — מיינע הערן, און איר, מיין קינד, דאָס איז אַן אָדלער! אויף אים לענק איך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט — זעט נאָר! דאָס איז נישט קיין מייז־כאַפּער און נישט קיין גייער, — ווען איר וואָלט געווען אַזוי ווייטזיכטיק, ווי איך ווער עס אַלץ מער — יאָ, מיין קינד, אַוודאי אַלץ מער. מיינע האָר זיינען ווייס, אַוודאי. דאַן וואָלט איר פּונקט אַזוי דייטלעך ווי איך אין דער טעמפּער פֿאַרקיילעכדיקייט פֿון די פֿליגל — אַן אָדלער, מיינע הערשאַפֿטן. אַ שטיין־אָדלער. ער קרייזט אַרום גראָד איבער אונז אין דער בלויקייט, שוועבט נישט פֿאָכנדיק מיט די פֿליגל אין אַ מעכטיקער הייך צו אונזערע — און קוקט אַוודאי אויס מיט זיינע מעכטיקע, ווייטזיכטיקע אויגן אונטער די אַרויסשטאַרנדיקע ברעמען־ביינער — דער אָדלער, מיינע הערשאַפֿטן, יופּיטערס פֿויגל, דער קיניג פֿון זיין מין, דער לייב פֿון דער לופֿט! ער האָט פֿעדערנע הויזן און אַ שנאָבל פֿון אַייזן, פֿון

פּאָרנט פלוצלונג אַייזערן אויבגעקרימט, פּיס פון אַן אימגעהייערער קראַפּט, אַריינגעדרייטע שפּאָנעס, די פּאָדערשטע אַייזערן אַרומגעני־מען פון די לאַנגע הינטערשטע. גיט אַ קוק, אַזוי! – און ער האָט געפּרוּווט פאַרצושטעלן מיט זיין לאַנג־נעגלדיקער קאַפּיטאַנישער האַנט דעם אָדלערישן פּוס. – גוטער ברודער, וואָס קרייזטו און וואָס קוקסטו אויס? — האָט ער זיך געווענדט ווידער אַרויף אויבן. – לאָז דיך אַראָפּ! האַק עס מיטן אַייזערנעם שנאָבל אויפן קאָפּ און אין די אויגן, רייס אים אויף דעם בויך, דעם באַשעפעניש, וואָס גאָט האָט דיר — — פּערפעקט! דערליידיקט! דיינע פּיס מוזן זיך אַריינפלאָנטערן אין די געדערים און דיין שנאָבל – טריפן פון בלוט –

ער איז געווען באַגייסטערט און דער אינטערעס פון די שפּאַ־צירנדיקע צו נאַפטעס און סעטעמברינים וויכּוחים איז פאַרשוואונדן געוואָרן. די דערשיינונג פון אָדלער האָט אויך שפּעטער, ווען מ׳האָט שוין אויפגעהערט ריידן וועגן אים, געווירקט אויף דעם ווייטערדיקן. אונטער מיינהעערס אָנפירונג איז מען אַריין אין אַ אַריינפאָר־הויז, מ׳האָט דאָרטן געגעסן און געטרונקען, אינגאַנצן אויסער דער צייט, אָבער מיט אַן אַפּעטיט, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן צוליב די שטילע רעיונות וועגן אָדלער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעודה, איינע פון יענע, וועלכע מיינהעער פלעגט אַזוי אָפט אַיינאָרדענען אויסער דעם „בערגהאָף", וואו ס׳האָט זיך געטראָפן, אין „פּלאַץ" און אין „דאָרף", אין אַ אַכסניה אין גלאַריס אָדער קלאָסטערס, וואו מ׳איז גראָד צו־געפאָרן אויף אַן אויספלוג מיטן צוגל. אונטער זיין הערשערישער אָנפירונג האָט מען באַקומען קלאַסישע מאכלים: קאַווע מיט סמע־טענע מיט אַרטיק געבעקס, אָדער זאַפּטיקן קעז אויף שמעקעדיקע אַלפּן־פּוטער, וועלכע האָט געהאַט אַ וואונדערלעכן טעם צוזאַמען מיט די הייסע געבראָטענע קעסט. דערצו איז צוגעגאַנגען וועלטלינער* רויטער ווייַן, וויפל דאָס האַרץ האָט נאָר געלוסט. די אימפּראָ־וויזירטע סעודה האָט פּעפּערקאָרן באַגלייט מיט לאַנגע אָפּגעריסענע זאַצן אָדער ער האָט געהייסן ריידן אַנטאָן קאַרלאָוויטש פערגען, אַט־דעם גוטמוטיקן סבלן, וועלכן אַלדאָס העכערע איז געווען אינ־

* וועלטלין — אַ טאָל אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ לאָמבאַרדיע.

גאַנצן פרעמד און וועלכער האָט אָבער געקאָנט דערציילן זייער זאַכלעך וועגן דער פאַבריקאַציע פון רוסישע קאַלאָשן. מ'מישט אויס די גומי־מאַסע מיט שוועבל און אַנדערע שטאָפן, און די פאַר־טיקע, לאַקירטע קאַלאָשן ווערן „וואולקאַניזירט" אין אַ היץ פון אי־בער הונדערט גראַד. ער האָט אויך גערעדט פון די פּאָלאַר־געגנטן, ווייל ער פלעגט מאַכן זיינע געשעפטלעכע נסיעות אַזש ביז אַהין. ער האָט דערציילט פון דער זון אינמיטן דער נאַכט און פון איי־ביקן ווינטער אויפן צפון־קאַפּ. — דאָרטן — האָט ער געזאָגט פון זיין גאָרגלדיקער קעל אַרויס און פון אונטער זיינע נאָכהענגענדיקע וואָנסעס אַפער — האָט דער דאַמפער אויסגעזען גאַנץ קליין קעגן דעם אומגעהייערן פעלז און קעגן דער שטאָל־גרויער פלאַך פון ים. אויפן הימל האָבן זיך אויסגעשפּרייט געלע ליכט־פלאַכן. דאָס איז געווען דאָס צפון־ליכט. דאָס אַלץ איז אים, אַנטאָן קאַרלאָ־וויטשן, פאָרגעקומען געשפּענסטיש, אַלץ אַרום און ער אַליין אויך.

דאָס האָט געזאָגט פערגע, דער איינציקער צווישן קליינעם עולם, וואָס איז געשטאַנען אויסער דער נעץ פון אַלע באַציִונגען צווישן איינעם און דעם אַנדערן. וואָס ס'איז נוגע די איבעריקע, איז כדאי צו פאַרצייכענען צוויי קורצע שמועסן, צוויי וואונדערלעכע קאָנווער־זאַציעס אונטער פיר אויגן, וועלכע אונזער נישט־העלדישער העלד האָט געפירט מיט קלאַוודיאַ שאָשאַ און איר וועג־באַגלייטער, מיט יעדן איינציקן באַזונדער. דעם ערשטן — אין דער האַלע, אין אַן אָוונט־שעה, בעת די „שטערונג" איז געלעגן איבן ביי זיך אין פיבער, דעם צווייטן — אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, ביי מיינהערס גע־לעגער.

אין יענעם אָוונט האָט אין דער האַלע געהערשט אַ האַלב־טונקלקייט. דער רעגלמעסיקער צונויפקום איז געווען אַ מאַטער און אייליקער און דער עולם איז פרי אַוועק צו דער אָוונטיקער ליג־קוראַציע אויף די באַלקאָנען, אָדער מ'איז גאָר אויף נישט־לעגאַלע וועגן אַראָפּ אין דער וועלט אונטן, צו טאַנץ און שפּיל. בלויז איין לאָמפּ האָט געברענט ערגעץ־וואו אויפן סופית פון אויסגע־שטאָרבענעם זאַל. אויך די שכנותדיקע צימערן זיינען געווען קוים באַלויכטן. פונדעסטוועגן האָט האַנס קאַסטאָרפּ געוואוסט, אַז פרוי

שאָשאַ, וועלכע האָט געגעסן אָונטבּרויט אָן איר האַר אין געביטער, איז נאָך נישט צוריק אַרויף אויפן ערשטן שטאָק, נאָר זיצט אַליין אין שרייב- און לייען-צימער. דערפאַר האָט ער אויך נישט געהאַט קיין חשק אַרויפצוגיין. ער איז געזעסן אין דעם הינטערשטן טייל פון דער האַלע, וועלכער איז געווען אויפגעהויבן דורך אַ פּלאַך טרעפּל און אָפּגעטיילט פון דעם הויפּט-זאַל דורך אַ פּאָר ווייסע בויגנס אויף האָלץ-באַדעקטע קאָלומנעס. ער איז דאָרטן געזעסן ביים קאַכלענעם אויוון, אין אַזאַ שאָקל-שטול, ווי מאַרוסיאַ האָט זיך געוויגט, בעת יאָאַכים האָט מיט איר געפירט זיין איינציקן שמועס. האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערויכערט אַ פּאַפּיראָס, ווי מ'האָט געמעגט דאָ לכל-הפּחות אין דער שעה.

זי איז אַריינגעקומען. ער האָט געהערט אירע טריט, איר קלייד הינטער זיך. זי איז געווען לעבן אים, האָט געפעכלט אין דער לופט מיט אַ בריוו, וועלכן זי האָט געהאַלטן ביי אַ שפּיץ און זי האָט געזאָגט מיט איר פּריבּיסלאַוו-קול:

– דער משרת איז אַוועק. גיט מיר אַ timbre poste *.

זי איז געווען אָנגעטאָן דעם אָוונט אין לייכטן, טונקעלן זייד, אַ קלייד מיט אַ קיילעכדיקן האַלז-אויסשניט און לויזע אַרבּל, וועלכע האָבן זיך אונטן ביי די האַנט-געלענקען פאַרענדיקט אין געקנעפּלטע מאַנזשעטן. ער האָט דערויף געקוקט מיט ספּעציעלער הנאה. זי האָט זיך אויסגעצירט מיט דעם שנור פּערל, וועלכע האָבן אין דער טונקלקייט געגלאַנצט בלייך. ער האָט אַרויפגעקוקט צו דעם קירגיזישן פּנים. ער האָט איבערגעחזרט:

– Timbre? – כ'האָב נישט.

– וואָס, קיין איינע? Tant pis pour vous **. נישט גרייט צו דינען אַ דאַמע? – זי האָט פאַרשפּיצט די ליפּן און האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען. – דאָס אַנטטוישט מיך. אַלנפאַלס דאַרפט איר זיין פּרעציז און מ'זאָל זיך קאָנען אויף אייך פאַרלאָזן.

* פראַנצויזיש: פּאָסט-מאַרקע.

** פראַנצויזיש: איז ערגער פאַר אייך.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז איר האָט אין אַ פּאַך פון אַייער פּאָרטפעל קליינע צוזאַמענגעלייגטע ביגעלעך, פון אַלע מינים, אויסגעסאָרטירט לויט דעם ווערט.

— ניין. צו וואָס? — האָט ער געזאָגט. — איך שרייב קיינמאָל נישט קיין בריוו. צו וועמען אייגנטלעך? העכסטנס, אַמאָל אַ קאַרטל, וואָס האָט שוין אַ מאַרקע. צו וועמען זאָל איך שרייבן בריוו? איך האָב נישט קיינעם. איך האָב מער קיין שום קאָנטאַקט מיט דעם פלאַכלאַנד, כ'האָב דערמיט איבערגעריסן. צווישן אונזערע פאָלקס־לידער איז פאַראַן אַ ליד, וואו ס'זאָגט זיך: „כ'בין פאַרלוירן פאַר דער וועלט". אַזוי איז מיט מיר.

— נו, אויב אַזוי, גיט־זשע כאָטש אַ פּאַפּיראָס, פאַרלוירענער מענטש! — האָט זי געזאָגט, דערביי האָט זי זיך אַוועקגעזעצט קעגן־איבער אים לעבן דעם קאַמין, אויף אַ באַנק, וואָס איז אויסגעבעט געווען מיט אַ לייוונטענעם קישן. זי האָט פאַרלייגט איין פוס איבערן אַנדערן און אויסגעשטרעקט די האַנט. — דאַכט זיך, אַז דאָס האָט איר גרייט. און זי האָט גענומען נאַכלעסיק און נישט דאַנקענדיק דעם פּאַפּיראָס פון זיין זילבערנעם פּאָרטסיגאַר, וועלכן ער האָט איר דערלאַנגט. זי האָט פאַררויכערט ביי דעם ברען־מאַשינקעלע, וועלכעס ער האָט אָנגעצונדן פאַר איר פּנים. אין דעם פוילן „גיט־זשע כאָטש", אין דעם נעמען אָן אַ דאַנק, איז געלעגן די ברייטקייט פון אַ צעפּיעשטשעטער פרוי, אָבער גלייכצייטיק אויך דער זין פון מענטשלעכער — אָדער בעסער געזאָגט: „מעהנשליכער" — געמיינזאַמקייט און בשותפותדיקייט, אַ ווילדע און ווייכע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט פון געבן און נעמען. ער האָט עס פאַרליבטערהייט אַנאַליזירט. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— יאָ, דאָס אַלעמאָל. דאָס האָב איך שטענדיק גרייט. דאָס מוז מען האָבן. ווי קאָן מען דען אויסקומען אָן דעם? אמת, ווען עמעץ פרעגט אַזוי, רופט מען עס אָן — ליידנשאַפט. איך בין, כ'בין מודה דעם אמת, גאָרנישט קיין ליידנשאַפטלעכער מענטש, אָבער איך האָב ליידנשאַפטן, פלעגמאַטישע ליידנשאַפטן.

— עס באַרויִקט מיך אויסערגעווינלעך — האָט זי געזאָגט און אַרויסגעלאָזט בעת־מעשה דעם רויך פון מויל — וואָס איר זענט

נישט, ווי כ׳הער, קיין ליידנשאַפטלעכער מענטש. אַגב, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? איר וואָלט געמוזט אַרויס פון דער אייגענער הויט. ליידנשאַפט — דאָס הייסט: לעבן צוליב דעם לעבן. אָבער ס׳איז באַקאַנט, אַז איר לעבט צוליב איבערלעבענישן. ליידנשאַפט דאָס איז זעלבסטפאַרגעסנקייט. אָבער אייך גייט אין זעלבסטבאַרייכערונג. C'est ça *. איר האָט גאָר קיין אַנונג נישט, אַז דאָס איז עקלהאַפטער עגאָיזם און אַז צוליב דעם וועט איר אין איינעם אַ טאָג אַוועקגעשטעלט ווערן ווי די פיינט פון דער מענטשהייט.

— האַלאָ, האַלאָ! תּיכּף פיינט פון דער מענטשהייט? — וואָס רעדסטו דאָ, קלאַודיאַ, אַזוי אַלגעמיין? צי האָסטו אין זינען עפּעס באַשטימטס און פּערזענלעכס, בעת דו זאָגסט, אַז אונז גייט נישט אין לעבן, נאָר אין דער באַרייכערונג? איה, פרויען, קאָנט דאָך נישט ריידן וועגן מאָראַל סתּם אין דער וועלט אַריין. אַך, די מאָראַל, ווייסטו. דאָס איז אַ טעמע פאַר נאַפּטען און סעטעמברינין. וועגן דעם קאָן מען אָנריידן אַ סך דברים בטלים. צי עמיצער לעבט צוליב זיך אָדער צוליב דעם לעבן, דאָס קאָן ער דאָך אַליין נישט וויסן און קיינער קאָן עס נישט וויסן גענוי און זיכער. איך מיין, אַז די גרענעץ איז נישט קיין פעסטע. ס׳איז פאַראַן עגאָיסטישע מאַרטירערישקייט און מאַרטירערישער עגאָיזם... איך גלויב, אַז ס׳איז אינגאַנצן, ווי אין דער ליבע. נאַטירלעך איז עס נישט מאָראַליש, וואָס איך קאָן מיך נישט שטאַרק דורכנעמען מיט דעם, וואָס דו זאָגסט מיר וועגן מאָראַל, נאָר כ׳פריי מיך קודם-כּל דערמיט, וואָס מיר זיצן צוזאַמען, ווי בלויז איינמאָל און קיינמאָל נאָך נישט, זינט ביסט צוריק דאָ. אויך דאָס, וואָס כ׳קאָן דיר זאָגן ווי אומפאַרגלייכלעך ס׳פּאַסטן דיר אָט-די ענגע מאַנזשעטן אַרום די האַנט-געלענקען און דאָס דינע זיידנס לויז אַרום דיינע אָרעמס, — אַרום דיינע אָרעמס, וועלכע איך קען...

— איך גיי.

— גיי נישט, כ׳בעט דיך! איך וויל נעמען אין אַכט די לאַגע און די פּערזענלעכקייטן.

* פראַנצויזיש: דאָס איז עס.

— לכל־הפּחות דאַרף מען עס רעכענען דערויף בּיי אַ מענטשן אָן ליידנשאַפט.

— יאָ, זעסטו! דו מאַכסט חוזק און זידלסט מיך אויס, ווען איך... און דו ווילסט גיין, ווען איך...

— מ'איז געבּעטן צו ריידן מיט ווייניקער בּלויזן, אויב מען וויל פאַרשטאַנען ווערן.

— און איך זאָל גאָרנישט, אַפילו דעם קלענסטן חלק נישט האָבּן אין דיין רגילות צו טרעפן נישט־פאַרענדיקטקייטן? דאָס איז אומגערעכט, — וואָלט איך געזאָגט, ווען איך זאָל נישט אַיינזען, אַז דאָ גייט נישט וועגן גערעכטיקייט...

— אַ, ניין. גערעכטיקייט איז אַ פלעגמאַטישע ליידנשאַפט. להיפוך צו אייפערזוכט, וועלכע איז בּיי פלעגמאַטישע מענטשן נאָר לעכערלעך.

— זעסטו? לעכערלעך? פאַרגין־זשע מיר מיין פלעגמאַטיש־קייט! איך חזר־איבּער: ווי אַזוי וואָלט איך אויסגעזען אָן דעם? ווי אַזוי וואָלט איך אָן דעם, צום בּיישפּיל, געקאָנט אויסהאַלטן דאָס וואַרטן?

— ווי מיינט איר?

— דאָס וואַרטן אויף דיר.

— Voyons, mon ami*. איך וויל מיך נישט אָפּ־שטעלן אויף דער פאָרם, אין וועלכער איר רעדט צו מיר מיט אַ נאַרישער עקשנות. איר וועט סוף־כּל־סוף מיד ווערן און איך בּין נישט אַזוי צאַצקעדיק און האָבּ נישט בּדעה צו שפּילן די ראָל פון אַ בּרוגזער בּירגערין...

— ניין, וואָרעם דו בּיסט קראַנק. די קראַנקהייט גיט דיר פריי־הייט. זי מאַכט דיך — וואַרט, איצט פאַלט מיר איין אַ וואָרט, וואָס כ'האָבּ נאָך קיינמאָל נישט בּאַנוצט! זי מאַכט דיך געניאַל!

— וועגן געניאַליטעט וועלן מיר ריידן אַן אַנדערש מאָל. נישט דאָס האָבּ איך געוואָלט זאָגן. איך פאַרלאַנג איינס. איר וועט מיר נישט גיין איינריידן, אַז איך האָבּ מיט אייער וואַרטן — אויב איר

* פראַנצויזיש: נישט געכאַפּט, מיין פריינט.

האָט געוואַרט — עפּעס צו טאָן, אַז איך זאָל אייך האָבן צוגערעדט דערצו, אָדער אַפילו בלויז דערלויבט. איר מוזט מיר תּיכּף און בפירוש זאָגן, אַז דער פאַל איז געווען פאַרקערט...

— גערן, קלאַוודיאַ, אַוודאי. דו האָסט מיר נישט געהייסן וואַרטן, איך האָב געוואַרט פון אייגענעם ווילן. איך פאַרשטיי זייער גוט, פאַרוואָס דו לייגסט דערויף געוויכט...

— אַפילו אייער מודה זיין האָט אין זיך עפּעס אימפּערטינענטס. איר זענט בכלל אַ אימפּערטינענטער מענטש, גאָט ווייסט, ווי אַזוי. נישט בלויז אין פאַרקער מיט מיר, נאָר אַזוי אויך. אַפילו אייער באַוואונדערונג, אייער הכנעה האָט אין זיך עפּעס אימפּערטינענטס. מיינט נישט, אַז איך זע דאָס נישט! איך וואָלט בכלל נישט געדאַרפט ריידן מיט אייך צוליב דעם און אויך נישט דערפאַר, ווייל איר וואַגט צו ריידן וועגן וואַרטן. עס איז אַ אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איר זיצט נאָך דאָ. איר וואָלט שוין לאַנג געדאַרפט זיין ווידער ביי אייער אַרבעט Sur le chantier *, אָדער וואו ס'איז...

— איצט רעדסטו נישט געניאַל און גאַנץ קאָנווענציאָנעל, קלאַוודיאַ. דאָס איז בלויז גלאַט גערעדט. דאָס, וואָס סעטעמבריני מיינט, ביסטו נישט אויסן, איז וואָס דען? דאָס איז גלאַט גערעדט. איך קאָן עס נישט נעמען ערנסט. איך וועל נישט אַהיימפאָרן ווילד ווי מיין אָרעמער קוזין, וועלכער איז געשטאָרבן, ווי דו האָסט פאָראויסגעזאָגט, דערפאַר ווייל ער האָט געפרוווט אַוועק אין פלאַכלאַנד טאָן זיין דינסט. ער האָט אַפילו אַליין געוואוסט, אַז ער וועט שטאַרבן, נאָר ער האָט ליבער געוואָלט שטאַרבן, ווי זיצן דאָ און מאַכן קוראַציע-דינסט. גוט, דערפאַר איז ער געווען אַ סאָלדאַט. אָבער איך בין עס נישט, איך בין אַ ציוויליסט. פאַר מיר וואָלט עס געווען דעזערציע צו טאָן ווי ער און דורכאויס, נישט געקוקט אויף ראַדאַמאַנטס פאַרבאָט, אַוועקצופאָרן אין פלאַכלאַנד דירעקט לטובת די נוצן פון פּראָגרעס. דאָס וואָלט געווען די גרעסטע אומדאַנקבאַרקייט און אומטרייקייט לגבי דער קראַנקהייט און דער געניאַליטעט און

* פראַנצויזיש: אויף אַן אָרט.

לגבי מיין ליבע צו דיר, פון וועלכער כ'האָב אַלטע נאַרבן און נייע וואונדן און לגבי דיינע אָרעמס, וועלכע כ'קען, — כאָטש כ'בין מודה, אַז בלויז אין חלום, אין אַ געניאַלן חלום האָב איך זיי דערקאַנט, אַזוי אַז ס'דרינגען פאַר דיר צוליב דעם נישט אַרויס קיין שום קאָנסעקווענצן און פאַרפליכטונגען און באַגרענעצונגען פאַר דיין פרייהייט...

זי האָט געלאַכט, מיטן פּאַפּיראָס אין מויל, אַזוי, אַז אירע טאָטערישע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן. אַ אָנגעשפּאַרטע אין דער וואַנט, האָט זי אָנגעלענט די הענט לעבן זיך אויף דער באַנק, האָט פאַרוואָרפן איין פוס איבערן אַנדערן און געהוידעט מיט איינעם אין שוואַרצן לאַק-שיך.

* — Quelle générosité ! Oh là là, vraiment אַקוראַט אַזוי האָב איך מיר תמיד פאָרגעשטעלט אַ ** homme de gènie, מיין אָרעם יינגל.

— הער-אויף, קלאַוודיאַ. איך בין נישט געבוירן קיין homme de génie, אַקוראַט ווי נישט קיין פּערזענלעכקייט, גאָט מיינער, ניין. אָבער שפּעטער האָט מיך דער צופאַל — רוף עס צופאַל — אַזוי הויך דערהויבן אין די געניאַלע ספערן... מיט איין וואָרט, דו ווייסט מסתמא נישט, אַז ס'איז דאָ אַ מין אַלכימיסטיש-הערמעטישע פּעדאַגאָגיק, טראַנססובסטאַנציאַציע***, נעמלעך, צו אַ העכערער מדרגה, שטייגערונג, הייסט עס, אויב דו ווילסט מיך גוט פאַרשטיין. אָבער נאַטירלעך, דאַרף דער שטאָף, וואָס זאָל טויגן דערצו, מ'זאָל אים קענען דערהויבן און פאַרוואַנדלען, באַלד לכתחילה אין זיך האָבן עפּעס אַזוינס. דאָס, וואָס איך האָב געהאַט אין מיר, איז געווען — כ'ווייס עס גענוי — דאָס, וואָס כ'בין אייביק אויף געווען היימיש מיט קראַנקהייט און טויט און נאָך יינגלווייז האָב איך מיר ביי דיר געבאָרגט אַ בלייפעדער, ווי דאָ אין דער קאַרנאַוואַל-נאַכט. אָבער די נישט-שכלדיקע ליבע איז געניאַל, וואָרעם דער טויט,

* פראַנצויזיש: וואָס פאַרא גרויסמוטיקייט! אָ, לאַ, לאַ, אינדערעמתן.

** פראַנצויזיש: געניאַלער מענטש.

*** די פאַרוואַנדלונג פון מהות.

פּאַרשטייסטו, איז דער גרעניאַלער פּרינציפּ, די * res bina, דער lapis philosophorum** און ער איז אויך דער פּע־דאַגאָגישער פּרינציפּ, וואָרעם די ליבע צום טויט פירט צו דער ליבע פון לעבן און פון מענטש. אַזוי איז עס, עס איז מיר אַנט־פּלעקט געוואָרן אויף מיין באַלקאָן און איך בין גליקלעך, וואָס איך קאָן עס דיר זאָגן. צום לעבן זיינען פאַראַן צוויי וועגן: איינער איז דער געוויינלעכער, דירעקטער און לייטישער. דער צווייטער איז אַ שלעכטער, ער פירט איבערן טויט, און דאָס איז דער גרעניאַלער וועג!

— דו ביסט אַ נאַרישער פילאָסאָף — האָט זי געזאָגט. — איך וויל נישט זאָגן, אַז איך פאַרשטיי אינגאַנצן דיינע פאַרפּלאָנ־טערטע דייטשע געדאַנקען, אָבער ס'קלינגט „מעהנשליך" דאָס, וואָס דו זאָגסט און דו ביסט אָן שום ספק אַ וואוילער בחור. אַגב, האָסטו דיך פּאַקטיש געהאַלטן en philosophe***, מען מוז עס דיר מודה זיין...

— צופיל en philosophe פאַר דיין געשמאַק, קלאַוו־דיאַ, נישט?

— לאָז אָפּ די אימפּערטינענצן! דאָס ווערט לאַנגווייליק. דו, וואָס דו האָסט געוואַרט, איז געווען נאַריש און נישט דערלאָז־באַר. אָבער דו ביסט נישט בייז אויף מיר, הלמאַי דו האָסט גע־וואַרט אומזיסט?

— מילא, ס'איז אַ ביסל שווער געווען, קלאַוודיאַ, אַפילו פאַר אַ מענטשן מיט פלעגמאַטישע ליידנשאַפטן — שווער פאַר מיר און האַרט פון דיין זייט, וואָס ביסט געקומען מיט אים צוזאַמען. דו האָסט דאָך, נאַטירלעך, געוואוסט פון בערענסן, אַז איך בין דאָ געווען און האָב געוואַרט אויף דיר. אָבער איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך פּאַס אויף אונזער נאַכט ווי אַ חלום און אַז איך

* צווייִקע זאַך.
** שטיין פון חכמה.
*** פראַנצויזיש: ווי אַ פילאָסאָף.

לאָז דיר דיין פריהייט. איך האָב סוף־כל־סוף אויך נישט געוואַרט אומזיסט, וואָרעם דו ביסט דאָך ווידער דאָ, מיר זיצן צוזאַמען ווי דעמאָלט, איך הער די וואונדערלעכע שאַרפקייט פון דיין קול, וואָס איז שוין לאַנג באַקאַנט מיין אויער און אונטער אָט־די ברייטע זיידענע אַרבל זיינען דאָ דיינע אָרעמס, וועלכע איך קען — כאָטש אויבן ליגט אין פיבער דיין וועג־באַגלייטער, דער גרויסער פעפער־קאָרן, וועלכער האָט דיר געשענקט אָט־די פערל...

— און מיט וועלכן איר חברט זיך, צוליב אייער באַרייכערונג, אַזוי שטאַרק.

— האָב עס מיר נישט פאַראיבל, קלאַודיאַ! אויך סטעמבריני האָט מיך געזידלט צוליב דעם, אָבער דאָס איז דאָך בלויז אַ גע־זעלשאַפטלעכער פאָראורטייל. דער מענטש איז אַ געווינס — גאָט איז אַן עדות — ער איז אַ פערזענלעכקייט! דאָס, וואָס ר׳איז אַ מענטש אין די יאָרן — נו מילא. איך וואָלט עס פונדעסטוועגן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, ווען דו, ווי אַ פרוי, זאָלסט אים אומגעהייער ליב האָבן. דו האָסט אים, הייסט עס, זייער ליב?

— דעם גרעסטן כבוד פאַר דיין פילאָסאָפנטום, דייטשער האַנס, — האָט זי געענטפערט און אים דערביי געגלעט איבער די האָר — אָבער איך וואָלט עס נישט געהאַלטן פאַר מענטשלעך צו ריידן מיט דיר וועגן מיין ליבע צו אים!

— אַך, קלאַודיאַ, פאַרוואָס נישט. איך גלויב, אַז די מענטש־לעכקייט הייבט זיך אָן דאָרט, וואו אומגעניאַלע מענטשן מיינען, אַז זי הערט אויף. לאָמיר רויק ריידן וועגן אים. דו האָסט אים ליידנ־שאַפטלעך ליב?

זי האָט זיך אויסגעבויגן, כדי אַריינצוּוואַרפן פון דער זייט דעם אויסגערויכערטן פאַפּיראָס אין קאַמין און איז געבליבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

— ער האָט מיך ליב — האָט זי געזאָגט — און זיין ליבע מאַכט מיך שטאָלץ און דאַנקבאַר און איבערגעגעבן. דו דאַרפסט עס פאַרשטיין, ווען נישט ביסטו נישט ווערט די פריינטשאַפט, וועל־כע ער ווייזט דיר אַרויס... זיין געפיל האָט מיך געצוואונגען ביזאָל

מיט אים גיין און אים דינען. ווי דען אַנדערש? זאָג אַליין! איז עס דען מענטשלעך זיך נישט אומצוקוקן אויף זיין געפֿיל?

— אוממעגלעך — האָט האַנס קאַסטאָרפּ מסכּים געווען. ניין, דאָס איז, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, לחלוטין אויסגעשלאָסן. ווי אַזוי זאָל דאָס אַ פֿרוי פֿועלן בײַ זיך נישט אומצוקוקן זיך אויף זיין געפֿיל, אויף זיין מורא פֿאַרן געפֿיל, אים, אַזוי צו זאָגן, אין אַן עת־צרה איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט...

— דו ביסט נישט קיין נאַר — האָט זי געזאָגט און אירע קרומע אויגן האָבן געקוקט פֿאַרגליווערט און פֿאַרטראַכט. — דו האָסט שׂכל. מורא פֿאַרן געפֿיל...

— מ׳דאַרף נישט צו האָבן אַ סך שׂכל, כּדי צו פֿאַרשטיין, אַז דו האָסט געמוזט גיין מיט אים, כאָטש — אָדער גיכער: ווייל־זיין ליבע מוז האָבן אַ סך איבערשרעקנדיקס.

— * C'est exact... איבערשרעקנדיקס. מ׳האָט אַ סך זאָרג מיט אים, דו ווייסט, אַ סך שוועריקייטן... זי האָט אָנגענומען זיין האַנט און האָט, אַליין נישט וויסנדיק, געשפּילט זיך מיט איר. פּלוצלינג האָט זי אָבער אַ קוק געטאָן אַרויף מיט צוזאַמענגעצויגענע ברעמען און געפֿרעגט:

— וואַרט! איז עס נישט געמיין, וואָס מיר ריידן וועגן אים אַזוי, ווי מיר טוען עס?

— אַוודאי נישט, קלאַוודיאַ. ניין, ווייט נישט. עס איז געווים נישט מער ווי מענטשלעך! דו האָסט ליב אָט דאָס וואָרט, דו ציסט עס אויס אַזוי באַגייסטערט, איך האָב אַלעמאָל מיט אינטערעס געהערט דיך אַרויסזאָגן עס. מיין קוזין יאָאַכים האָט עס נישט ליב געהאַט, צוליב מיליטערישע סיבות. ער האָט געהאַלטן, אַז עס דריקט אויס אַלגעמיינע שוואַכקייט און אָפּגעלאָזנקייט. אויך איך אַליין, איך בין עס מודה, בין נישט צופֿרידן, אויב מ׳נעמט עס ווי אַ אומענדלעך guazzabuglio פֿון סבֿלנות. אָבער אויב ס׳האָט דעם זין פֿון פֿרייהייט און געניאַליטעט און גוטקייט, דעמאָלט איז עס אַ גרויסע זאַך און מיר קאָנען עס רויק באַנוצן לטובֿת אונזער שמועס וועגן

---

* פראַנצויזיש: ס׳איז עקזאַקט.

פּעפּערקאָרן און די זאָרגן און שוועריקייטן, וואָס דו האָסט מיט אים. עס איז, נאַטירלעך, דער רעזולטאַט פון זיין אַמביציע, פון זיין מורא, ס'זאָל נישט אָפּגעשוואַכט ווערן דאָס געפיל; צוליב דעם האָט ער אַזוי ליב די קלאַסישע הילף- און דערקוויקונג-מיטלען. מיר קאָנען ריידן וועגן דעם מיט דעם גאַנצן יראת-הכבוד, ווייל אַלץ איז ביי אים אין אַ גרויסן פאָרמאַט, גרויסאַרטיקן קיניגלעכן פאָר-מאַט און מיר דערנידעריקן נישט אים און נישט אונז, זען מיר ריידן מענטשלעך וועגן דעם.

— ס'גייט נישט וועגן אונז — האָט זי געזאָגט און ווידער פאַרלייגט די הענט — מ'וואָלט נישט זיין קיין פרוי, אויב מ'וואָלט נישט גרייט זיין אויך צו פאַרבייסן דערנידעריקונגען צוליב אַ מאַן, צוליב אַ מאַן פון אַ גרויסן פאָרמאַט, ווי דו זאָגסט, פאַר וועלכן מ'איז אַן אָביעקט פון געפיל און פון מורא פאַרן געפיל.

— אומבאַדינגט, קלאַוודיאַ. זייער גוט געזאָגט. אויך די דער-נידעריקונג באַקומט דעמאָלט פאָרמאַט. די פרוי קאָן דעמאָלט פון דער הויך פון איר דערנידעריקונג ריידן צו יענע, וועלכע האָבן נישט קיין קיניגלעכן פאָרמאַט, מיט אַזאַ ביטול, ווי דו האָסט פריער גערעדט צו מיר וועגן timbres poste און מיט דעם טאָן, בעת דו האָסט געזאָגט: „אַלנפאַלס דאַרפט איר דאָך כאָטש זיין פּרעציז און מ'זאָל זיך קאָנען אויף אייך פאַרלאָזן“.

האָסט דיך געפילט געטראָפן? לאָז דאָס. לאָמיר שיקן די עמפּפינדלעכקייט צו אַלדי רוחות, — ביסט מסכים? איך בין אויך טיילמאָל געווען עמפּפינדלעך, איך בין עס דיר מודה, ווייל מיר זיצן שוין יאָ צוזאַמען היינטיקן אָוונט. ס'האָט מיך פאַרדראָסן. דיין פלעג-מאַטישקייט און פאַרוואָס דו האָסט דיך צו אים אַזוי דערנענטערט צוליב דעם עגאָיסטישן חשק צו איבערלעבנישן, פונדעסטוועגן האָט עס מיך געפרייט און איך בין דיר געווען דאנקבאַר, וואָס דו ווייזט אים אַרויס יראת-הכבוד... אין דיין אויפפירונג איז געווען אַ סך לאָיאַליטעט, און כאָטש ס'האָט זיך דאָ אַריינגעמישט אויך אַ ביסל אימפּערטינענץ, האָב איך עס סוף-כל-סוף געמוזט אָננעמען פאַר גוט פון דיין זייט.

— דאָס איז געווען זייער פיין פון דיין זייט.

זי האָט אים אָנגעקוקט. — דאַכט זיך, אַז ביסט אַ באַרפאַ־לענער. כ׳וועל דיר זאָגן: דו ביסט אַ דורכגעטריבענער בחור. איך ווייס נישט, צי דו האָסט גייסט. אָבער דורכגעטריבן ביסטו אומ־באַדינגט. גוט, אַגב, מ׳קאָן דערמיט לעבן. מ׳קאָן דערמיט אויפ־האַלטן פריינטשאַפט. לאָמיר האַלטן פריינטשאַפט, שליסן אַ בונד פאַר אים, אַקוראַט ווי מ׳שליסט אַמאָל אַ בונד קעגן עמעצן. גיסט מיר דערויף די האַנט? מיר באַפאַלט אָפט אַ שרעק... איך האָב טיילמאָל מורא פאַר דעם זיין אַליין מיט אים, פאַר דעם אינערלעכן זיין אַליין, ...tu sais * ער איז דערשרעקנדיק... איך האָב טייל־מאָל מורא, אַז ער וועט נישט האָבן קיין גוטן סוף... עס נעמט מיך טיילמאָל אָן אַ גרויל... איך וואָלט גערן געוואָלט האָבן אַ גוטן מענטש אין מיין זייט... Enfin **, אויב דו ווילסט וויכן, בין איך אפשר דערפאַר געקומען מיט אים אַהער...

זיי זיינען געזעסן קני ביי קני. ער אין דער וויג־שטול, זי אויף דער באַנק. ביי די לעצטע ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט פאַר זיין פנים, האָט זי אים אַ דריק געטאָן זיין האַנט. ער האָט געזאָגט:

— צו מיר? אָ, דאָס איז שיין. אָ, קלאַוודיאַ, דאָס איז באמת אויסערגעוויינלעך. דו ביסט מיט אים געקומען צו מיר? און דערביי זאָגסטו נאָך, אַז מיין וואַרטן איז געווען נאַריש, אומדערלאָזבאַר און אינגאַנצן אומזיסט? עס וואָלט געווען אין דער העכסטער מדרגה אומגעלומפערט, איך זאָל נישט קאָנען אָפּשאַצן דיין פאָרשלאָג אויף פריינטשאַפט, אויף פריינטשאַפט מיט דיר פאַר אים...

זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין מויל אַריין. עס איז געווען אַן אמת רוסישער קוש, פון דעם מין, וועלכע מ׳גיט אין דעם וויטן נשמהדיקן לאַנד אין גרויסע קריסטלעכע חגאות, ווי אַ סימן פון ליבשאַפט. היות ס׳האָבן אָבער דעם קוש זיך געגעבן אַ נאָטאָ־ריש דורכגעטריבענער יונגערמאַן און אַ אויך נאָך יונגע, רייצנד־קריכנדיקע פרוי, דערמאָנען מיר זיך, בעת מיר דערציילן וועגן דעם

---

* פראַנצויזיש: דו ווייסט.

** פראַנצויזיש: סוף כּל סוף.

נישט ווילנדיק און פון דער ווייט אין ד"ר קראָקאָווסקיס קונציקן, כאָטש נישט אומפּאַרדעכטיקן אופן צו ריידן וועגן דער ליבע אין שטילן, וואַקלדיקן זין, אַזוי, אַז קיינער איז נישט זיכער געווען, צי האַנדלט זיך דאָ וועגן עפּעס פרומס אָדער תאווהדיק-קערפּערלעכס. צי מיר מאַכן עס אַזוי ווי ער אָדער האַנס קאַסטאָרפּ און קלאַוודיאַ שאָשאַ האָבן עס אַזוי געמאַכט מיט זייער רוסישן קוש? און וואָס וועט מען זאָגן, ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט קיין חשק צו דערגרונטעווען אָט-די פראַגע? לויט אונזער מיינונג איז עס אַפילו אַנאַליטיש, אָבער אויף דער העכסטער מדרגה אומגעלומפּערט — כדי איבערצוחזרן האַנס קאַסטאָרפּס שטייגער ריידן — און אַפילו אומפריינטלעך „ריין" אונטערצושיידן אין ליבע-ענינים צווישן פרומען און תאווהדיקן. וואָס הייסט דאָ ריין! און וואָס — וואַקלדיקער זין און צווייטייטיקייט! מיר מאַכן דערפון אָפן חוזק. איז עס דען נישט גרויס און גוט, וואָס די שפּראַך פאַרמאָגט בלויז איין וואָרט פאַר אַליץ, וואָס מ'קאָן אונטער דעם פאַרשטיין, פון סאַמע פרומסטן ביז דעם קערפּערלעך-תאווהדיקסטן? דאָס איז אינגאַנצן איינדייטיק אין אָט-דער צווייטייטיקייט, ווייל ליבע קאָן נישט זיין אומקערפּערלעך ביי דער סאַמע פרומקייט און נישט אומפרום אין דער סאַמע תאווהדיקייט. זי איז אַלעמאָל זי אַליין סיי-זי אַ דורכגעטריבענע לעבנס-פריינטלעכקייט, סיי-ווי די העכסטע מערטירעראישקייט, זי איז די סימפּאַטיע מיט דעם אָרגאַנישן, דאָס רירנדיק-תאווהדיקע אַרומנעמען פון עפּעס, וואָס איז באַשטימט זיך פונאַנדערצופאַלן. כאַריטאַס* איז אַוודאי נאָך פאַראַן אין דער שטאַרקסטער און פאַרברענטסטער ליידנשאַפט. אַ וואַקלדיקער זין? אָבער לאָז מען, גאָט מיינער, לאָזן דעם זין פון דער ליבע בלייבן וואַקלדיק! דאָס, וואָס ער איז וואַקלדיק, איז זיין לעבעדיקייט און מענטשלעכקייט און אויב עמעץ זאָל האָבן עגמת-נפש פון אָט-דער וואַקלדיקייט, וואָלט עס געווען אַ פאַרפאַלענער מאַנגל אין דורכגעטריבנקייט.

בשעת די ליפּן פון פרוי שאָשאַ און האַנס קאַסטאָרפּ באַגעגענען זיך אין רוסישן קוש, מאַכן מיר טונקל אונזער קליין טע-

---

* באַרעמהאַרציקייט.

אַטער און בייטן די סצענע. איצט גייט עס וועגן דעם אַנדערן שמועס פון די ביידע, וועגן וועלכע מיר האָבן צוגעזאָגט צו דער־ציילן. מיר באַלייכטן די סצענע. באַלייכטן זי טונקל אין אַ פרילינג־טאָג, וואָס האַלט זיך שוין ביים ענדיקן, אין דער צייט פון שניי־שמעלצן. מיר זעען דאָ אונזער העלד, ווי נישט איינמאָל שוין, ביים בעט פון גרויסן פעעפערקאָרן, ווי זיי פירן אַ בכבודיקן און פריינטלעכן שמועס. נאָך דער טיי פיר אַ זייגער אין עס־זאַל, צו וועלכער פרוי שאָשאַ איז — ווי שוין פריער צו דריי מאָלצייטן — געקומען איינע אַליין און איז באַלד נאָכדעם אַוועק אויף אַ sho-phing* שפּאַציר קיין „פלאַץ", האָט האַנס קאַסטאָרפּ זיך געלאָזט אָנמעלדן ביים קראַנקן האָלענדער, כדי אים מבקר־חולה צו זיין, ווי דער שטייגער איז. געטאָן האָט ער עס, טיילווייז, כדי אים אַרויסצו־ווייזן אויפמערקזאַמקייט און אים אַ ביסל צו ווילן, טיילווייז כדי זיך פון זיין זייט אַ וואַרעם צו טאָן ביי דער פערזענלעכקייט, בקיצור, צוליב וואַקלדיקע מאָטיוון. פעעפערקאָרן האָט אַוועקגעלייגט דעם „טע־לעגראַף" אין אַ זייט, האָט אָנגענומען דעם האָרנעם צוויקער אויף דער נאָז ביים הענטל און אַרויפגעוואָרפן אויף דער צייטונג און האָט דערלאַנגט דעם גאַסט די קאַפּיטאַנישע האַנט; זיינע ברייטע, צעריסענע ליפּן האָבן בשעת־מעשה אומדייטלעך באַוועגט זיך און מיט אַ ווייטאָגדיקן אויסדרוק. ווי געוויינלעך, איז געווען פאַר אים אָנגעגרייט רויטער ווין און קאַווע. דאָס קאַווע־געשיר איז געשטאַנען אויף דער שטול ביים בעט, ברוין, באַנעצט פון באַנוצן. מיינהער האָט געטרונקען זיין נאָכמיטאָג־קאַווע, אַ שטאַרקע און הייסע, מיט צוקער און סמעטענע, ווי געוויינלעך, און ער האָט געשוויצט דערפון. זיין קיניגלעך פּנים מיט די ווייסע האָר אַרום איז געווען געררויטלט און אויף דעם שטערן און אויף דער אייבערשטער ליפּ זיינען ביי אים געשטאַנען קליינע טראָפּנס.

— איך שוויץ אַ ביסל — האָט ער געזאָגט. — ברוך־הבא, יונגערמאַן, אַדרבא. זעצט אייך! דאָס איז אַ סימן פון שוואַכקייט, ווען עמעץ הייבט אָן תיכף נאָכדעם ווי ער טרינקט אויס הייסע

---

* ענגליש: איינצוקויפן.

קאַווע — ווילט איר מיר — זייער ריכטיק. דאָס טאַשנטוך. איך דאַנק זייער. אַגב, איז די רויטקייט באַלד אָפּגעגאַנגען און אָפּגע־טרעטן פלאַץ פּאַר געלבלעכער בלאַסקייט, וועלכע פלעגט באַדעקן דאָס פּנים פון מעכטיקן מאַן נאָך אַן אָנפאַל. דאָס וועקסל־פיבער איז געווען שטאַרק היינטיקן פאַרמיטאָג אין אַלע דריי סטאַדיעס, אין דער קאַלטער, גליענדיקער, פייכטער, און פּעעפּערקאָרנס קליינע בלאַסע אויגן האָבן געקוקט מאַט אונטער די קנייטשן־אַראַבעסקן פון זיין שטערן. ער האָט געזאָגט:

— עס איז — דורכאויס, יונגערמאַן. איך וואָלט געוואָלט דורכ־אויס דאָס וואָרט „אָנערקענונגסווערט“ — אַבסאָלוט. עס איז זייער פריינטלעך פון אייך אַן אַלטן קראַנקן מאַן —

— צו באַזוכן? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט... חלילה, מיינהער פּעעפּערקאָרן. איך בין דער, וואָס דאַרף זיין דאַנקבאַר, הלמאַי איך קאָן דאָ אַ ביסל זיצן. איך האָב אָן אַן ערך מער דערפון, ווי איר. איך קום צוליב ריין עגאָיִסטישע טעמים. און וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַלשע באַצייכענונג פאַר אייער פּערזאָן „אַ קראַנקער, אַלטער מאַן“. קיין מענטשן וועט נישט איינפאַלן, אַז דאָס מיינט איר זיך. עס גיט אינגאַנצן אַ פאַלש בילד.

— גוט, גוט — האָט געענטפערט מיינהער אין האָט אויף עטלעכע סעקונדן צוגעמאַכט די אויגן, האָט אַנידערגעלייגט דעם מאַ־יעסטעטישן קאָפּ מיטן אַרויסגערוקטן קין אויפן קישן, האָט פאַר־לייגט זיינע לאַנג־נעגלדיקע פינגער אויף דער ברייטער קיניגלעכער ברוסט, וועלכע האָט זיך אָפּגעצייכנט אונטער דעם טריקאָט־העמד.— עס איז גוט, יונגערמאַן, אָדער פיל מער — איר מיינט עס גוט, איך בין איבערצייגט דערין. עס איז געווען אָנגענעם נעכטן נאָכמי־טאָג, אַוודאי — נעכטן נאָכמיטאָג נאָך — אין יענעם גאַסטהויז — איך האָב פאַרגעסן דעם נאָמען — דאָרטן, וואו מיר האָבן גע־האַט אָט־די אויסגעצייכנטע סאַלאַמי־וואורשט מיט דער אייער־שפּייז און מיט דעם געזונטן דאָרפישן וויין. —

— ס'איז געווען הערלעך! — האָט מסכּים געווען האַנס קאַס־טאָרפּ — מיר האָבן אַלע טועס געווען אינגאַנצן נישט לעגאַל. דער קוך־שעף פון „בערגהאָף“ וואָלט באמת געווען באַליידיקט, ווען

ער וואָלט דאָס געווען צוגעזען. בקיצור, מיר האָבן עס אָפּגעאַר־
בעט אַלע אָן אויסנאַם געשמאַק! ס'איז געווען סאַלאַמי פון סאַמע
בעסטן מין, הער סעטעמבריני איז געווען אינגאַנצן געריערט דערפון,
ער האָט עס געגעסן, אַזוי צו זאָגן, מיט פייכטע אויגן. ער איז
אַ פּאַטריאָט, אויב איר ווילט וויסן, אַ דעמאָקראַטישער פּאַטריאָט.
ער האָט געהייליקט זיין בירגערלעכע פיקע ביים מזבח פון דער
מענטשהייט, כדי מען זאָל נעמען אין דער צוקונפט אַן אָפּצאָל
פון דער סאַלאַמי־וואורשט, ביי דער ברענער־גרענעץ*.

— דאָס איז נישט דער עיקר — האָט דערקלערט פּעעפּער־
קאָרן. — ער איז אַ ריטערלעכער און פריילעך באַריידעוודיקער מענטש,
אַ קאַוואַליער, הגם ער קאָן זיך נישט פאַרגינען צו אָפט צו בייטן
זיינע מלבושים.

— בכלל נישט! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט. — ער
קאָן זיך עס בכלל נישט פאַרגינען: איך קאָן אים שוין אַ לאַנגע
צייט און בין זייער באַפריינדט מיט אים, דאָס הייסט, ער האָט
זיך מיט מיר פאַראינטערעסירט אויף דעם דאַנקבאַרסטן אופן, וויל
ער האָט אַיינגעפונען, אַז איך בין אַ „ציטערדיק קינד פון לעבן".
דאָס איז אַזאַ אויסדרוק צווישן אונז, וואָס איז נישט פאַר יעדן
גלייך פאַרשטענדלעך. ער גיט זיך די מי צו ווירקן אויף מיר,
כ'זאָל גיין אין גוטן וועג. אָבער כ'האָב אים קיינמאָל נישט גע־
זען אַנדערש אָנגעטאָן, סיי זומער, סיי ווינטער ווי אין די גע־
קראַטעוועטע הויזן און אינם אויסגעריבענעם ראָק מיט די טאָפּל־
קנעפּ. ער טראָגט, אַגב, די אַלטע מלבושים מיט גרויס אָפּגע־
היטקייט, דורכאויס קאַוואַליערמעסיק, דערמיט בין איך מיט אייך
אינגאַנצן מסכים. עס איז אַ נצחון איבער דעם דלות, ווי ער
טראָגט עס, און מיר איז די דאָזיקע אָרעמקייט אַפילו ליבער ווי
די עלעגאַנץ פון קליינעם נאַפטאַ, וועלכע מאַכט אַן אויסטערלישן
איינדרוק און שמעקט מיט עפּעס טייוואָלניש. די מיטלען דערצו
קריגט ער הינטנאַרום — איך ווייס אַ ביסל וועגן דעם.

ד. ה. די איטאַליענישע גרעניץ זאָל זיך געפינען ביים ברענער־פּאַס אין
טיראָל, וואָס האָט נאָך דעמאָלט, פאַר דער וועלט־מלחמה, געהערט צו עסטרייך.

— אַ ריטערלעכער און פריילעכער מענטש — האָט פּעפּער־קאָרן איבערגעחזרט, נישט ענטפערנדיק אויף דער באַמערקונג וועגן נאַפטען — כאָטש — דערלויבט מיר די באַגרענעצונג — נישט אָן פּאָראורטיילן. מאַדאַם שאָשאַ, מיין וועג־באַגלייטערין, האַלט נישט איבעריק שטאַרק פון אים, איר האָט עס אפשר באַמערקט. זי דריקט זיך אויס נישט סימפּאַטיש וועגן אים, אָן שום ספק, ווייל זי האָט אין דער האַלטונג קעגן אים אַזעלכע פּאָראורטיילן — קיין וואָרט נישט, יונגערמאַן! איך בין זייער ווייט דעם הער סעטעמברינע און אייערע פּריינטשאַפטלעכע געפילן קעגן אים — דערליידיקט! ס'פּאַלט מיר נישט איין צו זאָגן, אַז גראָד אין יענעם פונקט פון העפלעכקייט, וועלכע אַ קאַוואַליער דאַרף אַרויסווייזן אַ דאַמע — פּערפעקט, ליבער פריינט, דורכאויס אָן שום פאָרוואורף. פונדעסטוועגן איז דאָ דאָ אַ גרענעץ, אַן איינגעהאַלטנקייט, אַ געוויסע רע—קו—זאַציע*, וועלכע מאַכט דער מאַדאַמס מענטשלעכע שטימונג בנוגע אים אין אַ הויכן גראַד —

— באַגרייפלעך. פאַרשטענדלעך. באַרעכטיקט אין אַ הויכער מאָס. זייט מיר מוחל, מיינהער פּעפּערקאָרן, וואָס איך האָב אַליין פאַרענדיקט אייער זאַץ. איך האָב עס געקאָנט ריזיקירן, האָבנדיק דאָס באַוואוסטזיין, אַז איר זענט איינגאַנצן מסכים מיט מיר. באַזונדערס, ווען מען נעמט אין אַכט, ווי ווייט די פרויען (איר מעגט שמייכלען וואָס איך רייד ביי מיינע יונגע יאָרן אַזוי אַלגעמיין וועגן פרויען) זיינען אין זייער באַציִונג צום מאַן אָפּהענגיק פון מאַנס באַציִונג צו זיי, — איז שוין גאָרנישטאָ וואָס זיך צו וואונדערן. די פרויען, וואָלט איך מיך אויסגעדריקט, זיינען רעאַקטיווע באַשעפעניש. אָן זעלבשטענדיקער איניציאַטיוו, אָפּגעלאָזן אין זין פון פּאַסיוו... דערלויבט מיר, כ'בעט אייך, איך זאָל דאָס פרווון באַגרינדן, כאָטש ס'וועט מיר אָנקומען שווער. די פרוי, אויף וויפל איך האָב עס געקאָנט פעסטשטעלן, באַטראַכט זיך אין ליבע־ענינים קודם־כל פאַר אַן אָביעקט. זי וואַרט אָפּ, זי קלייבט נישט אויס פריי. זי ווערט אַ אויסוויילנדיקער סוביעקט פון ליבע ערשט אויפן גרונד

* צוריקהאַלטונג.

פון מאַנס אָפּקלייב. אַפילו דעמאָלט, דערלויבט מיר צוצוגעבן, איז איר פרייער אויסקלייב (בתנאַי, אַז ס'האַנדלט זיך נישט וועגן גאָר אַ נידעריקער בריאה פון אַ מאַנספּאַרשוין, כאָטש דאָס איז נאָך אייך נישט קיין שטרענגער באַדינג). — איז, הייסט עס, איר פרייער אויסקלויב זייער באַגרענעצט און באַאיינפלוסט דורך דעם פאַקט, וואָס זי איז געקליבן געוואָרן. ליבער גאָט, איך זאָג אפשר אַרויס הוילע נאַרישקייטן, אָבער ווען מ'איז יונג, איז דעם מענטש, נאַטירלעך, אַלץ ניי, ניי און דערשטוינענדיק. איר פרעגט אַ פרוי: „דו האָסט אים ליב?“ — „ער האָט מיך אַזוי שטאַרק ליב“ — ענטפערט זי אייך מיט צעעפנטע אָדער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. נו, פרוווט אייך פאָרשטעלן אַזאַ ענטפער אין מויל פון אונזער איינעם — אַנטשולדיקט, וואָס כ'רייד אַזוי אין כלל. אפשר זיינען פאַראַן מענער, וואָס וואָלטן אַזוי געמוזט ענטפערן, אָבער אַזעלכע זיינען דורכאויס קאָמיש, פאַנטאָפל־העלדן פון דער ליבע, עפּיגראַמאַטיש אויסגעדריקט. איך וואָלט געוואָלט וויסן, פון וואָס פאַר אַ זעלבסטאָפּשאַצונג ס'שטאַמט אַזאַ ווייבלעכער ענטפער. צי האַלט די פרוי, אַז זי איז שולדיק אומענדלעכע איבערגעגעבנקייט דעם מאַן, וואָס האָט באַגנעדיקט אַזאַ נידעריקן באַשעפעניש, ווי זי מיט זיין ליבע־אָפּקלייב, אָדער צי זעט זי אין דער ליבע פון מאַן צו איר פערזאָן אַ זיכערן סימן פון זיין שלימות. איך האָב שוין נישט איינמאָל געטאָן אַ טראַכט וועגן דעם אין שטילע שעהן —

— אייביקע פראָבלעמען, קלאַסישע פאַקטן, איר הערט אָן, יונגערמאַן, מיט אייערע געשיקטע קורצע ווערטער הייליקע ענינים — האָט געענטפערט פעפּערקאָרן — דעם מאַן פאַרשיכורט זיין גיריקייט, די פרוי וויל און שטרעבט, זי זאָל פאַרשיכורט ווערן פון זיין גיריקייט. דערפון נעמט זיך אונזער פאַרפליכטונג צום געפיל. דערפון נעמט זיך די מוראדיקע חרפה פון געפילאָזיקייט, פון דער אוממעכטיקייט צו וועקן אין דער פרוי באַגער. איר טרינקט מיט מיר אַ גלאָז רויטן וויין? — איך טרינק. עס דאָרשט מיך. איך האָב היינטיקן טאָג אַ סך געשוויצט.

— איך דאַנק זייער, מיינהערר פּעעפּערקאָרן. ס'איז אַפילו נישט מיין צייט, נאָר אַ שלוק צו טרינקען פאַר אייער געזונט בין איך אַלעמאָל גרייט.

— אויב אַזוי, נעמט דאָס וויין־גלאָז. אויפן אָרט איז נאָר דאָ איינס. באין־ברירה וועל איך נעמען דעם וואַסער־בעכער. איך קלער, אַז כ'וועל נישט פוגע בכבוד זיין אַט־די משקה, ווען כ'וועל זי טרינקען פון אַ פּשוט גלאָז — — ער האָט אָנגעגאָסן און דער גאַסט האָט אים געמוזט דערביי צוהעלפן, ווייל די קאַפּיטאַנישע האַנט האָט לייכט געציטערט. דערנאָך האָט ער דאָרשטיק אַריינגעגאָסן דעם רויטן וויין פון דעם גלאָז אין זיין גאָרגל אַריין, אַקוראַט ווי ס'וואָלט געווען ריין וואַסער.

— דאָס דערקוויקט — האָט ער געזאָגט — איר טרינקט נישט מער? אויב אַזוי, דערלויבט, כ'זאָל מיר נאָכאַמאָל — — ביים צווייטן מאָל אָנגיסן האָט ער פאַרגאָסן אַ ביסל וויין. דער איבערצוג פון זיין קאָלדרע איז געווען טונקל־רויט באַפלעקט. — איך חזר איבער — האָט ער געזאָגט מיט אַן אויפגעהויבענעם אויסגעשפּיצטן פינגער און אין דער אַנדערער האַנט האָט דערביי געציטערט דאָס וויין־גלאָז — איך חזר איבער: דערפון נעמט זיך אונזער פאַרפליכטונג, אונזער רעליגיעזע פאַרפליכטונג צום געפיל. אונזער געפיל, פאַרשטייט איר, איז די מענלעכע קראַפט, וואָס וועקט דאָס לעבן. דאָס לעבן דרעמלט. עס וויל אויפגעוועקט ווערן, כדי צו פראַווען אַ פאַרשיכורטע חתונה מיט דעם געטלעכן געפיל. ווארעם דאָס געפיל, יונגערמאַן, איז געטלעך. דער מענטש איז געטלעך, אויף וויפל ער פילט. ער איז דאָס געפיל פון גאָט. גאָט האָט אים באַשאַפן, כדי צו פילן דורך אים. דער מענטש איז גאָרנישט מער, ווי דער אָרגאַן, דורך וועלכן גאָט פראַוועט זיין חתונה מיט דעם אויפגעוועקטן און באַרוישטן לעבן. אויב זיין געפיל פאַרלירט דעם כוח, איז ער מחרף ומגדף, עס איז די מפּלה פון גאָטס מענלעכער קראַפט, אַ קאָסמישע קאַטאַסטראָפע, אַ אומגרייפלעכע שרעקלעכקייט — ער האָט געטרונקען.

— דערלויבט, איך זאָל אייך צונעמען דאָס גלאָז, מיינהערר פּעעפּערקאָרן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — איך פאָלג נאָך

אייער געדאַנקען־גאַנג צו מיין גרויסן נוצן. איר האָט דאָ אַנטוויקלט אַ טעאָלאָגישע טעאָריע, אין וועלכער איר האָט צוגעשריבן דעם מענטש אַ העכסט בכבודיקע, כאָטש אַ ביסל אַן איינזייטיקע רעליגיעזע פונקציע. ס'איז פאַראַן, אויב ס'איז מיר דערלויבט צו באַמערקן, אַ געוויסער ריגאָראָזקייט אין אייער באַנעם און דאָס האָט אין זיך עפּעס דערדריקנדיקס — זייט מוחל! יעדע רעליגיעזע שטרענגקייט איז נאַטירלעך, דערדריקנדיק פאַר מענטשן פון קליינעם פאָרמאַט. עס פאַלט מיר נישט איין, איך זאָל אייך וועלן פאַרריכטן, איך וואָלט נאָר געוואָלט אין שייכות מיט אייערע אויסדריקן זיך אומקערן צו יענע געוויסע „פּאָראָורטיילן“, וועלכע הער סעטעמבריני ווייזט אַרויס, ווי איר האָט באַמערקט, דער מאַדאַם שאָשאַ, אייער וועג־באַגלייטערין. איך קען דעם הער סעטעמבריני לאַנג, שוין זייער לאַנג, זינט וויפל יאָרן, זינט וויפל יאָרן. איך קאָן אייך אַיך דערביי פאַרזיכערן, אַז זיינע פּאָראָורטיילן, אויף וויפל ער האָט בכלל אַזעלכע, טראָגן לחלוטין נישט קיין קליינלעכן און קליינבירגערלעכן כאַראַקטער — ס'וואָלט געווען לעכערלעך צו טראַכטן עפּעס אַזוינס. דאָ קאָן זיך האַנדלען בלויז און דווקא וועגן פּאָראָורטיילן פון גרעסערן סטיל און ממילא וועגן אומפּערזענלעכע, וועגן אַלגעמיין־פּעדאַגאָגישע פּרינציפּן, און טאַקע ביי זייער דורכפירונג האָט סעטעמבריני, איך בין עס אָפן מודה, מיך כאַראַקטעריזירט ווי דאָס „ציטעריקע קינד פון לעבן“ — אָבער דאָס פירט צו ווייט. עס איז אַ צו ברייטער ענין, וועלכן מ'קאָן נישט אין צוויי ווערטער —

— און איר האָט ליב די מאַדאַם שאָשאַ? — האָט מיינהער פּעפּערקאָרן פלוצלונג אַ פרעג געטאָן און האָט אויסגעדרייט צום גאַסט זיין קיניגלעך פּנים מיט דעם וויטאָגדיק צעריסענעם מויל און די בלאַסע אויגן אונטער די שטערן־אַראַבעסקן... דאַנס קאַטאַסטראָפע איז דערשראָקן געוואָרן, ער האָט געשטאַמלט:

— צי איך... דאָס הייסט... איך פאַרער די פרוי שאָשאַ זעלבסטפאַרשטענדלעך, שוין צוליב דעם, וואָס זי —

— איך בעט אייך! — האָט פּעפּערקאָרן געזאָגט און אויסגעשטרעקט די האַנט מיט אַן אָפּהאַלטנדיקן זשעסט — לאָזט מיך — האָט ער ווייטער געזאָגט נאָכדעם ווי ער האָט אויף אַזאַ אופן

געשאַפן פלאַץ פאַר דעם, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן — לאָזט מיך איבערחזרן, אַז כ'בין ווייט דערפון פאַרצוואַרפן דעם איטאַליענישן הער, ער זאָל האָבן באמת באַגאַנגען אַ חטא קעגן די געבאָטן פון ריטערלעכקייט — איך מאַך קיינעם נישט אַזאַ פאָרוואורף, קיינעם נישט. אָבער מיר איז אויפפאַלנדיק — אין איצטיקן מאָמענט דערפרייט איך מיך — גוט, יונגערמאַן. דורכאויס גוט און שיין. איך פריי מיך, דערין איז קיין ספק נישטאָ. עס איז מיר באמת אָנגענעם. פונדעסטוועגן זאָג איך מיר — איך זאָג מיר קורץ און שאַרף: אייער באַקאַנטשאַפט מיט מאַדאַם שאָשאַ איז עלטער ווי די אונזעריקע. איר זענט שוין געווען אַמאָל דאָ צוזאַמען מיט איר. אַחוץ דעם איז זי אַ פרוי פון זעלטענע מעלות און איך בין נאָר אַן אַלטער קראַנקער מאַן. ווי קומט עס — זי איז היינט נאָכמיטאָג — ווייל איך בין נישט געזונט — אַוועק אין קוראָרט, כדי אַיינצוקויפן, אַליין און אָן באַגלייטונג — קיין אומגליק! ווייט נישט! אָבער ס'וואָלט געווען אָן שום ספק — — זאָל איך זאָגן, אַז צוליב דעם איינפלוס פון סיניאָר סעטעמברינים פעדאַגאָגישע פרינציפן, ווי איר רופט עס, האָט איר נישט דערפולט די ריטערלעכע — איך בעט מיך צו פאַרשטיין אויפן וואונק...

— אויפן וואונק. מיינהעער פעעפערקאָרן. אָ, ניין. להלוטין און בשום אופן נישט. איך בין אין מיינע מעשים אַבסאָלוט זעלבשטענדיק. פאַרקערט, ביי אַ געלעגנהייט האָט מיך אַפילו הער סעטעמבריני — — איך זע דאָ, צו מיין באַדויערן, ווייןפלעקן אויף אייער איבערצוג, מיינהעער פעעפערקאָרן. דאַרף מען נישט — מיר פלעגן שיטן דערויף זאַלץ, כל־זמן ס'איז נאָך געווען פריש —

— דאָס איז גאָרנישט — האָט פעעפערקאָרן געזאָגט און נישט אַראָפגענומען זיין בליק פון גאַסט.

האַנס קאַסטאָרפּ איז רויט געוואָרן.

— דער ענין – האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַלש שמייכעלע — איז דאָ אַ ביסל אַנדערש ווי געוויינלעך. דער גייסט פון אָרט, וואָלט איך זאָגן, איז נישט קיין קאָנווענציאָנעלער. די פריווילעגיעס האָט יעדער קראַנקער, אַ מאַן צי אַ פרוי. דערפאַר טרעטן אָפּ די פאָרשריפטן פון דער ריטערלעכקייט. איר זענט צייטווייליק שלאַף, מיינ־

העער פּעפּערקאָרן — אַן אַקוטע שלאַפֿקייט, אַ שלאַפֿקייט, וואָס איז אַקטועל. אַייער וועג־באַגלייטערין איז פֿאַרהעלטענישמעסיק געזונט. דערפֿאַר האַלט איך, אַז ס'איז אינגאַנצן געהאַנדלט לויט מאַדאַם שאָשאַס גייסט, ווען איך פֿאַרטרעט זי אין איר אָפּוועזנקייט אַ ביסל בײַ אַייך (אויף וויפֿל מ'קאָן דאָ ריידן וועגן פֿאַרטרעטן, האָ־האָ) שטאָט פֿאַרקערט — אַייך צו פֿאַרטראַטן בײַ איר און זי באַגלייטן אין קוראָרט אַראָפּ. ווי קום איך אויך דערצו, כ'זאָל אָנוואַרפֿן אַייער וועג־באַגלייטערין מיין ריטערלעכקייט? דערצו האָב איך נישט קיין שום רעכט און קיין מאַנדאַט. איך מוז זאָגן, אַז איך האָב אַ גרויסן חוש פֿאַר פּאָזיטיווע רעכט־פֿאַרהעלטענישן. בקיצור, איך האַלט, אַז מיין סיטואַציע איז אַ קאָרעקטע, זי איז אין איינקלאַנג מיטן אַלגעמיינעם מצב, זי איז בעיקר אין איינקלאַנג מיט מיינע אויפֿריכטיקע געפֿילן בנוגע אַייער פּערזאָן, מיינהעער פּעפּערקאָרן, און דערמיט, מיין איך, האָב איך אויף אַייער פֿראַגע — וואָרעם איר האָט דאָך מיר געשטעלט אַ פֿראַגע — געגעבן אַ באַפֿרידיקנדיקן ענטפֿער.

— אָ, זייער אָנגענעמען — האָט פּעפּערקאָרן געענטפֿערט — איך הער מיך צו נישט־ווילנדיק מיט פֿאַרגעניגן צו אַייערע גיכע, דראָבנע רייד, יונגערמאַן. זיי יאָגן ווי אַ וואַסער און פֿאַרהוֹנדיקן אָנגענעם דעם ענין. אָבער באַפֿרידיקנדיק — נישט. אַייער ענטפֿער באַפֿרידיקט מיך נישט אינגאַנצן — זייט מיר מוחל, וואָס איך אַנטוישט אַייך דערמיט. „ריגאָראָז". ליבע פֿריינט, איר האָט פֿריער באַנוצט דאָס וואָרט בנוגע געוויסע אָנשוייזונגען, וועלכע איך האָב אויסגעדריקט. אָבער אויך אין אַייערע אויסדריקן איז פֿאַראַן אַ געוויסע ריגאָראָזקייט, אַ שטרענגקייט און געצוואונגענקייט, וועלכע איז, ווי מיר דאַכט זיך, נישט אין הסכם מיט אַייער נאַטור, הגם איך קען דאָס שוין בײַ אַייך פֿון אַייער האַלטונג בנוגע געוויסע ענינים. איצט דערקאָן איך עס ווידער. עס איז די אייגענע געצוואונגענקייט, וועלכע איר ווייזט אַרויס בײַ אונזערע בשותּפֿותדיקע אויספֿלוגן, בײַ אונזערע שפּאַצירן קעגן דער מאַדאַם — מער קעגן קיינעם נישט. איר זענט מיר דערבאַר שולדיק אַן — דאָס איז אַ חוב, אַ שולדיקייט, יונגערמאַן. איך האָב נישט קיין טעות. די באַאָבאַכטונג

האָט זיך מיר צו־אָפּט באַשטעטיקט און ס'איז כמעט אוממעגלעך, אַז ס'זאָל זיך אויך אַנדערע נישט האָבן געוואָרפן אין די אויגן. דער חילוק קאָן בלויז זיין דער, וואָס יענע אַנדערע וויסן אפשר און אַפילו וואַרשיינלעך די סיבה פון אָט דער דערשיינונג.

מיינהעער פעעפּערקאָרן האָט גערעדט היינט נאָכמיטאָג מיט אַ נישט־געוויינלעך פּרעציזן און פאַרענדיקטן סטיל, כאָטש ר'איז אָפּגעשוואַכט געוועזן פונם אָנפאַל. ס'האָט כמעט געפעלט יעדע אָפּ־גערינסנקייט. ער איז האַלב געזעסן אין בעט, די מעכטיקע אַקסלען און דעם מאַיעסטעטישן קאָפּ — געווענדט צום גאַסט. איין אָרעם האָט ער געהאַלטן אויסגעשטרעקט איבער דער קאָלדרע. זיין קאַפּי־טאַנישע האַנט מיט די זומער־שפּרענקעלעך איז געווען גלייך אויפ־געשטעלט פון וואָלענעם אַרבל אַפּער און האָט געמאַכט דעם עק־זאַקט־קרייז, איבער וועלכן ס'האָבן זיך אויפגעהויבן די שפּיזיקע פינגער. זיין מויל האָט דערביי אַרויסגעגעבן די ווערטער אַזוי שאַרף און גענוי, אַפילו אַזוי פּלאַסטיש, ווי סעטעמבריני וואָלט זיך נאָר געקאָנט ווינטשן. ער האָט אַפילו גערעדט מיט אַ האַלזיקער „ר" אין די ווערטער „וואַרשיינלעך" און „געוואָרפן אין די אויגן".

— איר שמייכלט — האָט ער ווייטער גערעדט — איר דרייט בלינצלענדיק דעם קאָפּ אַהער־און־אַהין, איר זעט אויס ווי איר זאָלט זיך אין עפּעס וועלן אַריינטראַכטן און ס'געלינגט אייך נישט. פונדעסט־וועגן איז קיין שום ספק נישט, אַז איר ווייסט, וואָס איך מיין און וועגן וואָס ס'גייט. איך זאָג נישט, אַז איר רעדט קיינמאָל נישט עפּעס צו דער מאַדאַם, אָדער אַז איר ענטפערט נישט, ווען מען דאַרף. אָבער איך חזר איבער, עס געשעט מיט אַ באַשטימטער געצוואונ־גענקייט, גענויער: איר ווייכט אויס, מיידט אויס, און ווען מען קוקט זיך צו נעענטער, זעט מען, אַז איר מיידט אויס אַ געוויסע פאָרם. מ'האָט דעם אַיינדרוק, אויף וויפיל ס'גייט וועגן אייך, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַ געוועט, גלייך ווי איר וואָלט אייך אָפּגעשמועסט מיט דער מאַדאַם און איר טאָרט נישט לויט דער אָפּריידונג ווענדן זיך צו איר. איר מיידט אויס כסדר און אָן אויסנאַם זיך צו ווענדן צו איר. איר זאָגט איר נישט „איר".

— אָבער מיינהעער פּעעפּערקאָרן... וואָס קאָן דאָ פּאַר אַן אָפּשמועס...

— איך מאַך אייך אויפמערקזאַם אויף עפּעס, וואָס איר אַליין פּילט אויך מסתמא: אַז איר זענט בלאָס געוואָרן ביז אַראָפּ.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך נישט אומגעקוקט. ער האָט אַן איינגעבויגענער ווייטער שטאַרק געפּאָרעט זיך מיט די ווייסע פלעקן אויף דער קאָלדרע. — ס'האָט געמוזט קומען דערצו — האָט ער געטראַכט — דערצו איז עס געגאַנגען. איך האָב, מיין איך, אַליין אויך צוגעטאָן, ס'זאָל דערגיין דערצו. איך בין עס אין אַ געוויסער מאָס אויסן געווען, ווי ס'ווערט מיר אין דעם מאָמענט קלאָר. בין איך באמת געוואָרן אַזוי בלאַס? ס'קאָן אפשר מעגלעך זיין, ווייל איצט קאָן אַלץ אויפפלאַצן. ס'איז נישט קלאָר, וואָס ס'קאָן געשען. צי קאָן איך נאָך זאָגן ליגנט? ס'האָלט מיטגעגאַנגען, אָבער איך וויל עס גאָרנישט. דערהוייל האָב איך צו טאָן מיט אָט-די בלוט-פלעקן, פלעקן פון רויטן וויין דאָ אויף דעם איבערצוג.

אויף דער צווייטער צד האָט געשוויגן. די שטילקייט האָט מסתמא אָפּגעדויערט אַזוי אַ צוויי אָדער דריי מינוט — און מ'האָט ערשט געקאָנט איינזען, ווי לאַנג עס זיינען אָט-די קליינע צייט-מאָסן אין אַזאַ סיטואַציע.

אויפסניי אָנגעהויבן ריידן האָט פּיעטער פּעעפּערקאָרן.

— עס איז געווען אין יענעם אָוונט, ווען כ'האָב געהאַט דעם כבוד מיט אייך באַקאַנט צו ווערן — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ניגון און דערנאָך איז דאָס קול זיינעם שטילער געוואָרן, ווי דאָס וואָלט געווען דער ערשטער זאַץ פון אַ לענגערער געשיכטע. — מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ קליינע פייערונג, געגעסן און געטרונקען. צום סוף זיינען מיר אין אַ געהויבענער שטימונג, אין אַ מענטשלעך-פרייען און דרייסטן צושטאַנד, אין אַ שפּעטער שעה אָרעם ביי אָרעם אַוועק אויף נאַכטלעגער. ביים געזעגענען, דאָ ביי מיין טיר, איז מיך עפּעס באַפאַלן און איך האָב אייך געהייסן, איר זאָלט באַרירן מיט די ליפּן דעם שטערן פון דער פרוי, וועלכע האָט אייך פאָרגעשטעלט פאַר מיר ווי אַן אַמאָליקן גוטן פריינט פון דאַנען. איך האָב אויך איר דערלויבט צו טאָן פאַר מיינע אויגן אָט דעם

פייערלעכן טאַט ווי אַ צייכן פון דעם דערהויבענעם מאָמענט. אָבער איך האָב אָפּגעוואָרפן מיין פאָרשלאָג, אָפּגעוואָרפן מיטן מאָטיוו, אַז איך האַלט עס פאַר אַן אומזין צו קושן זיך מיט מיין ווער-באַגלייטערין אין שטערן. איך וועל נישט אָפּלייקענען, אַז דאָס איז געווען אַ דערקלערונג, וועלכע דאַרף אַליין האָבן אַ דערקלערונג, און איך זענט זי מיר שולדיק געבליבן ביז איצט. האָט איך חשק דעם חוב איצט אָפּצוגעבן?

אַזוי, דאָס האָט ער אויך באַמערקט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט און האָט זיך נאָך מער צוגעבויגן צו די פלעקן פון ווײַן און האָט געקראַצט אין איינעם פון זיי מיט דעם אײַנגעבויגענעם שפּיץ פון מיטל-פינגער. — אין תּוך אַריין, האָב איך דע-מאָלט געוואָלט, ער זאָל עס באַמערקן און פאַרגעדענקען, ווען נישט, וואָלט איך דאָס נישט געווען געזאָגט. אָבער וואָס וועט זיין? דאָס האַרץ קלאַפּט מיר גאַנץ גוט. צי וועט איצט אויסברעכן אַ קיניגלעכער צאָרן פון דער ערשטער מדרגה? אפשר וואָלט מען געדאַרפט אַ קוק טאָן צו זיין פויסט, וואָס איז שוין אפשר געבאַלט איבער מיר? איך געפין מיך דאָ אין אַ זייער-מאָדנער און געוואַלדיק פאַסקודנער לאַגע.

פּלוצלונג האָט ער דערפילט, אַז פּעעפּערקאָרנס האַנט האָט אָנגענומען זיין רעכט האַנט-געלענק.

איצט נעמט ער מיך, אָן ביי דער האַנט — האָט ער געטראַכט — נאָ, לעכערלעך, וואָס זיץ איך דאָ ווי אַן אָפּגעצוואָגענער הונט! צי האָב איך מיט עפּעס געזינדיקט קעגן אים? אויף קיין האָר נישט. קודם-כּל דאַרף האָבן תּרעומות דער מאַן אין דאַגעסטאַן. און דערנאָך דער און יענער. און דערנאָך איך. אויף וויפל כ'ווייס, האָט ער זיך בכלל נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן. וואָס-זשע קלאַפּט מיר אַזוי דאָס האַרץ? ס'איז שוין צייט, כ'זאָל מיך אויסגלייכן און אים אַ קוק טאָן אין גרויסמעכטיקן פּנים פראַנק און פריי, כאָטש מיט כּבוד.

אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. דאָס גרויסמעכטיקע פּנים איז געווען געל, די אויגן האָבן געקוקט בלאַס אונטער די אָנגעצויגענע קנייטשן-אַראַבעסקן פון שטערן. דער אויסדרוק פון די צעריסענע

ליפּן איז געווען אַ ביטערער. זיי האָבּן געלייענט איינער אין אַנ־אַנדערנס אויגן, דער גרויסער אַלטער און דער נישט־וויכטיקער יונ־גערמאַן. דערביי האָט דער ערשטער כּסדר געהאַלטן דעם אַנדערנס האַנט. צום סוף האָט פּעעפּערקאָרן שטיל אַרויסגעזאָגט:

— איר זענט געווען קלאַוודיעס געליבּטער, ווען זי איז דאָ געווען דאָס לעצטע מאָל?

האַנס קאַסטאָרפּ האָט נאָכאַמאָל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. האָט אים אָבּער גלייך אויפגעהויבּן, האָט טיף אײַנגעעטעמט און גע־געזאָגט:

— מיינהער פּעעפּערקאָרן! עס איז מיר אין דער העכסטער מאָס דערווידער אײַך צו זאָגן ליגן און איך זוך אַ מעגלעכקייט דאָס אויסצומיידן. עס איז נישט לייכט. ווען איך באַשטעטיק אײַער השערה, וואָלט איך געווען אַ באַרימער און ווען איך לייקן זי אָפּ, וואָלט איך געזאָגט ליגן. דאָס דאַרף מען אַזוי פאַרשטיין: איך האָבּ אַ לאַנגע צייט, זייער אַ לאַנגע צייט מיט קלאַוודיען — זייט מוחל — מיט אײַער איצטיקער וועג־באַגלייטערין צוזאַמען געוואוינט אין דער דאָזיקער סאַנאַטאָריע און אַפילו נישט געווען געזעלשאַפטלעך באַ־קאַנט מיט איר. דאָס געזעלשאַפטלעכע איז געווען אויסגעשלאָסן אין אונזערע באַציִונגען, אָדער אין מיינע באַציִונגען צו איר, וואָס זיי־ער מקור איז לויט מיין מיינונג אַ סודותדיקער. איך האָבּ אין מיין מחשבה קיינמאָל נישט גערעדט צו קלאַוודיען אַנדערש, ווי אויף „דו“ און אין דער ווירקלעכקייט איך נישט אַנדערש. וואָרעם אינעם אָוונט, אין וועלכן איך האָבּ אַראָפּגעוואָרפן פון זיך געוויסע פּעדאַ־גאָגישע צוימען, וועגן וועלכע מ'האָט ערשט נישט לאַנג גערעדט, און כ'האָבּ זיך דערנעענטערט צו איר (מיט אַן אויסרייד, וואָס איז מיר נאָענט געווען פון אַמאָל נאָך), איז פאָרגעקומען אַ מאַסקן־באַל. עס איז געווען אַ קאַרנאַוואַל־אָוונט, אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכער אָוונט, אַן אָוונט פון „דו“ זאָגן. דער „דו“ האָט דעמאָלט אויך אַ טרוימערישן און אומפאַראַנטוואָרטלעכן אופן געהאַט דעם פולן זין. עס איז אויך גלייכצייטיק געווען אַן אָוונט ערב קלאַוודיעס אָפּפאָרן.

— דעם פולן זין — האָט פּעעפּערקאָרן איבערגעחזרט — איר האָט עס זייער איידל — ער האָט אָפּגעלאָזט האַנס קאַסטאָרפּס

האַנט און האָט אָנגעהויבן מיט די פלאַכן פון זיינע לאַנג־נעגלדיקע קאַפּיטאַנישע הענט צו מאַסירן ביידע העלפטן פון פּנים, די אויגן, די באַקן און די גאָמבע. דערנאָך האָט ער פאַרלייגט די הענט אויף דעם מיט ווײַן־באַפלעקטן איבערצוג און האָט געלייגט דעם קאָפּ זייטיק, אין דער לינקער זייט, קעגן גאַסט, אַזוי ווי ער וואָלט אָפּגעקערט פון אים דאָס פּנים.

— איך האָב אײַך געענטפערט אַזוי ריכטיק, ווי מעגלעך, מײַ־נער פּעעפּערקאָרן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — און כ'האָב מיך געוויסנהאַפטיק באַמיט צו זאָגן נישט צופיל און נישט צו־ווייניק. עס איז מיר קודם־כל געגאַנגען דערין, איר זאָלט באַמערקן, אַז מ'האָט אין אַ געוויסער מאָס די ברירה אַרײַנצורעכענען אָדער נישט אַרײַנצורעכענען יענעם אָוונט פון פרײַען „דו" און פון געזע־גענוג, וואָרעם ס'איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער אָוונט, כמעט אויסערן לוח, אַ hors d'œuvre* אַזוי צו זאָגן, אַ עקסטרע־אָוונט, אַן איבער־אָוונט, דער ניין־און־צוואַנציקסטער פעברואַר. ס'וואָלט ממילא געווען אַ האַלבער ליגן, ווען איך וואָלט געווען אָפּגעלייקנט אײַער באַהויפּטונג.

פּעעפּערקאָרן האָט נישט געענטפערט.

— איך האָב גיכער געוואָלט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווי־דער אָנגעהויבן נאָך אַ פּויזע — אײַך זאָגן דעם אמת, כאָטש ס'האָט מיר געקאָסט דראָען צו פאַרלירן אײַער גוטע באַציִונג צו מיר. איך בין אײַך אָפן מודה, אַז דאָס וואָלט געווען פאַר מיר אַ שטאַרקער פאַרלוסט, כ'וואָלט געמעגט זאָגן: אַ קלאַפּ, אַן אמתער קלאַפּ, וועלכן מ'וואָלט געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעם קלאַפּ, וועלכן כ'האָב באַקומען, בעת פרוי שאָשאַ איז געקומען צו פאָרן אַהער נישט אַליין, נאָר ווי אײַער וועג־באַגלייטערין. איך האָב זיך געשטעלט אין אָט־דער סכנה, ווייל כ'האָב שוין לאַנג געשטרעבט הערצו, אַז ס'זאָל הערשן צווישן אונז קלאָרקייט: צווישן אײַך, פאַר וועלכן כ'האָב אַזויפיל יראת־הכבוד, און צווישן מיר. דאָס זעט מיר אויס שענער און מענטשלעכער (איר ווייסט דאָך, ווי קלאַוודיאַ רעדט

* פראנצויזיש: א זייטיקע זאך.

אַרויס אָט־דאָס וואָרט מיט איר פאַרכּישופט־צ׳געדושעט קול, אַזוי חנעוודיק אויסגעצויגן), איידער מ׳זאָל עס פאַרשווייגן און פאַרבאַהאַלטן. דערפאַר איז מיר טאַקע אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ, בעת איר האָט פריער אַרויסגעזאָגט אייער השערה.

קיין ענטפער נישט.

— נאָך איינס, מיינהער פּעעפּערקאָרן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווייטער גערעדט — צוליב נאָך עפּעס האָב איך געוואָלט אַרויס מיט קלאָרע דיבורים, נעמלעך, צוליב דער פּערזענלעכער דערפאַרונג, ווי אויפרעגנדיק ס׳קאָן ווירקן אין אָט־דער ריכטונג די אומזיכערקייט, דאָס זיין אָנגעוויזן אויף השערות. איר ווייסט שוין, הייסט עס, מיט וועמען קלאַוודיאַ האָט איבערגעלעבט, פאַרברענגט, דורכגעמאַכט, יאָ, טאַקע דורכגעמאַכט אַ ניין־און־צוואַנציקסטן פעברואַר, איידער ס׳איז אַנטשטאַנען די איצטיקע פּאָזיטיווע רעכטלעכע באַציִונג, וועלכע ס׳וואָלט געווען אַ שיגעון נישט צו רעספּעקטירן. פאַר מיר אַליין האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט דערגיין צו אָט־דער קלאָרקייט. הגם כ׳האָב גאַנץ קלאָר געוואוסט, אַז יעדער איינציקער געפינט זיך אין אַזאַ מצב, מוז זיין גרייט צו רעכענען זיך מיט פאַרגאַנגענהייט, אייגנטלעך, מיט פאַרגאַנגענע. איך האָב אַפילו אויך געוואוסט, אַז דער הויפראַט בערענס, וועלכער פאַרנעמט זיך דילעטאַנטיש, אויב איר ווייסט אפשר, מיט אייל־מאָלעריי, האָט אין משך פון אַ סך זיצונגען פאַרטיק געמאַכט פון איר אַן אויסגעצייכנטן פּאָרטרעט. ער האָט אַגב, אַזוי פּלאַסטיש איבערגעגעבן די הויט, אַז מ׳האָט באמת געקאָנט שטוינען. דאָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש און קאָפּברעכעניש, נאָך ביז היינט.

— איר האָט זי נאָך ליב? — האָט פּעעפּערקאָרן געפרעגט און איז געבליבן ליגן אין זיין פריערדיקער פּאָזיציע, דאָס הייסט: מיטן פּנים צו דער וואַנט... אין גרויסן צימער איז דערווייל געוואָרן אַלץ טונקעלער און טונקעלער.

— זייט מוחל, מיינהער פּעעפּערקאָרן — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אָפּגעענטפערט. — צוליב מיינע געפילן פאַר אייך, געפילן פון גרעסטן דרך־ארץ און באַוווּנדערונג, האַלט איך עס פאַר נישט־פּאַסיק צו ריידן מיט אייך וועגן מיינע געפילן פאַר איר.

— און זי — האָט פּעפּערקאָרן געפרעגט מיט אַ שטיל קול — טיילט מיט אייך די דאָזיקע געפילן ביז היינט?

— איך זאָג נישט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ אָפּגעענטפערט — איך זאָג נישט, אַז זי האָט זיי ווען־ס'איז געטיילט. דאָס גלויבט זיך כמעט נישט. מיר האָבן אָט־דעם ענין פריער באַרירט טעאָרעטיש, בעת מיר האָבן גערעדט וועגן דער רעאַקטיווער טבע פון די פרויען. אין מיר איז, נאַטירלעך, נישטאָ אַ סך וואָס ליב צו האָבן. וואָס פאַר אַ פּערזענלעכקייט בין איך דאָס — זאָגט אַליין! אויב עס האָט — האָט געקאָנט קומען צו אַ ניין־און־צוואַנציקסטן פעברואַר, דאַרף מען עס בלויז און נאָר צושרייבן דעם פאַקט, וואָס די פרוי פאַלט אַרונטער דעם אָפּקלייב פון מאַן. דערביי וואָלט איך אייך געוואָלט באַמערקן, אַז איך קום מיר פאַר באַרימעריש און געשמאַקלאָז, בעת איך רוף מיך אָן „מאַן“. קלאַוודיאַ איז אַלנפאַלס אַ פרוי.

— זי איז נאָכגעגאַנגען דעם געפיל — האָט פּעפּערקאָרן געמורמלט מיט צעריסענע ליפּן.

— בנוגע אייך האָט זי עס געטאָן אַ סך הכנעהדיקער — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — און שוין וואַרשיינלעך נישט איינמאָל — דאָס מוז זיין קלאָר פאַר יעדן איינעם, וואָס איז אין דער לאַגע —

— שטייט! — האָט פּעפּערקאָרן אַ זאָג געטאָן, נאָך אַלץ אָפּגעקערט, אָבער מיט אַ זשעסט פון זיין האַנט־פלאַך קעגן האַנס קאַסטאָרפן. — איז עס נישט קיין געמיינקייט, וואָס מיר ריידן אַזוי וועגן איר?

— געוויס נישט, מיינהער פּעפּערקאָרן. ניין, דערין קאָן איך אייך איינגאַנצן באַרויִקן. מ'רעדט דאָ וועגן מענטשלעכע זאַכן — דאָס וואָרט „מענטשלעך“ גענומען אין זין פון פרייהייט און געניאַלקייט. זייט מוחל דעם אפשר אַ ביסל צו־אויפגעבלאָזענעם אויסדרוק, די באַדערפעניש האָט מיך ערשט נישט לאַנג געבּרענגט דערצו, כ'זאָל מיך באַנוצן מיט אים.

— גוט, רעדט ווייטער! — האָט פּעפּערקאָרן באַפוילן שטיל.

אויך האַנס קאַסטאָרפּ האָט גערעדט שטילערהייט, זיצנדיק אויף דעם קאַנט פון דער שטול ביים בעט, צוגעבויגן צום קיניגלעכן אַלטן מאַן, מיט די הענט צווישן די קני.

— וואָרעם זי איז אַ גענ‍יאַל ווען — האָט ער געזאָגט — און דער מאַן הינטער קאַווקאַז — איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז זי האָט אַ מאַן הינטער קאַווקאַז — איז מסכים אויף איר פרייהייט און גענ‍יאַלקייט, צי פון טעמפּקייט, צי פון אינטעליגענץ — איך קאָן נישט דעם בחור. אַלנפאַלס טוט ער גוט דערמיט, וואָס ער איז מסכים דערויף, וואָרעם די קראַנקהייט גיט עס איר, דער גענ‍יאַלער פּרינציפּ פון דער קראַנקהייט, אונטער וועלכן זי איז אונטערגעוואָרפן. יעדער איינציקער, וואָס וועט זיין אין זיין לאַגע, וועט גוט טאָן, ווען ער וועט נאָכטאָן זיין ביישפּיל און וועט זיך נישט באַקלאָגן, נישט פאַר דעם געוויסן, נישט פאַר דעם שפּעטערדיקן...

— איר באַקלאָגט אייך נישט? — האָט פּעעפּערקאָרן געפרעגט און אויסגעדרייט צו אים דאָס פּנים... עס האָט אין דער טונקלקייט אויסגעזען אַש־גרוי. די אויגן האָבן געקוקט בלייך און מאַט אונטער די אַראַבעסקן פון די שטערן־קנייטשן, דאָס גרויסע, צעריסענע מויל איז געשטאַנען האַלב־געעפנט, ווי ביי אַ טראַגישער מאַסקע.

— איך האָב נישט געקלערט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט באַשיידן — אַז ס'גייט וועגן מיר. מיינע ווערטער זיינען אויסן געווען, איר זאָלט אייך נישט באַקלאָגן, מיינהער פּעעפּערקאָרן און איר זאָלט נישט פאַרלירן אייער גוטע באַציִונג צו מיר צוליב אַמאָליקע געשעענישן. דערין גייט עס מיר אין דעם מאָמענט.

— נישט געקוקט דערויף — האָט פּעעפּערקאָרן געזאָגט — האָב איך אייך געמוזט אָנטאָן אַ גרויסן ווייטאָג נישט ווילנדיק.

— אויב דאָס איז אַ פראַגע — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט — און אויב איך וועל ענטפערן יאָ, זאָל דאָס קודם־כל נישט הייסן, אַז איך האָב ניט געקאָנט אָפּשאַצן דעם גרויסן כבוד באַקאַנט צו ווערן מיט אייך. וואָרעם דער דאָזיקער כבוד איז אומצעשיידבאַר פאַרבונדן מיט דער אַנטוישונג, וועגן וועלכער איר רעדט.

אַדאַנק, יונגערמאַן, אַדאַנק. איך שעץ די העפלעכקייט פון אייערע דראָבנע רייד. אָבער נישט געקוקט אויף אונזער באַקאַנט־שאַפט —

— ס'איז שווער זי נישט צו נעמען אין אַכט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — און עס פּאַסט מיר גאָרנישט זי נישט צו נעמען אין אַכט, כדי אָפּצוענטפערן אויף אייער פראַגע אָן שום באַוואָרענישן. ווארעם דער פאַקט, אַז קלאַוודיאַ איז צוריקגעקומען אין דער באַגלייטונג פון אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי איר, האָט, נאַטירלעך, געקאָנט פאַרשטאַרקן און נאָך מאַכן קאָמפּליצירטער דאָס אומגליק, וואָס ליגט פאַר מיר דערין, וואָס זי איז בכלל צוריקגעקומען אין דער באַגלייטונג פון אַן אַנדער מאַן. עס האָט מיר אָנגעטאָן גענוג עגמת־נפש און ביז היינטיקן טאָג, איך לייקן עס נישט. איך האָב מיך דערפאַר בכיוון און מיט אַלע כוחות געהאַלטן אין דער פּאָזיטיווער זייט פון דער זאַך, דאָס הייסט: אין מיינע אויפריכטיקע פאַרערונג־געפילן פאַר אייך, מיינהעער פּעעפּערקאָרן. אין דעם האָט, אַגב, געשטעקט אַ קליינע צולהכעיסדיקייט בנוגע אייער ווען־באַגלייטערין. ווארעם די פרויען האָבן אַ קנאַפּע הנאה צוצוקוקן, ווי זייערע ליבהאָבער לעבן בשלום.

— פאַקטיש — האָט פּעעפּערקאָרן געזאָגט און האָט פאַרבאַהאַלטן אַ שמייכל, אַ גלעט טוענדיק מיט דער הוילער האַנט איבער דעם מויל און איבער דער גאָמבע, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, פרוי שאָשאַ זאָל נישט זען זיין שמייכל. אויך האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשמייכלט דיסקרעט און דערנאָך האָבן זיי ביידע צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אַ סימן, אַז זיי זיינען איינשטימיק.

— די דאָזיקע קליינע נקמה — האָט האַנס קאַסטאָרפּ גערעדט ווייטער — האָט מען מיר סוף־כל־סוף געקאָנט פאַרגינען, ווארעם אויף וויפיל ס'גייט וועגן מיר, האָב איך באמת אַ שטיקל סיבה צו באַקלאָגן זיך, — נישט אויף קלאַוודיען און נישט אויף אייך, מיינהעער פּעעפּערקאָרן, נאָך בכלל, אויף מיין לעבן און אויף מיין גורל. היות כ'האָב דעם כבוד צו געניסן פון אייער צוטרוי און דער־צו איז איצט נאָך אַזאַ מאָדנע בין־השמשות־שעה, וויל איך לכל הפחות פרוון אַרויסזאָגן ברמז.

— אַדרבא, מיט עס — האָט פּעעפּערקאָרן געזאָגט העפלעך. האַנס קאַסטאָרפּ האָט גענומען ווייטער ריידן:

— איך בין שוין דאָ אויבן זינט אַ לאַנגער צייט, מיינהעער פּעעפּערקאָרן, זינט יאָרן. איך ווייס נישט גענוי ווי לאַנג, אָבער ס'זיינען געווען לעבנס־יאָרן, דערפאַר האָב איך גערעדט וועגן „לעבן" און אויך צום „גורל" וועל איך מיך נאָך אומקערן אין ריכטיקן מאָמענט. מיין קוזין, צו וועלכן איך בין געקומען אַ ביסל צו גאַסט, אַ מיליטער־מענטש, איז געווען אַן ערלעכער און וואוילער בחור, אָבער ס'האָט אים גאָרנישט געהאָלפן און ער איז מיר אַוועקגעשטאָרבן. איך דערפאַר בין נאָך אַלץ דאָ. איך בין נישט געווען קיין מיליטער־מענטש, איך האָב געהאַט אַ ציווילע פּראָפעסיע, ווי איר האָט אפשר געהערט, אַ זיכערע און שכלדיקע פּראָפעסיע, וואָס האָט אַפילו, ווי ס'האָט עמעץ געזאָגט, אַ פעלקער־פאַרבינדנדיקע ווירקונג. אָבער איך בין צו מיין פּראָפעסיע קיינמאָל נישט געווען ספּע־ציעל צוגעבונדן, דאָס בין איך מודה, און דאָס, צוליב סיבות, וועגן וועלכע איך וויל נאָר זאָגן, אַז זיי ליגן אין דער טונקלקייט. זיי גייען זיך דאָרטן צונויף מיט דעם מקור פון מיינע געפילן פאַר אייער וועג־באַגלייטערין (איך רוף זי בפירוש אַזוי, כדי צו זאָגן דער־מיט, אַז עס פאַלט מיר גאָרנישט איין צו וועלן טשעפּען די פּאָ־זיציע רעכטלעכע לאַגע), מיט מיינע געפילן צו קלאַוודיע שאָשאַ און מיט מיין דו־באַציִונג צו איר, וואָס כ'האָב נישט געלייקנט, זינט אירע אויגן האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט מיינע און האָבן מיך פאַרכישופט, אויף אַ אומשכלדיקן אופן פאַרכישופט, פאַרשטייט איר. איר צוליב און צולהכעיס הער סעטעמברינין האָב איך מיך אונטערגעוואָרפן אונטער דעם פּרינציפּ פון דער אומשכל־דיקייט, אונמיער דעם געניאַלן פּרינציפּ פון דער קראַנקהייט, צו וועלכן כ'בין שוין אַוודאי משועבד געווען פון לאַנג און פון אַמאָל, און כ'בין געבליבן דאָ אויבן. איך ווייס מער נישט גענוי, ווי לאַנג איך האָב אַלץ פאַרגעסן און מיט אַלעמען איבערגעריסן, מיט מיינע קרובים, מיט מיין פלאַכלענדישער פּראָפעסיע און מיט אַלע מיינע פּערספּעקטיוון. ווען קלאַוודיע איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך געוואַרט אויף איר, נאָך אַלץ דאָ געוואַרט אויף איר, אַזוי, אַז כ'בין פאַר

דעם פּלאַכלאַנד, אינגאַנצן פאַרלוירן געוואָרן און אַזוי גוט ווי טויט.
דאָס האָב איך געהאַט אין זין, בעת כ'האָב גערעדט וועגן „גודל"
און האָב מיר דערלויבט מרמז צו זיין, אַז איך האָב אַלנפאַלס
אַ גרונד זיך צו באַקלאָגן אויף דער איצטיקער רעכטלעכער לאַגע.
איך האָב אַמאָל געלייענט אַ געשיכטע, ניין, איך האָב עס געזען
אין טעאַטער, ווי אַ גוטמוטיקער בחור — ר'איז, אגב, געווען אַ
מיליטער־מענטש, ווי מיין קוזין — הייבט אָן צו האָבן צו טאָן
מיט אַ רייצנדיקער ציגיינערין. זי איז געווען אַ רייצנדיקע, מיט אַ
בלום הינטער דעם אויער, אַ ווילדע, פאַטאַלע פּרוי און זי האָט
אים אַזוי פאַרכישופט, אַז ער איז אינגאַנצן אַרויס פון די כלים,
האָט אַלץ מקריב געווען פאַר איר, האָט דעזערטירט, איז מיט איר
אַוועק צו די שמוגלערס און האָט בכלל אין אַלע הינזיכטן פאַרלוירן
זיין ווערדע. ווען ס'האָט שוין געהאַלטן אַזוי ווייט, האָט זי אים
שוין געהאַט גענוג און איז אַרויסגעקומען מיט אַ מאַטאַדאָר, אַ
באַצווינגענדיקע פּערזענלעכקייט מיט אַ פּרעכטיקן באַריטאָן. געענדיקט
האָט זיך עס דערמיט, אַז דער יונגער סאָלדאַט מיט אַ קרייד־ווייס
פּנים און מיט אַ צעעפנט העמד האָט זי דערשטאָכן פאַר דעם
צירק מיט אַ מעסער און עס איז, אגב, גראָד געווען צו דער האַנט.
די געשיכטע, וועלכע איך האָב איצט דערציילט, האָט אפילו אַהער
קיין שום שייכות נישט. אָבער סוף־כל־סוף צו וואָס האָב איך זי
דערציילט?

בשעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „מעסער",
האָט מיינהער פּעפּערקאָרן אַ ביסל געענדערט זיין אופן זיצן אין
בעט, האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוקט אין אַ זייט, דערביי האָט ער
אינדערגיך אויסגעדרייט זיין פּנים צום גאַסט און האָט אים פאָרשנ־
דיק געקוקט אין די אויגן אַריין. איצט האָט ער זיך צוריק אויסגע־
גלייכט, האָט זיך אָנגעלענט מיט די עלנבויגנס און האָט געזאָגט:
— יונגערמאַן, איך האָב געהערט און איך האָב שוין אַ באַ־
גריף. דערלויבט מיר אויפן סמך פון אייערע רייד צו געבן אַ לאָ־
יאַלע דערקלערונג: ווען מיינע האָר וואָלטן נישט געווען גרוי און
ווען כ'וואָלט נישט געווען געשלאָגן מיט אַ בייז פיבער, וואָלט איך
מיך געזען גרייט אויף אַ מענטשלעכן אופן מיט וואָפן אין דער

האַנט צו געבן אײך אַ סאַטיספאַקציע פאַר דער עוולה, וואָס איך
האָב אײַך געטאָן בשוגג און איך פאַר דער עוולה, וועלכע ס׳האָט
אײַך געטאָן מיין וועג=באַגלייטערין און פאַר וועלכער איך נעם אויף
מיר די אַחריות. פערפעקט, מיין הער — איך וואָלט גרייט געווען.
אָבער אַזוי ווי די לאַגע איז איצט, מוזט איר מיר דערלויבן צו מאַכן
אַן אַנדערן פאָרשלאָג. און אָט איז ער. איך דערמאָן מיך, אין אַ
געהויבענעם מאָמענט, גלייך אין אָנהייב פון אונזער באַקאַנטשאַפט
(איך דערמאָן מיך דערין, כאָטש כ׳האָב דעמאָלט געהאַט אַ סך
איבערגעטרונקען), אין אַ מאָמענט, בעת איך בין געווען אָנגענעם
באַרירט פון אַייער ווען און האָב שוין געהאַלטן דערביי פאָרצו=
ליגן, מיר זאָלן אַריבער ברידערלעך אויף „דו״. איך האָב מיך אָבער
אָפּגעהאַלטן דערפון! ווייל דאָס וואָלט געווען אַ ביסל אַ צוגע=
איילטער שריט. גוט, איך פאַררוף מיך איצט אויף דער דאָזיקער
רגע, איך קער מיך אום צו איר און דערקלער, אַז דער אָפּגעלייגטער
טערמין איז שוין אָפּגעלאָפן. יונגערמאַן, מיר זיינען ברידער, איך
דערקלער אונז פאַר אַזעלכע. איר האָט גערעדט וועגן אַ „דו״ אין
פולן זין, אויך אונזער „דו״ וועט האָבן דעם פולן זין, דעם זין פון
ברידערלעכקייט און געפיל. די יאָרן און די שלאַפקייט האַלטן
מיך אָפּ צו געבן איר אַ סאַטיספאַקציע מיט געווער. איך לייג
זי אײַך דערפאַר פאָר אין אָט=דער פאָרם, איך לייג זי אײַך פאָר
אין דער פאָרם פון אַ ברודער=בונד, ווי מען שליסט אים געוויינלעך
קעגן דריטע, קעגן דער וועלט, קעגן עמעצן. מיר וועלן אים שליסן
צוליב אונזער שותפותדיק געפיל פאַר עמעצן. נעמט אַייער וויין=
גלאָז, יונגערמאַן, און איך וועל ווידער נעמען דאָס וואַסער=גלאָז,
כדי עס זאָל דעם יינגל נישט געשען קיין עוולה —

און מיט אַ לייכט=ציטערנדיקער קאַפּיטאַנישער האַנט האָט ער
אָנגעפילט די גלעזער און האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים דערביי צו=
געהאָלפן מיט ציטערנדיקער יראת=הכבוד.

— נעמט! — האָט פעפּערקאָרן ווידער אַ זאָג געטאָן — לאָ=
מיר זיך דורכנעמען די הענט! און טרינקט אַזוי=אַרום! טרינקט

אויס! — פּערפעקט, יונגערמאַן. דערליידיקט. דאָ איז מיין האַנט. ביסטו צופרידן?

— דאָס איז, נאַטירלעך, גאָרנישט דער אויסדרוק, מיינהער פּעעפּערקאָרן — האָט געענטפערט האַנס קאַסטאָרפּ, וועלכן ס'איז שווער אָנגעקומען אויסצוטרינקען דאָס פולע גלאָז מיט איין זופּ און ער האָט איצט אָפּגעווישט מיטן טאַשן־טיכל די קני, ווייל ס'האָט זיך דאָרטן פאַרגאָסן ווייַן — איך בין שטאַרק באַגליקט, ווייל איך ליבערשט זאָגן, און כ'קאָן עס נאָך גאָרנישט באַנעמען, ווי אַזוי דאָס איז געשען מיט מיר. עס זעט מיר אויס, אָפּן גערעדט, ווי אַ חלום. דאָס איז אַ געוואַלדיקער כבוד פאַר מיר — איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך האָב דאָס פאַרדינט, העכסטנס אויף אַ פּאַסיוון אופן, אויף קיין אַנדערן אַוודאי נישט. מ'דאַרף זיך דערפאַר נישט וואונדערן, פאַרוואָס ס'קומט מיר אין אָנהייב פאָר אויסטערליש אַרויסצוברענגען איבערן מויל די נייע ווענדונג און פאַרוואָס איך פּלאָנטער מיך. בפרט נאָך, ווען קלאַוודיאַ וועט זיין דערביי און וועט אפשר ווי אַ פרוי נישט אינגאַנצן מסכים זיין אויף דער דאָזיקער פירונג...

— לאָז דאָס איבער פאַר מיר! — האָט פּעעפּערקאָרן געענטפערט — און דאָס איבעריקע איז אַ זאַך פון רגילות! און איצט גיי, יונגערמאַן! לאָז מיך איבער אַליין, מיין זון! ס'איז פינסטער, ס'איז טיפער אָוונט, אונזער געליבטע קאָן אָנקומען יעדע רגע און אַ באַגעגעניש צווישן אייך וואָלט איצט אפשר נישט געווען אַזוי פּאַסיק.

— זייט געזונט, מיינהער פּעעפּערקאָרן! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען — איר זעט, איך בין גובר מיין באַרעכטיקטע מורא און לערן מיך שוין באַנוצן די חוצפהדיקע ווענדונג. ריכטיק, ס'איז טאַקע געוואָרן פינסטער! איך קאָן מיר פאָרשטעלן, אַז פּלוצלונג זאָל אַהיינקומען ס'זעטעמבריני און אויפדרייען דאָס ליכט, כדי ס'זאָלן נעמען הערשן שכל און געזעלשאַפטלעכקייט, — ער האָט שוין אַזאַ שוואַכקייט. צום ווידערזען ביז מאָרגן. איך גיי אַרויס פון דאַנען אין אַזאַ מאָס גליקלעך און שטאָלץ, ווי כ'וואָלט עס ווייט נישט געקאָנט מיר אויסחלומען. אַ רפואה

שלמה! איצט ווייסטו האָבן, לכל־הפּחות, דריי טעג אָן פּיבער, און וועלכע איר וועט זיך קאָנען פירן ווי איר ווילט. דאָס פרייט מיך אַזוי, גלייך ווי איך וואָלט געווען דו. אַ גוטע נאַכט!

---

## מיינהערר פּעפּערקאָרן

### (פּאַרענדיקונג)

אַ וואַסער־פאַל איז אַלעמאָל אַ צוציענדיק שפּאַציר־אָרט און מיר קאָנען כמעט נישט פאַרענטפערן דעם פאַקט, הלמאי האַנס קאַסטאָרפּ, וועלכער האָט אַפילו געהאַט אַ ספּעציעלן סענטימענט פאַר פאַלנדיק וואַסער, איז נאָך ביז איצט קיין איין מאָל נישט געווען ביי דער מאָלערישער קאַסקאַדע אין וואַלד פון פליעלאַ־טאָל. פאַר דער צייט, ווען ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט יאָאַכימען, קאָן מען עס אים מוחל זיין צוליב דער שטרענגער דיסציפּלינירטקייט פון זיין קוזין, וועלכער איז דאָ נישט געווען צוליב פאַרגעניגן. זיין זאַכלעכע צוועקמעסיקייט האָט גורם געווען, אַז זייער האָריזאָנט זאָל באַגרענעצט זיין אַרום דער נאָענטסטער געגנט פון דער סאַנאַטאָריע „בערגהאָף". אַפילו ווען יענער איז אַוועק, איז אין האַנס קאַסטאָרפּס באַציִונג צו דער היגער לאַנדשאַפט געבליבן (אויב מען וויל נישט נעמען אין אַכט זיינע סקי־שפּאַצירן) דער כאַראַקטער פון קאָנסערוואַטיווער איינטאָניקייט. דער קאָנטראַסט דערפון צו זיין ברייטער אינערלעכער דערפאַרונג אין די „רעגירונגס"־ענינים האָט אַפילו געהאַט פאַר דעם יונגנמאַן אַ געוויסן באַוואוסטזיניקן רייץ. פונדעסטוועגן האָט ער מיט הנאה מסכים געווען אויף דעם פּלאַן צו מאַכן אַ נסיעה אַהין מיט וועגן, וועגן וואָס מ'האָט גערעדט אין זיין ענגערן קרייז, אין דעם קליינעם פריינטשאַפט־קרייז, וואָס איז באַשטאַנען פון זיבן פּאַרשוין (צוזאַמען מיט אים).

עס איז שוין געווען מאַי, אָט דער זיסער חודש, וועלכן ס'באַזינגען די פשוטע קליינע לידלעך פון פלאַכלאַנד. דאָ אויבן איז ער געווען גאַנץ קיל און נישט זייער מילד, אָבער דאָס שניי־שמעלצן איז געווען אַ פאַרענדיקטע זאַך. אין די לעצטע טעג איז

אַפילו עטלעכע מאָל געפאַלן אַ גראָבער שניי, אָבער ר'איז נישט געבליבן ליגן, ער האָט בלויז איבערגעלאָזט אַ ביסל פייכטקייט. די הויערנדיקע שניי־מאַסן פון ווינטער זיינען אַיינגעזונקען געוואָרן, צעגאַנגען, איבערגעלאָזט בלויז איינצלנע רעשטלעך. די גרינקייט פון דער וועלט האָט ממש פאַרגעלייגט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען.

אין משך פון די לעצטע וואָכן האָט דער פאַרקער פון דער גרופע היפש געליטן דערפאַר, ווייל ס'האָט זיך שלעכט געפילט זייער ראש, דער מעכטיקער פּיעטער פעעפּערקאָרן. זיין בייז טראָפּיקאַליש פיבער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן נישט אונטער דער ווירקונג פון אויסערגעוויינטלעכן קלימאַט און נישט דורך די מעדיצינען פון אַזאַ גרויסן מעדיקער, ווי ס'איז הויפראַט בערענס. ער איז אַ סך געלעגן אין בעט, און נישט בלויז אין יענע טעג, ווען ס'האָט אים ווי געוויינטלעך געמוטשעט זיין פיר־טעג־פיבער. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט דער מילץ און מיט דער לעבער, ווי דער הויפראַט האָט זייטיק געגעבן אָנצוגעהערן דעם פּאַציענטס אייגענע מענטשן. אויך זיין מאָגן איז נישט געווען אינגאַנצן אין אָרדענונג און בערענס האָט אַפילו געגעבן אָנצוגעהערן וועגן דער סכנה פון אַ כראָנישער אָפּשוואַכונג, וועלכע מ'האָט נישט געקאָנט האַלטן פאַר גרינג אין דעם פאַל, כאָטש מ'האָט געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ מעכטיקער נאַטור.

בלויז מיט איין סעודה האָט מיינהעער פעעפּערקאָרן אָנגעפירט אין משך פון אָט־די וואָכן און בלויז אָנטייל גענומען אין איין נישט־ווייטן שפּאַציר. אַגב, צווישן אונז געשמועסט, האָבן די דאָזיקע לויזע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען האַנס קאַסטאָרפּן אַ ביסל געבראַנגט פאַרלייכטערונג, ווייל די ברודערשאַפט, וועלכע ער האָט געטרונקען מיט פרוי שאָשאַס וועג־באַגלייטער, האָט אים געשאַפן שוועריקייטן. עס האָט אַריינגעבראַנגט אין די עפנטלעכע שמועסן מיט פעעפּערקאָרנען די זעלבע „געצוואונגענקייט", דאָס זעלבע „אויסמיידן", ענלעך צו יענעם „אויסמיידן", ווי אויף אַ וועט, וואָס איז אַמאָל פעעפּערקאָרנען אויפפאַלנדיק געוואָרן אין האַנס קאַסטאָרפּס פאַרקער מיט קלאַוודיען. ער האָט מיט וואונדערלעכע קונצן אויסגעמיטן דירעקטע ווענדונגען, אויף וויפל מ'האָט זיי נישט געקאָנט.

אויסלאָזן. עס איז געווען די זעלבע אָדער גאָר אַ פאַרקערטע די־לעמע, וואָס האָט באַהערשט זיינע שמועסן מיט קלאַוודיען אין דער קעגנוואַרט פון אַנדערע און אַפילו בלויז אין דער קעגנוואַרט פון פּעע־פּערקאָרן גופא. איצט, אַדאַנק דער באַקומענער סאַטיספאַקציע, איז ער אַריינגעפאַלן ממש אין אַ טאָפּלטן קלעם.

איצט איז אַלנפאַלס געווען איפן טאָג־אָרדענונג דער פּלאַן וועגן אַן אויספלוג צום וואַסער־פאַל. פּעעפּערקאָרן אַליין האָט באַ־שטימט דעם שפּאַציר אַהין און ער האָט זיך געפילט פריש דערצו. עס איז געווען דער דריטער טאָג נאָך אַ פיבער־אָנפאַל. מיינהער האָט געלאָזט וויסן, אַז ער וויל אים אויסנוצן. צו די ערשטע מאָל־צייטן פון יענעם טאָג איז ער אַפילו נישט געקומען אין עס־זאַל, נאָר האָט זיי געגעסן ביי זיך אין סאַלאָן צוזאַמען מיט מאַדאַם שאָ־שאַ, ווי ס'איז לעצטנס זייער אָפט געווען דער שטייגער. אָבער שוין ביים פרישטיק האָט האַנס קאַסטאָרפּ דורך דעם הינקענדיקן משרת דער־האַלטן אַ באַפעל זיך צוצוגרייטן אויף אַ שפּאַציר אַ שעה נאָכן מיטאָג און אַז ער זאָל אויך איבערגעבן דעם דאָזיקן באַפעל די הערן פערגע און ווייזאַל און אויך מודיע זיין סעטעמברינין און נאַפטען, אַז מ'וועט פאַרבייפאָרן פאַר זיי. ער האָט אויך געדאַרפט באַשטעלן צוויי קאַרעטעס אויף דריי אַ זייגער.

אין דער באַשטימטער צייט האָט מען זיך צונויפגעטראָפן ביים טויער פון „בערגהאָף“. האַנס קאַסטאָרפּ, פערגע און ווייזאַל האָבן דאָרטן אָפּגעוואַרט די הערשאַפטן פון די אַפּאַרטאַמענטן און זיך פאַרווילט דערמיט, וואָס זיי האָבן געגלעט די פערד, וועלכע האָבן ביי זיי מיט שוואַרצע, פייכטע, מגושמדיקע ליפּן געגעסן שטיקלעך צוקער פון די הענט. פּעעפּערקאָרן מיט פרוי שאָשאַ זיינען אַרויס עט־וואָס פאַרשפּעטיקט אויף די דרויסנדיקע טרעפּ. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז ביי פּעעפּערקאָרנען איז דער קיניגלעכער קאָפּ געוואָרן אַ ביסל שמעלער. ער איז געשטאַנען אויבן אין זיין לאַנגן, אַ ביסל אָפּגעטראָ־גענעם אולסטער לעבן קלאַוודיען און האָט אַראָפּגענומען זיין ווייכן, קיילעכיקן הוט. זיינע ליפּן האָבן שטילערהייט אַרויסגעזאָגט אַן אַל־געמיין באַגריסונגס־וואָרט. דערנאָך האָט ער דערלאַנגט די האַנט יעדן

פון די דריי הערן, וועלכע זיינען אַקעגנגעגאַנגען דעם פּאָר ביז צו די טרעפּ.

— יונגערמאַן – האָט ער געזאָגט דערביי צו האַנס קאַסטאָרפּן און האָט אים אַרויפגעלייגט די לינקע האַנט אויפן אַקסל... ווי גייט עס, מיין זון?

— דעם האַרציקסטן דאַנק. און דער צווייטער צד? – האָט ער געענטפערט...

די זון האָט געשיינט, ס'איז געווען אַ שיינער, העלער טאָג, אָבער מ'האָט פונדעסטוועגן געטאָן גוט, וואָס מ'האָט אָנגעטאָן די פּאַלטן. בעתן פאָרן וועט אָן שום ספק זיין קיל. אויך מאַדאַם שאָשאַ האָט געטראָגן אַ וואַרעמען מאַנטל פון האָריקן ברייט-געקראַטקעווען שטאָף און אַפילו מיט אַ קליינעם פוטערנעם קאָלנער. דעם ראַנד פון איר פילץ-הוט האָט זי זייטיק איינגעבויגן מיט אַ אָליוון-פאַרביקן שלייער, וואָס איז צוגעבונדן געווען אונטער דער גאָמבע און עס האָט איר אַזוי חנעוודיק געפּאַסט, אַז ס'רוב אָנוועזנדיקע האָבן דערפילט אַ ווייטאָג, — אָן אויסנאַם איז געווען פערגע, דער איינציקער, וואָס איז נישט געווען פאַרליבט אין איר. אַדאַנק דער דאָזיקער גלייכגילטיקייט האָט מען אים ביי דערוויילן פאַרטיילן די פּלעצער, ביז נאַפטאַ און סעטעמבריני וועלן אַיינזעצן, געגעבן אַן אָרט קעגנאיבער מיינהעער פּעעפּערקאָרן אין מאַדאַם שאָשאַ, אין ערשטן וואָגן. האַנס קאַסטאָרפּ און פערדינאַנד וועזאַל האָבן זיך איינגעזעצט אין צווייטן; האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערביי באַמערקט, אַז קלאַוודיאַ האָט שפּאָטיש אַ שמייכל געטאָן. אויך דער דראָבנער מאַלאַיִשער קאַמערדינער האָט גענומען אָנטייל אין דעם אויספלוג. ער איז אַרויסגעקומען נאָך זיינע באַלעבאַטים מיט אַ היפּשן קויש, פון וועלכן ס'האָבן אַפּערגעשטאַרט די העלזער פון צוויי ווין-פלעשער. ער האָט אים אַוועקגעשטעלט הינטערן זיך פון דעם ערשטן וואָגן און אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעם קוטשער און פאַרלייגט די הענט, האָבן די פערד באַקומען זייער צייכן און די וואָגנס האָבן זיך געלאָזט פאָרן אַראָפּ מיט אָנגעצויגענע האַמולצעס.

אויך וויזאַל האָט באַמערקט פרוי שאָשאַס שמייכל. ער האָט געוויזן זיינע קאַליעדיקע ציין און וועגן דעם עפּעס געזאָגט צו האַנס קאַסטאָרפּן:

— איר האָט געזען — האָט ער געפּרעגט — ווי זי מאַכט חוזק פון אייך, הלמאַי איר מוזט פאַרן מיט מיר אַליין? יאָ, יאָ, ווען ס'גייט שלים־מזל, פון דעם מאַכט מען אויסצודרייען. ס'פאַר־דריסט אייך טאַקע און ס'עקלט אייך, וואָס איר זיצט לעבן מיר?

— באַרויקט אייך, וויזאַל, און רעדט נישט אַזוי נידערטרעכטיק! — האָט אים האַנס קאַסטאָרפּ אָפּגעמוסרט. — פרויען שמייכלען ביי יע־דער געלעגנהייט, אַבי צו קאָנען שמייכלען. עס איז איבעריק יעדעס מאָל צו זוכן אַ סיבה. וואָס מאַכט איר אַלעמאָל אַזעלכע קרומע מינעס? איר האָט, ווי מיר אַלע, אייערע מעלות און חסרונות. איר שפּילט, צום ביישפּיל, זייער שיין דעם „חלום פון אַ זומער־נאַכט“, נישט יעדער איינער קאָן דאָס. איר דאַרפט עס אינגיכן ווידער טאָן.

— יאָ, איר רעדט אַזוי צו מיר פון אויבן־אַראָפּ — האָט גע־ענטפערט דער עלנטער מענטש — און איר ווייסט גאָרנישט, וויפל אומפאַרשעמטקייט ס'איז פאַראַן אין אייער טרייסט און אַז איר דער־נידעריקט מיך נאָך טיפער דערמיט. ס'איז אייך גוט צו ריידן און צו טרייסטן שטייענדיק הויך, וואָרעם אויב איר זענט אַפילו איצט גאַנץ היפש לעכערלעך, זענט איר אַלנפאַלס אַמאָל געשטאַנען הויך און געווען אין זיבעטן הימל גרויסער גאָט, און איר האָט געפילט אירע אָרעמס אַרום אייער נאַקן און דאָס אַלץ, גרויסער גאָט, ס'נעמט מיר ברענען אין דער שלונג און אין גריבל פון האַרץ, ווען איך טראַכט וועגן דעם. איצט קוקט איר מיטן פולן באַוואוסטזיין וועגן דעם, וואָס איר האָט גענאָסן, אויף מיינע בעטלערישע פּיין...

— שיין דריקט איר אייך נישט אויס, וויזאַל. עס איז אַפילו זייער אָפּשטויסנדיק — כ'דאַרף עס פאַר אייך נישט פאַרבאַהאַלטן — ווייל איר וואַרפט מיר פאָר אומפאַרשעמטקייט. עס מ'ז זיין אָפּשטויס־דיק. איר באַמיט אייך דווקא צו מאַכן זיך דערווידערדיק און איר קרימט אייך אָן אויפהער. זענט איר דען באמת אַזוי אומגעהייער פאַרליבט אין איר?

— מוראדיק — האָט ווייזאַל געענטפערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ — ס'איז גאָרנישט אַרויסצוזאָגן, וואָס איך האָב אויסצושטיין צוליב מיין דאָרשט און מיין באַגער צו איר. איך וואָלט געוואָלט, כ'זאָל קאָנען זאָגן, אַז דאָס וועט מיך דערפירן צום טויט, אָבער מ'קאָן דערמיט נישט לעבן און נישט שטאַרבן. בשעת זי איז אַוועק, האָט אָנגעהויבן צו גיין אַ ביסל בעסער, זי איז מיר ביסלעכווייז אַרויס פון זינען, אָבער זינט זי איז ווידער דאָ און איך האָב זי יעדן טאָג פאַרן אויג, דערגייט עס טיילמאָל דערצו, אַז איך נעם מיר בייסן די הענט און שלאָג מיר קאָפּ אין דער וואַנט און קאָן מיר נישט קיין עצה געבן. אַזאַ זאַך דאַרף נישט זיין, אָבער מ'קאָן דערפון נישט פטור ווערן. דער, וועמען דאָס האָט געפּאַקט, דער קאָן עס נישט פאַרטרייבן, מ'וואָלט גלייכצייטיק פאַרטריבן דאָס לעבן, מיט וועלכן ס'האָט זיך צונויפגעגאָסן און דאָס קאָן מען טאַקע נישט. וואָס וואָלט מען געהאַט דערפון, ווען מ'וואָלט געשטאָרבן? שפּעטער — מיט פאַרגעניגן. אין אירע אָרעמס — אַדרבא ואַדרבא. אָבער פריער — דאָס איז אַן אומזין, ווייל דאָס לעבן איז פאַרלאַנג און דער פאַרלאַנג איז דאָס לעבן און קאָן נישט זיין קעגן זיך אַליין, דאָס איז אַ פאַרשאָלטענער כישוף־קרייז. אויב כ'זאָג אַפילו אַ „פאַרשאָלטענער", זאָג איך עס נאָר, ווייל ס'רעדט זיך אַזוי און כ'זאָג עס אַזוי, גלייך איך וואָלט געווען אַן אַנדערער. איך אַליין קאָן נישט טראַכטן אַזוי. עס זיינען פאַראַן אַזויפיל טאָרטורן, קאַסטאָרפּ, און ווער ס'ווערט געפייניקט פון טאָרטורן, דער וויל פון זיי פטור ווערן, וויל פשוט און אומבאַדינגט דערפון פטור ווערן, דאָס איז זיין ציל. אָבער פון דער טאָרטור פון תאווה קאָן מען פטור ווערן בלויז אויף דעם וועג און בתנאי, אַז זי ווערט געשטילט, אַנדערש נישט. אַנדערש פאַר קיין פרייז נישט! אַזוי איז דאָס געמאַכט. ווער ס'שטעקט נישט דערין, דער פאַרטראַכט זיך נישט צופיל, אָבער דער, וועמען ס'פּאַקט, ווערט אַ בקי, דעם גייען די אויגן איבער. גאָט אין הימל, וואָס פאַר אַן איינאָרדענונג און פאַר אַן ענין איז דאָס, וואָס פלייש באַגערט אַזוי צו פלייש, נאָר דערפאַר, ווייל ס'איז נישט דאָס אייגענע, נאָר געהער צו אַ פרעמדן. ווי אויסטערליש און, אין תוך, ווי נישט־פּרעטענציאָנעל דאָס פלייש

איז אין זיין פאַרשעמטער ליבהאָבעריי! מ'וואָלט קאָנען זאָגן: אויב
עס וויל נישט מער ווי דאָס, זאָל מען אים, גאָט אין הימל, נאָכ=
געבן! וואָס וויל איך דען, קאַסטאָרפ? איך וויל זי דערהרגענען? איך
וויל פאַרגיסן איר בלוט? איך וויל זי נאָר צערטלען! קאַסטאָרפ, לי=
בער קאַסטאָרפ, זייט מוחל, וואָס איך אויקע, אָבער זי וואָלט דאָך
געקאָנט, גאָט אין הימל, מיר צוליב טאָן! עס איז דאָך דאָ דער'ן עפּעס
העכערס, קאַסטאָרפ, איך בין דאָך נישט קיין בהמה, אויף מיין שטיי=
גער בין איך דאָך אַ מענטש! די קערפּערלעכע תאַווה איז חל דאָ
אויף דעם, דאָ אויף יענעם, זי איז נישט געבונדן און נישט פיק=
סירט, דערפאַר רופן מיר זי אָן בהמיש. אויב זי ווערט, אָבער, פיק=
סירט צו איין מענטש מיט איין צורה, דעמאָלט רעדט שוין אינ=
זער מויל וועגן ליבע. איך גלוסט דאָך נישט בלויז צו איר קער=
פּער און צו דער פליישיקער געשטאַלט פון איר לייב. ווען אין
איר פּנים וואָלט בלויז איין קליין קנייטשעלע געווען אַנדעריש, קאָן
זיין, אַז איך וואָלט גאָרנישט פאַרלאַנגט איר גאַנץ לייב, און דער=
פון זעט מען, אַז איך האָב ליב איר נשמה און אַז כ'האָב זי
ליב מיט דער נשמה. ווייל די ליבע צום פּנים איז נשמה=ליבע...
—וואָס איז מיט אַייך, ווייזאַל? איר זענט דאָך אינגאַנצן אויסער
זיך און איר רעדט, איין גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ דיבורים...
— אָבער דאָס איז עס דאָך טאַקע, דאָס איז דאָך טאַקע
דאָס אומגליק — האָט דער עלנטער ווייזאַל ווייטער גערעדט —
וואָס זי האָט אַ נשמה, וואָס זי איז אַ מענטש מיט אַ גוף און
אַ נשמה! וואָרעם איר נשמה וויל גאָרנישט וויסן פון מיינער און
דערפאַר אויך נישט איר לייב פון מיינעם, אַזאַ צרה, אַזאַ אומ=
גליק און דערפאַר איז מיין באַגער פאַרמשפט אויף שאַנד און
מיין לייב מוז זיך אייביק מוטשען! פאַרוואָס וויל זי מיט איר גוף
און נשמה גאָרנישט וויסן פון מיר, קאַסטאָרפ, און פאַרוואָס איז
איר מיין פאַרלאַנג אַ גרויל?! איך בין דען נישט קיין מאַנסביל? צי
איז אַ דערווידערדיקער מאַן קיין מאַן נישט? איך בין עס אַפילו
אין דער העכסטער מאָס, איך שווער אַייך, איך וואָלט אַלץ איבער=
שטייגן, וואָס איז געווען, ווען זי עפנט מיר אירע אָרעמס, וועלכע
זיינען אַזוי שיין, ווייל זיי געהערן צו דער צורה פון איר נשמה! איך

וואָלט איר אָנגעטאָן אַלע תּענוגים פֿון דער וועלט, קאַסטאָרפּ, ווען ס'וואָלט געגאַנגען בלויז וועגן לייב, נישט וועגן דער צורה, ווען נישט איר פֿאַרשאָלטענע נשמה, וואָס וויל פֿון מיר גאָרנישט וויסן. אָבער אָן איר וואָלט איך ווייטער נישט באַגערט איר לייב, — עס איז אַ טייוולאָניש פֿאַרדאָסטער כּישוף־קרייז, אין וועלכן איך דריי מיך אייביק!

— ווייזאַל, פּסט, שטעלער אַ ביסל! דער קוטשער פֿאַרשטייט אַייך דאָך. ער רירט אַפֿילו בכּיוון נישט מיטן קאָפּ, אָבער איך דער־קען אין זיין רוקן, אַז ער הערט זיך צו.

— ער פֿאַרשטייט און הערט זיך צו, אָט האָט איר עס, קאַס־טאָרפּ! אָט האָט איר ווידער די אײַנאָרדענונג און דעם ענין אין דער גאַנצער אייגנאַרטיקייט און כאַראַקטער! ווען איך וואָלט גערעדט וועגן פּאָלינגענעזיע אָדער וועגן... הידראָסטאַטיק, וואָלט ער עס נישט פֿאַרשטאַנען, וואָלט קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָלט זיך נישט צו־געהערט און וואָלט זיך נישט אינטערעסירט. וואָרעם יענץ איז נישט פּאָפּולער. אָבער דער העכסטער און לעצטער און שווידערלעך־סודות־דיקער ענין, די פֿראַגע פֿון לייב און נשמה, אָט דאָס איז גלייכצייטיק די סאַמע פּאָפּולערסטע זאַך און יעדער איינער פֿאַרשטייט עס און קאָן חוזק מאַכן פֿון יענעם, וועמען ס'האָט געפּאַקט און ביי וועמען דער טאָג איז איין תּאַווהדיקע פּיין און די נאַכט — אַ גיהנום פֿון שאַנד! קאַסטאָרפּ, ליבער קאַסטאָרפּ, דערלויבט מיר אַ ביסל צו אויסקען, וואָרעם איך האָב שוין איינמאָל נעכט! יעדע נאַכט חלום איך פֿון איר, אַך, וואָס מיר חלומט זיך אַלץ וועגן איר. עס נעמט מיר ברענען אין דער שלונג און אין גריבל פֿון האַרץ, ווען איך טראַכט וועגן דעם! און אַלעמאָל ענדיקט זיך עס דערמיט, אַז זי גיט מיר פּעטש, פּאַטשט מיר איבערן פּנים און טיילמאָל שפּייט זי מיך אָפּ, זי שפּייט מיך אָפּ מיט אַ נשמה־פּנים, וואָס איז פֿאַר־קרימט פֿון עקל און דערנאָך כאַפּ איך מיך אויף באַגאָסן מיט שווייס און שאַנד און תּאַווה...

— אַזוי, ווייזאַל, נו, לאָמיר איצט שטיל זיין און נישט ריידן, ביז מיר וועלן צוקומען צום בשמים־קרעמער און עמעץ וועט זיך צו אונז אַריינזעצן. דאָס איז מיין פֿאָרשלאָג און מיין עצה. איך

וויל איך נישט אָנטאָן קיין יסורים און בין מודה, איך געפינט זיך אין אַ ביטערן מצב. אָבער ביי אונז אין שטוב פלעגט מען דערציילן אַ געשיכטע וועגן אַ מענטש, וועלכער איז באַשטראָפט געוואָרן דערמיט, וואָס בעתן ריידן זיינען אים אַרויס פון מויל שלאַנגען און זשאַבעס, מיט יעדן וואָרט אַ שלאַנג אָדער אַ זשאַבע. ס'שטייט נישט געשריבן אין בוך, ווי אַזוי דער מענטש האָט רעאַגירט, אָבער איך האָב אַלעמאָל אָנגענומען, אַז ער האָט זיך באַמיט צו האַלטן דאָס מויל.

— ס'איז אָבער אַ מענטשלעכע באַדערפעניש — האָט וויזאַל געזאָגט נעבעכדיק — ס'איז אַ מענטשלעכע באַדערפעניש, ליבער קאַסטאָרפ, צו ריידן און זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, אויב מ'איז אין אַזאַ ביטערן מצב ווי איך.

— ס'איז אַפילו אַ מענטשלעך רעכט, וויזאַל, אויב אירווילט. אָבער ס'זיינען פאַראַן רעכט, לויט מיין מיינונג, פון וועלכע מ'דאַרף ביי געוויסע באַדינגונגען על־פּי־שכל נישט מאַכן קיין געברויך.

זיי זיינען געבליבן שטיל ווי האַנס קאַסטאָרפ האָט באַפוילן. אַגב, זיינען די וועגן באַלד צוגעקומען צום בשמים־קרעמערס וויין־באַוואַקסענעם הייזל, וואו מ'האָט נישט געדאַרפט וואַרטן קיין אייל. נאַפטאַ און סעטעמבריני זיינען שוין געווען אינדרויסן, דער לעצטער אין זיין אָפּגעקוימלט פעלצל, דער ערשטער דערפאַר אין אַ ווייסלעך־געלן פרילינג־איבערציער, וואָס איז אומעטום געווען געשטעפּט און געשמיקט מיט עלעגאַנץ. מ'האָט צוגעשאָקלט, געגריסט זיך, דערביי האָבן די וואָגנס זיך אויסגעדרייט און ביידע האָבן זיך אַריינגעזעצט. נאַפטאַ האָט זיך געזעצט אויפן פערטן אָרט אין ערשטן וואָגן לעבן פערגען. סעטעמבריני איז געווען אין גלענצנדיקן הומאָר און האָט געשיט מיט וויצן. ער האָט זיך צוגעזעצט צו האַנס קאַסטאָרפ און וויזאַל. דער לעצטער האָט אים אָפּגעטרעטן זיין אָרט אין טיפן זיץ פון וואָגן. סעטעמבריני האָט דאָרט אָנגענומען די עלעגאַנט־נאַכלעסיקע האַלטונג פון אַ קאָרסאָ־פאָרער.

ער האָט געלויבט די הנאה פון פאָרן, דאָס באַוועגן דעם קערפּער אין אַ באַקוועמען רו־צושטאַנד און ביי אַ כסדרדיק זיך טוישנ־

דיקער לאַנדשאַפט. בנוגע האַנס קאַסטאָרפּן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ פּאָטערלעכע פריינטלעכקייט און האָט אַפילו דעם עלנטן וויזאַל אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק, דערביי האָט ער אים אויפגעפאָדערט, ער זאָל פאַרגעסן זיין אומסימפּאַטישן איך און באַוואונדערן די ליכטיקע וועלט אַרום, איך וועלכער ער האָט אָנגעוויזן מיט זיין רעכטער האַנט אין דער אויסגעקראָכענער לעדערנער הענטשקע.

די נסיעה איז געווען אַן אויסגעצייכנטע. די פערד, לעבעדיקע, וויסגעפלעקטע אַלע פיר, קרעפּקע, גלאַטע און זאַטע, זיינען מיט אַ פעסטן טאַקט געלאָפן איבער דעם גוטן וועג, וועלכער האָט נאָך נישט געשטויבט. ביים ראַנד זיינען טיילמאָל אַרויסגעטרעטן פעלזן־חורבות, וואָס אין זייערע שפּאַלטן האָבן געשפּראָצט גראָז און בלומען, טעלעגראַף־סלופּעס זיינען געפלויגן אויף צוריק, ס׳האָבן אויפגעטויכט בערג־וועלדער, שיינע קרומע וועגן, צו וועלכע מ׳איז צוגעפאָרן און געלאָזט הינטער זיך, האָבן אונטערגעהאַלטן די ווע־גישע נייגעריקייט און ס׳האָט נאָך אַליץ ערגעץ אָפּגעגלאַנצט ווייט אין דער זון שניי אויף די בערג. די טאָל־געגנט האָט מען שוין געהאַט פאַרלאָזן, די איבערטווישונג פון דער אַלטעגלעכער סצענע האָט דערפרישט דעם געמיט. באַלד האָט מען זיך אָפּגעשטעלט ביים ראַנד פון אַ וואַלד. פון דאַנען אָן האָט מען געוואָלט גיין ווייטער צופוס און דערגרייכן צום ציל. מיט דעם דאָזיקן ציל איז מען שוין אַ היפּש שטיקל צייט, אַליין נישט כאַפּנדיק זיך, גע־שטאַנען אין אַ שוואַכן קאָנטאַקט, וואָס איז אָבער כסדר געוואָרן אַליץ שטאַרקער. היכף ווי מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן אַלע דערהערט אַ ווייט געראַניש, אַ שטיל צישען, גיסן און ברויזן, וואָס איז נאָך טיילמאָל צוריק פאַרשטילט געוואָרן. מ׳האָט איינער דעם אַנדערן אויפגעפאָדערט צו אינטערשיידן עס און מ׳האָט זיך צו־געהערט דערצו, בלייבנדיק שטיין.

— איצט — האָט געזאָגט כעטעמבריני, וואָס איז שוין אָפּ־טער דאָ געווען — הערט מען עס שטיל. אָבער אויפן אָרט איז עס ברוטאַל אין דער איצטיקער צייט פון יאָר — זייט גרייט דערצו, מיר וועלן נישט הערן אונזער אייגן קול.

אַזוי איז מען געגאַנגען אין וואַלד אַריין, אויף אַ וועג, באַשיט מיט פייכטע נאָדלען. פאָראויס איז געגאַנגען פיעטער פעפּערקאָרן, אָנגעשפּאַרט אויפן אָרעם פון זיין באַגלייטערין, דער שוואַרצער, ווייכער הוט פאַרדרוקט איבערן שטערן, מיט אַ זייטיק־צושאָקלענדיקן טריט. אינדערמיטן הינטער זיי איז געגאַנגען האַנס קאַסטאָרפּ, אָן אַ הוט, ווי אַלע איבעריקע מענער, די הענט אין די קעשענעס, דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן קרום, שטיל צוגעפייפט און זיך אומגעקוקט אַרום. נאָך אים זיינען געגאַנגען נאַפטאַ און סעטעמבריני, דערנאָך — פערגע און ווייזאַל. צום סוף — דער מאַלאַיער אַליין מיטן קויש מיט עסנוואַרג אין דער האַנט. מ'האָט געשמועסט וועגן וואַלד.

דער וואַלד איז נישט געווען ווי געוויינלעך, ער האָט געגעבן אַ מאָלעריש־אָריגינעל, אַפילו עקזאָטיש און אומהיימלעך בילד. ער איז פול געווען מיט אַ מין מאָכיקע פלעכטן, געווען דערמיט באַהאַנגען, באַלאָדן, אינגאַנצן איינגעוויקלט דערמיט. אין לאַנגע בערד פון ברודיקע קאָלירן האָט אַראָפּגעהאַנגען דאָס פאַרשמאָלצענע געוויקסן־געפלעכט פון די אַרומגעשפּינטע, דיק־באַלאָדענע צווייגן. מ'האָט כמעט נישט געזען קיין נאָדלען, מ'האָט געזען בלויז אַראָפּהענגענדיקן מאָך. עס איז געווען אַ שווערע איסטערלישע דעפאָרמאַציע, אַ פאַרכישופטער און קרענקלעכער אויסזע. מיט דעם וואַלד האָט עס געהאַלטן שלעכט, ער האָט געקרענקט אויף די דאָזיקע תאַוהדיקע פלעכטן, זיי האָבן אים געהאַלטן ביי דערשטיקן. דאָס איז געווען די אַלגעמיינע מיינונג, בעת די קליינע מחנה האָט געטרעטן פאָראויס אויף דעם נאָדל־וועג און מ'האָט געהערט דאָס גערויש פון דעם ציל, צו וועלכן מ'האָט זיך דערנענטערט, אָט דאָס זידן און צישען, וואָס איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין אַ שטאַרק ברויזן, און סעטעמבריניס פאָראויסזאָגונגען האָבן געהאַלטן ביי פאַרווירקלעכט ווערן.

אַז מ'האָט זיך אויסגעדרייט, האָט מען דערזען פריי דעם באַבריקטן וואַלד־און פעלזן־שפּאַלט, אין וועלכן ס'איז אַראָפּגעפאַלן דער וואַסער־פאַל. איינצייטיק, ווי מ'האָט אים דערזען, איז אויך דער רויש זיינער דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה. עס איז געווען אַ

אמתדיקער גיהנום. די וואַסער־מאַסן זײַנען געפֿאַלן גלײַך אַראָפּ בלויז אין איין־און־אײנציקער קאַסקאַדע, וואָס איר הייך האָט מסתּמא באַטראָפֿן אַ זיבן אָדער אַכט מעטער. איר ברייט איז אויך געווען אַ היפּשע. דערנאָך האָט זיך דאָס וואַסער געטריבן ווײַס־צעשוימט ווײַטער איבער די פֿעלזן. דאָס וואַסער איז געפֿאַלן מיט אַ משוגענעם ליאַרעם, אין וועלכן ס'האָבן זיך, דאַכט זיך, אויסגעמישט אַלע מעגלעכע מינים רוישן און קולות, דונערן און צישען, ברילן, וואָיען, פּיפּן, קראַכן, געקנאַק און גלאָק־געקלאַנג — מ'האָט באמת געקאָנט משוגע ווערן דערפֿון. די באַזוכער זײַנען צוגעגאַנגען אויף גליטשיקע פֿעלזן האַרט צום וואַסער־פֿאַל און האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם נאַטור־שפּיל, אַרײַנגעטעמט די פֿײַכטקייט און זײַנען באַשפּריצט געוואָרן, אײַנגעהילטע אין פּאַרע, די אויערן פֿול און פֿאַרשטאָפּט פֿון ליאַרעם. מ'האָט זיך איבערגעקוקט, צוגעשאָקלט די קעפּ, אומדרייסט צוגעשמייכלט, באַטראַכטנדיק אָט־די קאַטאַסטראָפֿע פֿון שוים און געשמעטער. דאָס ווילדע און אויסערגעוויינלעכע ברויזן האָט באַטויבט, דערשראָקן און גורם געווען געהער־טוישונגען. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז מ'הערט הינטער זיך, איבער זיך, פֿון אַלע זײַטן דראָענדיקע און וואָרנענדיקע רופֿן, שופֿרות און ווילדע מענער־קולות.

שטייענדיק הינטער מײנהער פּעפּערקאָרן (פֿרוי שאָשאַ איז געשטאַנען צווישן די איבעריקע פֿינף מענער), האָבן זיי געקוקט מיט אים צוזאַמען אין דער בהלה. זיי האָבן נישט געזען זײַן פּנים, אָבער צוגעזען, ווי ער אַנטבלויזט דעם קאָפּ מיט די ווײַסע האָר און ווי ער שטרעקט אויס די ברוסט אין דער פֿרישקייט. מ'האָט זיך פֿאַרשטענדיקט מיט בליקן און צייכנס, וואָרעם ווען מ'זאָל אַפֿילו געווען אַרײַנשרײַען ווערטער דירעקט אין אויער, וואָלטן זיי מסתּמא פֿאַרשלונגען געוואָרן אין דעם דונערן פֿון וואַסער־פֿאַל. די ליפּן האָבן אויסגעפֿאָרעמט ווערטער פֿון שטוינונג און פֿאַרוואונדערונג, אָבער מ'האָט זיי נישט געהערט. האַנס קאַסטאָרפּ, סעטעמבריני און פֿערגע האָבן זיך אָפּגעשמועסט מיט העוויות אַרויפֿצושטײַגן אויף דער הייך פֿון פֿעלזן־שפּאַלט, אויף וועמענס גרונט זיי האָבן זיך געפֿונען, אַרויפֿצוגיין דורך דעם אייבערשטן שטעג און פֿון דאָרטן צו

באַטראַכטן דעם וואַסער־פּאַל. ס'איז נישט געווען אַזוי שווער. אַ גלייכע שורה שמאָלע טרעפּ, אויסגעהאַקטע אין שטיין, האָט אַרױפּ־געפירט ווי אין אַ העכערן שטאָק פון וואַלד. זיי האָבן אַרויפגע־קלעטערט איינער הינטערן אַנדערן, זיינען אַרויף אויף דער בריק און האָבן פון דאָרט אַרויס געוואונקען צו די אונטערשטע פריינט, שוועבנדיק איבער דעם וואַסער־פּאַל, אָנגעלענטע אין דער באַריערע. דערנאָך זיינען זיי אַריבער די בריק אינגאַנצן, זיינען מיט מי אַראָפּ־געשטיגן אין דער אַנדערער זייט פון צעבושעוועטן וואַסער, איבער וועלכן ס'איז אויך דאָ אונטן געווען אַ בריק, און זיי האָבן זיך גע־קאָנט זען מיט די געבליבענע אויף יענער זייט.

איצט האָט מען זיך געגעבן סימנים וועגן נעמען עפּעס אין מויל אַריין. אַ טייל האָט געהאַלטן, אַז מ'זאָל צוליב דעם זיך אַ ביסל אָפּרוקן פון דעם ליאַרעם, כדי צו געניסן פון דער מאָלצייט אונ־טערן פרייען הימל מיט אַ קלאָרן געהער, נישט ווי טויבע אין שטומע. אָבער מ'האָט געמוזט איינזען, אַז פּעפּערקאָרן האָט אַ פּאַרקערטע מיינונג. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט עטלעכע מאָל אָנגעוויזן מיט זיין וויזפינגער אַראָפּצו. זיינע צעריסענע ליפּן האָבן זיך פונאַנדערגעצויגן מיט אָנשטרענגונג און געבילדעט אַ „דאָ!“ וואָס האָט מען געקאָנט טאָן? אין אַזעלכע פראַגן פון איינאָרדע־נונג איז ער געווען דער באַלעבאָס און דער באַפעלער. די וואָגי־קייט פון זיין פּערזענלעכקייט וואָלט גובה געווען אַפילו ווען ער וואָלט נישט געווען, ווי אַלעמאָל, דער איינאָרדענער און פירער פון דעם אויספלוג. אָט־די פּערזענלעכקייט איז טראַגיש און אויטאָקראַ־טיש פון תמיד אָן און וועט עס שוין בלייבן. מיינהער האָט גע־וואָלט עסן קעגן וואַסער־פּאַל, קעגן די דונערן; דאָס איז געווען זיין מעכטיקע עקשנות און ווער ס'היל נישט אַדיס מיט גאָרנישט, מוז דאָ בלייבן. דער רוב איז געווען אומצופרידן. סעטעמברינ, פאַר וועלכן ס'איז אַזוי־אַרום אָפּגעשניטן געוואָרן די מעגלעכקייט זיך מענטשלעך דורכצוריידן, אַ שמועס צו טאָן דעמאָקראַטיש־פיין אָדער גאָר צו פירן אַ דיספּוט, האָט מיט אַ זשעסט פון פאַרצווייפלונג און יאוש אַ וואָרף געטאָן די האַנט איבערן קאָפּ. דער מאַלאַיער האָט אינדערגיך גענומען איינפירן דעם באַפעל פון זיין באַלע־

באָס. פאַר מײנהערן פּעעפּערקאָרן און פאַר מאַדאַם שאָשאַ האָט ער אױפגעשטעלט בײ דער פּעלזן־װאַנט צװײ קלאַפּ־שטולן. דערנאָך האָט ער זײ צופוסנס אױסגעשפּרײט אויף אַ טוך, װאָס אין קאָרב איז װען: קאַװע־געשיר און גלעזער, טערמאָס־פלעשער, געבעקס און װײן. מ׳האָט אַנדערגיך אױסגעטײלט. דערנאָך האָט מען זיך אױס־געזעצט אױף שטיקער שטײן, אױף דער בּאַריערע פון שטעג, די שאָלן מיט הײסער קאַװע אין די הענט, די טעלערס מיט קוכן אױף די קני און מ׳האָט שװײגנדיק געגעסן אין געברויז.

פּעעפּערקאָרן — מיט אַ הױך־אױפגעשטעלטן קאָלנער פון מאַנטל, דעם הוט לעבן זיך, אױף דער ערד — האָט געטרונקען פּאָרטװײן פון אַ זילבערנעם בעכער מיט אַ מאָנאָגראַם. ער האָט אַ סך מאָל אױסגעלײדיקט דעם בעכער. און פּלוצלונג האָט ער אָנגע־הױבן צו רײדן. אַ װאונדערלעכער מענטש! ס׳איז אוממעגלעך געװען, ער זאָל הערן זײן אײגן קול, שױן אָפּגערעדט דערפון, אַז אַנדערע זאָלן האָבן געקאָנט פאַרשטײן אַ קלאַנג דערפון, װאָס ער האָט אַרױסגעזאָגט, אָבער נישט געמאַכט הערן. פונדעסטװעגן האָט ער אױפגעהױבן דעם װײז־פינגער, האָט אױסגעשטרעקט דעם לינקן אָרעם (אין דער רעכטער האָט ער געהאַלטן דעם בעכער), האָט קרום אױפגעהױבן די האַנט־פלאַך און מ׳האָט געזען װי זײן קעניגלעך פּנים באַװעגט זיך אין רײדן, זײן מױל האָט געפאָרעמט װערטער, װעלכע זײנען געבליבן טויב, גלײך זײ װאָלטן אַרױסגערעדט געװאָרן אין אַ רױם אָן לופט. יעדער אײנער איז געװען זיכער, אַז ער װעט באַלד אױפהערן זײן אומזיסטע עובדא, צו װעלכער מ׳האָט זיך צוגעקוקט מיט אַ פאַרשעמטן שמײכל. אָבער פּעעפּערקאָרן האָט װײטער גע־רעדט אין געברויז, װאָס האָט אַלץ פאַרשלונגען און פאַרטריבט, האָט געמאַכט מיט זײן לינקער האַנט זשעסטן, װאָס האָבן גע־צװאונגען צו אױפמערקזאַמקײט, דערבײ האָט ער מיט זײנע קלײנע, מידע און בלאַסע, געװאַלדיק אױפגעריסענע אױגן אונטער די פאַר־צױגענע שטערן־קנײטשן געקוקט דאָ אױף דעם און דאָ אױף יע־נעם, אַזױ אַז יענער איז געװען געצװאונגען אים צוצושאָקלען מיט הױך־אַרױפגעצױגענע ברעמען, צו עפענען דאָס מױל און צוצולײגן די האַנט צום אױער, גלײך װי דאָס װאָלט געקאָנט עפּעס העלפן אין

דער אימאַגינערער פיטאַגיט. איצט איז ער אפילו אויפגעשטאַנען! מיטן בעכער אין דער האַנט, אין זיין צעקנייטשטן מאַנטל לאַנג כמעט ביז צו דער ערד, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער, אין בלויזן קאָפּ, דער הויכער שטערן מיט די קנייטשן־אַראַבעסקן באַפּלאַטערט מיט ווייסע האָר, — איז ער געשטאַנען ביים פּעלז אין באַוועגט מיטן פּנים. פאַר דעם פּנים האָט ער געהאַלטן דאָס רעדל פון זיינע שפּי־ זיקע פינגער אין אַזוי־אַרום צוגעגעבן זיין טייבן אומדייטלעכן טאָ־ אַסט באַצווינגענדיקע צייכנס פון געניקייט. מ'האָט דערקאָנט אין זיינע תנועות און אַראָפּגעלייענט פון זיינע ליפּן איינצלנע ווערטער, וועלכע מ'איז געוויינט געוועזן צו הערן פון אים: „פּערפעקט" און „דערליי־ דיקט" — נישט מער. מ'האָט געזען, ווי זיין קאָפּ בייגט זיך אויס קרומלעך, מ'האָט געזען די צעריסענע ביטערקייט פון זיינע ליפּן, דאָס בילד פון צעוויטאָגטן מענטש. דערנאָך האָט מען דערזען ווי ס'בליט־אויף דאָס חנעוודיקע גריבל, די סיבאַריטישע ביטערקייט, אַ טאַנצנדיק פאַרשאַרצן זיך, די הייליקע הפקרות פון געצנדינערישן פּריסטער. ער האָט אויפגעהויבן דעם בעכער, האָט אים אין אַ האַלבן קרייז אַ פיר געטאָן פאַר די אויגן פון די געסט און האָט אים אויסגעטרונקען אין צוויי־דריי שלוק ביז אַראָפּ, אַזוי אַז די דנאָ איז געווען אויבן. דערנאָך האָט ער אים דערלאַנגט מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם דעם מאַלאַיער, וועלכער האָט צוגענומען דאָס געפעס מיט אַ האַנט איבער דער ברוסט. באַלד האָט פּעעפּערקאָרן געגעבן אַ צייכן אויפצושטיין.

אַלע האָבן זיך דאַנקבאַר פאַרבויגן צו אים און מ'האָט זיך גענו־ מען אויספירן זיין באַפעל. ווער ס'איז געזעסן אויף דער ערד, איז אויפגעשפּרונגען, ווער ס'איז געזעסן אויף דער שטעג־באַריערע, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. דער דאַרער מאַלאַיער פון יאַוואַ אין שטייפן הוט און אין פוטערנעם קאָלנער האָט צונויפגענומען די רעשט פון דער מאָלצייט אין דאָס געשיר. אין דעם זעלבן שמאָל־אויסגעשטעלטן סדר ווי מ'איז אָנגעקומען, איז מען איך צוריקגעגאַנגען אויף דעם פייכטן נאָדל־וועג פון דעם וואַלד, וואָס איז אַזוי פאַרענדערט געוואָרן דורך די

אַראָפּהענגענדיקע פּלעכטן. צום סוף איז מען אַרויס אויפן וועג, וואו ס'האָבן געוואַרט די וועגן.

האַנס קאַסטאָרפּ איז דאָסמאָל אײַנגעשטיגן צו פּעעפּערקאָרן און זײַן באַגלייטערין. ער איז געזעסן קעגנאיבער דער פּאָר, לעבן פּער־גען, וועמען ס'איז אינגאַנצן פרעמד אַלדאָס העכערע. מ'האָט כמעט גאָרנישט גערעדט אויפן וועג אַהיים. מײַנהער איז געזעסן, גע־האַלטן די האַנט־פלאַכן אויף דעם פּלעד, וואָס האָט אײַנגעהילט זײַנע קני צוזאַמען מיט קלאַוודיעס, און דער אונטערשטער קין האָט בײַ אים אַראָפּגעהאָנגען. סעטעמברייני און נאַפטאַ זײַנען אויסגעשטיגן און האָבן זיך געזעגנט נאָך איידער די וועגן זײַנען אַריבער די שינעס און דאָס טײַכל. וויזאַל איז אַליין צוגעפּאָרן מיטן צווייטן וואָגן דורכן גערדרייטן וועג צום טויער פון „בערגהאָף“, וואו מען האָט זיך צעשיידט.

צי איז אין דער דאָזיקער נאַכט האַנס קאַסטאָרפּס שלאָף גע־האַלטן געוואָרן לייכט און גרינג צוליב עפּעס אַ אינערלעכער גרייט־קייט, וועלכע איז זײַן גייסט געווען אומבאַוואוסט, אַזוי אַז ס'איז גענוג געווען די שטילסטע אָפּווייכונג פון דער געוויינלעכער נאַכטלעכער בערגהאָף־רויִקייט, די אײַנגעהאַלטנסטע אומרויִקייט, דער קלענסטער רעש צוליב אַ ווייט לויפן, אַז ער זאָל זיך אויפכאַפּן העל און וואַך און זיך אויפזעצן? ער האָט זיך פּאַקטיש אויפגעכאַפּט אַ היפּשע צייט נאָך איידער מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין זײַן טיר. דאָס איז געשען נאָך צוויי אַ זייגער. ער האָט תיכף געענטפערט, נישט פאַרשלאָפן, קלאָר און ענערגיש. עס איז געווען דאָס הויכע און אומזיכערע קול פון אַ שוועסטער, וואָס איז דאָ באַשעפטיקט געווען ווי אַ פּלעגערין. זי איז גע־קומען צו אים אין שליחות פון פרוי שאָשאַ, ער זאָל תיכף אַראָפּ־קומען אויפן ערשטן שטאָק. ער האָט מיט פאַרשטאַרקטער ענערגיע געמאָלדן, אַז ער טוט עס, איז אויפגעשפּרונגען, אַרײַן אין די מלבושים, האָט מיט די פינגער איבערגעוואָרפן די האָר פון שטערן און איז נישט גיך און נישט פּאַמעלעך אַראָפּ, וויניקער קלאָר וועגן דעם וואָס ס'געשעט, ווי וועגן דעם ווי אַזוי זיך צו פאַרהאַלטן.

די טיר אין פּעערפּערקאָרנס סאַלאָן האָט ער געטראָפן אָפן און אויך — די טיר אין זײַן שלאָף־צימער אַרײַן. אַלע לאָמפּן האָבן דאָרטן געברענט. ס'זײַנען דאָרטן געווען בײדע דאָקטוירים, די אײבערין פון

מילענדאָנק, מאַדאַם שאָשאַ און דער קאַמערדינער פון יאַוואַ. דער לעצטער איז ניט געווען אָנגעטאָן ווי געוויינלעך, נאָר אין אַ מין נאַציאָנאַל־טראַכט, אין אַ ברייט־געקראַטקעווטער בלוזע ענלעך צו אַ העמד, מיט זייער לאַנגע און ברייטע אַרבל, אין אַ פאַרביק קלייד אָנגעטאָן הויזן און אין אַ שקאַרמוצעדיק היטעלע פון געלן טוך אויפן קאָפּ. אויף דער ברוסט איז ער געווען אויסגעפּוצט אין פאַרשיידענע אַמולעטן. ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, די הענט געקרייצט, לינקס צוקאָפּנס פון בעט, אין וועלכן פעטער פּעעפּרקאָרן איז געלעגן אויפן רוקן מיט אויסגעשטרעקטע הענט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט בלייך אַ קוק געטאָן אויף אַלץ. פרוי שאָשאַ איז געווען אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן. זי איז געזעסן אויף אַ נידעריקן פּאָטעל צופוסנס ביים בעט, דעם עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויף דער קאָלדרע, מיט דער גאָמבע אין דער האַנט, די פינגער אַיינגעגראָבן אין דער אונטערשטער ליפּ און זי האָט זיך אַיינגעקוקט אין פּנים פון איר וועג־באַגלייטער.

— טנ'אָוונט, בחורעץ — האָט געזאָגט פּערענס, וועלכער האָט שטיל געשמועסט מיטן ד"ר קראָקאָווסקי און מיט דער איבעריק און ער האָט ווייטאָגדיק צוגעשאָקלט דעם קאָפּ, די ווייסע וואָנסעלעך — פאַרהויבן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין קלינישן מאַנטל און פון ברוסט־קעשענע האָט אַרויסגעשטאַרט דאָס הער־רערל. ער האָט געטראָגן געשטריקטע מאָרגן־שיך און איז געווען אָן אַ קראַגן. — גאָרנישט צו מאַכן — האָט ער שעפּטשענדיק צוגעגעבן — אַלץ געטאָן. גייט נאָר צו. גיט נאָר אַ מבינישן בליק. איר וועט אַליין אויך מודה זיין, אַז יעדע מעדיצינישע קונסט איז דאָ אינגאַנצן איבעריק.

האַנס־קאַסטאָרפּ האָט זיך אויף די פינגער־שפּיצן דערנענטערט צום בעט. דער מאַלאַיער האָט אים גלייך נאָכגעקוקט, נישט אויסדרייענדיק דערביי דעם קאָפּ, אַזוי אַז ער האָט צו אים צוגעווענדט בלויז די ווייסלען. מיט אַ זייטיקן בליק האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז פרוי שאָשאַ קוקט זיך נישט אום אויף אים. ער האָט זיך דערפאַר אַוועקגעשטעלט אין דער טיפּישער האַלטונג ביי אַ קראַנקן־בעט, אָנגעשפּאַרט אויף איין פוס, די הענט צוזאַמענגעלייגט אונטן, מיט אַ קרום־געבויגענעם קאָפּ, פול מיט דרך־ארצדיק פאַרקלערטער באַטראַכטונג. פּעעפּערקאָרן איז געלעגן אונטער דער רויט־זיידענער קאָלדרע

אין זיין טריקאָט־העמד, ווי האַנס קאַסטאָרפּ פלעגט אים אַזוי אָפּט זעען. זיינע הענט זיינען געווען שוואַרץ־בלוי אָנגעלאָפן, טיילן פון זיין פּנים — אויך אַזוי. ער איז געווען היפּש דעפאָרמירט, כאָטש זונסטן זיינען זיינע קיניגלעכע שטריכן געבליבן אומפאַרענדערט. כאָטש די אויגן־דעקלעך זיינען געווען אַראָפּגעלאָזט און ער האָט זיך נישט גערירט, איז פונדעסטוועגן שטאַרק בולט געווען אין הויכן, ווייס־באַפלאַטערטן שטערן די קנייטשן־לינעאַטור, אין פיר אָדער פינף שורות געצויגן האָריזאָנטאַל און דערנאָך אין ביידע זייטן שליפן אַראָפּגעלאָזט אין אַ גלייכן ווינקל, אויסגעאַרבעט דורך דער כסדרדיקער אָנגעשפּאַנטקייט פון אַ גאַנץ לעבן. די ביטער־צעריסענע ליפּן זיי־נען געווען לייכט געעפנט. די אָנגעלאָפענע בלויקייט איז געווען אַ סימן פון אַ פלוצלינגדיקער פאַרהאַלטונג, פון אַן אַפּאָפּלעקטישער שטערונג פון די לעבנס־פונקציעס.

האַנס קאַסטאָרפּ איז אַ ווײַלע אַזוי געבליבן שטיין מיט דער ערנסטקייט, וואָס באַטראַכט דעם פּאַקטישן מצב. ער האָט נישט אַזוי גיך געביטן זיין פּאָזיציע, געריכט זיך, אַז די „אלמנה" וועט זיך צו אים עפּעס אָנרופן. היות דאָס איז נישט געשען, האָט ער מער לעת־עתּה נישט געוואָלט שטערן און זיך אומגעקוקט הינטערווײ־לעכץ צו דער גרופּע פון די איבעריקע. דער הויפראַט האָט צו אים אַ ווינק געטאָן מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג פון סאַלאָן. האַנס קאַס־טאָרפּ איז אים נאָכגעגאַנגען אַהין.

— Suicidium?* — האָט ער געפרעגט שטיל און זאַכלעך.

— נאָ! — האָט בערענס געענטפערט מיט אַן אַוועקמאַכנדיקן זשעסט און צוגעגעבן: דורך און דורך. אין סופּערלאַטיוו. איר האָט שוין געזען אַזאַ מין גאַלאַנטעריע־אַרטיקל? — האָט ער גע־פרעגט און דערביי אַרויסגענומען פון דער קעשענע פון מאַנטל אַ נישט רעגלמעסיק־געפאָרמט פושקעלע און פון דאָרטן — אַ קליינעם געגנשטאַנד, וועלכן ער האָט געוויזן דעם יונגנמאַן... — איך נישט. אָבער ס'איז כּדאי עס אָנצוקוקן. מען לערנט קיינמאָל נישט אויס. קאַפּריזיש און ערפינדעריש. כ'האָב עס אים אַרויסגענומען פון דער

---

* לאַטייניש: זעלבסטמאָרד.

האַנט. פּאָרזיכטיק. ווען ס'זאָל אַייך אַ קאַפּע טאָן פון דאַנען אויף דער האַנט, וועט איר קריגן ברען־בלאָזן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געדרייט דעם איסטערלישן אינסטרו־מענט צווישן די פינגער. ס'איז געווען פון שטאָל, עלפאַנטביין, גאָלד און קאַוטשוק, אויסגעזען האָט עס זייער וואונדערלעך. ס'איז באַ־שטאַנען פון צוויי געבויגענע שטאָל־בלאַנקע גאָפּל־שפּיזן, מיט זייער שאַרפע שפּיצן; פון אַ לייכט־געדרייטער, עלפאַנטביינערנער און מיט גאָלד־געליישטער מיטל־טייל, אין וועלכן די שפּיזן האָבן זיך ביז אַ געוויסער מדרגה און אויף אַ געוויסן עלאַסטישן אופן געקאָנט באַ־וועגן, דאָס הייסט אינעווייניק אַריין. געענדיקט האָט זיך עס מיט אַ מין אָנגעבלאָזענעם באַלאָן פון האַלב־שטייפער, שוואַרצער גומע. עס איז געווען עטלעכע צאָל די גרייס.

— וואָס איז דאָס? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט.

— דאָס — האָט בערענס געענטפערט — איז אַן אָרגאַני־זירטער איניעקציע־שפּריצער. אָדער, אַנדערש אויפגעפאַסט, אַ מע־כאַנישע קאָפּיע פון דער ברילנשלאַנגס פּיסק. איר פאַרשטייט? — איר פאַרשטייט, דוכט זיך, נישט — האָט ער געזאָגט, ווייל האַנס קאַס־טאָרפּ האָט נאָך אַלץ ווייטער אַ צעטומלטער געקוקט אויף דעם משונהדיקן אינסטרומענט. — אָט האָט איר די ציין. זיי זיינען נישט אַזוי מאַסיוו, אין יעדן פון זיי געפינט זיך אַ האָריק־דין רערל, אַ גאַנץ פיינער קאַנאַל. די עפענונג קאָנט איר גאַנץ דייטלעך זען דאָ פאָרנט איבער די שפּיצן. די רערלעך זיינען נאַטירלעך אויך אָפן ביי די ציין־וואָרצלען און דאָרט קאָמוניקירן זיי זיך מיט דער עפע־נונג פון דער גומע־דריז, וועלכע ענדיקט זיך אין דער עלפאַנטביי־נערנער מיטל־טייל. בשעת זיי בייסן אַיין, רוקן זיך די ציין אַ ביסל אַריין, דאָס איז דייטלעך, און זיי גיבן דערביי אַ דרוק אויפן רעזער־וואואַר. צוליב דעם מוז ער אַרויסשטופּן די פליסיקייט אין די קאַנאַלעכלעך, אַזוי אַז אין דעם מאָמענט, ווען די שפּיצן עסן זיך אַיין אין פלייש, ווערט אַריינגעשפּריצט די דאָזע אין בלוט. ס'איז גאַנץ פּשוט, ווען מ'קוקט זיך אַזוי צו. מ'דאַרף בלויז כאַפּן. ס'איז מסתמא געמאַכט געוואָרן אויף זיין באַשטעלונג.

— זיכער — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט.

— די דאָזע האָט נישט געקאָנט זיין זייער קיין גרויסע — האָט דער הויפראַט ווייטער געזאָגט — מסתמא איז די קאַפּאַציטעט אין כמות געדעקט געוואָרן דורך —

— דינאַמיק — האָט האַנס קאַסטאָרפּ דערגאַנצט.

— נאָ, אַזוי. וואָס דאָס איז, וועלן מיר שוין דערגיין. מ'דאַרף מיט אַ געוויסער נייגעריקייט אויסקוקן דעם רעזולטאַט, מ'קאָן אָן שום ספק עפּעס אָפּלערנען דערפון. לאָמיר זיך וועטן, אַז דער עקזאַט, וואָס שטייט דאָרט אויף דער וואַך און האָט זיך היינט אַזוי אויסגעפּוצט, וואָלט אונז געקאָנט גענוי אויפקלערן. איך נעם אָן, אַז דאָס איז אַ קאָמבינאַציע פון חיהשן און פלאַנציקן, — אַלנפאַלס פון סאַמע בעסטן, ווייל די ווירקונג האָט געמוזט זיין אַ געוואַלדיקע. אַלץ זאָגט עדות דערויף, אַז מ'האָט אים באַלד פאַר־כאַפּט דער אָטעם, ליימונג פון אָטעם־צענטרום, פאַרשטייט איר, געשווינדער דערשטיקונגס־טויט, אַפּנים אָן שום אָנשטרענגונג און יסורים.

— הלוואי ס'זאָל זיין אמת! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט פרום, דערלאַנגט צוריק דעם הויפראַט מיט אַ זיפץ דעם קליינעם אומהיימלעכן אינסטרומענט און איז צוריק אַוועק אין שלאָף־צימער.

איצט זיינען דאָרטן געווען בלויז דער מאַלאַיער און מאַדאַם שאָשאַ. דאָסמאָל האָט קלאַוודיאַ אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום יונג־מאַן, בעת ער האָט זיך דערנעענטערט צום בעט.

— איך האָב געהאַלטן, אַז כ'האָב אייך געקאָנט שיקן רופן — האָט זי געזאָגט.

— ס'איז געווען זייער פיין פון אייער זייט — האָט ער געזאָגט — און איר זענט גערעכט. מיר זיינען געווען צווישן זיך אויף „דו". איך שעם מיך ביזן ווייטן האַלז אַריין, הלמאי כ'האָב מיך געשעמט דערמיט פאַר מענטשן און עס אויסגעמיטן — איר זענט געווען ביי אים אין די לעצטע מאָמענטן?

— דער דינער האָט מיר אָנגעזאָגט ווען ס'איז שוין געווען נאָך אַלעמען.

— ער איז געווען אַ פּערזענלעכקייט פון אַזאַ פאָרמאַט — האָט האַנס קאַסטאָרפּ ווידער אָנגעהויבן — אַז ער האָט געהאַלטן דאָס אָפּשטיין פון געפיל לגבי דעם לעבן פאַר אַ קאָסמישער קאַטאַס־טראָפע און פאַר אַ חרפּה פון גאָט. וואָרעם ער האָט זיך באַטראַכט, מוזט איר וויסן, פאַר גאָטס חתונה־אָרגאַן. דאָס איז געווען אַ קיניגלעכע טיפּשות... ווען מ'איז באַגייסטערט, קאָן מען אַמאָל אַרויס־זאָגן דיבורים, וואָס קלינגען פּיעטעטלאָז און ברוטאַל און זיינען פונדעסטוועגן פייערלעכער פון קאָנצעפּציאָנירטע ברומק"טן.

— C'est une abdication * — האָט ער געזאָגט — ער האָט געוואוסט פון אונזער נאַרישקייט?

— ס'איז מיר אוממעגלעך געווען דאָס אויסצובאַהאַלטן פאַר אים, קלאַוודיאַ. ער האָט זיך געכאַפּט דערויף דערפאַר, ווייל כ'האָב מיך אָפּגעזאָגט אייך אַ קוש צו טאָן אין שטערן אין זיין אָנוועזנקייט. זיין אָנוועזנקייט איז מער סימבאָליש ווי רעאַל אין דער רגע, אָבער איר וועט מיר ערלויבן עס איצט צו טאָן?

זי האָט אָנגענייגט צו אים דעם קאָפּ, מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי זי וואָלט לייכט אַ ווינק געטאָן. ער האָט צוגעלייגט די ליפּן צו איר שטערן. די ברוינע היהשע אויגן פון מאַלאַיער האָבן זיך איינגעקוקט אין דער סצענע פון דער זייט, אַזוי אַז מ'האָט געזען בלויז די וויים־אַפּלען.

---

די גרויסע טעמפּקייט.

מיר הערן נאָכאַמאָל דעם הויפראַט בערענס קול — לאָמיר זיך גוט איינהערן! מיר הערן עס אפשר שוין צום לעצטן מאָל! אַפילו אָט די געשיכטע וועט אַמאָל האָבן איר סוף. זי האָט געדויערט די לענגסטע צייט, אָדער גיכער: איר אינהאַלטלעכע צייט האָט זיך אַזוי פאַרוויקלט, אַז ס'איז נישטאָ מער קיין אָפּהאַלט, אַז אויך די מו־זיקאַלישע צייט אירע פאַרענדיקט זיך און אַז ס'וועט אפשר מער

---

* ס'איז אַ פרייוויליקער אָפּזאָג.

נישט אונטערקומען קיין געלעגנהייט צו הערן דעם אויפגעהיימטן שפּראַך־טאָן פון באַריידעוודיקן ראַדאַמאַנטיס. ער האָט געזאָגט צו האַנס קאַסטאָרפּ:

— קאַסטאָרפּ, אַלטער גוטער ברודער, איר לאַנגווייליקט אייך, דאָס מויל הענגט ביי אייך אַראָפּ, איך זע עס צו יעדן טאָג, די פאַרדראָסיקייט שטייט אייך אָנגעשריבן אויפן שטערן. איר ווענט אַ בלאַזירטער יונג, קאַסטאָרפּ, איר זענט צעפּיעשטשעט מיט סענסאַציעס. און אויב מ'דערלאַנגט אייך נישט יעדן טאָג עפּעס ערשטקלאַסיקס, נעמט איר מרוקען און האָבן תרעומות אויף דער אונגערקעצייט. בין איך גערעכט אָדער אומגערעכט?

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשוויגן און היות ר'האָט דאָס געטאָן, איז אים מסתמא געווען באמת פינסטער.

— איך בין גערעכט, ווי אַלעמאָל, — האָט בערענס זיך אַליין געענטפערט. — און איידער איר וועט דאָ פאַרשפּרייטן דעם גיפט פון מרידה, איר אומצופרידענע בירגער, זאָלט איר פונדעסטוועגן אײַנזען, אַז איר זענט לחלוטין נישט פאַרלאָזט פון גאָט און לייט, נאָר אַז די פאַרוואַלטונג האָט אַן אויג איבער אייך, אַ שטענדיק אויג, מיין ליבער, וואָס זאָרגט אָן אויפהער, איר זאָלט האָבן צעשטרייונג. דער אַלטער בערענס איז נאָך אייך פאַראַן. נאָ, אָן אַ שפּאַס מיין יונג! ס'איז מיר עפּעס אײַנגעפאַלן בנוגע אייער ענין. איך האָב, ווייסט איין גאָט, אויסגעטראַכט עפּעס ווענן אייך אין שלאָפלאָזע נעכט. מ'וואָלט געקאָנט ריידן פון אַ אויפלויכטונג, אָבער פּאַקטיש גיט מיר די דאָזיקע אידעע גרויסע האָפענונגען, נישט מער און נישט ווייניקער, הייסט עס, ווי איר זאָלט אויסגעהיילט ווערן און אומגעריכט גיך אַהיימפאָרן מיט גרויס טריומף.

— איר שטעלט אָן אַ פּאָר אויגן — האָט ער אַ זאָג געטאָן נאָך אַ פּויזע לשם עפעקט, כאָטש האַנס קאַסטאָרפּ האָט לחלוטין נישט אָנגעשטעלט קיין אויגן, נאָר האָט אים באַטראַכט שלעפעריק און צעשטרייט צוזאַמען — און איר הייבט נישט אָן צו וויסן, וואָס דער אַלטער בערענס קאָן דאָ מיינען. אָבער איך מיין עס אַזוי. מיט אייך איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, קאַסטאָרפּ. איך שטוים מיך אָן, אַז איר אַליין האָט אייך באַוויליקט עס צו באַמערקן. עס איז נישט

אין אָרדענונג אויף אַזוי ווייט, אַז אַייערע פּאַרגיפטיקונג-ערשיינונגען קאָנען מיר בשום-אופן נישט פּאָרן מיט דעם לאָקאַלן צושטאַנד, וואָס איז שוין זינט אַ לענגערער צייט אָן שום ספק שטאַרק פּאַרבע-סערט — איך טראַכט אַריין דערין נישט פון נעבטן אָן. אָט האָבן מיר דאָ אַייערע נייסטע פּאָטאָ... לאָמיר דאָס רעטעניש צושטעלן צו דער שיין. איר זעט, דאָ וועט דער ערגסטער גודניק און שוואַרצ-זעער, ווי אונזער קיסר זאָגט, אַלעמאָל נישט האָבן צופיל אין וואָס זיך אָנצוטשעפּען. אַ פּאָר פונקטן זיינען אינגאַנצן רעסאָרבירט, די נעסט איז קלענער געוואָרן און שאַרף אַרומגעגרענעצט און דאָס איז, ווי איר ווייסט, אַ סימן פון היילונג. אויף דעם סמך איז אוממעגלעך צו ערקלערן די אומסאָלידקייט פון אַייער טעמפּעראַ-טור, מענטש. דער דאָקטאָר זעט אַיין די נויטווענדיקייט צו זוכן נייע סיבות.

האַנס קאַסטאָרפּס באַוועגונג מיטן קאָפּ האָט אויסגעדריקט העפ-לעכע נייגעריקייט.

— איצט וועט איר טראַכטן, קאַסטאָרפּ: דער עובר-בטלדיקער בערענס מוז מודה זיין, אַז ער האָט אַייך שלעכט געהיילט. דערמיט וואָלט איר אָבער בלויז אָנגעכאַפּט זיך אָן אַ פליג און נישט אָפּגע-פּאַרטיקט זיך מיטן אָקס און מיט בערענסן אויך נישט. מ׳האָט אַייך נישט געהיילט שלעכט, נאָר אפשר אַ ביסל צו-איינזייטיק. מיר איז איינגעפאַלן, אַז אפשר האָט מען נישט געדאַרפט אין אַייערע סימפּ-טאָמען זען אויסשליסלעך טובערקולאָזיס און איך דרינג עס אַרויס פון דער וואָרשיינלעכקייט, אַז היינט זיינען עס בכלל נישט מער קיין סמנים דערפון. ס׳מוז זיין אַן אַנדער שטערונג. לויט מיין מיינונג האָט איר קאָקן*.

— ס׳איז מיין טיפסטע איבערצייגונג — האָט דער הויפראַט איבערגעחזרט מיט אַ שטאַרקערן אַקצענט, באַמערקנדיק די קאָפּ-באַ-וועגונג מצד האַנס קאַסטאָרפּן — אַז איר האָט סטרעפּטאָקאָקן. איר דאַרפט דערביי, אגב, תיכף נישט אַריינפאַלן אין קיין שרעק.

---

* סטרעפּטאָקאָקן - באַצילן, וואָס בילדן זיך אין קערפּער אין גאַנצע קייטן און רופן אַרויס היץ.

(ווען שרעק האָט גאָר נישט געקאָנט זיין קיין רייד. האַנס קאַסטאָרפּס מינע האָט גיכער אויסגעדריקט אַ מין איראָנישע אָנער־קענונג צי מחמת דעם דאָקטאָרס שאַרפזין, אָדער גאָר צוליב דעם נייעם כּבוד, וועלכן דער הויפראַט האָט אים געוואָלט אָנטאָן מיט זיין השערה).

— קיין שום סיבה אויף פּאַניק! — האָט בערענס געענדערט זיין באַמערקונג — קאָקן האָט יעדער איינער. סטרעפּטאָס האָט יעדער אייזל. איר דאַרפט אייך גאָרנישט איינריידן. מיר ווייסן ערשט זינט לעצטנס, אַז עמעץ קאָן האָבן סטרעפּטאָקאָקן אין בלוט און דערביי נישט אַרויסווייזן קיין שום ספּעציעלע אינפעקציע־ערשיינונגען. מיר שטייען אויף פאַר דעם רעזולטאַט, וואָס איז נאָך אומבאַקאַנט פאַר אַ סך קאָלעגן, אַז אויך טובערקולן קאָנען זיין אין בלוט אָן שום קאָנסעקווענצן. מ'איז אייגנטלעך גאָר־גאָר נאָענט צו דער איפּ־פאַסונג, אַז טובערקולאָז איז אייגנטלעך אַ בלוט־קראַנקהייט.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזאָגט, אַז דאָס איז באמת אינטע־רעסאַנט.

— ווען איך זאָג, הייסט עס: סטרעפּטאָס — האָט בערענס ווידער אָנגעהויבן — דאַרפט איר נישט באַלד טראַכטן וועגן דער שווערער קראַנקהייט. צי אָט־די קליינטשינקע האָבן זיך באמת באַ־זעצט אין אייך, דאָס וועט די באַקטעריאָלאָגישע אונטערזוכונג פון בלוט ווייזן. אָבער צי אַייער היץ נעמט זיך דערפון (אויב מ'נעמט אָן, אַז זיי זיינען פאַראַן), דאָס וואָלט מען זיך ערשט דערוואוסט פון דער סטרעפּטאָוואַקצין־קוראַציע, צו וועלכער מיר וואָלטן צוגעטרעטן אין דעם פאַל. דאָס איז דער וועג, ליבער פריינד, און איך פאַרהאָף, ווי געזאָגט, צו דערגרייכן אַזוי אַרום צו אומגעריכטע רעזולטאַטן. אַזוי שלעפּעדיק ווי ס'איז טובערקולאָז, אַזוי גיך קאָנען היינט קרענק פון יענעם מין געהיילט ווערן, און אויב איר וועט בכלל רעאַגירן אויף די איינשפּריצונגען, וועט איר אין משך פון זעקס וואָכן זיין געזונט. וואָס זאָגט איר איצט? דער אַלטער בערענס ווייסט וואו ס'איז, הע?

— לעת־עתּה איז עס בלויז אַ השערה — האָט האַנס קאַס־טאָרפּ געזאָגט מאַט.

— אַ השערה, וואָס לאָזט זיך באַווייזן! אַ זייער פּרוכטבאַרע השערה! — האָט דער הויפראַט געענטפערט. — איר וועט זעען, ווי פרוכטבאַר זי איז, ווען אויף אונזער האָדעווען וועלן נעמען מערן זיך די קאָקן. מאָרגן נאָכמיטאָג וועל איך ביי אייך אַ צאַפּ טאָן, קאַסטאָרפּ. לויט אַלע כּללים פון אַ דאָרפישן רופא וועלן מיר אייך לאָזן צו דער אָדער. דאָס איז אַ שפּאַס פאַר זיך און קאָן ברענגען געבענטשטע עפעקטן פאַרן גוף און פאַר דער נשמה...

האַנס קאַסטאָרפּ האָט ערקלערט, אַז ר'איז גרייט צו דער שפּיל, און האָט פיין אָפּגעדאַנקט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט מצד דעם הויפראַט. ער האָט געהאַלטן איינגעבויגן דעם קאָפּ צו די אַקסלען און האָט נאָכגעקוקט דעם הויפראַט, וועלכער האָט אַוועקגערודערט. דעם שעפס רייד האָבן געטרי אָנגעטראָפן אין אַ קריטישן מאָמענט. ראַדאַמאַנט האָט גאַנץ ריכטיק אויסגעטייטשט האַנס קאַסטאָרפּס שטימונג און זיין מינע. די נייע אונטערנעמונג איז געווען באַשטימט — בפירוש דערצו באַשטימט, ער האָט גאָרנישט געלייקנט אין דער כּוונה דערפון — גובר צו זיין דעם טויטן פּונקט, אויף וועלכן דער גאַסט האָט זיך זינט נישט לאַנג געפונען. מ'האָט עס לייכט געקאָנט אַרויסדרינגען פון זיין מימיק, וואָס האָט בולט דערמאָנט אין פאַרשטאָרבענעם יאָאַכימס, אין יענער צייט, ווען ס'האָבן זיך געצייטיקט אין אים געוויסע ווילדע און עקשנותדיקע באַשלוסן.

מ'קאָן זאָגן נאָך מער. נישט בלויז ער אַליין, האַנס קאַסטאָרפּ, איז, ווי ס'האָט אויסגעזען, צוגעקומען צו אַזאַ טויטן פּונקט, נאָר ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס זעלבע געשעט מיט דער וועלט, מיט אַלץ, מיט „דעם גאַנצן", אָדער נאָך מער: ער האָט אויסגעפונען, אַז ס'איז שווער דאָ אונטערצושיידן דאָס באַזונדערע פון דעם אַלגעמיינעם. דער עקסצענטרישער סוף פון זיין פאַרבינדונג מיט אַ פּערזענלעכקייט; די פילפאַכיקע איבערודערונג, וואָס יענעמס כּוח האָט אַריינגעברענגט אין דער אַנשטאַלט; דער פאַקט, וואָס קלאַוודיאַ שאָשאַ איז ווידער אַוועק פון עולם דאָ אויבן; דאָס געזעגענען זיך, וואָס איז געווען באַשאָטנט מיט דער טראַגיק פון גרויסן אָפּזאָגן זיך און וואָס איז פאָרגעקומען צווישן איר און דעם איבערגעבליבענעם דו־ברודער פון איר האַר פול מיט יראת־הכּבוד צום מת, —

זינט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דעם יונגמאַן דוכטן, אַז מיט דער וועלט און מיטן לעבן איז עפּעס נישט אינגאַנצן אין אָרדענונג; עפּעס אַזוי ווי דאָס אַלץ וואָלט פאָרגעקומען אויף אַ באַזונדערן מסוכּנעם אופן און כּסדר אַלץ מער וואַקלדיק און דערדריקנדיק; גלייך ווי ס'וואָלט האָבן איבערגענומען די מאַכט אַ דעמאָן, וואָס האָט ביז איצט, אמת גאַנץ לאַנג, שלימזלדיק און נאַריש, געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. איצט אָבער האָט ער אַזוי אומגעצוימט דערקלערט זיין ממשלה, אַז ס'האָט גענומען באַפאַלן אַ סודותדיקע שרעק און ס'זיינען נאָענט געוואָרן די געדאַנקען וועגן מאַכן פּליטה. דער נאָמען פון דעמאָן איז — טעמפּקייט.

מ'וועט האַלטן, אַז דער דערציילער איז הומאָריסטיש און ראָמאַנטיש דערמיט, וואָס ער ברענגט אין פאַרבינדונג די טעמפּקייט מיט דעם דעמאָנישן און שרייבט איר צו אַ ווירקונג פון מיסטישער גרויל. אָבער פונדעסטוועגן טראַכטן מיר נישט אויס, נאָר מיר האַלטן זיך גענוי אין דער פּערזענלעכער איבערלעבעניש פון אונזער פּשוטן העלד. מיר ווייסן וועגן איר אויף אַן אופן, וואָס לאָזט זיך, אמת, נישט קאָנטראָלירן און דאָס גיט אונז דירעקט דעם באַווייז, אַז טעמפּקייט קאָן ביי אַזעלכע באַדינגונגען באַקומען אַזאַ כאַראַקטער און אַרויסרופן אַזעלכע געפילן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אומגע־קוקט... ער האָט געזען דורכאויס אומהיימלעכקייט, רישעותדיקס און ער האָט געוואוסט, וואָס אַזוינס ער זעט: דאָס לעבן אָן צייט, דאָס לעבן אָן זאָרגן און האָפענונג, דאָס לעבן ווי אַ פאַרגליווערט טעטיקע צעלאָזנקייט, דאָס טויטע לעבן.

ס'האָט דערין געהערשט באַשעפטיקטקייט, טעטיקייטן פון כּל־ערליי אופנים זיינען געגאַנגען פּאַראַלעל. אָבער פון צייט צו צייט איז איינע פון זיי געוואָרן ווילד אין דער מאָדע און אַלץ האָט זיך פאַנאַטיש אונטערגעגעבן צו דעם. אַזוי למשל האָט די אַמאַטאָרישע פאָטאָגראַפיע פון אַלעמאָל אָן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער בערגהאָף־וועלט. אָבער שוין צוויי מאָל (וואָרעם ווער ס'איז דאָ גע־ווען איבער געוויינטלעך לאַנג, האָט געקאָנט דערלעבן דעם פּעריאָדישן צו־ריקקער פון אַזעלכע עפּידעמיעס) איז די ליידנשאַפט דערצו אויף וואָכן און חדשים לאַנג געוואָרן אַלעמענס משוגעת. ס'איז פּשוט נישט

געווען קיין איינער, וואָס זאָל נישט מיט אַן ערנסטער מינע אײַנבויגן דעם קאָפּ הינטער אַ קאַמערא, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אין האַרץ־גריבל און לאָזן אַ בלינצל טאָן די בלינדע. דאָס ווײַזן אָפּצוגן בײַם טיש האָט גאָר נישט גענומען קיין סוף. פּלוצלינג איז געוואָרן אַ מאָדע, אַליין פאָרצורופן. די טונקל־קאַמער, וואָס איז געווען אין סאַנאַטאָריע, האָט ווײַט נישט געקלעקט פאַר אַלע. מ׳האָט פאַרשטעלט די באַלקאָן־טירן און די פענסטער פון די צימערן מיט שוואַרצע פאָרהאַנגען. קעגן רויטן ליכט האָט מען אַזויפיל אַרומגעפּאָרעט זיך מיט כעמישע בעדער, ביז ס׳איז געוואָרן אַ שׂרפה אין דער בולגאַרישער סטודענט פון גוטן רוסן־טיש איז שיר־שיר נישט פאַרברענט געוואָרן אויף קויל. ערשט דעמאָלט האָט די פאַרוואַלטונג דאָס אַליך פאַרווערט. באַלד האָט מען אײַנגעזען, אַז די פּשוטע פאָטאָגראַפיע איז אַ נמאסדיקער ענין. ס׳זײַנען אויפגעקומען בליץ־ליכט־אויפנאַמעס און פאַרביקע פאָטאָגראַפיעס לויט לומיערס מעטאָד. מ׳האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון בילדער, וואו די פערזאָנען—פּלוצלינג געטראָפן פון מאַגנעזיע־בליץ — האָבן געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און די פּנימער זײַנען געווען אַש־גרוי פאַרקראַמפּט, ווי בײַ גופים פון ערמאָרדעטע, וועלכע מ׳האָט אַוועקגעזעצט מיט אָפענע אויגן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט בײַ זיך אַ גלעזערנע קלישע, וואָס איז געווען גערעמט אין פּאַפּ. ווען מ׳האָט זי צוגעשטעלט צום ליכט, האָט מען געקאָנט זען אים צווישן דער פרוי שטער און דער עלפאַנטביינערנער לעווי. די ערשטע האָט געטראָגן אַ הימל־בלויען סוועטער, די אַנדערע— אַ בלוט־רויטן. ער אַליין האָט געהאַט אַ קופער־רויטע צורה און איז געשטאַנען אויף אַ גרינער וואַלד־לאָנקע צווישן גרוי־געלע בלומען. איינע האָט ער געטראָגן אין לאַץ.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זאַמלען מאַרקעס, מיט וועלכן אײַנצלנע האָבן שטענדיק זיך געפּאָרעט און וואָס פלעגט טיילמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַלגעמיין משוגעת. יעדער איינער האָט געקלעפּט, געשאַכערט, געטוישט. מ׳האָט געהאַלטן פילאַטעליסטישע זשורנאַלן, געפירט קאָרעספּאָנדענץ מיט מאַרקעס־געשעפטן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, מיט פילאַטעליסטישע פאַראיינען און אַמאַטאָרן. אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן קוים געקאָנט לויט זייער מאַטעריעלער

לאַנגע אויסהאַלטן דאָס חדשים אָדער יאָרן־לאַנגע זיין אין דער לוק־סוסדיקע סאַנאַטאָריע, האָבן צוניפגעקאַצט דערשבֿויעענדיק סומעס, כּדי צו באַקומען זעלכן זעלטענעם עקזעמפּליאַר.

דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז ס'איז אַרויסגעשפּרונגען אַן אַנדער נאַרישקייט. ס'איז געוואָרן אין גוטן מאָן דאָס זאַמלען און כּסדרדיקע אַריינעסן אין זיך שאָקאָלאַד פון כלערליי סאָרטן. אַלע האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט ברוינע מיילער. די בעסטע מטעמים פון דער בערגהאָף־קיך האָט מען געגעסן פויל און מיט פּרעטענזיעס, ווייל די מאָגנס זיינען אָנגעשטאָפּט געווען און פּאַרפּאַקט מיט „מיל־קאַ־נוט“, „שאָקאָלאַד אַ־לאַ קרעם ד'אַמאָנד“, „מאַרקי־נאַפּאָליטענס“ און גאָלד־באַשפּרענקלטע „קאַטצענצונגען“.

דאָס צייכענען חזירימלעך מיט צוגעמאַכטע אויגן, וואָס איז אַיינגעפירט געוואָרן אַמאָל אין אַ קאַרנאַוואַל־נאַכט מצד דער העכ־סטער פּערזאָן און וואָס איז זינט דעמאָלט געוואָרן זייער פּאָפּולער, האָט ווייטער געפירט צו געאָמעטרישע געדולד־פּרווון. אויף אַ צייט האָט דאָס פאַרנומען די גייסטיקע ענערגיע פון אַלע בערגהאָף־געסט און אַפילו די לעצטע גערדאַנקען און ענערגיע פון די שווער־קראַנקע. וואָכן־לאַנג איז די סאַנאַטאָריע געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַ קאָמפּליצירטער פיגור, וועלכע איז באַשטאַנען אַזש פון אַכט גרויסע און קליינע קרייזן און פון אַ סך אַריינגעפלאָכטענע דרייעקן. די אויפ־גאַבע איז באַשטאַנען דערין: אָט־די פּאַרוויקלטע פיגור אויסמאָלן אין איין צי מיט דער פעדער. אָבער דער העכסטער ציל איז געווען דאָס צו מאַכן אויך מיט פאַרבונדענע אויגן. געלינגען איז עס סוף־כּל־סוף (אויב מ'זאָל וועלן אויסקוקן פון עטלעכע קליינע עסטעטישע חסרונות) דעם פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט, וועלכער איז געווען דער סאַמע פירער אין הלכות קונצנמאַכעריי.

מיר ווייסן, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט מאַטעמאַטיק. מיר ווייסן עס פון הויפראַט גופא און מיר קאָנען אויך די ציכטיקע טרייב־קראַפט פון דער דאָזיקער עבודה. מיר האָבן געהערט שטאַרק לויבן זי ווי עפּעס, וואָס קומט־אָפּ און טעמפּט־אָפּ די תאוות. ווען אַלע וואָלטן זיך אָפּגעגעבן דערמיט, וואָלט מען לעצטנס מסתמא גע־ווען פאַרשפּאַרט איינצופירן נייע מנהגים. דער עיקר איז עס באַ־

שטאַנען אין פאַרמאַכן אַלע באַלקאָן־דורכגענג פון די מילך־גלעזערנע ווענט. דער באָדמייסטער האָט פאַרריגלט יעדע נאַכט די קליינע טירן, און דער עולם האָט זיך דערביי לוסטיק געמאַכט. דערפאַר האָט מען זינט דעמאָלט שטאַרק געזוכט צימערן אויפן ערשטן שטאָק איבער דער וועראַנדע. דאָרטן, אויב מ׳איז אַריבערגעקראָכן איבער דער באַלוסטראַדע, האָט מען געקאָנט מיטן אַרויסשטאַרנדיקן גלעזערנעם דאַך גיין פון לאָזשע צו לאָזשע אויסמיידנדיק די טירלעך. אָבער פאַרן פראָקוראָרס וועגן וואָלט מען בכלל נישט געווען געדאַרפט איינפירן די נייע דיסציפלין. דעם שווערן נסיון, וועלכן פאַראַוואַנט האָט דורכגעמאַכט צוליב דער דערשיינונג פון יענער עגיפטישער פאַטמע, האָט ער שוין לאַנג געהאַט גובר געווען. זי איז געווען די לעצטע, וואָס האָט פאַרשאַפט זאָרגן זיין גוף. זינט דעמאָלט האָט ער זיך מיט טאָפּלטער ענערגיע געוואָרפן אין די אָרעמס דער קלאָר־אויגיקער געטין, וואָס וועגן איר באַרויקנדיקער מאַכט האָט דער הויפראַט אַזוי שיין גערדשנט. נישט אַנדערש ווי מיט דעם פראָבלעם פון קוואַדראַטור פון קרייז האָט ער זיך איצט אָפּגעגעבן בייטאָג און ביינאַכט, האָט דערין אַריינגעלייגט זיינע אַלע חושים, די גאַנצע ספּאָרטישע עקשנות, מיט וועלכער ער האָט אַמאָל (פאַר זיינע אָפּט־פאַרלענגערטע אורלויבן, וואָס האָבן געהאַלטן ביי איבערגיין אין פולשטענדיקער עמעריטור) עוסק געווען אין פאַרפאָלגן אָרעמע בעל־עבירהניקעס.

דער אויסגעגליטשטער באַאַמטער האָט אין משך פון זיינע שטודיעס זיך דורכגענומען מיט דער מיינונג, אַז די באַווייזן, מיט וועלכע די וויסנשאַפט האָט אונטערגעהאַלטן די אוממעגלעכקייט פון אָט דער קאָנסטרוקציע, האַלטן נישט אויס קיין קריטיק און אַז די השגחה פרטית האָט אים, פאַראַוואַנטן, ספּעציעל דערוויטערט פון דער לעבעדיקער וועלט דאָרט אונטן, ווייל זי האָט אים אויסדערוויילט, אַז ער זאָל אַריינברענגען דעם טראַנסצענדענטן ציל אין די גרענעצן פון ערדישער דערפילונג. אַזוי האָט עס געהאַלטן מיט אים. ער האָט געצירקלט און גערעכנט, וואו ר׳איז געגאַנגען און געשטאַנען, האָט באַשריבן אָן אַ שיעור פּאַפּיר מיט פיגורן, אותיות, צאָלן, אַלגעבראַישע סימבאָלן. זיין ברוין פנים, דאָס פנים פון אַ מענטש, וואָס

איז כּלומרשט דורך־און־דורך געזונט, האָט באַקומען דעם װיזיאָנערן און פאַרביסענעם אויסדרוק פון אַ מאַניע. זיינע שמועסן האָבן זיך געדרייט אויסשליסלעך און מיט אַ מוראדיקער איינטאָניקייט אַרום דער פאַרהעלטניש פון „פּי"*, אָט דער פאַרצווייפלטער בּרוכצאָל, פון װעלכער די נידעריקע געניאַליטעט פון איינעם אַ קאָפּ־רעכנער זאַ־כאַריאַס דאַזע האָט איינמאָל אויסגערעכנט ביז צוויי הונדערט דע־צימאַל־שטעלן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז בלויז געװען אַ ספּאָרט־זאַך, װייל צוויי טויזנט דעצימאַל־שטעלן װאָלטן פּונקט אַזוי וויי־ניק אויסגעשעפּט די דערנענטערונגס־מעגלעכקייטן צו דעם אומדער־גרייכבאַרן װי צוויי הונדערט, אַזוי אַז די צאָל מעגלעכקייטן איז דערמיט איינגנטלעך גאָרנישט פאַרמינערט געװאָרן. אַלע האָבן אויסגעמיטן דעם פאַרפייניקטן זוכער, װייל אויב עמעץ איז אַריינגעפאַלן צו אים אין די הענט אַריין, האָט ער געמוזט אויסהערן אַ מבול מיט װערטער, װאָס איז אויסן געװען צו װעקן זיין הומאַנער עמפּינדלעכקייט פאַר דער חרפּה צוליב דער פאַראומריינקונג פון מענטשלעכן גייסט דורך דער אירראַציאָנאַלקייט פון אָט־דעם מיסטישן פאַרהעלטעניש. די פּרוכט־לאָזיקייט פון אייביק כּפלען דעם דיאַמעטער מיט „פּי", כּדי צו געפינען דעם אַרומנעם, — פון קוואַדראַט איבערן שטראַל, דעם אינהאַלט פון קרייז, — האָט גורם געװען ביים פּראָקוראָר דאָס אַריינפאַלן אין ספקות, צי די מענטשהייט האָט נישט אַמאָל פון אַרכימעדעסן אָן ביז היינט צו שווער גענומען דעם ענין און צי אָט די לעזונג איז נישט אַמאָל פאַקטיש די סאַמע פּשוטסטע. װאָס, מ'זאָל נישט קאָנען רעקטיפיצירן די קרייז־ליניע און אויך נישט קאָנען אויסבייגן יעדע גלייכע ליניע צו אַ קרייז? טיילמאָל האָט זיך פּאַראַ־װאַנטן אויסגעדוכט, אַז ר'איז נאָענט צו אַן אַנטפּלעקונג. מ'האָט אים אָפט שפּעט אין אָװנט געזען זיצן ביי זיין טיש אין װיסטן און שלעכט־באַלויכטענעם עס־זאַל. ער האָט אויף דער אַנטבלויזטער פּלאַטע אַװעקגעלייגט אַ שטיקל פאָדעם אין דער פאָרם פון אַ קרייז און ער האָט עס פּלוצלונג, מיט אַ דערפרייטער מינע צוריק

* דער מאַטעמאַטישער צייכן פאַר דעם פאַרהעלטעניש פון דעם דיאַ־מעטער פון קרייז צו דער פּעריפעריע.

אויסגעגלײַכט. דערנאָך האָט ער — אַ שווער אָנגעשפּאַרטער — ווידער גענומען גריבלען זיך אַ פאַרדאַגהטער. דער הויפּראַט פלעגט אים בײַ אַ געלעגנהייט צוהעלפן בײַ דער שווערער שפּילערײַ, האָט אים בכלל געשטאַרקט אין זײַן עקשנות. אויך צו האַנס קאַסטאָרפּן האָט זיך איינמאָל געווענדט דער לײַדנדיקער מיט זײַן באַליבטער עגמת-נפש; עס איז געשען איינמאָל און נאָכאַמאָל, ווײַל ר׳האָט זיך דאָ אָנגעשטויסן אויף אַ סך פרײַנדלעך פאַרשטענדעניש, אויף אַ געפיל, וואָס האָט זיך דורכגענומען מיטן סוד פון קרײַז. כדי דעם יונגנמאַן קלאָר פאָרצושטעלן די פאַרצווייפלונג „פּי“, האָט ער אים געוויזן אַ האָר-שאַרפע צייכענונג, וואו ס׳איז מיט זייער גרויסער מי געווען אַרײַנגעשריבן אַ קרײַז-ליניע צווישן צוויי פּאָליגאָנען*, אַן אַרײַנגעשריבענעם און אַן אַרומגעשריבענעם. די צאָל פּיצלעך זײַטן איז געווען אַזאַ גרויסע, אַז די דערנענטערונג איז געווען די סאַמע מעגלעכסטע. אָבער די רעשט, די קרימונג, וועלכע האָט זיך אויף אַן עטעריש-גײַסטיקן אופן נישט געלאָזט ראַציאָנאַליזירן דורך דער אויסגעחשבונטער אַרומקלאַמערונג, דאָס, האָט פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט געזאָגט, איז „פּי“! האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך, בײַ זײַן גאַנצער אויפנעמערישקייט, אַרויסגעוויזן ווייניקער עמפּפינדלעך אויף „פּי“, ווי פּאַראַוואַנט. ער האָט עס אָנגערופן ליצנות, האָט געעצהט פּאַראַוואַנטן ער זאָל זיך נישט צופיל דורכנעמען מיט דער שפּיל אין קאַפּעלעך. ער האָט גערעדט וועגן די ווענדפּונקטן, וואָס לאָזן זיך נישט אויסציִען און פון וועלכע דער קרײַז באַשטייט אָנגעהויבן פון זײַן נישט-פאַראַנענעם אָנהייב ביז זײַן נישט-פאַראַנענעם סוף; פון דער שטאָלצער מעלאַנכאָליע, וואָס ליגט אין דער אייביקייט, וועלכע שטרעבט צוריק צו זיך אַליין אָן שום ריכטונגס-דויער. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ רעליגיעזער געלאַסנקייט, אַז דאָס האָט אויף אַ שטיקל צײַט געהאַט אַ באַרויִקנדיקע ווירקונג אויפן פּראָקוראָר.

אגב, האָט נישט איין פּאַציענט פון דער אַנשטאַלט, וואָס האָט געליטן דערפאַר, ווײַל ר׳האָט נישט געפונען בײַ דער לײַכט

---

* פיגור מיט אַ סך עקן — פילעק.

לעבענדיקער מערהייט קיין פאַרשטענדעניש צוליב זיין פיקסער אי=
דעע, פאַרטרויט זיך פאַר האַנס קאַסטאָרפּן. ר'האָט עס געהאַט צו
פאַרדאַנקען זיין נאַטור. אַן אַמאָליקער סקולפּטאָר פון אַן עסט=
רייכישער פּראָווינץ, שוין אַן עלטערער מענטש מיט ווייסע וואָנסן,
מיט אַ האַקן=נאָז און בלויע אויגן, האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּי=
נאַנסיעל=פּאָליטישן פּלאַן. ער האָט אים אויפגעשריבן קאַליגראַפיש און
די אַנטשיידענע שטעלן אונטערגעשטראָכן מיט אַ פּענדזל=שטריך פון
סעפּיאַ=קאָליר. געהאַנדלט האָט זיך דאָ וועגן דעם, אַז יעדער ציי=
טונג=לעזער זאָל נעמען אויף זיך דעם חוב צוצושטעלן 40 גראַם
אַלט צייטונגס=פּאַפּיר אַ טאָג. אַריינטראָגן זאָל ער עס יעדן חודש.
אין משך פון יאָר וועט דאָס אָנטרעפן 14.000 גראַם, אין צוואַנציק
יאָר נישט ווייניקער ווי 288 קילאָ. אויב מ'זאָל רעכענען אַ קילאָ צו
20 פעניג, וועט עס האָבן אַ ווערט פון 57 דייטשע מאַרק און 60
פעניג. פינף מיליאָן אַבאָנענטן — אַזוי איז ווייטער געשטאַנען אין
מעמאָראַנדום — וועלן, הייסט עס, אין משך פון 20 יאָר אַריינטראָגן
אין צייטונגס=פּאַפּיר די אומגעהייערע סומע פון 288 מיליאָן מאַרק. דער=
פון דאַרפן זיי צוריקקריגן צוויי דריטל אויפן ווייטערדיקן אַבאָ=
נירן צייטונגען, וואָס וועט אַזוי אַרום ווערן ביליקער און דערפאַר
די רעשט, אַ דריטל, בערך אַ 100 מיליאָן, זאָל גיין אויף הומאַניטאַרע
צוועקן, אויף פינאַנסירן פאָלקסטימלעכע לונגען=סאַנאַטאָריעס, אויף
אונטערצושטיצן פאַרענגטע טאַלענטן און אַזוי ווייטער. דער פּלאַן איז
געווען אויסגעאַרבעט אַפילו אויף אַזוי ווייט, אַז ס'איז געווען פאָרגע=
שטעלט צייכנעריש אַ מין מעסט=אינסטרומענט, מיט וועלכן מ'זאָל
זיך באַנוצן ביים אָפּשאַצן דעם ווערט פון דעם אָנגעקליבענעם פּאַפּיר
יעדן חודש. ס'איז אויך געווען אָנגעצייכנט די געלעכערטע פאָרמולאַרן,
וועלכע וועלן אַרויסגעגעבן פאַר אַ קוויטאַנציע. אַלץ איז געווען באַ=
רעכטיקט און מאָטיווירט פון אַלע זייטן. דאָס אומבאַרעכנטע פאַר=
שווענדן און אַ תל מאַכן פון צייטונגס=פּאַפּיר, וועלכע נישט
אויפגעקלערטע מענטשן וואַרפן אין וואַסער און אין פייער, איז אַ
פאַרראַט בנוגע אונזערע וועלדער, בנוגע אונזער פאָלקסווירטשאַפט.
שוינען פּאַפּיר, שפּאָרן פּאַפּיר הייסט שפּאָרן צעל=שטאָף, וועל=
דער, מענטשן=מאַטעריאַל, וואָס ווערט פאַרנוצט ביים מאַכן צעל=

שטאָף און פּאַפּיר, נישט ווייניקער מענטשן־מאַטעריאַל און קאַפּיטאַל. היות דער ווערט פון אַלטן צייטונגס־פּאַפּיר קאָן לייכט פירפאַך פאַרטאָפּלט ווערן, ווען מ'אַרבעט עס איבער אויף פּאַק־פּאַפּיר און אויף קאָרטן, ממילא קאָן עס ווערן אַ וואָגיקער ווירטשאַפט־לעכער פאַקטאָר, אַ יסוד פון מלוכהשער און שטאָטישער באַשטייערונג און וועט אַזוי אַרום פאַרלייכטערן די צייטונגס־לעזער דעם עול פון די שטייערן. בקיצור, דער פּלאַן איז געווען גוט, מ'האָט אייגנטלעך אים נישט געקאָנט גאָרנישט פאָרוואַרפן. אויב ס'איז דערין געלעגן עפּעס אומהיימלעך־עובר־בטלדיקס, פינסטער־טיפשותדיקס, — איז עס נאָר געווען צוליב דעם אויסטערלישן פאַנאַטיזם, מיט וועלכן דער אַמאָליקער קינסטלער האָט זיך אַריינגעלאָזט און אַריינגעטאָן אין אָט־דער עקאָנאָמישער אידעע. טיף־אינערלעך האָט ער עס, אַפּנים, גענומען אַזוי ווייניק ערנסט, אַז ר'האָט אַפילו נישט געמאַכט דעם לייכטסטן פּרווו צו פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן... האַנס קאַסטאָרפּ האָט קרום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך צוגעהערט צו דעם מענטש, וואָס האָט מיט צעהיצט־באַפליגלטע ווערטער פּראָפּאַגירט פאַר אים זיין דערלייזנדיקע אידעע. דערביי האָט ער אַריינגעטראַכט זיך אין דעם ביטול און ווידערווילן, וואָס האָבן אים נישט געלאָזט שטעלן זיך אויף דער זייט פון ערפינדער לגבי דער נאַרישער וועלט.

עטלעכע פּאַציענטן פון „בערגהאָף" האָבן געפּאָרקעט זיך מיט עספּעראַנטאָ און האָבן זיך באַרימט מיט דעם קינסטלעכן קודער־וועלש ביים טיש. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געקוקט אויף זיי פינסטער, כאָטש ר'האָט געהאַלטן ביי זיך אַליין, אַז זיי געהערן נישט צו די ערגסטע. ס'זיינען דאָ זינט נישט לאַנג געווען אַ גרופּע ענגלענדער, וואָס האָבן איינגעאָרדנט אַ מין שפּיל, וואָס איז באַשטאַנען בלויז דערין, אַז יעדער אָנטיילנעמער זאָל אַ פרעג טאָן ביי זיין שכן לויט דער ריי: Did you ever see the devil with a night-cap on?* דער געפרעגטער האָט געכאַפּט ענטפערן No! I never saw the devil with a night-cap on?** באַלד דערנאָך האָט ער די זעלבע

* ענגליש: האָסטו אַמאָל געזען דעם טייוול אין אַ נאַכט־מיץ?
** ניין, איך האָב נישט געזען דעם טייוול אין אַ נאַכט־מיץ.

פראַגע געשטעלט אַ צווייטן און אַזוי איז עס געגאַנגען כּסדר אין דער ריי. דאָס איז געווען שרעקלעך. אָבער דעם אָרעמען האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען נאָך ערגער צוצוקוקן, ווי מ'האָט אין דער גאַנצער אַנשטאַלט געהאַלטן אין איין אויסלייגן פּאַסיאַנס, אַ גאַנצן טאָג. די ליידנשאַפט צו דער דאָזיקער צעשטרייונג איז לעצטנס באַפאַלן דעם עולם אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט ממש געמאַכט פון דער אַנשטאַלט אַ מין משוגעים־הויז. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך נאָך מער געקאָנט דערשרעקן דערפאַר אײַנזעענדיק, אַז ער אַליין ווערט אַ קרבן — און אפשר דאָס שטאַרקסטע — פון דער עפּידעמיע. גורם געווען האָט דאָס אים דער עלפער־פּאַסיאַנס: יענע פּאָרס, בעת וועלכער מ'לייגט אויס די קאָרטן צו דריי אין דריי שורות אין דערנאָך דעקט מען צוויי קאָרטן, וואָס טרעפן אָן צוזאַמען עלף און אויך דריי פיגורן, אויב זיי בלייבן אָפן, ביז די שפּיל ענדיקט זיך, אויב דאָס מזל גייט. מ'וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט גלויבן, אַז פון אַזאַ פּשוטער עובדא זאָל מען קאָנען ווערן אַזוי צערייצט און פאַרכּישופט. פון־דעסטוועגן האָט האַנס קאַסטאָרפּ, גלייך ווי אַלע אַנדערע, אויסגע־פּרוּווט די דאָזיקע מעגלעכקייט. ער האָט עס געטאָן מיט פינסטער־צוזאַמענגעצויגענע ברעמען, ווייל די זינד ברענגט קיינמאָל נישט קיין פרייד. ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער קאַפּריזנער שטימונג פון קאָרטן־שד, ס'האָט אים פאַרפירט דאָס פאַנטאַסטיש־זיך־בייטנדיקע מזל, וואָס טיילמאָל האָט עס מיט ליכטיקן גליק פון סאַמע אָנהייב אָן געלאָזט אויסלייגן די עלף־פּאָרלעך, דעם אייבער־מלכּה־מלך אַזוי, אַז ס'איז שוין נישט געווען וואָס צו שפּילן נאָך איידער ר'האָט אויסגעלייגט די קאָרטן צום דריטן מאָל (אַן אײַליקער ניצחון, וואָס האָט תּיכּף גערייצט די נערוון צו אַ נייעם פּרוּוו). אַן אַנדערש מאָל איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צום דעקן ביז צו דער ניינטער אין לעצטער סעריע, אָדער דער כּלומרשט שוין זיכערער ערפאָלג איז אין דער לעצטער מינוט פאַרהאַקט געוואָרן. ער האָט געלייגט פּאַ־סיאַנס אומעטום און אין אַלע צייטן פון טאָג, בײַנאַכט אונטערן פרייען הימל, אינדערפרי אין דער בלויזער פּיזשאַמע, ביי מיטאָג און אַפילו אין חלום. עס האָט אים געגרוילט, אָבער ר'האָט עס געטאָן. אַזוי אַרום האָט אים געכאַפּט דערביי אַמאָל ביי אַ באַזוך סעטעמבריני, אים „גע־שטערט", ווי דאָס איז שוין געווען זיין מיסיע פון שטענדיק אָן.

— Accidente! * — האָט ער געזאָגט. — איר לייגט אַייך קאָרטן, אינזשעניער?

— נישט דאָס איז דער מיין — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געענטפערט. — איך לייג פּשוט אַזוי, איך שפּיל מיך מיט דעם אַבּסטראַקטן צופאַל. מיך אינטערעסירן זיינע קאַפּריזן, זיין אונטערלעקעריי און דערנאָך זיין אומגלויבלעכע ברוגזדיקייט. היינט אינדערפרי גלייך נאָכן אויפשטיין איז דער פּאַסיאַנס דריי מאָל איינס נאָכן אַנדערן אויסגעקומען גלאַטיק, דערפון — איין מאָל אין צוויי רייען, דאָס איז אַ רעקאָרד. איר וועט מיר גלויבן, אַז איך לייג איצט שוין אויס צום צוויי־און־דרייסיקסטן מאָל און בין קיין איין מאָל נאָך נישט געקומען ביז צו דער העלפט פון שפּיל?

סעטעמבריני האָט אים אָנגעקוקט, ווי דאָס פּלעגט געשען אין משך פון די אַלע יאָרן, מיט טרויעריקע און שוואַרצע אויגן.

— אַלנפאַלס זיינען מיר שטאַרק פאַרנומען — האָט ער געזאָגט. — כ'זע נישט, כ'זאָל דאָ געפינען אַ טרייסט פאַר מיינע זאָרגן און אַ רפואה פאַר דער אינערלעכער סתירה, וואָס פּייניקט מיך.

— אַ סתירה? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ איבערגעחזרט און האָט ווייטער געלייגט...

— די לאַגע פון דער וועלט צעטומלט מיך — האָט דער מאַסאָן אַ זיפץ געטאָן. — דער באַלקאַן־בונד וועט צושטאַנד־קומען, אינזשעניער, אַלע מיינע אינפאָרמאַציעס ווייזן דערויף. רוסלאַנד אַרבעט מעשים, דאָס זאָל געשען און דער תוך פון דער קאָמבינאַציע איז געווענדט קעגן דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, ווייל אַזוי לאַנג ווי זי ווערט נישט צעריבן, קאָן נישט פאַרווירקלעכט ווערן קיין איין פונקט פון רוסישן פּראָגראַם. איר באַגרייפט מיין פאַרלעגנהייט? איך האַס אים מיט אַלע חושים, איר ווייסט עס. אָבער צי זאָל איך דערפאַר גייסטיק אונטערשטיצן די סאַרמאַטישע דעספּאָטיע, וועלכע האָט בדעה אַוועקצולייגן אַ שרפה־פאַקל אין אונזער אַריסטאָקראַטישער אייראָפּע? פון דער צווייטער זייט וועט אַפילו בלויז אַ

* איטאַליעניש: אַ צופאַל.

געלעגנטלעכע דיפּלאָמאַטישע צוזאַמענאַרבעט צווישן מײַן לאַנד און עסטרײַך מיך טרעפן ווי אַן אומכּבֿוד. דאָס זײַנען געוויסנספּראַגן, וועלכע —

— זיבן און פּיר — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט — אַכט און דרײַ. איבער, מלכּה, מלך. ס'נעמט גײַן. איר זענט מזלדיק, הער סעטעמברינו.

דער איטאַליענער איז שטיל געוואָרן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געפילט, ווי זײַנע שוואַרצע אויגן, דער בליק פון שׂכל און עטישקייט, זײַנען טיף־טרויעריק אָנגעשטעלט אויף אים. ער האָט בינו־לבינו נאָך אַ ווײַלע ווײַטער געלייגט די קאָרטן, האָט דערנאָך אונטערגעשפּאַרט די באַק מיט דער האַנט און האָט אַ קוק אַרויף געטאָן צו זײַן שטייענדיקן לערער מיט דער פֿאַלשער און פֿאַרעקשנטער אומשולד־מינע פון אַ שלעכט יינגל.

— אײַערע אויגן — האָט סעטעמברינו געזאָגט — באַמיִען זיך אומזיסט צו פֿאַרבאָרגן דעם פֿאַקט, אַז איר ווייסט, אין וואָס פֿאַר אַ מצבֿ איר זענט.

Placet experiri — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהאַט די חוצפּה צו ענטפערן און סעטעמבריני איז אַוועק. האַנס קאַסטאָרפּ, וואָס איז געבליבן אַליין, איז נאָך געזעסן אַ לענגערע צײַט בײַ זײַן טיש אינמיטן ווײַסן צימער, האָט מער נישט געלייגט די קאָרטן, נאָר אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט דער האַנט און געגריבלט זיך. ער איז געווען טיף אויפגעשווידערט צוליב דעם אויסטערלישן און קרומען מצבֿ, אין וועלכן ער האָט געזען די וועלט; צוליב דעם כּיכען פון דעמאָן און מאַלפּישן געטש, וואָס האָט געהערשט איבער דער וועלט הילפּלאָז, אָן אַ צוים און וואָס האָט געהייסן: „די גרויסע טעמפּקייט".

אַ שלעכטער, אַפּאָקאַליפּטישער נאָמען, אינגאַנצן צוגעפּאַסט אַרויסצורופן סוחותדיקע שרעק. האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן און האָט זיך געריבן דעם שטערן און די ברוסט מיט דער האַנט־פֿלאַך. ער האָט מורא געהאַט. ר'האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז „דאָס אַלץ" וועט זיך שלעכט ענדיקן, אַז דער סוף וועט זײַן אַ קאַטאַסטראָפֿע, אַ מרידה מצד דער געדולדיקער נאַטור, אַ דונערן און

אַ פאַרלענדנדיקער שטורעם-ווינט, וואָס וועט איבערברעכן דעם גדר פון דער וועלט, וועט אַרויסרייסן דאָס לעבן פון „טויטן פונקט“ און די „אוגערקע-צייט“ וועט שטיין אונטערן צייכן פון אַ מוראדיקן יום-הדין. ער האָט געהאַט חשק צו אַנטלויפן — מיר האָבן עס שוין דערציילט. נאָך אַ גליק, וואָס די אָנפירונג האָט געהאַט אויף אים דאָס דערמאָנטע „שטענדיקע אויג“, וואָס זי איז געווען אַ מבין אויף זיין מינע און האָט אים פאַרזאָרגט לשם אָפפרישונג מיט נייע פורכטבאַרע היפּאָטעזן.

מיט אַ קאָרפּאָראַציע-סטודענטישן טאָן האָט דער הויפראַט דערקלערט, אַז ער איז געקומען אויף דער אייגנטלעכער שפור פון די סיבות, וואָס זיינען גורם אַזאַ אומסאָלידקייט אין האַנס קאַסטאָרפּס טעמפּעראַטור. ער האָט דערביי וויסנשאַפטלעך דערקלערט, אַז אָט-די סיבות איז לייכט בייצוקומען, אַזוי אַז די היילונג און דאָס לעגיטימע אַהיימשיקן אין פלאַכלאַנד זיינען פלוצלונג געוואָרן ענינים פון דער נאָענטער פּערספּעקטיוו. דעם יונגנמאַנס האַרץ האָט געקלאַפּט הויך, צעשטורעמט פון פאַרשיידענע געפילן, בעת ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, מ'זאָל אים שלאָגן צו דער אָדער. פינטלענדיק מיט די אויגן און ווערנדיק עטוואָס בלייך, האָט ער באַוואונדערט דעם הערלעכן רובינרויטן קאָליר פון זיין לעבנסזאַפט, וואָס האָט שטייגנדיק אָנגעפילט דאָס קלאָרע רערל. די קליינע, אָבער באַטייטפולע אָפּעראַציע האָט אויסגעפירט דער הויפראַט אַליין און ס'האָבן דערביי אַסיסטירט ד"ר קראָקאָווסקי און אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער. דערנאָך איז אַוועק אַ גאַנצע ריי טעג, אין וועלכע האַנס קאַסטאָרפּ איז כסדר געווען באַהערשט פון דער פראַגע, ווי אַזוי דאָס אַוועקגעגעבענע ביסל בלוט וועט זיך, אויסער אים, אויספירן אונטער דער השגחה פון דער וויסנשאַפט.

נאַטירלעך האָט עס זיך נאָך גאָרנישט אָנגענומען — האָט געזאָגט אינאָנהייב דער הויפראַט. ס'האָט, ליידער, זיך נאָך גאָרנישט געוואָלט אָננעמען, האָט ער שפּעטער געטענהט. אָבער סוף-כל-סוף איז געקומען דער פרימאָרגן, בעת ער איז בשעתן פרישטיק צוגעגאַנגען צו האַנס קאַסטאָרפּן, וועלכער איז אין יענער צייט געזעסן ביים גוטן רוסן-טיש, אויבנאָן, דאָרטן וואו ס'איז אַמאָל

געזעסן זיין גרויסער דו־ברודער. דער הויפראַט האָט אים, אויף זיין שטייגער, אָפּגעגעבן מזל־טוב און דערציילט, אַז אויף איין אָרט אין איינעם פון די געשטעלטע פרווון האָט מען אָן שום ספק פעסטגעשטעלט סטרעפּטאָקאָקן. עס פרעגט זיך איצט, צי די פאַר־גיפטונגס־דערשיינונגען זאָל מען צושרייבן דער קליינער טובערקולאָז, וואָס איז סוף־כל־סוף פאַראַן, אָדער די סטרעפּטאָקאָקן, וואָס געפינען זיך אויך נאָר אין אַ באַשיידענער צאָל. ער, בערענס, וועט מוזן זיך נעענטער און בעסער פאַרטראַכטן וועגן דעם. די געשטעלטע קאָקן־קולטור איז נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעוואַקסן. ער האָט עס אים געוויזן אין „לאַבאָר": אַ רויט פאַרגליווערט שטיקל בלוט, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען גרויע פונקטן. דאָס זיינען גע־ווען די קאָקן (אָבער קאָקן האָט אויך יעדער אייזל און אויך טובערקולן און ווען ס'וואָלטן נישט געווען קיין סימפּטאָמען, וואָלט מען אויף אָט־דעם ביסל נישט געדאַרפט לייגן קיין שום געאַכט).

אויסער אים, אונטער דער השגחה פון דער וויסנשאַפט, האָט האַנס קאַסטאָרפּס געזונטער ביסל בלוט פון האַרץ אַלץ כסדר גע־ווירקט. ס'איז געקומען דער פרימאָרגן, ווען בערענס האָט אים מיט זיין אופן ריידן אַ געריטער געמאָלדן: נישט נאָר אויף דער איינער געשטעלטער קולטור, נאָר אויך אויף אַלע איבעריקע זיי־נען שפּעטער שוין אַרויס די קאָקן און זייער אַ סך. מ'קאָן נישט וויסן, צי דאָס אַלץ זיינען סטרעפּטאָקאָקן. אָבער ס'איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז די פאַרגיפטונגס־דערשיינונגען שטאַמען דערפון כאָטש צוריק געשמועסט, קאָן מען נישט וויסן, וויפיל דערפון מ'זאָל צושרייבן אויפן חשבון פון דער טובערקולאָז, וואָס איז אָן שום ספק געווען און וואָס איז נאָך עד־היום נישט אינגאַנצן באַ־הערשט. וואָס דאַרף מען אַרויסדרינגען דערפון? — אַ סטרעפּטאָוואַקצין־קוראַציע! דער פּראָגנאָז? אויסערגעוויינלעך גינציק. דער פרווו אַנט־האַלט נישט אין זיך קיין שום ריזיקע און קאָן אין קיין שום פאַל נישט שאַדטן. היות דער סערום וועט געמאַכט ווערן פון האַנס קאַסטאָרפּס אייגענעם בלוט, וועט מיט דער אַיינשפּריצונג נישט אַריינגעפירט ווערן קיין שום קראַנקהייט־שטאָף, וואָס איז נאָך נישט פאַרהאַן. אויפן ערגסטן פאַל קאָן עס נישט האָבן קיין שום פעולה,

דער עפעקט וועט זיין נול. אָבער היות דער פּאַציענט דאַרף סיי־ווי־סיי בלייבן, וואָס פאַר אַ שלעכטס איז דאָ דערין?

אַוודאי נישט, אַזוי ווייט האָט האַנס קאַסטאָרפּ נישט געוואָלט אַריינטראַכטן. ער האָט זיך אונטערגעוואָרפן דער קוראַציע, כאָטש ר'האָט געהאַלטן, אַז זי איז קאָמיש און מבוזהדיק. די דאָזיקע איינשפּריצונגען מיט זיך אַליין האָבן פאַר אים אויסגעזען ווי אַ עקלדיקע און אומעטיקע פאַרווײלונג, ווי אַ מין גילוי־עריות מיט זיך אַליין, וואָס איז אין תוך פרוכטלאָז און האָפענונגסלאָז. אַזוי האָט עס אויסגעטייטשט זיין היפּאָכאָנדרישע אומאָריענטירטקייט, וועלכע איז בלויז געערכט געווען, וואָס ס'איז נוגע דער פרוכטלאָזיקייט — און אין דעם פּונקט פולשטענדיק. די פאַרווײלונג האָט געדויערט וואָכן. טיילמאָל האָט אויסגעזען, אַז ס'ווערט אים ערגער — און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען אַן אײַנרײדעניש. אַן אַנדער מאָל האָט עס אים בעסער געמאַכט און דאָס האָט זיך אויך ווידער אַרויסגעוויזן פאַר אַיינרײדעניש. דער רעזולטאַט איז געווען נול, כאָטש מ'האָט עס נישט אָנגערופן מיטן נאָמען און דערקלערט פאַר אַזעלכן. די אונטערנעמונג איז געבליבן אָן אַ רעזולטאַט און האַנס קאַסטאָרפּ האָט ווייטער גענומען ליגן פּאַציאַנסן — אויג אויף אויג מיט דעם דעמאָן, וואָס זיין אומגעצוימטע הערשאַפט האָט זיך געמוזט, לויט האַנס קאַסטאָרפּס געפיל, ענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפע.

---

# אַ פולקייט פון קלאַנגען

וואָס פאַר אַ דערגרייכונג און נייע אײַנפירונג אין דער סאַנאַטאָריע בערגהאָף האָט דאָס געקאָנט אַרויסרייסן אונזער לאַנגיעריקן פריינט פון קאָרטליי־עריי און אים וואַרפן אין די אָרעמס פון אַן אַנדערער, אַן אידעלערע, כאָטש נישט ווייניקער מאָדנער ליידנשאַפט? מיר האָבן ברעה עס צו דערציילן, איבערגענומען מיט די סודותדיקע רייצן פון אָביעקט און אויפריכטיק גריק איבערצוגעבן עס דעם לייענער.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ צוגעקומענעם פאַרווײלונגס־אינסטרומענט אין הויפּט־צונויפקום־זאַל. עס האָט עס אויסגעטראַכט

די קיינמאָל־נישט־רוענדיקע זאָרג פאַר די פאַציענטן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג. עס האָט אַריינגעפירט אין קאָסטן, וועלכע מיר ווילן נישט באַרעכענען, אָבער מיר קאָנען זאָגן, אַז די אָנפירונג פון אינסטיטוט האָט נישט געקאַרגט. איז עס, הייסט עס, אַ קאָמפּליצירט שפּילצייג פון דעם מין, ווי דער סטערעאָסקאָפּ, דער קאַלייִדאָסקאָפּ און דער קינאָמאַטאָגראַפישער קאַסטן? אַוודאי — אָבער דערביי אויך — לחלוטין נישט. ווארעם קודם־כל איז דאָס נישט געווען קיין אָפּטישער אַפּאַראַט, דאָס, וואָס מ'האָט אין איינעם אַן אָוונט אויפגעשטעלט אין קלאַוויר־סאַלאָן, נאָר (דער עולם האָט פאַרלייגט די הענט, ווער איבערן קאָפּ און ווער געבויגענערהייט אויבערן שויס) אַן אַקוסטישער; צווייטנס האָבן יענע לייכטע אַטראַקציעס לויט קלאַס, ראַנג און ווערט בכלל זיך נישט געקאָנט באַרגלייכן דערצו. דאָס איז נישט געווען קיין קינדיש און איינפאָרמיק שפּילכל, וואָס איז שוין נמאס געוואָרן און צו וועלכן מ'האָט זיך נישט צוגערירט, אויב מ'האָט נאָר געהאַט הינטער זיך אפילו בלויז דריי וואָכן. דאָס איז געווען אַ שפע פון לוסטיקן און גייסטיק־ערנסטן קינסטלערישן געניס. עס איז געווען אַ מוזיק־אַפּאַראַט. עס איז געווען אַ גראַמאָפאָן.

מיר וואָלטן בשום אופן נישט געוואָלט, מ'זאָל דאָס וואָרט פאַרשטיין אויף אַן אומווערדיקן און פאַרעלטערטן אופן און פאַרבינדן עס מיט דער פאָרשטעלונג פון אַ פריערדיקער פאָרם און נישט אומדערמידלעכע, זיך אַנטוויקלדיקע פרווון פון אַ טעכניק, וואָס שטרעבט צו דער דערהויבנסטער מוזישער שלימות. מיינע ליבע! דאָס איז נישט געווען דאָס נעבעכדיקע דריי־קעסטל, יענץ מיט דער פּליטע און מיטן גריפל, אַ צוטשעפעניש צו אַ אָנפאָרמיקן, אויסגעהוילטן מעשענעם טראָמפּייט, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש אין יעדער קרעטשמע און האָט אָנגעפילט די נישט־איבערקלייבערישע אויערן מיט אַ פאָנפעוואַטער ריטשעריי. דאָס מאַט־שוואַרצע שענקל, עטוואָס טיפער פון דער ברייט, פאַרבונדן מיט אַ זיידענעם קאַבעל צו אַן עלעקטרישן קאָנטאַקט אין דער וואַנט, איז געשטאַנען פשוט און דיסטינגירט אויף אַ פאַך־טישל און האָט בכלל נישט אַרויסגעוויזן קיין שום ענלעכקייט מיט יענער רויער, פאַרמבולדיקער

מאַשינעריע. אַז מ'האָט אויפגעהויבן דאָס חנעוודיקע, וואָס ווייטער אַליין שמעלערע דעקל, איז באַלד אויפגעשפּרונגען פון אינעווייניק אַ מעשן לייסטל און האָט עס אויטאָמאַטיש אָנגעלענט קרום. אינעווייניק האָט מען דערזען אין פלאַכער פאַרטיפונג אַ דריי־פלאַטע, אויסגעבעט מיט גרינעם טוך, מיט אַ ניקלענעם ראַנד און אויך פאַרניקלט אינדערמיט, דאָרטן, וואו מ'זעצט אַריין די האַרטע גומי־פליטע. רעכטס, אין דער זייט, האָט מען ווייטער באַמערקט אַן אַפּאַראַט מיט ציפערן אַרום, ווי אַ זייגער צו רעגולירן דעם טעמפּאָ, לינקס — די קאָרבע, מיט וועלכער מ'האָט געקאָנט דאָס געווערק לאָזן גיין אָדער אָפּשטעלן. לינקס הינטן האָט מען געזען דעם באַוועגלעכן אויסגעהוילטן אָרעם פון ניקל מיט זיינע געלענקען, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פלאַך־קיילעכדיקער מעמבראַנע, וואָס אירע שרייבלעך זיינען באַשטימט געווען, מ'זאָל אין זיי אַריינדרייען די לויבנדיקע נאָדל. מ'האָט אויך געקאָנט עפענען די פאָדערשטע טאָפּלטירלעך און מ'האָט הינטער דעם דערזען אַ ריי לייסטלעך, ענלעך צו אַ זשאַלוזיע, פון שוואַרץ־געבייצט האָלץ — נישט מער.

— עס איז דער נייסטער מאָדעל — האָט געזאָגט דער הויפראַט, וואָס איז אויך דערמיט אַריינגעקומען. — די לעצטע דערגרייכונג, קינדער, פרימאָ, עף־עף, עפּעס בעסערס עקסיסטירט גאָרנישט אויף דער וועלט. ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער אומגעהייער קאָמיש, אַזוי ווי אַן עס־האַרצישער פאַרקויפער וואָלט געלויבט זיין סחורה. — דאָס איז נישט קיין אַפּאַראַט און נישט קיין מאַשין — האָט ער ווייטער גערעדט, דערביי האָט ער אַרויסגענומען פון אַ פאַרביק־בלעכן פודעלע אויפן טיש אַ נאָדל און האָט זי גענומען אַריינשרויפן. — דאָס איז אַן אינסטרומענט, דאָס איז אַ סטראַדיוואַריוס, אַ גוואַרנערי*, דאָס הערשן רעזאָנאַנס־און כוואַליעפאַרהעלטענישן פון העכסטן ראַפינעמענט: „פּאָליהימניאַ"** הייסט די מאַרקע, ווי ס'לערנט אונז די אויפשריפט אויף דער צווייטער זייט

* די צוויי בארימטסטע משפחות פון פידל־מאכער אין איטאַליע אין 17 און 18 יאָרהונדערט; ביז היינטיקן טאָג די טייערסטע פידלען.

** איינע פון די ניין מוזעס.

פון דעקל. אַ דייטשער פאַבריקאַנט, פאַרשטייט איר. מיר מאַכן עס אַ סך בעסער פון אַלע. דאָס טרייהאַרציק־מוזיקאַלישע אין אַ נײַ־צייטיק־מעכאַנישער געשטאַלט. די דייטשע נשמה upto date *. דאָ האָט איר די ליטעראַטור! — האָט ער געזאָגט און געוויזן אויף אַ פּאָליצע אין דער וואַנט, וואו ס׳זיינען געווען אויסגעשטעלט ברייטע אַלבומען. איך גיב אײַך איבער דעם גאַנצן אוצר, איר זאָלט פריי הנאה האָבן פון אים, אָבער כ׳בעט, מ׳זאָל אים שוינען. לאָ־מיר אפשר אויף אַ פּרווו אַ שפּיל טאָן עפּעס?

די פּאַציענטן האָבן שטאַרק געבעטן און בערענס האָט אַרויס־געצויגן איינעם פון די שטום־אינהאַלטספולע פישוף־ביכער, האָט געמישט די שווערע בלעטער, האָט אַרויסגענומען אַ פּלאַטע פון אַ טאָוולענעם קאָנווערט אויסגעשניטן אינדערמיטן, אַזוי אַז מ׳האָט געקאָנט איבערלייענען דעם טיטל אין פאַרביקע אותיות, און האָט זי אַריינגעזעצט. מיט איין ריר האָט ער געמאַכט, אַז די פּלאַטע זאָל זיך נעמען דרייען, האָט אָפּגעוואַרט אַ צווײ סעקונדן, ביז דער לויף זאָל דערגרייכן די פולע געשווינדקייט און דערנאָך האָט ער פּאָרזיכטיק אַרויפגעשטעלט דעם פיינעם שפּיץ פון דער שטאָ־לערנער נאָדל אויף דער פּלאַטע. מ׳האָט דערהערט אַ לייכט שאַרפנ־דיק גערויש. ער האָט צוריק צוגעדעקט מיטן דעקל און אין דער זעלבער רגע האָט אויסגעבראָכן דורך דער אָפענער טאָפּל־טיר, פון צווישן די זשאַלוזיע־שפּאַלטן, ניין, פון גאַנצן שענקל אַן אינסטרו־מענטאַלער טומל, אַ לוסטיק־ליאַרמענדיקע און טרייבנדיקע מעלאָדיע, די ערשטע טאַקטן פון אָפענבאַכס אַן אוווערטור, וואָס האָט ממש אונטערגעוואָרפן די גלידער.

מ׳האָט געשמייכלט און אײַנגעהערט זיך מיט אָפענע מײַלער. מ׳׳האָט נישט געגלויבט די אייגענע אויערן, אַזוי אויסערגעוויינלעך דיין און נאַטירלעך זיינען געווען די קאָלאָראַטורן פון אינסטרומענט. אַ פידל — בלויז די איינע — האָט פאַנטאַסטיש פּרעלודירט. מ׳האָט געהערט די באַוועגונגען פון סמיטשיק, דעם טרעמאָלאָ פון דער פינגער־באַרירונג, די זיסע איבערגאַנגען פון איין פּאָזיציע צו דער אַנ־

---

* ענגליש: ביז צום היינטיקן טאָג.

דערער. ס'האָט זיך אויסגעשיילט די מעלאָדיע, אַ וואַלצער „אַך, איך האָב זי פאַרלוירן“. די אָרקעסטער־האַרמאָניע האָט לייכט אונטערגעכאַפּט די פיעשטשענדיקע אַריע און מ'איז אַנטציקט געוואָרן הערנדיק, ווי זי נעמט אָן כּוחות און חזרט זיך איבער ווי אַ רוישנדער tutti *. נאַטירלעך איז עס נישט געווען אַזוי, ווי דאָ אין זאַל וואָלט קאָנצערטירט אַ פּאַקטישע קאַפּעליע. דער קלאַנג איז, אמת, נישט געוואָרן דעפּאָרמירט, אָבער ער איז געווען אַזוי ווי ער זאָל קומען פונדערווייטנס. אויב מ'קאָן מאַכן אַן אָפּטישן פאַרגלייך, וואָלט מען עס געקאָנט פאַרגלייכן ווי בעת מ'באַטראַכט געמעלן דורך אַן איבערגעקערטער לאָרגנעטע, אַזוי אַז אַלץ זעט אויס אָפּגערוקט און פאַרקלענערט, כאָטש ס'פאַרלירט זיך לחלוטין נישט די שאַרפקייט פון דער צייכענונג, די לייכטקראַפט פון די קאָלירן. דאָס מוזיק־שטיק, אַ טאַלענטירטס און אַ דורכנעמענדיקס, האָט זיך אויסגעשפּילט מיט דער גאַנצער וויציקייט פון דעם לייכטזיניקן איינפאַל. דער סוף איז געווען די אויסגעלאַסנקייט אַליין, עס איז געווען אַ חוזקדיקער און קווענקלדיקער גאַלאָפּ, אַ אומפאַרשעמטער קאַנקאַן, וואָס האָט געשאַפן די וויזיע פון אַ שאָקלען מיט צילינדערס אין דער לופט, וואַרפן מיט קני, פאַרהויבן קליידער און האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען אין זיין קאָמיש־טריומפאַלן סוף. דערנאָך האָט דאָס דריי־געווערק אויטאָמאַטיש זיך אָפּגעשטעלט. ס'איז געווען אויס. מ'האָט אַפּלאָדירט האַרציק.

מ'האָט געבעטן, ס'זאָל ווייטער שפּילן, און מ'האָט געפּועלט. פון דעם שענקל אַרויס האָבן גענומען שטראָמען מענטשלעכע קולות, מענלעכע, ווייבלעכע און געהאַלדיקע צוזאַמען, באַגלייט פון אַן אָרקעסטער. ס'איז געווען אַן איטאַליענישער באַריטאָן מיט אַ באַרימטן נאָמען. איצט האָט שוין לחלוטין נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ צוגעדושעטקייט פון קול און וועגן ווייטקייט. דאָס הערלעכע קול האָט אַ קלונג געטאָן מיט זיין נאַטירלעכער פולקייט און קראַפט. ווען מ'איז אַריין אין אַ צווייטן צימער און מ'האָט נישט געזען דעם אַפּאַראַט, האָט מען באמת געקאָנט מיינען, אַז אין סאַלאָן

* ווען אַלע אינסטרומענטן שפּילן.

שטייט דער קינסטלער מיט לייב און לעבן, מיט די נאָטן אין דער האַנט און זינגט. ער האָט געזונגען אַ בראַוואור־אַריע פון דער אָפּערע אין זיין שפּראַך — eh, il barbiere. Di qualitá di qualitá! Figaro qua, Figaro là, Figaro, Figaro, Figaro! די צוהערער זיינען שיר נישט געשטאָרבן פון לאַכן, הערנדיק דעם פאַלזעטירנדיקן parlando*, דעם קאָנטראַסט צווישן אָט־דער בערן־שטים און דער ווילד־גיכער באַריידעוודיקייט. געניטע האָבן געקאָנט באַטראַכטן און באַוואונדערן די קונסט פון זיין פּראַזירונג, זיין אָטעם־טעכניק. אַ מייסטער אין זיין ווירקונג, אַ ווירטואָז פון דרומדיקן געשמאַק, — האָט ער פּאַרלענגערט דעם פּאַר־ · Da capo** לעצטן טאָן, פאַר דער סוף־טאָניקאָ, און ער האָט, ווי ס'האָט זיך געדאַכט, דערנעענטערט זיך צו דער בינע מיט דער האַנט אין דער לופט, אַזוי אַז מ'האָט איבערגעבראָכן מיט אַ בראַוואָ נאָך איי־דער ער האָט געענדיקט. ס'איז געווען אויסגעצייכנט.

און מ'האָט נאָך געגעבן. אַ וואַלד־האָרן האָט שיין און פּאָר־זיכטיק געשפּילט וואַריאַציעס פון אַ פאָלקס־ליד. אַ סאָפּראַניסטין האָט איסגעזונגען און אויסגעטרילערט אַן אַריע פון „La Traviata" מיט דער ליבלעכסטער קילקייט און גענויקייט. דער גייסט פון אַ וויאָלינסט מיט אַ וועלט־נאָמען האָט געשפּילט רובינשטיינס אַ ראָ־מאַנס ווי הינטער שלייערן און ס'האָט אים באַגלייט אַ קלאַוויר, וואָס האָט געקלונגען טרוקן ווי שפּינעט. פון דעם לייכט־זידנדיקן וואונדער־קעסטל איז אַרויסגעקומען גלאָקן־געקלאַנג, האַרפּע־גליסאַנדאָ***, טראָמפּייטן־שאַלונג און פויקערייַ. צום סוף האָט מען אַריינגעזעצט טאַנץ־פּלאַטן. ס'זיינען שוין אַפילו געווען מוסטערן פון נייעם אימפּאָרט, אין עקזאָטישן געשמאַק פון פּאָרט־קנייפּע, דער טאַנגאָ, באַרופן צו מאַכן פון ווינער וואַלצער אַ טאַנץ פאַר זיידעס. צוויי פּאָרלעך, וואָס האָבן געקאָנט די מאָדישע טענץ, האָבן זיך באַלד אַוועקגעלאָזט איבערן טעפּעך. בערענס האָט אָנגעזאָגט, מ'זאָל

* מער גערעדט ווי געזונגען.
** איבערחזרן.
*** גליטשנדיקע טענער.

יעדע נאָדל באַנוצן בלויז איין מאָל, און מ׳זאָל באַהאַנדלען די פּלאַטן „אַזוי ווי רויע אייער". דערנאָך איז ער אַוועק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט באַדינט דעם אַפּאַראַט.

פאַרוואָס גראָד ער? אַזוי האָט זיך געמאַכט. מיט אַ איינגע־האַלטענער אַנטשלאָסנקייט איז ער אַקעגנגעגאַנגען די יענע, וועלכע האָבן נאָכן הויפּראַטס אַוועקגיין געוואָלט איבערנעמען די עובדא פון טוישן פּלאַטן און נאָדלען און דאָס לאָזן און פאַרהאַלטן פון דריי־געוועדק. — לאָזט מיך דאָס טאָן — האָט ער געזאָגט און זיי אָפּגעשטופּט אין אַ זייט. יענע האָבן אים גלייכגילטיק דאָס אָפּגע־טרעטן, קודם־כל, ווייל ער האָט געמאַכט אַ מינע, גלייך ווי ער זאָל זיך קענען דערויף פון לאַנג, צווייטנס, ווייל ס׳איז זיי זייער ווייניק געלעגן דערין, זיי זאָלן זיך פאָרען ביים מקור פון גענוס אָנשטאָט באַקוועם און פריי צו לאָזן דערלאַנגען זיך די הנאה, ווי לאַנג ס׳האָט נאָך נישט געלאַנגווייליקט.

אַנדערש איז געווען מיט האַנס קאַסטאָרפן. בשעת דער הויפּ־ראַט האָט דעמאָנסטרירט די נייע קניה, האָט ער זיך שטיל גע־האַלטן אין הינטערגרונד, האָט נישט געלאַכט, נישט געמאַכט קיין ענטוזיאַסטישע צווישנרופן, נאָר האָט געשפּאַנט צוגעהערט און צו־געקוקט זיך און האָט, ווי זיין שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, גענדרייט ביי אַ ברעם מיט צוויי פינגער. ער האָט מיט אַ געוויסער אומרויקייט עטלעכע מאָל געטוישט זיין שטיי־אָרט הינטער דעם פּובליקום, איז אַריין אין ביבליאָטעק־צימער, כדי פון דאָרטן זיך אַיינצוהערן, און שפּעטער האָט ער זיך געשטעלט — מיט די הענט אויפן רוקן און מיט אַ פאַרשלאָסענעם אויסדרוק אין פּנים — לעבן בערענסן און האָט פּשוט זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי מ׳באַגייט זיך מיט דעם אינ־סטרומענט. עפּעס אין אים האָט געזאָגט: „האַלט! אכטונג! עפּאָכע! דאָס האָט אַ שייכות צו מיר". ס׳האָט אים אָנגעפילט די באַשטימטע אָנונג פון אַ נייער ליידנשאַפט, באַצויבערונג, ליבע. נישט אַנדערש דערשפּירט זיך אַ יינגל אין פלאַכלאַנד, וועלכן ס׳טרעפט אומ־געריכט ביים ערשטן בליק אויף אַ מיידל אַמאָרס פייל. האַנס קאַס־טאָרפּן האָט תיכף באַהערשט די אייפערזוכט. אַ עפנטלעכער גענוס? אָפּגעלאָזענע נייגעריקייט האָט נישט קיין רעכט און נישט קיין קראַפט

צום באַזיצן. לאָזט מיך דאָס טאָן! — האָט ער גזאָגט צווישן די ציין און דער עולם האָט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן. מ'האָט נאָך אַ ביסל געטאַנצט ביים קלאַנג פון לייכטע שטיקלעך, וועלכע ער האָט אָנגעדרייט, מ'האָט אויך פאַרלאַנגט נאָך איין געזאַנגנומער, אַ דועט פון אַן אָפּערע, די באַרקאַראָלע פון „האָפמאַנס דערציילונגען", וועלכע איז געווען גענוג ליבלעך פאַרן אויער. ווען ער האָט סוף־כל־סוף פאַרמאַכט דאָס דעקל, איז דער עולם אַוועק לייכט אויפגערודערט און פלוידערנדיק אויף ליג־קוראַציע, אָפּצורוען. דערויף האָט ער טאַקע געוואַרט. זיי האָבן געלאָזט הינטער זיך אַלץ שטיין און ליגן, דאָס אָפענע נאָדל־פּושקעלע, די אַלבומס און די צעוואָרפענע פּלאַטן. דאָס איז געווען זייער שטייגער. ער האָט זיך געמאַכט, גלייך ווי ער וואָלט מיטגעגאַנגען מיט זיי, אָבער אויף די טרעפּ איז ער בסוד אַוועק פון זיי, איז צוריק אַריין אין סאַלאָן, האָט פאַרמאַכט אַלע טירן און ער איז דאָרטן געבליבן ביז האַלב ביינאַכט, שטאַרק פאַרנומען.

ער האָט געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט דער נייער קניה, האָט אומגעשטערט דורכגעקוקט דעם גאַנצן אוצר, דעם אינהאַלט פון די שווערע אַלבומען: עס זיינען געווען צוועלף אַלבומען אין צוויי פאָרמאַטן און יעדער פון זיי האָט אַנטהאַלטן צוועלף פּלאַטעס. היות אַ סך פון די קיילעכיקע, שוואַרצע געקריצטע פּלאַטעס זיינען געווען טאָפּל־זייטיק (נישט בלויז, ווייל טייל שטיקער זיינען אַריבער אויך אויף דער אַנדערער זייט, נאָר ס'איז געווען אַ גאַנצע ריי פּלאַטעס, וואו ס'זיינען אויף ביידע זייטן געווען פאַרשיידענע זאַכן), איז דאָס געווען אַ קאָלעקציע מיט שיינע זאַכן, וואָס איז אינאָנהייב שווער געווען גוט דורכצוקוקן און וואָס האָט צעמישט. ער האָט אויסגעשפּילט אַ פינף־און־צוואַנציק זאַכן. כדי נישט צו שטערן און מ'זאָל אים נישט הערן ביינאַכט, האָט ער זיך באַנוצט מיט אַ מין לייכטע נאָדלען, וועלכע האָבן שטילער געמאַכט דעם קלאַנג. אָבער דאָס איז קוים געווען אַן אַכט־חלק דערפון, וואָס ס'האָט זיך געבעטן, מ'זאָל עס אויספּרווון און געוועקט דעם חשק. פאַר היינט האָט געמוזט זיין גענוג דורכצוקוקן אינדערגיך די טיטלען און בלויז טיילמאָל אויף אַ פּריוו איבערגעבן דעם קעסטל

די שטומע גראַפיק, כדי צו דערהערן אַ קלאַנג. פאַרן אויג האָט מען דעם אונטערשייד אין די האַרטע גומי־פּלאַטעס געזען בלויז דורך דער פאַרביקער עטיקעט אין צענטרום און דורך מער גאָרנישט. איינע איז געווען ענלעך צו דער אַנדערער, אינגאַנצן (אָדער נישט אינ־גאַנצן) ביזן מיטן געדיכט באַדעקט מיט קאָנצענטרישע צייכנס. און פאָרט האָבן אָט־די פיינע ליניעס באַהאַלטן אין זיך כלערליי מינים פון מוזיק, די גליקלעכע איינפאַלן פון אַלע רעגיאָנען אין דער קונסט, אויפן בעסטן אופן איבערגעגעבן.

עס איז דאָרטן געווען אַ מאַסע אוּווערטורעס און איינצלנע סימפאָנישע זאַכן, געשפּילט פון באַרימטע אָרקעסטערס, וואָס זייערע פירערס האָבן אַ שם. ס'האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע ריי מיט לידער אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון קלאַוויר. עס האָבן זיי געזונגען אַרטיסטן פון גרויסע אָפּערן־הייזער. ס'זיינען דאָ געווען אי לידער, וועלכע זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון הויכער באַוואוסט־זיניקער פערזענלעכער קונסט, אי פּשוטע פאָלקס־לידער, ווי אויך אַזעל־כע, וואָס זיינען געווען צווישן די און יענע. דאָס זיינען געווען פּראָ־דוקטן פון גייסטיקער קונסט, אָבער אויפגעפאַסט און געהאַלטן טיף און ערנסט אינם זין און אינם גייסט פון פאָלק. דאָס זיינען געווען קינסטלעכע פאָלקס־לידער, אויב מ'קאָן אַזוי זאָגן, און דערביי מיטן וואָרט „קינסטלעך“ נישט פּוגע בכבוד צו זיין זייער האַרציקייט. איין ליד האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפונען, וואָס איז אים באַקאַנט געווען פון קינדהייט־אויף, איצט אָבער האָט ער דערפילט דערצו אַ סודות־דיקע ליבע. וועגן דעם וועט וואַך, אַגב, קומען צו רייד. וואָס נאָך איז דאָרט געווען, אָדער אייגנטלעך — וואָס איז דאָרט נישט גע־ווען? אַריעס פון אָפּערעס איז דאָרטן געווען איבערן האַלז. אַ אינטערנאַציאָנאַלער כאָר פון באַרימטע זינגערס און זינגערינס, באַ־גלייט פון אַ דיסקרעט איינגעהאַלטענעם אָרקעסטער, האָט אויס־גענוצט די הויך־געשוילטע מתנה פון זייערע שטימען, כדי אויסצופירן אַריעס, דועטן, גאַנצע אַנסאַמבל־סצענעס פון די פאַרשיידענע געגנטן און עפּאָכעס פון מוזיקאַלישן טעאַטער. אָנגעהויבן פון דער דרום־

דיקער שיינהייטס־ספערע מיט איר גרויס־און־לייכט־האַרציקער באַגייס־טערטקייט, ביז צו אַ דייטש־פאָלקסטימלעכער וועלט פון ליצנות און דעמאָניע און ביז דער פראַנצויזישער גרויסער און קאָמישער אָפּערע. צי איז שוין דערמיט געווען געענדיקט? אָ, ניין. ס'איז נאָך גע־גאַנגען אַ סדרה פון קאַמערמוזיק, פון קוואַרטעטן און טריאָס, פון אינסטרומענטאַלע סאָלאָ־נומערן פאַר וויאָלין, וויאָלענטשעל, פלייט, געזאַנג־נומערן פאַר קאָנצערט נאָר פאַר וויאָלין אָדער פלייט און ריין פיאַניסטישע נומערן. שוין אָפּגערעדט וועגן די פשוטע פאַרהיילונגס־קופּלעטן, פלאַטן, אין וועלכע ס'האָבן זיך איינגעקריצט קליינע איינ־שפּיל־אָרקעסטערס און צו וועלכע מען האָט געדאַרפט גרעבערע נאָד־לען באַנוצן.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס אַליץ דורכגעקוקט, האָט עס גע־אָרדנט, האָט אַ טייל דערפון, פאָרענדיק זיך איינזאַם — אויסגע־פּרוּווט אויפן אינסטרומענט, וועלכער האָט דערין אויפגעוועקט אַ לעבן פון קלאַנגען. ער איז געגאַנגען שלאָפן מיט אַ הייסן קאָפּ אַקוראַט אַזוי שפּעט, ווי נאָך דער ערשטער סעודה מיט דעם פאַר־שטאָרבענעם מאַיעסטעטישן דו־ברודער, פּיטער פּעעפּערקאָרן, און ער האָט פון צוויי ביז זיבן געחלומט וועגן דעם כּישוף־שענקל. ער האָט אין חלום געזען, ווי ס'דרייט זיך אַ דריי־פּליטע אַרום דעם צאַפּן, שנעל, אַז מ'האָט אַזש נישט דערזען, און דערביי שטיל, אין אַ באַוועגונג, וואָס איז באַשטאַנען נישט בלויז אין דעםווירבלדיקן שטראָם אַרום־און־אַרום, נאָר אויך אין אַ מאָדנער זייטיקער כוואַ־ליעדיקייט, עפּעס אַזוי, גלייך ווי דער געלענק־אָרעם מיט דער נאָדל, אונטער וועלכן עס האָט זיך געדרייט, וואָלט באַקומען אַן עלאַס־טיש לעבעדיקע באַפליגלטקייט. דאָס האָט געדינט, ווי ס'האָט זיך אויסגעוויזן, צו דערהויבן דעם וויבראַטאָ* און דעם פּאָרטאַמענטאָ** פון די פידלען און פון די מענטשלעכע שטימען. דאָך איז עס גע־בליבן אומבאַגרייפלעך — אין חלום אַקוראַט אַזוי ווי אויף דער וואַך — ווי אַזוי דאָס בלויזע רוקן זיך אויף אַ האָר־דינער ליניע איבער אַן

* די ציטערנדיקייט.

** דאָס פּאַמעלעכע איבערגיין פון איין טאָן צום צווייטן.

אַקוסטישן הויל־רוים קאָן בלויז מיט דער הילף פון דעם הייטל אין דער מעמבראַנע איבערגעבן אַזעלכע רייך־קאָמפּליצירטע קלאַנגען, וועלכע האָבן אָנגעפילט דאָס גייסטיקע אויער פונם שלאָפנדיקן.

אויף צומאָרגנס איז ער באַצייטנס ווידער אַוועק אין סאַלאָן, נאָך פאַרן פרישטיק, האָט זיך דאָרטן אַוועקגעזעצט מיט פאַר־לייגטע הענט אין אַ שטול און געלאָזט אויפזינגען פונם שענקל אַ הערלעכן באַריטאָן, וועלכן ס'האָט אַקאָמפּאַנירט אַ האַרפע: „ווען כ'קוק מיך אום אין אָט־דעם איידעלן קרייז" — די האַרפע האָט גע־קלונגען אינגאַנצן נאַטירלעך; אַ נישט־געפעלשטע און נישט־פאַר־מינערטע האַרפן־שפּיל האָט דער אינסטרומענט אַרויסגעלאָזט אַחוץ דער מענטשלעכער שטים, וועלכע איז זיך צעוואַקסן, האָט געהויכט, אַרטיקולירט — ממש צום דערשטוינט ווערן. ס'איז גאָר אויף דער וועלט נישט געווען עפּעס צערטלעכערס ווי דער דועט פון אַ מאָ־דערנער איטאַליענישער אָפּערע, וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט גע־לאָזט אויפשפּילן דערנאָך; ווי יענער באַשיידענער און האַרציקער געפיל־שמועס צווישן דעם וועלטבאַרימטן טענאָר, וואָס איז אַזוי פיל געווען פאַרטרעטן אין די אַלבומען, און אַ גלאָז־העלן, זיסן קליי־נעם סאָפּראַן; ווי זיין * Da mi il braccio, mia piccina און איר פשוטע, זיסע, מעלאָדישע קליינע פראַזע, מיט וועלכער זי האָט אים אָפּגעענטפערט...

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויפגעציטערט, וואָרעם הינטער אים האָט זיך געעפנט די טיר. דער הויפראַט האָט צו אים אַריינגעקוקט. ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע אין זיין קלינישן מאַנטל, מיט דעם הער־רערל אין ברוסט־קעשענע און האַלטנדיק די קלאַמקע אין דער האַנט, האָט ער צוגעשאָקלט האַנס קאַסטאָרפּן. יענער האָט געענטפערט מיט אַ שאָקל איבער די אַקסלען. באַלד דערנאָך איז דעם שעפס בלוי־באַקיק פּנים מיט דער זייטיק פאַרדיסענער וואָנס פאַרשוואונדן הינ־טער דער צוגעמאַכטער טיר און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך ווידער גענומען צו דעם אומגעזעענעם ליבע־פּאָרל זיינעם, וואָס האָט אַרויס־געגעבן אַזעלכע שיינע קלאַנגען.

* גיב מיר די האַנט, מיין קליינע.

שפּעטער, אין משך פון טאָג, נאָך מיטאָג, נאָכן אָוונט־עסן, האָט ער געהאַט צוהערער בשעת ער האָט אויפגעשפּילט, וואָס האָבן זיך געטווישט, אויב מ׳זאָל אים אַליין נישט באַטראַכטן פאַר אַ צוהערער, נאָר פאַר אַ גענוס־געבער. פּערזענלעך איז ער געווען גענייגט צו אָט־דער אויפפאַסונג. דער עולם האָט עס אים פאַרגונען אויף אַזויפיל, אויף וויפל מ׳האָט באַלד פון אָנהייב מסכים געווען מיט שטילשווייגן אויף זיין אַנטשלאָסענער ראָל פון פאַרוואַלטער און היטער פון דעם אַלגעמיינעם אינסטרומענט. עס האָט אָט־די מענטשן גאָרנישט געקאָסט. וואָרעם נישט געקוקט אויף זייער אייבערפלעכלעכער אַנטציקונג, בעת יענער אָפּגאָט דער טענאָר האָט זיך צעגאָסן אין זיין גאַנצער פּראַכט, בעת די וועלט־באַגליקנדיקע שטים האָט ליידנשאַפטלעך צעשטראַלט זיך אין קאַנטילענען* און אין הויכער קונסט, — נישט געקוקט אויף דער גאַנצער אַנטציקונג, וועלכע זיי האָבן הויך אַרויסגעוויזן, האָבן זיי נישט געהאַט דערצו קיין שום ליבע און האָבן דערפאַר פולשטענדיק מסכים געווען, מ׳זאָל זיך זאָרגן וועגן דעם ווער ס׳וויל. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען דער, וואָס האָט געהאַלטן אין אָרדענונג דעם אוצר פון פּלאַטעס, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם אינהאַלט פון די אַלבומען אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון די טאָוולען, אַזוי אַז מ׳האָט געקאָנט יעדעס שטיק תיכף קריגן לויט פאַרלאַנג. ער האָט אויך געבאַלעבאַטעוועט איבערן אינסטרומענט. מ׳האָט עס אים געזען טאָן מיט גיךצוגעווייגטע, קנאַפּע און צאַרטע באַוועגונגען. וואָס וואָלטן אַנדערע געטאָן? זיי וואָלטן קאַליע געמאַכט די פּלאַטעס מיט אָפּגענוצטע נאָדלען, וואָלטן זיי געלאָזט ליגן אויף די שטולן, וואָלטן געמאַכט פולע שטיק מיטן אַפּאַראַט, למשל, געלאָזט לויפן אַ סובטעלע זאַך מיט אַ טעמפּאָ און טאָן־הויך פון הונדערט צען אָדער גאָר אָנגעשטעלט דעם ווייזער אויף נול, אַזוי אַז ס׳וואָלט אַרויס אַ היסטעריש טרילי אָדער אַ צוגעדושעטע זיפצעריי... זיי האָבן דאָס אַלץ שוין געטאָן. זיי זיינען אַפילו געווען קראַנק, אָבער ברוטאַל. דערפאַר טאַקע האָט האַנס קאַסטאָרפּ נאָך אַ קורצער צייט שוין געטראָגן פּשוט ביי זיך

---

* לידלעך.

אין קעשענע דעם שליסל פון שענקל, וואו ס׳זיינען געלעגן די אַל־בומען און נאָדלען, אַזוי אַז מ׳האָט אים געמוזט רופן, אייב מ׳האָט געוואָלט אויפשפּילן.

שפּעט, נאָכן אָוונט־צונויפקום, נאָכדעם ווי די מאַסע איז אַוועק, איז געווען פּאַר אים די בעסטע צייט. דעמאָלט איז ער געבליבן אין סאַלאָן, אָדער ער איז בסוד צוריק אַוועק אַהין און ער האָט אַליין מוזיצירט ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער האָט נישט געדאַרפט מורא האָבן, אַז ער וועט שטערן דערמיט די רו פון דער אַנשטאַלט, ווי ער האָט אין אָנהייב געמיינט, ווייל ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳הערט דעם אינסטרומענט נאָר גאַנץ נאָענט. ווי דערשטוינענ־דיק עס זיינען געווען די קולות אין דער נאָענט, אַזוי זיינען זיי פונדערווייטנס געוואָרן מאַט, שוואַך און אויסדרוכטעריש ווי אַל־דאָס גייסטערהאַפטיקע. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען אַליין מיט די וואונדער פון זיין קעסטל צווישן די פיר ווענט, — מיט די בלי־ענדיקע אויפטוען פון דעם קליינעם שענקל פון פידל־האָלץ, אָט־דעם מאַט־שוואַרצן מיניאַטור־טעמפּל, וואָס ער איז געזעסן אויף אַ שטול פאַר זיין אָפענער פליגל־טיר, די הענט פאַרלייגט, דעם קאָפּ איבן אַקסל, דאָס מויל פאַרכלינעט פון הנאה.

ער האָט נישט געזען די זינגערס און די זינגערינס, וועלכע ער האָט געהערט. זייערע פּערזאָנען זיינען געווען אין אַמעריקע, אין מיילאַנד, אין ווין, אין סאַנקט־פּעטערבורג. זיינסטהאַלבן האָבן זיי דאָרטן געקאָנט בלייבן, ווייל דאָס, וואָס ער האָט געהאַט פון זיי, איז געווען דאָס בעסטע פון זיי — זייער שטים, און ער האָט אָפּגעשאַצט אָט־די ריייניקונג אָדער אַבסטראַקציע, וועלכע איז געבליבן גענוג זינלעך אויף צו געבן אים אַ גוטע מענטשלעכע קאָנטראָל, אַדאַנק דעם, וואָס ס׳האָבן געפעלט אַלע נאָענטע פּערזענ־לעכע חסרונות, היות ווי ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן לאַנדס־לייט, דייטשן. מ׳האָט געקאָנט אונטערשיידן די אויסשפּראַך, דעם דיאַלעקט, די היים־געגנט פונם קינסטלער. דער כאַראַקטער פון זייער שטים האָט עפּעס דערציילט וועגן דעם גייסטיקן וואוקס פון יעדן איינצלנעם, און אין דעם, ווי אַזוי זיי האָבן אויסגענוצט אָדער פאַר־נאַכלעסיקט די גייסטיקע ווירקונגס־מעגלעכקייט, האָט מען אַרויסגע־

זען די מדרגה פֿון זייער אינטעליגענץ. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך געערגערט, בעת עמעץ האָט עפּעס דורכגעלאָזט אויף דעם געביט. ער האָט אויך געליטן און געביסן די ליפּן פֿון בושה, ווען ס'איז צוגעקומען דערצו די אומפֿולקומקייט פֿון דער טעכנישער איבערגעבונג. ער איז געזעסן ווי אויף קוילן, ווען אויף אַן אָפֿטגעשפּילטער פּלאַטע איז איין טאָן אַרויס שאַרף אָדער כראַפּעוואַטע, אַ זאַך, וואָס האָט זיך לייכט געטראָפֿן בײַ הויכע פֿרויען־שטימען. דאָך האָט ער עס גענומען פֿאַר ליב, ווײַל ליבע מוז לײַדן. טיילמאָל האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער דעם אינסטרומענט, וואָס האָט זיך געדרייט און געסאָפּעט, ווי איבער אַ קוסט פֿון בעז, דעם קאָפּ אין אַ וואָלקן פֿון קלאַנגען. אַן אַנדער מאָל איז ער געשטאַנען פֿאַר דעם אָפֿענעם שענקל, פֿאַרזוכנדיק דאָס הערשערישע גליק פֿון אַ דיריגענט, וועלכער גיט מיט אַן אויפֿגעהויבענער האַנט אַ טראָמפּייט איר ריכטיקן אַרײַנפֿאָר. ער האָט געהאַט ליבלינגס אין זײַן מאַגאַזין. אייניקע וואָקאַל־און־אינסטרומענטאַל־נומערן, וועלכע ער איז קיינמאָל נישט זאַט געוואָרן צו הערן. מיר דאַרפֿן נישט פֿאַרפֿעלן זיי אויסצורעכענען.

איין קליינע גרופּע פּלאַטן האָט אַנטהאַלטן די שלוס־סצענעס פֿון אַ פּאָמפּעזער, מיט מעלאָדישער גאונות איבערשטראָמענדיקער אָפּערע, וועלכע ס'האָט געשאַפֿן סעטעמבריניס אַ גרויסער לאַנדסמאַן, דער אַלטער מייסטער פֿון דער דראַמאַטישער מוזיק פֿונם דרום, וועלכער האָט עס געשאַפֿן אין דער צווייטער העלפֿט פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט, לויט דער באַשטעלונג פֿון אַן אָריענטאַלישן פֿירשט, בײַ דער געלעגנהייט פֿון איבערגעבן דער מענטשהייט אַ ווערק פֿון פֿעלקער־פֿאַרבינדנדיקער טעכניק. האַנס קאַסטאָרפּ האָט פֿון לערנען מער־ווייניקער געוווּסט וועגן דעם, ער האָט געקאָנט בקיצור דעם גורל פֿון ראַדאַמעס, אַמנעריס און פֿון אַידאַ, וועלכע האָבן אים אויף איטאַליעניש אַרויסגעזונגען פֿון קעסטל, און ער האָט דערפֿאַר גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס זיי זאָגן אים: — דער אומפֿאַרגלייכלעכער טענאָר, דער פֿירשטלעכער אַלט מיט דעם הערלעכן שטימאיבערבראָך אינדערמיט פֿונם אומפֿאַנג און דער זילבערנער סאָפּראַן. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען איטלעך וואָרט, אָבער דאָ און דאָרט

האָט ער זיך אָנגעשטויסן צוליב דעם, ווייל ער האָט געקאָנט די סיטואַציע, און אויך צוליב זיין סימפּאַטיע פֿאַר די סיטואַציעס. זיין נאָענט אַריינלעבן זיך איז געוואַקסן אַלץ מער, וואָס אָפֿטער ער האָט געלאָזט דרייען זיך אָט־די פֿיר אָדער פֿינף פּלאַטן, און עס איז סוף־כּל־סוף דערגאַנגען צו אמתדיקער פֿאַרליבטקייט.

אינאָנהייב האָבן ראַדאַמעס און אַמנעריס געטענהט צווישן זיך. די קיניגלעכע טאָכטער האָט געלאָזט דורכפֿירן פֿאַר זיך דעם געפֿאַנגענעם, אים, וועלכן זי האָט ליב געהאַט און שטאַרק געוואָלט אָפּראַטעווען פֿאַר זיך, כאָטש ער האָט צוליב דער באַרבאַרישער שקלאַפֿין מקריב געווען דאָס פֿאָטערלאַנד און זיין ערע. צוריקגערעדט, איז „טיף אין האַרץ — ווי ער האָט געזאָגט — די ערע געבליבן אינגאַנצן ריין". אָבער די דאָזיקע אינערלעכע ריינקייט צוזאַמען מיט דעם גאַנצן שולד־געפֿיל האָבן אים ווייניק געהאָלפֿן, ווייל צוליב זיין קלאָרן און אָפֿן פֿאַרברעכן איז ער איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פֿון גייסטלעכן געריכט, וועלכן אַלדאָס מענטשלעכע איז פֿרעמד געווען. און דאָס געריכט וואָלט אים טאַקע געוויס נישט געווען געשוינט, ווען ער וואָלט זיך נישט באַטראַכט אינם לעצטן מאָמענט, זיך נישט אָפּגעזאָגט מיט אַ שבועה פֿון דער שקלאַפֿין און זיך נישט געוואָרפֿן אין די אָרעמס פֿונם קיניגלעכן אַלט מיט דעם שטים־איבערבראָך, וועלכער האָט עס, ריין־אַקוסטיש גענומען, אַזוי היילק פֿאַרדינט. אַמנעריס האָט זיך געגעבן די שטאַרקסטע מי איבערצוצייגן דעם שיין־זינגענדיקן, אָבער טראַגיש־פֿאַרבלענדטן און יאושדיקן טענאָר, וואָס האָט כּסדר בלויז געזונגען: „כ'קאָן נישט" און „אומזיסט", בעת זי האָט אים פֿאַרצווייפֿלט געבעטן, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון דער שקלאַפֿין, ווען ס'זאָל אים אַפֿילו קאָסטן דאָס לעבן. — „איך קאָן נישט". — „הער צו נאָך איין מאָל, זאָג דיך אָפּ פֿון איר". — „אומזיסט". טויטווילנדיקע פֿאַרבלענדונג און הייסע יסורים פֿון ליבע האָבן זיך פֿאַראייניקט אין אַ דועט, וואָס איז אויסערגעוויינלעך שיין געווען, אָבער האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום האָפֿענונג. צום סוף האָט אַמנעריס מיט אירע ווייטאָגדיקע אויסרופֿן באַגלייט די שוידערלעך־פֿאָרמעלאַרטיקע רעפֿליקן פֿון גייסטלעכן געריכט, וועלכע האָבן אָפּ־

געקלונגען טעמפּ פון דער טיפּעניש אַרויס און וואָס דער אומ־גליקלעכער ראַדאַמעס האָט זיך אין זיי בכלל נישט באַטייליקט.

— ראַדאַמעס, ראַדאַמעס, — האָט דורכנעמענדיק געזונגען דער אייבער־גלח און האָט אים אין אַ שאַרף־צוגעשפּיצטער פאָרם פאַר־געשטעלט בולט זיין פאַרברעכן — דאָס פאַרברעכן פון פאַרראַט.

— פאַרענטפער דיך — האָבן געפאָדערט אין כאָר אַלע גלחים.

און היות דער גרעסטער פון זיי האָט אָנגעוויזן, אַז ראַדאַמעס שווייגט, האָט דאָס געריכט אָנערקענט אַיינשטימיק, אַז ער איז שולדיק.

— ראַדאַמעס, ראַדאַמעס! — האָט דער פאָרזיצער ווידער אָנ־געהויבן. — דו האָסט פאַרלאָזן די פּאָזיציע פאַר דער שלאַכט.

— פאַרענטפער דיך! — האָט מען ווידער געוואָרנט. — גיט אַ קוק, ער שווייגט, — האָט דער פאָרזיצער פון געריכט, פול מיט פאָראורטייל, ווידער פעסטגעשטעלט. אויך דאָסמאָל האָבן זיך פאַר־אייניקט אַלע ריכטער־שטימען מיט זיינער אין דעם פסק־דין: — פאַרראַט!

— ראַדאַמעס, ראַדאַמעס! — האָט מען צום דריטן מאָל גע־הערט דעם אומברחמנותדיקן אָנקלאָגער. — דו האָסט געבראָכן דיין שבועה דעם פאָטערלאַנד, דער ערע און דעם קיניג. — פאַרענטפער דיך! — האָט ווידעראַמאָל אָפּגעקלונגען. און נאָכדעם ווי אַלע ריכ־טער זיינען איבערקומען געוואָרן דערויף, אַז ראַדאַמעס שווייגט פולשטענדיק, האָבן זיי ענדגילטיק און מיט שוידער איינגעזען: פאַר־ראַט! דערפאַר האָט שוין געמוזט געשען דאָס, וואָס ס'האָט גע־זאָלט געשען: דער כאָר האָט אין איין ווענ אַרויסגעזאָגט דעם אורטייל איבער דעם בעל־עבירה. זיין גורל איז באַשטימט, ער מוז אומקומען מיטן טויט פון די פאַרשאָלטענע. אונטערן טעמפל פון דער צאָרנדיקער גאָטהייט דאַרף ער באַגראָבן ווערן לעבעדיקערהייט.

די פאַרצווייפלונג פון דער אַמנעריס צוליב דעם דאָזיקן האַרטן משפט האָט מען זיך געמוזט, לויט דער מעגלעכקייט, אויסמאָלן אַליין, ווייל דאָ האָט זיך די פּלאַטע געענדיקט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געמוזט טוישן די פּלאַטע. ער האָט געטאָן מיט שטילע און

קנאַפּע באַוועגונגען, עפּעס ווי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ווען ער האָט זיך איצט צוגעזעצט האָרכן, האָט ער שוין געהערט די לעצטע סצענע פון דער מעלאָדראַמע: דעם שלום-דועט פון ראַדאַ-מעס און אַידאַ, געזונגען פון זייער קעלער-קבר אַרויס. איבער זייערע קעפּ האָבן בשעת-מעשה צביעותדיקע און אַכזריותדיקע פּריסטער אָפּגעריכט אין טעמפּל זייער גאָטדינסט, אויסגעשפּרייט די הענט און זיך פּאַרגאַנגען אין אַ דומפּיק געמורמל... „Tu — in qu-esta tomba?!“ — האָט פול מיט שרעק און אַנטציקונג געשמע-טערט די אומבאַשרייבלעך רירנדיקע און גלייכצייטיק זיסע און העל-דישע שטים פון ראַדאַמעסן... יאָ, זי איז געקומען צו אים, די געליבטע, פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבן זיין לעבן און ערע, זי האָט אים דאָ אָפּגעוואַרט, זיך מיט אים געלאָזט איינשליסן, כּדי צו שטאַרבן צוזאַמען מיט אים. די געזאַנגען, וועלכע זיי האָבן אַרום דעם געטוישט צווישן זיך און וועלכע זיינען פון מאָל צו מאָל איבערגעריסן געוואָרן דורך דער טעמפּער צערעמאָניעלער עבודה אויבן אין טעמפּל, — אָט די געזאַנגען טאַקע האָבן טיף גערירט די נשמה פון איינזאַמען נאַכטישן צוהערער: ס'האָט דאָ געווירקט אי די אַקציע, אי דער מוזיקאַלישער אויסדרוק. אין אָט-די גע-זאַנגען האָט מען גערעדט וועגן הימל, אָבער אויך זיי אַליין זיינען געווען הימליש און זיינען הימליש אויסגעפירט געוואָרן. די מעלאָ-דישע ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן דורך ראַדאַמעסעס און אַי-דעס שטימען, סיי ווען זיי האָבן געזונגען באַזונדער, סיי צוזאַמען, אָט-די פּשוטע און באַגייסטערטע קלאַנג-ליניע, געבויט אויף טאָ-ניקאַ און דאָמינאַנטע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פונם גרונד-טאָן צו דער לאַנג-באַטאָנטער סעפּטימאַ, אַ האַלבן טאָן פאַר דער אָקטאַ-ווע, און האָט נאָך אַ שנעלער באַרירונג מיט איר זיך געווענדט צו דער קווינטע, — דאָס איז דעם צוהערער פאָרגעקומען ווי דאָס לויטערסטע, באַוואונדערונגווערטסטע פון אַליק, וואָס איז אים ווען ס'איז אונטערגעקומען. פונדעסטוועגן וואָלט ער ווייניקער געווען פאַר-ליבט אין די קלאַנגען גופא, ווען נישט די סיטואַציע, וואָס איז געלעגן אין זייער יסוד און וואָס האָט גורם געווען דערצו, אַז זיין געמיט זאָל ערשט רעכט קאָנען אויפנעמען די זיסקייט, וואָס

וואַקסט דערפֿון אַרויס. ס'איז געווען אַזוי שיין, וואָס אַידאַ איז געקומען צו דעם פֿאַרלוירענעם ראַדאַמעס, כּדי צו טיילן מיט אים צוזאַמען אויף אייביק זיין גורל אין קבר! דער פֿאַרמשפּטער האָט מיט רעכט פּראָטעסטירט קעגן דעם, אַז אַזאַ ליב לעבן זאָל זיך מקריב זיין, אָבער אין זיין צערטלעך־פֿאַרצווייפֿלטן „No, no! troppo sei bella" האָט זיך דאָך געלאָזט פֿילן די אַנטציקונג צוליב דעם ענדגילטיקן פֿאַראייניקן זיך מיט דער יעניקער, וועלכע ער האָט שוין נישט געהאָפֿט מער צו זען. כּדי דײַטלעך צו פֿילן אין אים די דאָזיקע דאַנקבאַרקייט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ נישט געדאַרפֿט באַזונדערס אָנשטרענגען די פֿאַנטאַזיע. לעצט־ענס, בעת ער האָט מיט פֿאַרלייגטע הענט געקוקט אויף דער קליינער שוואַרצער זשאַלוזיע, וואָס פֿון צווישן אירע לייסטן האָט דאָס אַלץ אַרויסגעבליט, האָט ער געשפּירט, געפֿילט און פֿאַרשטאַנען די זיגנדיקע אידעאַליטעט פֿון דער מוזיק, פֿון דער קונסט, פֿון מענטשלעכן געמיט, די הויכע און נישט־אָפּווענדבאַרע פֿאַרשענערונג, וועלכע זיי גיט צו דער געמיינער העסלעכקייט פֿון די רעאַלע זאַכן. מ'האָט בלויז געדאַרפֿט קלאָר אַ קוק־טאָן דערויף, וואָס ס'איז דאָ — ניכטער גענומען — געשען! צוויי לעבעדיק־באַגראָבענע וועלן דאָ, מיט פֿולע לונגען גרוב־גאַז, צוזאַמען — אָדער נאָך ערגער: איינער נאָכן אַנדערן — איינ־יין פֿון הונגער־קראַמף. דערנאָך וועט די צעפֿאַלונג טאָן אין זייערע קערפּערס דאָס איריקע, ביז אונטער דער געוועלבונג וועלן בלייבן צוויי סקעלעטן, וואָס יעדן פֿון זיי וועט זיין לחלוטין גלייכגילטיק און אָן־אונטערשייד, צי ר'איז אַליין אָדער מיט נאָך עמעצן. דאָס איז געווען די רעאַלע און זאַכלעכע זייט פֿון דער זאַך — אַ זייט און אַן ענין פֿאַר זיך, וועלכער איז פֿאַר דעם אידעאַליזם פֿונם האַרץ בכלל נישט געקומען אין באַטראַכט און וואָס דער גייסט פֿון שיינהייט און מוזיק האָט עס מיטן גרעסטן נצחון פֿאַרדרוקט ערגעץ אין שאָטן. פֿאַר די געמיטער פֿון ראַדאַמעס און אַידאַ האָט דאָס זאַכלעכע, וואָס האָט זיי דערוואַרט, בכלל נישט עקסיסטירט. זייערע שטימען האָבן זיך דערהויבן אין אוניסאָן צו דער אָקטאַווע פֿון האַרמאָניע, פֿאַרזיכערנדיק, אַז אָט עפֿנט זיך דער הימל און פֿאַר זייער בענקשאַפֿט וועט אויפֿשטראַלן

דאָס ליכט פון דער אייביקייט. די טרייסטנדיקע קראַפט פון דער דאָזיקער פאַרשענערונג האָט אויסערגעוויינלעך גוט געווירקט אויף דעם צוהערער און האָט נישט ווייניק מיטגעבראַכט, אַז אָט־דער נומער זאָל אים באַזונדערס ווערן נאָענט צום האַרץ.

פון די שרעקן און לויטערקייטן פון דעם דאָזיקן נומער פלעגט ער זיך אויסרוען ביי אַ צווייטער מוזיק־פּיעסע, וואָס איז געווען קורץ, אָבער פול מיט קאָנצענטרירטן צויבער. לויט דעם אינהאַלט איז עס געווען אַ סך פרידלעכער פונם ערשטן נומער. ס'איז נעווען אַן אידיליע, אָבער אַ ראַפינירטע אידיליע, געמאָלט אין געשטאַלטיקט מיט די קאַרגע און גלייכצייטיק קאָמפּליצירטע מיטלען פון דער נייסטער קונסט. עס איז געווען אַ ריין אָרקעסטער־שטיק, אָן געזאַנג, אַ סימפאָניש פרעלודיום פון כראַנצויזישער אָפּשטאַמונג, אויסגעפירט דורך אַ קליינעם, לויט אונזערע הייגטצייטיקע פאַרהעלטענישן, אַפּאַראַט, אָבער דאָך זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן דערין אַלע פיינקייטן פון דער מאָדערנער קלאַנג־טעכניק און ס'איז דאָרט אַליך קלוג צוגעפּאַסט געוואָרן אויף צו פאַרשפּינען די נשמה מיט אַ חלום.

דער חלום, וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט דערביי געחלומט, איז געווען אַזעלכער: ער איז געלעגן אויסגעצויגן מיטן פנים אַרויף אויף אַ לאָנקע, וואָס איז געווען באַזייט מיט פאַרביקע שטערן־בלומען און באַגלאַנצט מיט זון. מיטן קאָפּ איז ער געלעגן אָנגעשפּאַרט אין אַ קליין בערגל, איין פוס אַ ביסל אונטערגעהויבן און דער צווייטער — פאַרלייגט איבערן ערשטן. אָבער דאָס זיינען געווען פוס פון אַ צאַפּ. די איינזאַמקייט אויף דער לאָנקע איז געווען אַ פולשטענדיקע און ער האָט בלויז צוליב זיין אייגענעם פאַרגעניגן אַרומגעטאַנצט מיט די פינגער איבער אַ קליינעם הילצערנעם בלאָז־אינסטרומענט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מויל. ס'איז געווען אַ קלאַרנעטל אָדער אַזוי אַ פייפל און ער האָט דערפון אַרויסגעצויגן פרידלעך־פאָנפעוואַטע טענער, איין טאָן נאָכן אַנדערן, אָט אַזוי ווי ס'גייט, און פאָרט מיט אַ געוויסער — צופעליק־געראָטענער האַרמאָנישקייט. אַזוי איז די זאָרגלאָזע פאָנפעריי אויפגעשטויגן צום טיף־בלויען הימל, וואָס אונטער אים האָבן זיך לייכט געשאָקלט אין

ווינט און געבלישטשעט קעגן דער זון די פיינע בלעטער פון איינצלנע בעריאָזעס און יעשאָנעס. אָבער זיין אומפאַראַנטוואָרטלעך האַלב־מעלאָדיש דודען איז נישט אויף לאַנג. געבליבן דאָס איינציקע קיל אין דער איינזאַמקייט. דאָס זשומען פון די אינזעקטן אין דער זו־מער־הייסער לופט איבערן גראָז, די זון־שיין אַליין, דער לייכטער ווינט, דאָס וואַקלען זיך פון די ביימער־שפּיצן, דאָס בלישטשען פון די בלעטער, — די גאַנצע זאַנפטיק־רירעוודיקע זומערדיקע שלווה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין איין געמישט קלאַנג, וועלכער האָט צוגעגעבן זיין פשוטער פייפעניש אַ האַרמאָנישע באַדייטונג, וואָס האָט זיך כסדר געביטן און כסדר איבערראַשט. טיילמאָל פלעגט די סימפאָנישע באַגלייטונג צוריקטרעטן און פאַרשטומט ווערן. אָבער האַנס מיט די צאַפּישע פוס האָט ווייטער געבלאָזן און האָט מיט דער נאַיווער איינטאָניקייט פון זיין שפּילן ווידער גענומען אַרויס־רופן דעם ראַפינירט־פאַרביקן קלאַנג־כישוף פון דער נאַטור. נאָך דעם ווי אָט־דער קלאַנג האָט ווידער זיך באַנייט, האָט ער, איבער־שטייגנדיק זיך אַליין באַקומען די גרעסטע, ביז דעמאָלט געשפּאָרטע פולקייט, דורך דעם, וואָס ס׳זיינען צוגעקומען אַלע נייערע און העכערע אינסטרומענטאַל־שטימען. זיי האָבן זיך אַריינגעמישט אין אָר־קעסטער גיך איינער נאָכן אַנדערן, ביז ס׳איז דערגאַנגען צו אַ קורצן מאָמענט, בעת וועלכן דער פולקומער תענוג האָט אין זיך אַנט־האַלטן אַ גאַנצע אייביקייט. דער יונגער פאַון איז זייער גליקלעך געווען אויף זיין זומער־לאָנקע. דאָ איז נישט געווען קיין „פאַר־ענטפער דיך", קיין אַחריות, קיין פּריסטעריש געריכט איבער עמעצן, וואָס האָט פאַרגעסן אין זיין ערע און איז אַנטלאָפן. דאָ האָט געהערשט די פאַרגעסנקייט אַליין, דער געבענטשטער שטילשטאַנד, די אומשולד פון דער צייטלאָזיקייט. עס איז געווען די אָפּגעלאָזנקייט, וואָס האָט דעם ריינסטן געוויסן, דער אויסגעחלומטער אַפּאָטעאָז פון אַלץ, וואָס פאַראייניקט די מערב־אייראָפּעישע אַקטיוויטעט. די היילנדיקע באַרויקונג, וואָס איז דערפון געגאַנגען, האָט דעם נאַכט־מוזיקאַנט געמאַכט אָט־די פלאַטע באַזונדערס ווערטפול.

דערנאָך איז געווען אַ דריטע... עס זיינען איינגעלעך ווי־דער געווען עטלעכע קרובהשע, פאַרפלאָכטענע, דריי אָדער פיר.

וואָרעם די טענאָרישע אַריע, וועלכע מ'האָט געשפּילט, האָט אַליין פאַרנומען בערך אַ זייט. ווידער איז עס געווען עפּעס פראַנצויזישס, פון אַן אָפּערע, וועלכע האַנס קאַסטאָרפּ האָט גוט געקאָנט, וועלכע ער האָט אַ סך מאָל געהערט אין גערען אין טעאַטער. ער האָט אַפילו אַנומלט בעת אַ שמועס — און דווקא זייער אַ דעצידירנדיקן — דערמאָנט איר האַנדלונג... עס איז געווען אין צווייטן אַקט, אין דער שפּאַנישער שענק, אַ געראַימע ספּעלונקע מיט בעלקעס אויבן סופיט, באַצירט מיט טיכער און געבויט מיט אַ שלעכטער מאַוריי־שער אַרכיטעקטור. קאַרמענס שטים, וועלכע איז געווען וואַרעם, אַ ביסל רוי און האָט פונדעסטוועגן געווירקט דורך איר ראַסיש־קייט, האָט דערקלערט, אַז זי, קאַרמען, וויל טאַנצן פאַר די סער־זשאַנטן, און מ'האָט תיכף געהערט דאָס קלאַפּן פון אירע קאַסטאַ־ניעטן. אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן אויסגעבלאָזן אויף אַ שטיקל מהלך טראָמפּייטן, אַן אַפּעל, אַ כסדרדיקער מיליטערישער סיגנאַל, וועלכער איז דעם זעלנער אַריין פּעסט אין די ביינער. — וואַרט! איין רגע! — האָט ער אויסגערופן און האָט אויפגע־שפּיצט די אויערן, ווי אַ פערד. דערויף האָט קאַרמען געפרעגט: „פאַרוואָס"? און: „וואָס געשעט דען?" — „דו הערסט דען נישט"?— האָט ער אָפּערע־מעסיק געזאָגט. אָבער די ציגיינערין האָט דאָס עס נישט אַזוי, ווי ער. עס זיינען דאָך די טראָמפּייטן פון דער קאַזאַרמע, וואָס גיבן אַ צייכן; „די צייט אַהיימצוגיין קומט אָן" — האָט ער אָפּערע־מעסיק געזאָגט. אָבער די ציגיינערין האָט דאָס נישט געקאָנט באַגרייפן און האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. נאָך בעסער, — האָט זי געטענהט האַלב נאַריש, האַלב חוצפהדיק, — איצט וועט מען נישט דאַרפן קיין קאַסטאַניעטן, גאָט אַליין באַ־זאָרגט זיי מיט מוזיק צום טאַנץ, און דערפאַר: — לאַלאַלאַלאַ! — ער איז געוואָרן איבער זיך. זיין אייגענע אַנטוישונג־פּיין איז דער־ווייל אינגאַנצן אָפּגעטרעטן, בעת ער האָט זיך גענומען באַמיען איר קלאָר צו מאַכן, וועגן וואָס דאָ גייט און אַז קיין שום פאַרליבט־קייט אין דער וועלט קאָן זיך נישט קעגנשטעלן דעם דאָזיקן סיגנאַל. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, זי זאָל נישט פאַרשטיין אַזאַ פונדאַמענ־טאַלע און אומבאַדינגטע זאַך! — איך מוז איצט אַוועק, אַהיים,

אין דער קוואַרטיר, צום אַפּעל! — האָט ער אויסגערופן פאַר־צווייפלט צוליב איר נישט באַגרייפן, וואָס האָט אים דאָס האַרץ געמאַכט טאָפּלט אַזוי שווער, ווי ס'וואָלט סיי־ווי־סיי געווען אָן דעם. אָבער דאָ האָט זיך אָנגערופן קאַרמען. זי איז געווען דערצאָרנט, זי איז געווען אויפגעקאָכט ביז טיף אין דער נשמה, איר קול איז געווען איין שטיק אָפּגענאַרטע און באַליידיקטע ליבע. אַלנ־פאַלס האָט זי געמאַכט אַזאַ אָנשטעל. — אין קוואַרטיר? צום אַפּעל? און איר האַרץ? און איר גוט, צערטלעך האַרץ, וואָס איז צוליב שוואַכקייט — יאָ, זי איז מודה: צוליב שוואַכקייט — גרייט געווען מיט אים צוזאַמען צו פאַרקירצן די צייט דורך געזאַנג און טאַנץ? טראַטעראַטאַ! — און זי האָט מיט ווילדן חוזק צוגעשטעלט די האַנט צום מויל, כדי נאָכצומאַכן דעם טראָמפּייט. — טראַטעראַטאַ! און דאָס איז גענוג. זאָל־זשע דער שוטה שפּרינגען אין דער לויפן און וועלן אַוועק. מילא, גוט, זאָל ער לויפן! אָט איז זיין העלם, זיין שווערד און זיין מאַנטל! זאָל ער לויפן אין דער קאַזאַרמע, וואָס גיכער, גיכער, גיכער! ער האָט זיך ביי איר געבעטן רחמים... אָבער זי בלייבט ווייטער ביי איר גליענדיקן חוזק און מאַכט זיך ווי זי וואָלט דאָס געווען דער, וואָס האָט זיין ביסל פאַרשטאַנד פאַרלוירן ביים אויפשאַלן פון די הערנער. טראַטעראַטאַ, צום אַפּעל! גאָט דו ליבער, ער קאָן דאָך נאָך קומען צו־שפּעט! נו, גיכער, מ'רופט דאָך שוין צום אַפּעל, און דאָ מוז ער דאָך, זעלבסטפאַר־שטענדלעך, זיך אָפּרייסן ווי אַ נאַר, גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זי, קאַרמען, האָט געוואָלט טאַנצן פאַר אים. אָט דאָס, דאָס איז זיין ליבע צו איר! —

אַ פיינלעכע לאַגע! זי האָט נישט פאַרשטאַנען. דאָס וויב, די ציגיינערין, האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט פאַרשטיין. זי האָט עס נישט געוואָלט, — וואָרעם אָן שום ספק: אין איר כעס, אין איר חוזק איז געווען עפּעס, וואָס האָט איבערגעשטיגן דעם מאָמענט און דאָס פערזענלעכע, אַ שנאה, אַן אור־פיינדשאַפט קעגן פּרינציפּ, וואָס האָט מיט די פראַנצויזישע קלאַרנעטן — אָדער שפּאַ־נישע הערנער — גערופן דעם פאַרליבטן קליינעם סאָלדאַט. צו טרי־זמפירן איבער אים איז געווען איר העכסטער, איינגעבוירענער, אי־

בערפערזענלעכע אמביציע. זי האָט געהאַט דערצו זייער אַ פּשוט מיטל: זי האָט געטענהט, אַז אויב ער וועט אַוועקגיין, איז אַ סימן, אַז ער האָט זי נישט ליב. אַקוראַט דאָס טאַקע האָט יאָזע דאָרט אינעווייניק אין קאַסטן נישט געקאָנט באַרטראַגן, ער האָט זי באַשוואוירן, זי זאָל אים לאָזן קומען צום וואָרט. זי האָט נישט געוואָלט. האָט ער זי געצוואונגען. ס׳איז געווען אַ טייוולאָניש ערנסטער מאָמענט. פּאַטאַלע קלאַנגען האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם אָרקעסטער, אַ מרה־שחורהדיק־דראָענדיקער מאָטיוו, וואָס האָט זיך געצויגן, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געוואוסט, דורך דער גאַנצער אָפּערע ביז צום קאַטאַסטראָפאַלן אויסלאָז און איז אויך געווען די אײַנלייטונג צו דעם קליינעם סאָלדאַטס אַריע, צו דער נייער פּלאַטע, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט פּאָרוּען.

„דאָ, ביים האַרץ, געטריי געשיצט“ — יאָזע האָט דאָס געזונגען וואונדערלעך שיין. האַנס קאַסטאָרפּ האָט די פּלאַטע אָפט געלאָזט שפּילן אויך באַזונדער, אָן דעם באַקאַנטן צוזאַמענהאַנג, און ער האָט זיך שטענדיק צוגעהערט מיט דער אויפמערקזאַמסטער סימפּאַטיע. לויטן אינהאַלט איז די אַריע נישט געווען אַזאַ געוואַלדיקע זאַך, אָבער איר תחנונימדיקער געפיל־אויסדרוק איז געווען רירנדיק ביז דער העכסטער מדרגה. דער סאָלדאַט האָט געזונגען פון דער בלום, וועלכע קאַרמען האָט אים צוגעוואָרפן אין אָנהייב פון זייער באַקאַנטשאַפט און וועלכע איז פאַר אים געווען אַלץ־מיטאַנאַנדער אין דעם שווערן אַרעסט, אין וועלכן ר׳איז אַריינגעפאַלן צוליב איר. ער האָט טיף דערשיטערט מודה געווען, אַז ער האָט אין טייל מאָמענטן געשאָלטן דעם גורל, הלמאַי ס׳איז געקומען דערצו, ער זאָל מיט זיינע אויגן אָנקוקן קאַרמען. אָבער תיכף האָט ער ביטער חרטה געהאַט אויף דער לעסטערונג און האָט אויף די קניען געבעטן גאָט, ער זאָל זי קאָנען ווידער זען. און אָט (דער דאָזיקער „אָט“ איז געווען דער אייגענער הויכער טאָן, מיט וועלכן ער האָט פריער אָנגעהויבן זיין „אַך, טייער מיידל“ — אָט (און דערביי האָבן זיך אָפּגערופן אין אַקאָמפּאַנימענט אַלע אינסטרומענטאַל־וואונדער, וואָס זיינען נאָר בכוח צו מאָלן דעם ווייטאָג, די בענקשאַפט, די פאַרלירענע צערטלעכקייט, די זיסע פאַרצווייפלונג פון

קליינעם זעלנער) — אָט איז זי געשטאַנען פאַר זיין בליק אין איר גאַנצן סודותדיקן רייץ. ער האָט דערביי שוין קלאָר און דייטלעך דערפילט דאָס איינע, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער, אויף אייביק אַ פאַרפאַלענער. „דו, מיין גליק, מיין אַנטציקונג" — האָט ער געזונגען פאַרצווייפלט מיט אַן איינציקער איבערגעחזרטער קלאָגעדיקער טאָן־פראַזע, וועלכע דער אָרקעסטער האָט אויך פון זיין זייט איבער־געחזרט און איבערגעקלאָגט. זי איז איצט געווען העכער פונם גרונד־טאָן מיט צוויי שטופן און האָט זיך פון דאָרט מיט גרויס געפיל געווענדט אַראָפּ צו דער קווינטע. — „דיין איז מיין האַרץ" — האָט ער אָן געשמאַק, אָבער אויף זייער אַ צערטלעכן אופן ווי־דער פאַרזיכערט אָן אַ שיעור מאָל און האָט זיך דערביי אַלץ באַ־נוצט מיט דער זעלבער פיגור. דערנאָך איז ער דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן טאָן־לייטער ביז צו דער זעקסטער שטופע און צוגעגעבן: „אייביק דיר געהער איך", צום סוף האָט ער געלאָזט זינקען די שטים אויף אַ צען טענער און האָט דערשיטערט אַרויסגעבראַנגט זיין: „קאַרמען, איך האָב דיך ליב". אויף דער פאָרלעצטער זילבע האָט ער דערביי ווייטאָגדיק געצויגן, ביז ר'איז איבערגעגאַנגען אין דעם גרונד־אַקאָרד פון „דיך".

— יאָ, יאָ! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ מיט אַ שווערער געמיט און פאַרטראַכט אַ זאָג־געטאָן און נאָך אַריינגעזעצט די לעצטע פּלאַטע, וואו אַלע האָבן געוואונטשן גליק דעם יונגן יאָזע צוליב דעם טרעפן זיך מיטן אָפיציר, אַדאַנק וועלכן ס'איז פאַר אים אוממעגלעך געווען דער צוריקקער. איצט האָט ער שוין געמוזט דעזערטירן, ווי קאַרמען האָט שוין געהאַט פאַרלאַנגט פון אים נאָך פריער צו זיין גרויסן פאַרדראָס.

קום מיט אונז אין די פעלזן־שפּאַלטן.
ווילדער, דאָך ריין בלאָזן דאָרט די ווינטן —

האָבן זיי אים געזונגען אין אַ כאָר. מ'האָט זיי גאַנץ בולט געהערט.

אָפן די וועלט — ס'דריקן נישט קיין זאָרגן,
אומבאַגרענעצט דיין פאָטערלאַנד;
פאָראויס — די לויטערסטע אַנטציקונג,
די פרייהייט, די פרייהייט לאַכט!

יאָ, יאָ — האָט האַנס קאַסטאָרפּ נאָכאַמאָל געזאָגט און איז איבערגעגאַנגען צו אַ פּערטער זאַך, צו עפּעס זייער ליבס און גוטס.

אינם פאַקט, וואָס ס'איז ווידער געווען עפּעס פראַנצויזיש, זיינען מיר אַקוראַט אַזוי ווייניק שולדיק ווי אין דעם, וואָס ס'האָט ווידער געהערשט דערין מיליטערישער גייסט. ס'איז געווען אַ סאָלאָ־געזאַנג־נומער, אַ „געבעט" פון דער פאַוסט־אָפּערע פון גונאָ. ס'איז אַרויסגעטרעטן עמעץ, איינער זייער אַ סימפּאַטישער, וואָס האָט גע־הייסן וואַלענטין, אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים שטילערהייט אָנ־גערופן אַנדערש, מיט אַ היימישערן, וועמאָגדיקן נאָמען, — דעם נאָמען פון איינעם, וועלכן ער האָט אין אַ הויכער מאָס אידענטי־פיצירט מיט דעם זינגער פון קאַסטן אַרויס, כאָטש דער לעצטער האָט געהאַט אַ סך אַ שענערע שטים. ס'איז געווען אַ שטאַר־קער און וואַרעמער באַריטאָן און זיין געזאַנג איז געווען דרייפאַכיק. עס איז באַשטאַנען פון צוויי קרובהשע סטראָפן, די ערשטע און לעצטע, געהאַלטן אין רעליגיעזן כאַראַקטער, כמעט אין סטיל פון פּראָטעסטאַנטישן כאָראַל, און פון אַ וואָרלערישער מיטל־סטראָפע, אַ מוטיק־ריטערלעכער, אַ לייכטזיניקער, אָבער דערביי אויך אַ רע־ליגיעזער. דאָס איז אייגנטלעך געווען דאָס פראַנצויזיש־מיליטערישע, וואָס האָט געשטעקט דערין. דער אומגעזעענער האָט געזונגען:

אויב כ'דארף פארלאָזן
מיין געליבט פאַטערלאַנד —

און ער האָט דערביי געווענדט זיין בקשה צום הימלישן האַר, ער זאָל אים אויף דער צייט באַשיצן זיין ליבע שוועסטער! ער איז אַוועק אין קריג, דער ריטם איז געוואָרן אַ גיכער, איז געוואָרן אונטערנעמעריש, — זאָלן עגמת־נפש און זאָרג גיין צו אַלדי־רוחות. ער, דער אומגעזעענער, וועט דאָרטן, וואו די שלאַכט וועט זיין אַמשטאַרקסטן הייס, וואו די סכנה וועט זיין צום גרעסטן, וואַרפן זיך אויפן שונא מוטיק, פרום און פראַנצויזיש. אָבער אויב גאָט וועט אים באַשערן, ער זאָל אַוועק צו אים אין הימל — האָט ער געזונגען — וועט ער פון דאָרט אַכטונג געבן אויף „דיר". מיט דעם

„דיר" האָט ער געמיינט די שוועסטער. האַנס קאַסטאָרפּן האָט עס פונדעסטוועגן טיף גערירט און זיין גערירטקייט האָט נישט איינגעהערט ביז צום שלוס, ווען דער ערלעכער סאָלדאַט האָט מיטגעזונגען מיט די מעכטיקע כאָראַל־אַקאָרדן:

**אָ, האַר פון הימל, פאַרנעם מיין געבעט,**
**נעם אין דיין שוץ מאַרגאַריט!**

ווייטער איז אין דער פּלאַטע נישט געווען קיין סך. מיר ריידן, גלויבן מיר, וועגן איר קורץ, ווייל האַנס קאַסטאָרפּ האָט זי אַזוי אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט און אויך דערפאַר, ווייל זי וועט שפּע־טער ביי אַ זעלטענער געלעגנהייט נאָך שפּילן אַ געוויסע ראָל. איצט גייען מיר איבער צו אַ פּונקט און לעצט שטיק פון דער גרופּע נעענטערע פאַוואָריטן. דאָס איצטיקע איז שוין מער נישט גע־ווען קיין פראַנצויזישס, נאָר גאָר אַפילו עפּעס ספּעציעל און באַ־זונדערס דייטשישס, אויך נישט פון קיין אָפּערע, נאָר אַ ליד, איינס פון יענער לידער, וואָס זיינען פאָלקס־קנינים און מייסטער־ווערק צו־זאַמען, און טאַקע צוליב דעם טראָגט עס אויף זיך זיין באַזונדערן גייסטיק־אַלוועלטלעכן חותם... צו וואָס די לאַנגע רייד? עס איז גע־ווען שובערטס „לינדנבוים", ס'איז געווען נישט עפּעס אַנדערש, ווי דאָס אַלטע היימישע ליד „ביים ברונעם פאַרן טויער".

אַ טענאָריסט האָט עס געזונגען אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון קלאַוויר, אַ חברה־מאַן מיט טאַקט און געשמאַק, וואָס האָט גע־קאָנט באַהאַנדלען זיין פּשוטן און צוגלייך הימל־הויכן געגנשטאַנד מיט אַ סך קלוגשאַפט, מוזיקאַליש פיינגעפיל און רעציטאַטאָרישע פעיקייטן. מיר אַלע ווייסן, אַז דאָס הערלעכע ליד קלינגט אין מויל פון פאָלק און פון קינדער אַ ביסל אַנדערש ווי אין קונסט־געזאַנג. דאָרטן ווערט עס ס'רוב פאַראיינפאַכט, ווערט סטראָפיש דורכגעזונ־גען לויט דער הויפּט־מעלאָדיע, אין דער צייט, ווען אָט־די פּאָ־פּולערע ליניע ווערט אין אָריגינאַל וואַריירט אין מאָל שוין ביי דער צווייטער פון אַלע אַכט־צייליקע סטראָפן, כדי ביים פינפטן פערז ווידער אויף אַן אויסערגעוויינלעך שיינעם אופן איבערצוגיין אין ד ו ר. ביי די „קאַלטע ווינטן" ווייטער און ביים הוט, וואָס פליט

אַראָפּ פון קאָפּ, ווערט עס דראַמאַטיש אויפגעבונדן און עס געפינט זיך ערשט צוריק אין די לעצטע דריי פערזן פון דער דריטער סטראָפע, וועלכע ווערן איבערגעחזרט, כדי מ׳זאָל קאָנען די זאַך אויסזינגען. די אייגנטלעך באַצווינגענדיקע ווענדונג פון דער מעלאָדיע קומט אַרויס דריי מאָל, נעמלעך אין דער מאָדולירנדיקער צווייטער העלפט און צום דריטן מאָל — ביי דער איבערחזרונג פון דער לעצטער האַלבער סטראָפע. „נון בין איך מאַנכע שטונדע“. די דאָזיקע באַצויבערנדיקע ווענדונג, וועלכע מיר ווילן נישט צו־נאָענט באַרירן מיט ווערטער, קומט פאָר אין די זאַך־פראַגמענטן: „זאָ מאַנכעס ליבע וואָרט“, „אַלס ריעפען זיע מיר צו“, „ענטפערנט פאָן יענעם אָרט“. די העלע און וואַרעמע, געניט־אָטעמדיקע שטים, וואָס איז מעסיק גענייגט צום שלוכצן, האָט דאָס איטלעך מאָל געזונגען מיט אַזויפיל אינטעליגענט געפיל פאַר דער שיינקייט פון דער זאַך, אַז ס׳האָט דעם צוהערער אויף אַן אומגעריכטן אופן אַ נעם־געטאָן ביים האַרץ, בפרט נאָך, אַז דער קינסטלער האָט פאַרשטאַנען צו פאַרשטאַרקן זיין ווירקונג דורך אויסערגעוויינלעך האַרציקע קאָפּ־טענער ביי די פערזן „צו איהם מיך אימערפאָרט“, „היער פינדסט דו דיינע רוהע“. ווייטער ביים איבערחזרן דעם לעצטן פערז, דעם „דו פינדעסט רוהע דאָרט!“ האָט ער דאָס וואָרט „פינדעסט“ צום ערשטן מאָל אַרויסגעזונגען מיט אַ פולער, פאַרבענקטער ברוסט און ערשט צום צווייטן מאָל ווי דעם צאַרטסטן פלאַזשעלעט.

אַזויפיל וועגן דעם ליד און זיין אויספירונג. מיר קאָנען זיך איינריידן, אַז ס׳איז אונז אין די פריערדיקע פאַלן געלונגען אונזערע צוהערערס אַריינצוגעבן מער־ווייניקער אַ פאַרשטענדניש פאַר דער אינטימער פאַראינטערעסירטקייט, וועלכע האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַרויסגעוויזן לגבי די פריווילעגירטע פּראָגראַם־נומערן פון זיינע נאַכט־קאָנצערטן. אָבער געבן צו פאַרשטיין, וואָס ס׳האָט פאַר אים באַדייט דאָס לעצטע, אָט־דאָס אַלטע ליד „לינדענבוים“, — דאָס איז שוין אַ ביז גאָר שווערע אונטערנעמונג, און מ׳מוז אָננעמען די העכסטע פאָרזיכטיקייט אין דער אינטאָנאַציע, אויב מיר ווילן נישט מער קאַליע מאַכן ווי פאַרריכטן.

מיר וועלן עס אַוועקשטעלן אַזוי: אַ גייסטיקער, דאָס הייסט — אַ באַדייטנדיקער געגנשטאַנד איז אייגנטלעך דערפאַר „באַדייטנדיק", ווייל ער גייט אַרייבער די אייגענע גרענעץ, ווייל ער איז דער אויסדרוק און דער עקספּאָנענט פון אַ גייסטיק־אַלגעמיינערן געגנ־שטאַנד, פון אַ גאַנצער געפיל־און שטימונג־וועלט, וועלכע געפינט דערין מער־ווייניקער איר פולקומען סימבאָל. דערמיט מעסט מען אייגנטלעך די מדרגה פון זיין באַדייטונג. ווייטער איז די ליבע צו אַזאַ געגנשטאַנד אויך „באַדייטנדיק". זי זאָגט עפּעס אויס וועגן יענעם, וועלכער טראָגט זי אין זיך, זי כאַראַקטעריזירט זיין פאַר־העלטעניש צו יענעם אַלגעמיינעם, צו יענער וועלט, וועלכע ווערט פאַרטרעטן דורך דעם געגנשטאַנד און וועלכע ער האָט אין אָט־דעם געגנשטאַנד ליב באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק.

ווייל מען גלויבן, אַז אונזער פשוטער העלד איז נאָך אַזויפיל און אַזויפיל יאָרן פון הערמעטיש־פּעדאַגאָגישער שטייגערונג געניט־טיק אַריינגעטרעטן אין גייסטיקן לעבן, כדי זיך באַוואוסט צו מאַכן די „באַדייטנדיקייט" פון זיין ליבע און פון איר אָביעקט? מיר זאָגן און דערציילן, אַז יאָ. דאָס ליד האָט פאַר אים אַ סך באַ־דייטונג, ס'איז געווען פאַר אים אַ גאַנצע וועלט און אַ וועלט, וועלכע ער האָט מסתמא ליב געהאַט, ווען נישט — וואָלט ער נישט געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין דעם סימבאָל אירן. מיר ווייסן, וואָס מיר ריידן, בעת מיר גיבן צו — אפשר אַ ביסל נישט קלאָר — אַז זיין גורל וואָלט זיך אַנדערש געווען אויסגעשטאַלטיקט, ווען זיין געמיט וואָלט נישט געווען אין דער העכסטער מאָס צוגענגלעך פאַר די שיינקייטן פון דער געפיל־ספערע, פון דעם אַלגעמיין גייס־טיקן קאָמפּלעקס, וועלכע דאָס ליד האָט איך אַזאַ טיף־סודותדיקן אופן אַנטהאַלטן אין זיך. טאַקע דער דאָזיקער גורל האָט מיטגע־ברענגט מיט זיך שטייגערונג, געשעעניש, פּאַרטיפונג, אויפגעוועקט אין אים רעגירונגס־פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אים רייף געמאַכט צו אַנונגספולער קריטיק בנוגע אָט־דער וועלט, בנוגע דעם אַבסאָ־לוט־וואונדערלעכן סימבאָל אירן, בנוגע זיין ליבע, און אַלץ דער־פּירט דערצו, אַז אָט־די דריי זאַכן זאָלן אַרונטערגעשטעלט ווערן אונטער די ספקות פון געוויסן.

דער, וואָס מיינט, אַז צוליב אַזאַ מין צווייפלען געשעט אַן עוולה דער ליבע, יענער פאַרשטייט מסתמא גאָרנישט וואָס ליבע איז אַזוינס. פאַרקערט, די ספקות זיינען אירע געווירצן. ערשט זיי גיבן צו דער ליבע דעם דאָרן פון ליידנשאַפט, אַזוי, אַז מ׳וואָלט גאַנץ גלייך געקאָנט האַלטן די ליידנשאַפט פאַר צווייפלענדיקער ליבע. אָבער אין וואָס זיינען באַשטאַנען האַנס קאַסטאָרפס געוויסנס-און רעגירונגס-ספיקות בנוגע דער העכערער באַרעכטיקטקייט פון זיין ליבע צו דעם באַצווייבערנדיקען ליד און זיין וועלט? וועלכע איז געווען די וועלט, וואָס איז געשטאַנען הינטער דעם, אַזוי, אַז ער זאָל אַנען דערין מיט זיין געוויסן עפּעס אַזוינס, וואָס מ׳טאָר עס נישט ליב האָבן?

ס׳איז געווען דער טויט.

אָבער דאָס איז דאָך אַ בפירוש משוגעת! אַזאַ וואונדערלעך, הערלעך ליד! אַ ריין קונסט-ווערק, געבוירן פון די לעצטע און הייליקסטע טיפענישן פון פאָלקס-געמיט; דאָס העכסטע פאַרמעגן, דאָס אירבילד פון דער האַרציקייט, פון דער ליבלעכקייט אַליין! וואָס פאַר אַ מיאוסע פאַרקריפלונג!

איי, געוויס, געוויס! דאָס איז געווען באמת שיין, דערין האָט געמוזט מודה זיין יעדער מענטש מיט יושר. און דאָך איז הינטער אָט דעם ליבן פּראָדוקט געשטאַנען דער טויט. עס האָט ג׳האַט שייכות צו אים, וועלכע מ׳האָט געקאָנט ליב האָבן, אָבער מ׳האָט זיך דערביי אַנונגספול-רעגירעריש געקאָנט אָפּגעבן אַ דין-וחשבון וועגן אַ באַשטימטער אומדערלויבטקייט פון דער דאָזיקער ליבע. לויט דעם איי-גענעם מקור און וועזן האָט עס געקאָנט זיין נישט סימפּאַטיע מיטן טויט, נאָר עפּעס זייער פאָלקסטימלעך-לעבעדיקס, אָבער די גייס-טיקע סימפּאַטיע פאַר דעם איז געווען — סימפּאַטיע פאַרן טויט. לכתחילה האָט עס געקאָנט זיין לויטערע רעליגיעזקייט, דאָס לע-בעדיקע אַליין, — דאָס האָט מען בשום-אופן נישט געקאָנט איבער-שפּאַרן. אָבער אינם לעצטן סך-הכל זיינען דערין געווען באַהאַלטן רעזולטאַטן פון פינסטערניש.

וואָס רעדט ער זיך דאָ איין! — אָבער ער וועט עס שוין נישט לאָזן אויסריידן זיך. רעזולטאַטן פון פינסטערניש, פינסטערע

רעזולטאַטן. טאַרטירן־גייסט און מענטשן־פּיינטלעכקייט אין שפּאַנישע שוואַרצע מלבושים און מיט תאוה אָנשטאָט ליבע — דאָס אַלץ ווי אַ רעזולטאַט פון טרייער פרומקייט.

באמת, דער ליטעראַט סעטעמבריני איז נישט געווען דער מענטש, צו וועלכן ער זאָל האָבן דעם אַבסאָלוטן צוטרוי, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אייניקע באַלערונגען, וועלכע דער קלאָרער מדריך האָט אים געגעבן אַמאָל, מיט צייטן צוריק, אינאָנהייב פון זיין הער־מעטישער קאַריערע, וועגן גייסטיקער „צוריקנייגונג" אין געוויסע וועלטן. איצט האָט ער געהאַלטן, אַז ער דאַרף אָט־די אָנווייזונג פּאָרזיכטיק צופּאַסן צו זיין געגנשטאַנד. סעטעמבריני האָט דעם פּע־נאָמען פון יענער צוריקנייגונג באַצייכנט ווי אַ „קראַנקהייט", — שוין דאָס וועלט־בילד גופא, די גייסטיקע עפּאָכע, וואָס בנוגע איר איז עס געקומען די „צוריקנייגונג", איז איבּ, לויט זיין פּעדאַגאָ־גישן חוש, שיר נישט פאַרגעקומען „קרענקלעך". אָבער ווי־זשע? שוין־זשע זאָל האַנס קאַסטאָרפּס געליבט בענקשאַפט־ליד, די שטי־מונג־ספּערע, צו וועלכער ס׳געהערט, און די ליבשאַפט צו דער דאָ־זיקער ספּערע — זיין „קראַנק"? לחלוטין נישט! דאָס איז געווען דאָס געמיטלעך־געזונטסטע אויף דער וועלט. דאָס איז אָבער געווען אַ פרוכט, וואָס איז נאָך איצט, אין דעם מאָמענט, פריש און געזונט, איז אָבער אויסערגעוויינלעך גענייגט צו צעפּאַלונג און פוילעניש. עס איז דער גרעסטער נחת פאַרן געמיט, אויב מען געניסט פון איר אין דער רעכטער מינוט, ווייל מיט אַ מינוט שפּע־טער קאָן עס שוין פאַרשפּרייטן פוילעניש און פאַרדאַרבונג צווישן דער מענטשהייט, וואָס געניסט פון איר. עס איז געווען אַ לעבנס־פרוכט, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון טויט און האָט אים גע־טראָגן אין זיך. עס איז געווען דאָס וואונדער פון דער נשמה, — אפשר דאָס העכסטע לגבי דער געוויסנסלאָזער שיינקייט און פון אָט־דער שיינקייט געבענטשט. אָבער יעדער דורכגעטראַכט־באַראַנט־וואָרטלעכער לעבנס־פריינטלעכער גייסט, מיט ליבע צום אָרגאַנישן האָט עס געמוזט באַטראַכטן מיט באַגרינדעטן חשד און עס סוף־כל־סוף פון טיפן געוויסן האַלטן פאַר אַן ענין, וואָס מ׳דאַרף גובר זיין.

יאָ, כיבוש־היצר, — דאָס איז מסתמא געווען דער גרונד, צו־ליב וועלכן מ'האָט געדאַרפט גובר־זיין אָט די ליבע„ אָט דעם נשמה־צויבער מיט די פינסטערע קאָנסעקווענצן! האַנס קאַסטאָרפּס געדאַנקען אָדער אַנונגספולע האַלב־געדאַנקען זיינען הויך אַוועק, בעת ער איז געזעסן אין איינזאַמקייט ביינאַכט קעגן זיין אונטערגעשפּאַרטן מוזיק־אָרון. זיי זיינען געגאַנגען העכער וויפל זיין פאַרשטאַנד האָט געגרייכט. עס זיינען געווען אַלכימיסטיש־געשטייגערטע געדאַנקען. אָ, ר'איז געווען מעכטיק, דער נשמה־צויבער! מיר אַלע זיינען גע־ווען זיינע זין און מיר האָבן געקאָנט אָפּטאָן מעכטיקע זאַכן אויף דער וועלט, בעת מיר האָבן אים געדינט. מ'האָט נישט געדאַרפט מער קיין געניאַליטעט, נאָר בלויז אַ סך מער טאַלענט פאַרן מחבר פון ליד וועגן לינדנבוים, כדי ווי אַ קינסטלער פון נשמה־צויבער צו געבן דעם ליד ריזן־מאָסן און דערמיט צו מאַכן אונטערטעניק די וועלט. מ'וואָלט אַפילו וואַרשיינלעך געקאָנט בויען דערויף מלוכות, ערדישע, דורכאויס ערדישע מלוכות, זייער פּשוטע און פּראָגרעסירנ־דיקע און בעצם גאָרנישט קיין פאַרבענקטע, — אין וועלכע דאָס ליד וואָלט דערגאַנגען צו דער נידעריקער מדרגה פון עלעקטרישער גראַמאָפאָן־מוזיק. אָבער דעם לידס בעסטער זון וואָלט דאָך געווען דער יעניקער, וועלכער וואָלט זיין לעבן פאַרצערט אין כסדרדיקן גובר־זיין איבער זיך און וואָלט געשטאָרבן מיט דעם נייעם וואָרט פון ליבע אויף די ליפּן, פון וועלכן ער וואָלט נאָך נישט געוואוסט, וואָס צו ריידן. עס איז אַזוי ווערט געווען צו שטאַרבן דערפאַר, פאַר אָט־דעם כישופדיקן ליד! אָבער ווער ס'שטאַרבט דערפאַר, דער שטאַרבט שוין נישט אייגנטלעך פאַר דעם און איז אַ העלד נאָר דערפאַר, ווייל ער שטאַרבט פאַר דעם נייעם, פאַרן נייעם וואָרט פון ליבע און פון צוקונפט אין זיין האַרץ — —

דאָס זיינען, הייסט עס, געווען האַנס קאַסטאָרפּס געליבטע פּלאַטן.

## רעטעניש ן

עדהין קראָקאָווסקיס קאָנפערענצן זיינען אין משך פון יאָרן אַוועק אויף אומגעריכטע וועגן. זיינע פאָרשונגען אין שייכות צו פסיכאָ־אַנאַליז און חלומות האָבן אַלע מאָל געהאַט אַן אונטער־ערדישן און קאַטאַקאָמבישן כאַראַקטער. לעצטנס, אָבער, זיינען זיי לייכט, קוים באַמערקבאַר פאַרן עולם איבערגעגאַנגען אין דער ריכ־טונג פון מאַגישן, דורכאויס סודותדיקן. זיינע פערצן־טאָגיקע פאָר־טראָגן אין עס־זאַל, די הויפט־אַטראַקציע פון דער אַנשטאַלט, דער שטאָלץ פונם פראָספעקט, אָט די פאָרטראָגן, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין געווײנלעכן שפּאַציר־ראָק און אין סאַנדאַלן, הינטער אַ גדעקט טישל און מיט אַן עקזאָטיש שלעפּנדיקן אַקצענט פאַר דעם אומבאַוועגלעך צוהערנדיקן פּובליקום פון בערגהאָף — האָבן מער ניט באַהאַנדלט קיין באַהאַלטענעם עראָטיזם און דאָס פּראָב־לעם פון צוריקפירן די קראַנקהייט צום שורש דורך דעם, וואָס מ׳מאַכט באַוואוסטזיניק דעם אַפעקט. זיי האָבן באַהאַנדלט די טיפע איבער־נאַטירלעכקייטן פון היפּנאָטיזם און פון סאָמנאַמבוליזם, די ערשיינונגען פון טעלעפּאַטיע און פון נבואה־חלום, די וואונדער פון היסטעריע. ביים אַנאַליזירן דאָס אַלץ האָט זיך דער פילאָסאָפישער האָריזאָנט אויף אַזויפיל פאַרברייטערט, אַז פאַר די צוהערער האָבן אויף איין־מאָל אויפגעטויכט אַזעלכע מיני רעטענישן ווי וועגן דער פאַרהעלט־ניש פון דער מאַטעריע צום פּסיכישן, אַפילו דאָס רעטעניש פון לעבן גופא, וועלכעס מ׳האָט אַפּנים גיכער געקאָנט האָבן אַ האָפענונג צו באַשיידן אויפן אומהיימלעכסטן, קרענקלעכן וועג, ווי אויפן געזונטן...

מיר זאָגן דאָס, ווייל מיר האַלטן עס פאַר אונזער חוב אָפּ־צולייקענען די מיינונג פון גרינגע מענטשן, וועלכע האָבן געטענהט, אַז ד״ר קראָקאָווסקי האָט זיך גענומען צו נסתרות נאָר כדי אָפּ־צוראַטעווען זיינע פאָרטראָגן פון אומהיילבאַרער מאָנאָטאָניע, צוליב עמאָציאָנעלע צוועקן, הייסט עס. אַזוי האָבן גערעדט בייזע צינגער, אַמין, וואָס פעלט קיינמאָל נישט אויס. סאיז אמת, אַז ביי די מאָנטאָג־קאָנפערענצן האָבן די מענער האַסטיקער ווי ביז איצט גע־שאָקלט מיט די אויערן כדי בעסער צו הערן, און אַז פרייליין לעווי

איז דערביי נאָך מער ווי שטענדיק ענלעך געווען צו אַ וואַקסע-נער לאַלקע מיט אַ געוועדק אינעווייניק. אָבער די דאָזיקע ווירקונגען זיינען געווען אַזוי לעגיטים ווי די אַנטוויקלונג, וועלכע ס'האָט דורכגעמאַכט דעם גייסט פון געלערנטן און וועלכע איז נישט בלויז געווען קאָנסעקווענט, נאָר אויך נויטווענדיק. דאָס געביט פון זיין שטודיום האָט פון תמיד אָן געהאַט צו טאָן מיט די טונקעלע און וויט-גייענדיקע ספערן פון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע מען רופט אָן אונטערבאַוואוסטזיין, כאָטש אין תוך וואָלט מען בעסער געטאָן, ווען מ'רעדט פון אַן איבערבאַוואוסטזיין. וואָרעם פון די דאָזיקע ספערן רייסט זיך טיילמאָל אַרויס אַ וויסן, שטייגט ווייט איבער דאָס באַוואוסטזיין פון געגעבענעם אינדיווידואום און עס ווערט דערפאַר נאָענט דער געדאַנק, אַז ס'זיינען פאַראַן פאַרבינדונגען און שייכותן צווישן די אונטערשטע, פינסטערע ספערן פון דער אינדיווידועלער נשמה און צווישן אַ שלימותדיק וויסנדיקער איבער-נשמה. דאָס מלכות פון אונ-טערבאַוואוסטזיין, „אָקולט“ לויט דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט, ווייזט זיך אַרויס גאַנץ אָפט אויך פאַר אָקולט טאַקע אין ענגן פשט פון וואָרט און ווערט איינע פון די קוועלן, פון וואַנען עס פליסן אַרויס יענע אַלע ערשיינונגען, וועלכע מען באַצייכנט ווי: אָקולטע — האַר-באָרגענע. דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דער, וואָס זעט אין אָרגאַנישן קראַנקהייט-סימפּטאָם אַ רעזולטאַט פון געצוימטע און היסטערישע אַפעקטן, וועלכע זיינען אויסערן באַוואוסטזיניקן נשמה-לעבן, יענער אָנערקענט דעם שעפערישן כוח פון פסיכישן אינם מאַטעריעלן, — אַ מאַכט, וועלכע מ'איז געצוואונגען אָנצונעמען פאַר אַ צווייטער קוועלע פון די מאַגישע דערשיינונגען. אַזאַ אידעאַליסט פון פּאַטאָלאָגיע — אויב נישט צו זאָגן: אַ פּאַטאָלאָגישער אידעאַליסט — וועט סוף-כל-סוף דערגיין אין זיין געדאַנקען-גאַנג צו אַן אויסגאַנגס-פּונקט, וואָס פאַלט אַריין גאַנץ גיך אין פּראָבלעם פון זין בכלל, דאָס הייסט: אין פּראָבלעם פון די שייכותן צווישן גייסט און מאַטעריע. דער מאַטעריאַליסט, דאָס קינד פון אַ ריין-גשמיותדיקער פילאָסאָפיע, וועט קיינמאָל נישט אויפהערן גלויבן, אַז דאָס גייסטיקע איז בלויז אַ פאָס-פאָריזירנדיקער פּראָדוקט פון דעם מאַטעריעלן. דער אידעאַליסט דער-פאַר — אַרויסגייענדיק פונם פּרינציפּ פון שעפערישער היסטעריע—

וועט זיין גענייגט און וועט אויך זיך באַלד אָנשליסן צו געבן די בכורה דעם צווייטן צד. בסך־הכל האָט מען דאָ פאַר זיך נישט מער און נישט ווייניקער ווי דאָס אַלטע מחלוקת, וואָס איז פריער געווען: די הון אָדער דאָס איי, — אָט דאָס פּראָבלעם, וואָס עמישט אַזוי שטאַרק צוליב זיין דואַליזם: דערפאַר ווייל ס׳איז נישט מעגלעך קיין איי, וואָס זאָל נישט האָבן געלייגט געוואָרן פון קיין הון, און קיין הון, וואָס זאָל נישט האָבן אויסגעפּיקט זיך פון אַן איי.

די דאָזיקע ענינים, הייסט עס, האָט ד״ר קראָקאָווסקי איינסניי באַהאַנדלט אין זיינע פאָרטראָגן. געקומען איז ער דערצו אויף אַן אָרגאַנישן, אויף אַלעגיטימען, אויף אַלאָגישן וועג. מיר באַטאָנען עס כסדר און מיר גיבן נאָך סתם אַזוי צו לשם איבערפלוס, אַז ער האָט זיך גענומען צו אָט־דעם מין חקירות אַ סך פריער איידער ס׳איז ערשינען עללען בראַנד, אַדאַנק וועלכער די ענינים האָבן אָנגענומען אַן עמפּיריש־עקספּערימענטאַלן כאַראַקטער.

ווער איז געווען עללען בראַנד? מיר האָבן כמעט פאַרגעסן, אַז אונזערע צוהערער ווייסן עס נישט, אין דער צייט ווען אונז איז דער נאָמען, נאַטירלעך, וואויל־באַקאַנט. ווער זי איז געווען? אויפן ערשטן בליק — כמעט קיינער נישט. אַ ליב באַשעפעניש פון ניינצן יאָר, וועלכע מ׳האָט גערופן עללי, אַ פלאַקס־בלאָנדע דעניןֶ, אָבער אַפילו נישט פון קאָפּענהאַגען נאָר פון אָדענזע, וואו איר פאָטער האָט געהאַט אַ געשעפט פון פּוטער. זי אַליין איז שוין אויך געווען אין פּראַקטישן לעבן, האָט שוין עטלעכע יאָר געטראָגן אַ שרייב־אַרבל איבערן רעכטן אָרעם, איז געווען אַ באַאַמטין אין אַ פּראָווינץ־פיליע פון אַ הויפּט־שטאָטישער באַנק און איז געזעסן איבער גראָבע ביכער. אַזוי זיצנדיק האָט זי באַקומען טעמפּעראַטור. דער פאַל איז געווען נישט קיין באַדייטנדיקער, אייגנטלעך זיינען עס געווען בלויז חשדים, הגם עללי איז אוודאי פריער אויך געווען צאַרט, צאַרט און געווים זייער בלייך. דערביי איז זי געווען אומבאַדינגט סימפּאַטיש, אַזוי אַז מ׳וואָלט איר גערן אַ גלעט־געטאָן מיט דער האַנט איבער די פלאַקס־בלאָנדע האָר, ווי דער הויפראַט פלעגט טאַקע כסדר טאָן, בשעת ער האָט גערעדט מיט איר אין עס־זאַל. ס׳האָט געווייעט פון איר מיט צפונדיקער קילקייט, אַ גלעזערן־צוריקגעהאַל־

טענע, קינדיש־צניעותדיקע אַטמאָספער איז געווען אַרום איר און דאָס איז געווען דורכאויס ליב ווי דער פולער, ריינער און קינדי־שער בליק פון אירע בלויע אויגן און ווי איר אַרט ריידן, וואָס איז געווען שפּיציק, הויך און פיין, אַלייכט געבראָכן דייטש מיט קליינע טיפּישע קלאַנג־פעלערן, ווי „פליך" אָנשטאָט „פלייש". אין אירע געזיכט־שטריכן איז נישט געווען קיין שום ספּעציעל אינטערעסאַנטס. דער קין איז געווען צו קורץ. זי איז געזעסן ביים טיש פון דער קלעפעלד, וועלכע איז פאַר איר געווען אַ מוטער.

אָט דאָס דאָזיקע יונגע פריילין בראַנד, די דאָזיקע עללי, אָט די פריינדלעכע קליינע דענישע וועליסאָפּעדיסטין און בוכהאַלטערין, האָט אין זיך געהאַט עפּעס אַזוינס, וואָס וואָלט זיך אַפילו קיינעם נישט גע־חלומט ביים ערשטן און צווייטן בליק אויף איר קלאָרער פּערזאָן. אָבער שוין נאָך עטלעכע וואָכן פון איר זיין דאָ אויבן האָט זיך עס אָנגעהויבן צו אַנטדעקן. דאָס אויפדעקן אין דער גאַנצער משונהדי־קייט איז געווען אַן ענין פאַר ד"ר קראָקאָווסקי.

בשותפותדיקע אונטערהאַנדלונגען ביי דעם און יענעם אָוונטיקן צוניפקום האָבן געגעבן דעם געלערנטן דעם ערשטן שטיס זיך צו וואונדערן. מ'האָט זיך געאיבט אין אַלערליי „טרעפעניש", דערנאָך — אינם אויסגעפינען באַהאַלטענע געגנשטאַנדן מיט דער הילף פון שפּילן אויפן קלאַוויר. די קלאַנגען האָבן געזאָלט הערן העכער בעת מ'האָט זיך דערנעענטערט צו דער געזוכטער זאַך און שטילער — בעת מ'האָט אַוועקגעבלאָנדזשעט. מיט דער צייט איז מען איבערגעגאַנגען דערצו, אַז דער, וואָס איז לויטן אָפּשמועס אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווײַלע פון זאַל, האָט געמוזט העפטיק אויספירן באַשטימטע קאָמ־פּליצירטע פונקציעס, דהיינו: טוישן די רינגען פון צוויי געוויסע פערזאָנען; עמעצן אויפפאָדערן צום טאַנץ מיט דריי פאַרבייגונגען; אַרויסנעמען אַ באַצייכנט בוך פון דער ביבליאָטעק און עס דערלאַנגען דעם און יענעם, און ענלעכס דערצו. מ'דאַרף באַמערקן, אַז געוויינטלעך איז נישט געווען קיין מנהג ביים עולם פון בערגהאָף צו פאַרווײַלן זיך מיט אַזעלכע מינע שפּילן. ווער ס'האָט אייגנטלעך געגעבן די אָנרעגונג דערצו, האָט מען שפּעטער נישט געקאָנט וויסן. אַלנפאַלס עללי איז

עס זיכער נישט געווען. פונדעסטוועגן איז מען געפֿאַלן דערויף ערשט אין איר קענגנוואַרט.

די אָנטײלנעמער — עס זײַנען געווען כּמעט לויטער אונזערע באַקאַנטע, אויך האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען צווישן זיי — האָבן בײַ די פּרוּוון זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר מער אָדער ווייניקער טױגלעך, אַנדערע האָבן אינגאַנצן נישט געטויגט, אָבער עללי בראַנדס טאַלענט דערצו האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אויסערגעוויינלעך, פֿאַר איבערפֿאַלנדיק, פֿאַר אויסטערליש. איר זיכער אויסגעפֿינען באַהעלטענישן האָלט נאָך נישט אַזוי געווירקט, כאָטש דער עולם איז געווען באַגײַסטערט און מ'האָט געלאַכט פֿון באַוואונדערונג. אָבער בײַ די קאָמפּליצירטע האַנדלונגען האָט מען אָנגעהויבן פֿאַרטומלט צו ווערן. זי האָט אויסגעפֿירט אַלץ, וואָס מ'האָט איר שטילערהייט פֿאַרגעשריבן, זי האָט עס אויסגעפֿירט תּיכּף ווי זי איז צוריק אַרײַנגעקומען, מיט אַ מילדן שמייכל, נישט קווענקלענדיק זיך, אויך אָן מוזיק. זי האָט געבראַנגט פֿון עס־זאַל אַ ביסל זאַלץ צווישן די פֿינגער, האָט עס אָנגעשיט דעם פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט אויפֿן קאָפּ, דערנאָך האָט זי אים אָנגענומען בײַ דער האַנט, צוגעפֿירט צום קלאַוויר און דאָרטן האָט זי מיט זײַן ווײַז־פֿינגער אויפֿגעשפּילט דעם אָנהייב פֿון לידל „קומט אַ פֿויגל צו פֿליען". דערנאָך האָט זי אים צוריקגעפֿירט צו זײַן פּלאַץ, האָט געמאַכט פֿאַר אים אַ קניקס, האָט צוגערוקט אַ פֿוס־בענקעלע און זיך אַוועקגעזעצט בײַ זײַנע פֿיס — אַקוראַט אַזוי ווי מ'האָט עס מיט קאָפּ־ברעכעניש אויסגעטראַכט פֿאַר אירעטוועגן.

זי האָט, הייסט עס, געהערט!

זי איז רויט געוואָרן און מיט אמתער דערלייכטערונג, וואָס זי האָט זיך פֿאַרשעמט, האָבן זי אַלע אָנגעהויבן זי זידלען, אָבער זי האָט פֿאַרזיכערט: ניין, ניין, נישט אַזוי, מ'דאַרף עס נישט גלויבן! נישט אינדרויסן, נישט הינטער דער טיר האָט זי זיך נישט צוגעהערט, זיכער און באמת נישט!

— נישט אינדרויסן, נישט בײַ דער טיר?

— אָ, ניין, אַנט־שולדיקט! זי האָרכט דאָ אין צימער, בעת זי קומט אַרײַן, און זי מוז עס טאָן.

— זי מוז? אין צימער?

עפּעס גיט איר אַ שעפּטשע, — האָט זי געזאָגט. מען שעפּ־טשעט איר צו, וואָס זי זאָל טאָן, שטיל, אָבער גאַנץ שאַרף און דייטלעך.

דאָס איז, אַפּנים, געווען אַ ווידוי, עללי האָט זיך אין אַ געוויסן זין געפילט שולדיק, האָט אָפּגענאַרט. זי האָט געדאַרפט זאָגן, אַז זי טויג נישט פאַר אַזאַ שפּיל, ווייל מען שעפּטשעט איר אַלץ צו. אַ געוויסע פּאַרלירט יעדן מענטשלעכן זין, ווען איינער פון די צוויי האָט איבערמענטשלעכע מעלות. אין ספּאָרטלעכן זין איז עללי פּלוצ־לונג דיסקוואַליפיצירט געוואָרן, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז נישט איינעם איז אַ שווידער דורכגעלאָפן איבערן רוקן בעת זי האָט דאָס אויסגע־זאָגט. אַ סך שטימען אויף איינמאָל האָבן גענומען רופן נאָך ד"ר קראָקאָווסקי. מ'איז אים געלאָפן ברענגען און ער איז תּיכּף געקו־מען: אויסגעגלייכט און מיט אַ קערנדיקן שמייכל, האָט ער אויפּ־געפּאָדערט מיט זיין גאַנצער געשטאַלט צו הייטערער פּאַרטרוי־לעכקייט. מ'האָט אים אָן אָטעם געמאָלדן, אַז מ'האָט דאָ צו טאָן מיט עפּעס אַ מנאָר־אַ'ס, ס'איז דערשינען אַן אַלוויסנדיקע, אַ פּריילן מיט שעפּטשערייען. — איי, איי, און וואָס ווייטער? רויק, מיינע פריינד! מיר וועלן זעען. ס'איז געווען זיין געביט און באָדן. פאַר אַלע אַנ־דערע איז אָט דער באָדן געווען קווענקלדיק און זמפּיק־זייך, אָבער ער איז געגאַנגען אויף אים מיט זיכערער סימפּאַטיע. ער האָט אויס־געפרעגט, געלאָזט דערציילן. איי, איי, גיט נאָר אַ קוק! — אַזוי איז עס מיט אייך, מיין קינד? און ער האָט — ווי יעדער איינער האָט עס גערן געטאָן — אַרויפגעלייגט דער קליינער די האַנט אויפן קאָפּ. אַ סך סיבות צו אויפמערקזאַמקייט, אָבער נישטאָ די קלענסטע סיבה צום דערשרעקן זיך. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע ברוינע עקזאָטישע אויגן אין די דין העל־בלויע אויגן פון עללי בראַנד, דערביי האָט ער מילד געפירט מיט דער האַנט פון אירע האָר ביז איבער די אַקסלען צום אָרעם. זי האָט געענטפערט אויף זיין בליק באַשיידן און באַשיידע־נער, דאָס הייסט אַלץ מער און מער פון אונטן אַרויף, ווייל איר קאָפּ האָט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט איבער די אַקסלען צו דער ברוסט. בשעת אירע בליקן האָבן אָנגעהויבן זיך ברעכן, האָט דער געלערנטער געמאַכט פאַר איר פּנים אַ נאַכלעסיקע האַנט־באַוועגונג.

אַרויפצו. דערנאָך האָט ער דערקלערט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און ער האָט אַוועקגעשיקט דעם גאַנצן אויפגערעגטן עולם אויף ליג־קוראַציע. אַן אויסנאַם איז געווען עללי בראַנד, מיט וועלכער ער האָט נאָך געוואָלט אַ ביסל „פּלוידערן“.

פּלוידערן! לייכט זיך פאַרזושטעלן. אַלע האָבן זיך דערפילט אומ־היימלעך ביי דעם וואָרט, ביי דעם פּשוטן וואָרט פון דעם פריילעכן קאַמעראַד קראָקאָווסקי. יעדער איינציקער האָט דערפילט, אַז ס'ווערט אים אינעווייניק קאַלט דערפון. ס'האָט עס געפילט אויך האַנס קאַסטאָרפּ, ווען ער האָט אַ פאַרשפּעטיקטער אויפגעשטעלט די אויסגעצייכנטע ליג־שטול און האָט זיך דערמאָנט, ווי אַזוי דער באָדן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אונטער זיינע פיס בעת עללים אויסטערלישע קונצן און ביי דער פאַרשעמטער דערקלערונג, וועלכע זי האָט דערויף געגעבן. ס'איז אים אַפילו באַפאַלן דערביי אַ געוויסע נודנעקייט און קערפּערלעכע פיינלעכקייט, אַ לייכטע ים־קראַנקהייט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט רבגעלעבט קיין ערדציטערניש, אָבער ר'האָט געטראַכט, אַז מיט אַן ערדציטערניש מוזן מסתמא אויך זיין פאַרבונדן געפילן פון גע־נוי דערזעלבער דערשראָקנקייט. שוין אָפּגערעדט פון דער נייגעריקייט, וועלכע ס'האָבן דערוועקט אין אים עללי בראַנדס פּאַטאַלע פעיִקייטן — ס'איז געווען אַ נייגעריקייט, וואָס האָט אין זיך אַליין געטראָגן דאָס געפיל פון העכערער אומבאַפרידיקטקייט, דאָס הייסט: דאָס באַ־וואוסטזיין, אַז דאָס געבעט, אויף וועלכן די נייגעריקייט איז חל, איז נישט צוגענגלעך. דערפון האָט זיך אויך גענומען דער צווייפל, צי זי איז בלויז אַן אומנוצלעכע אָדער אויך אַ זינדיקע. פונדעסטוועגן האָט עס נישט אויפגעהערט צו זיין נייגעריקייט. האַנס קאַסטאָרפּ האָט, ווי יעדער איינער, אין משך פון זיין לעבן, געהערט זאַכן און יענץ וועגן ענינים פון געהיימער נאַטור אָדער איבערנאַטור. ער האָט זיך אַפילו דערמאָנט אין דער זעערישער עלטער־מומען און עס האָט אויף אים אַ הויך געטאָן מיט מרה־שחורה. אָבער קיינמאָל איז אָט די וועלט, פאַר וועלכער ער האָט געהאַט אַ טעאָרעטישע און אומ־באַטייליקטע אָנערקענונג, נישט געוואָרן פאַר אים קיין נאָענטע זאַך; ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט אין אָט די זאַכן קיין פּראַקטישע דער־פאַרונג. כמעט אַזוי גרויס ווי די נייגעריקייט, וועלכע איז איצט לעבעדיק

אויפגעוועקט געוואָרן דערפון, איז אויך געווען זיין ווידערווילן צו אַזעלכע דערפאַרונגען, אַ ווידערשטאַנד מצד דעם געשמאַק, אַן עס־טעטיש קעגנשטעלן זיך, אַן אַנטקעגנשטעלונג פונם הומאַנעם שטאָליץ — אויב מיר קאָנען אָנווענדן אַזעלכע פּרעטענציעזע אויסדריקן לגבי אונזער לחלוטין נישט פּרעטענציעזן העלד. ער האָט געפילט באָראַיס, האָט געפילט קלאָר און דײַטלעך, אַז די דאָזיקע דערפאַרונגען, ווי אַזוי זיי זאָלן נישט אַרויסקומען, וועלן אַלנפאַלס זיין מיאוס, אומפאַרשטענד־לעך און קעגן דעם מענטשלעכן כבוד. ער האָט באַגריפן, אַז די ברירה צווישן „פּוסט אָדער זינדיק״ איז שוין גענוג שלעכט פאַר זיך אַליין און אַז ס׳איז גאָר נישט קיין ברירה צווישן צוויי זאַכן, נאָר אַז ביידע זיינען איינס און דאָס זעלבע און אַז די גייסטיקע האָפ־ענונגסלאָזיקייט איז נאָר דער אויסערמאָראַלישער אויסדרוק פון דער פאַרבאָטנהייט. אָבער דער דראַנג אַליין אויסצופּרוון, וואָס איז איינ־געפלאַנצט געוואָרן אין אים מצד איינעם, וועלכער איז מבטל אַ ז ע ל כ ע פּרוון אויפן שטאַרקסטן אופן, איז פעסט געזעסן ביי האַנס קאַסטאָרפן אין האַרץ. זיין עטישקייט איז כמעט שטענדיק צונויפגעפאַלן מיט זיין נייגעריקייט, מיט דער אומבאַדינגטער נייגעריקייט פון איינעם, וואָס רייזט צוליב בילדונג. נאָכדעם ווי די דאָזיקע נייגעריקייט האָט פאַרזוכט פון דער מיסטעריע פון אַ פּערזענלעכקייט, איז זי שוין נישט ווייט געווען פון דעם געביט, וואָס איז דאָ איצט אַרויסגעשוואומען. דער מיליטע־רישער כאַראַקטער האָט זיך דאָ אויסגעדריקט אין דעם, וואָס די נייגעריקייט האָט נישט אויסגעמיטן דאָס פאַרבאָטענע, ווען עס האָט זיך אָנגעבאָטן. אַזוי אַרום האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַשלאָסן צו זיין אויף דער וואַך און נישט צו בלייבן אין אַ זייט, בעת ס׳וועט דערגיין צו ווייטערדיקע געשעענישן מיט עללען בראַנד.

ד״ר קראָקאָווסקי האָט אַרויסגעגעבן אַ שאַרפן פאַרבאָט קעגן דעם, מ׳זאָל ווייטער דורכפירן עס־האַרצישע עקספּערימענטן איבער די געהיימע פעיקייטן פון פרייליין בראַנד. ער האָט דאָס קינד אַיינגע־הילט אין אַ ווויסנשאַפטלעך מענטעלע, האָט אָפּגעהאַלטן זיצונגען מיט איר אין זיין אַנאַליטישן קאַבינעט, האָט זי, ווי מ׳האָט געהערט, היפּנאָטיזירט, האָט געשטרעבט צו אַנטוויקלען די מעגלעכקייטן, וואָס דרעמלען אין איר און זיי צו דיסציפּלינירן, אויסצופאָרשן איר נשמה־

לעבן. דאָס האָט, אגב, אויך געטאָן הערמינע קלעפּעלד, איר מוטער־לעכע פרײַנדין און אַפּטרופּסטע. כאָטש מ'האָט גערעדט שווײַגן, איז זי געוואָר געוואָרן דאָס און יענץ און זי האָט געמאַכט דערפֿון ווײַטער אַ סוד איבערן גאַנצן אַנשטאַלט ביז צום סאַמע משרת. זי איז, צום בײַשפּיל, געוואָר געוואָרן, אַז דער, אָדער דאָס, וואָס האָט צוגעשעפּטשעט דעם מיידל בײַם שפּילן, וואָס זי האָט צו טאָן, הייסט האָלגער. עס איז געווען אַ יינגל האָלגער, אַ גייסט, איר גוט באַקאַנט, אַן אָפּגעשיידט־עטעריש וועזן און אַ מין שוץ־גייסט פֿון דער קלײנער עללען. ער, הייסט עס, האָט אויסגעזאָגט די מעשה מיטן ביסל זאַלץ און מיט פּאַראַוואַנטס ווייז־פינגער? — יאָ, די שאָטן־ליפּן האָבן עס איר מיט ליבע אײַנגערוימט, אַזוי, אַז ס'האָט שטילערהייט געקיצלט און ס'האָט לאַכעדיק געמאַכט. ער האָט עס איר אַרײַנגעשעפּטשעט. — ס'האָט געמוזט זײַן אָנגענעם בעת האָלגער האָט איר אַמאָל אין שול געזאָגט וואָס צו ענטפֿערן, אויב זי איז נישט געווען צוגעגרייט. — דערויף האָט עללען געשוויגן. דאָס האָט האָלגער נישט געטאָרט טאָן, — האָט זי שפּעטער געזאָגט. אין אַזעלכע ערנסטע ענינים זיך אַרײַנצומישן — דאָס טאָר ער נישט, און אגב, האָט ער די ענטפֿערס אין שול אַליין נישט גוט געוואוסט.

ווײַטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז עללען האָט פֿון קינד־ווייז אויף, כאָטש אין גרויסע צייט־דיסטאַנצן, געהאַט צו טאָן מיט דערשיינונגען געזעענע און אומגעזעענע. — וואָס קאָן דאָס זײַן אַזוינס: אומגעזעענע דערשיינונגען? — צום בײַשפּיל אַזוי. ווען זי איז געווען אַ זעכצן־יעריק מיידל, איז זי אַמאָל געזעסן אַליין אין איר צימער, אין הויז פֿון אירע עלטערן, געזעסן מיט אַ האַנט־אַרבעט בײַם קײַלעכדיקן טיש. ס'איז געווען אין אַ העלן נאָכמיטאָג. לעבן איר אויף אַ טעפּעך איז געלעגן איר פֿאָטערס דאָג־צויג, די צויג פֿרײַאַ. דער טיש איז באַדעקט געווען מיט אַ פֿאַרביקער דעקע, מיט אַזאַ מיט טערקישער שאַל, ווי ס'טראָגן אַלטע ווײַבער. די דעקע איז געלעגן אויסגעשפּרייט מיט קורץ נאָכהענגענדיקע פֿראַנזן. פּלוצלונג האָט עללען געזען, ווי די פֿראַנז קעגנאיבער איר האָט זיך אויפגעוויקלט פּאַמעלעך: שטיל, זאָרגעוודיק און רעגלמעסיק האָט זי זיך אויפגעוויקלט, אַ גוט שטיק בערך ביזן מיטן טיש, אַזוי, אַז די פֿראַנז איז געוואָרן גאָר

אַ לאַנגע. בשעת דאָס איז געשען, איז פריַיאַ ווילד אויפגעשפרונגען, האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די פאָדערשטע לאַפּעס, די פעל האָט זיך איר געשטעלט קאַפּויר און זי איז בילנדיק אַנטלאָפן אין צווייטן צימער אַריין. דאָרטן איז זי פאַרקראָכן אונטער דער סאָפע און אַ גאַנץ יאָר דערנאָך האָט מען נישט געקאָנט ביי איר פועלן, זי זאָל שטעלן אַ פוס אין יענעם צימער אַריין.

ציִ איז האָלגער עס געווען דער, — האָט געפרעגט פריילין קלעעפעלד, — וואָס האָט אויפגעוויקלט די שאַל? — די קליינע בראַנד האָט עס נישט געוואוסט. — און וואָס האָט זי זיך געטראַכט בשעת דער געשעעניש? — היות ס'איז אַבסאָלוט אוממעגלעך וואָס עס איז צו טראַכטן דערביי, האָט טאַקע אויך עללי גאָרנישט ניט געטראַכט דעריבער. — צי האָט זי דאָס צו וויסן געגעבן אירע עלטערן? — ניין. — דאָס איז געווען מאָדנע. כאָטש ס'האָט זיך לחלוטין גאָר־נישט געלאָזט טראַכטן דעריבער, האָט עללי געהאַט דאָס געפיל — סיי ביי דעם פאַל, סיי ביי אַן ענלעכן — אַז זי דאַרף עס קיינעם נישט אויסזאָגן און מאַכן דערפון אַ שטרענגן, שטמעוודיקן סוד. — צי זי האָט דערנאָך געליטן דערפון? — ניין, נישט באַזונדער. וואָס קאָן מען דען ליידן דערפון, וואָס אַ דעקע וויקלט זיך אויף? אָבער פון אַן אַנדער זאַך האָט זי געהאַט מער עגמת־נפש. צום ביישפּיל — אַזאַ זאַך.

פאַראַיאָרן — אויך אין הויז פון אירע עלטערן אין אָדענ־זע — איז זי אינדערפרי, אין פולער פרישקייט, אַרויס פון איר צי־מער, וואָס איז געלעגן אין פאַרטער און האָט זיך געלאָזט איבערן הויז צו די טרעפּ אַרויף, כדי אַרויפצוקומען אין עס־צימער. זי האָט דאָרטן געוואָלט, ווי איר שטייגער איז געווען, לאָזן אויפזידן קאַווע איידער די עלטערן קומען אָן. זי איז שוין כמעט געהאַט דורכגעגאַנגען אַ האַלבן שטאָק, אָבער פּלוצלונג האָט זי דערזען טאַקע אויף דעם האַלבן שטאָק, ביים ראַנד, האַרט ביי די טרעפּ, איר עלטערע, אין אַמעריקע חתונה־געהאַטע שוועסטער סאָפיע, — ווי זי שטייט און גייט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד און האָט עפּעס אויף

אַ מאָדנעם אופן געטראָגן אויפן קאָפּ אַ קראַנץ פון וואַסער־רויזן. די הענט האָט זי געהאַלטן פאַרלייגט אויף דער ברוסט און זי האָט צו איר אַ שאָקל געטאָן. — סאָפיע, דו ביסט גאָר דאָ? — האָט די שטיין־געבליבענע עללען אַ פרעג געטאָן האַלב פריידיק, האַלב דערשראָקן. דאַמאָלס האָט סאָפיע נאָכאַמאָל אַ שאָקל געטאָן און איז נעלם געוואָרן. זי איז געוואָרן דורכזיכטיק. באַלד איז זי געוואָרן אַזוי, ווי ס׳זעט אַמאָל אַ פליסנדיקע כוואַליע פון הייסער לופט, און דערנאָך איז בכלל מער פון איר גאָרנישט געבליבן, אַזוי אַז דער וועג איז פריי געבליבן פאַר עללען. אָבער דערנאָך האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אין דער זעלבער פרימאָרגן־שעה איז איר שוועסטער סאָפיע געשטאָרבן אין ניו־יאָרק פון אַ האַרץ־אָנצינדונג.

נו, — האָט געטענהט האַנס קאַסטאָרפּ, בעת די קלעעפעלד האָט עס אים דערציילט, — דאָס האָט דאָך אַ זין, דאָס לאָזט זיך הערן. די דערשיינונג דאָ, דער טויט־פאַל דאָרטן, — אַלנ־פאַלס קאָן מען זען דאָ אַ געוויסן צוזאַמענהאַנג. און ער האָט מסכים געווען אָנטייל צו נעמען אין אַ ספּיריטיסטישער געזעלשאַפט־שפּיל, אין אַ „גלאָז־רוקן“ — אַ שפּיל, וועלכע מ׳האָט צוליב אומגעדולד באַ־שלאָסן אײַנצואָרדענען מיט עללען בראַנד, בסוד פאַר ד״ר קראָקאָוו־סקין, וועלכער האָט עס אייפערזיכטיק פאַרבאָטן.

נאָר געוויסע פערזאָנען זיינען שטילערהייט צוגעצויגן געוואָרן צו דער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין הערמינע קלעעפעלדס צימער. אַחוץ דער באַלעבאָסטע, האַנס קאַסטאָרפּ און דער קליינער בראַנד, זיינען דאָרטן אויך געווען די פרויען שטער און לעווי און די מענער — אַלבין, דער טשעך ווענצעל און ד״ר טינג־פו. אין אָוונט, ערשט ווען דער זייגער האָט געשלאָגן צען, איז מען זיך שטי־לערהייט צונויפגעקומען און מ׳האָט שעפּטשענדיק צוגעקוקט זיך צו די הכנות, וועלכע הערמינע האָט געמאַכט און וועלכע זיינען באַ־שטאַנען דערין, וואָס אויף אַ נישט־געדעקטן קיילעכיקן טיש פון מיטלער גרייס, אינמיטן צימער, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ ווײַנ־גלאָז איבערגעקערטערהייט, מיטן פוס אַרויף. אַרום, אויפן ראַנד פון טיש, זיינען געלעגן אויסגעלייגט אין געהעריקע דיסטאַנצן קליינע ביינדלעך, לויט זייער געווינלעכער באַשטימונג — שפּיל־מאַרקעס,

און עס זיינען אויף זיי געווען אויפגעשריבן מיט טינט די פינף און צוואַנציק אותיות פונם אַלפאַבעט. פריער האָט די קלעעפעלד דערלאַנגט טיי און מ'האָט עס אויפגענומען מיט דאַנקבאַרקייט, ווייל די פרויען שטער און לעווי האָבן זיך — נישט געקוקט אויף דער קינדישער אומשולדיקייט פון דער שפּיל — געקלאָגט אויף ציטערניש מחמת קעלט און אויף האַרץ־קלאַפּעניש. נאָכדעם ווי מ'האָט זיך דערוואַרעמט, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט אַרום טיש. די באַלייכטונג איז געווען אַ מאַט־ראָזע, ווייל די באַלעבאָסטע האָט צוליב שטימונג אויסגעלאָשן דעם סופיט־לאָמפּ און געלאָזט ברענען בלויז דאָס אַרומגעהילטע נאַכט־לעמפּל. יעדער איינציקער האָט דאַמאָלסט לייכט אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויף דעם פוס פון גלאָז. אַזוי איז געווען די מעטאָדע. מ'האָט אָפּגעוואַרט דעם מאָמענט, ווען דאָס גלאָז וועט זיך אָנהויבן רוקן.

דאָס האָט געקאָנט לייכט געשען, ווייל די טיש־פּלאַטע איז געווען אַ גלאַטע, דער ראַנד פון גלאָז איז געווען געשליפן, און דער דרוק, וועלכן ס'האָבן אויסגעאיבט די לייכט־אַרויפגעלייגטע, ציטערנדיקע פינגער, איז געווען אויף איין אָרט מער אַ ווערטיקאַלער, אויפן צווייטן אָרט, ווידער, איז ער געגאַנגען אין אַ מער זייטיקער ריכטונג, ווייל ער איז, נאַטירלעך, נישט געווען גלייכמעסיק, אַזוי, אַז ער וואָלט מיט דער צייט גענוג געווען, דאָס גלאָז זאָל זיך אָפּרוקן פון מיטן. אין דער פּעריפעריע פון באַוועגונגס־פעלד וועט עס זיך מסתמא אָנשטויסן אויף אותיות, און אויב אָט די אותיות, אויף וועלכע ס'וועט זיך אָנשטויסן, וועלן זיך צונויפלייגן אויף ווערטער און אַרויסברענגען וועלכן ס'איז זין, וועט דאָס זיין אַן אינערלעך זייער קאָמפּליצירטע ערשיינונג, אַ מיש־פּראָדוקט פון גאַנץ, האַלב און איננאַנצן אומבאַוואוסטזיניקע עלעמענטן. די יחידים וועלן מיטהעלפן, געטריבן פון זייער וואונטש (אַליך איינס צי זיי ווילן מודה זיין זיך צו אָט דער עובדה, צי נישט) און ס'וועט אַזוי אַרום אַנטשטיין אַ געהיימער הסכם פון טונקעלע נשמה־שיכטן ביים כלל, אַן אונטערערדיש צוזאַמענווירקן לטובת כלומרשט פרעמדע רעזולטאַטן, אין וועלכע דעם יחידס טונקעלע עלעמענטן וועלן באַטייליקט זיין מער אָדער ווייניקער, אַמשטאַרקסטן אָבער — מצד דער קליינער ליבער עללי. דאָס האָבן

אין תוך אַלע געוואוסט פאָרויס און האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס אַפילו, לויט זיין שטייגער, אויסגעפּלוידערט בעת מ׳איז געזעסן מיט ציטערנדיקע פינגער און מ׳האָט געוואַרט. דאָס שוידערן און דאָס האַרצקלאַפּעניש ביי די דאַמען און די געצוואונגענע לוסטיקייט מצד די הערן האָט זיך אויך געמען דערפון, — דערפון, הייסט עס, וואָס זיי האָבן זיך צונויפגענומען אין דער שטילער נאַכט לשם אַן אומ-ריינער שפּיל מיט זייער נאַטור, לשם אַ שרעקעדיק-נייגעריקן אויס-פּרווו פון די אומבאַקאַנטע טיילן אין זיך גופא, און האָבן אָפּגע-וואַרט אויף יענע מאַגישע, האַלב אילוזיאָנערישע, האַלב זאַכלע-כע טועניש. בלויז כדי צוצוגעבן דער זאַך אַ פאָרם, לשם קאָנ-ווענץ, הייסט עס, האָט מען באַשטימט, אַז דורך דעם גלאָז וועלן די גייסטער פון מתים ריידן צו דער פאַרזאַמלונג. הער אַלבינען האָט מען איבערגעגעבן, אַז ער זאָל אויספרעגן און זיך דורכשמועסן מיט די גייסטיקע כוחות, וואָס וועלן דאָ באַלד אויפטרעטן, ווייל ער האָט שוין אַמאָל דאָ און דאָרטן אָנטייל גענומען אין ספּיריטיסטישע זיצונגען.

ס׳זיינען אַוועק צוואַנציק מינוט און מער. דער שטאָף צום שעפּטשען האָט זיך אויסגעלאָזט, די ערשטע שפּאַנונג האָט אויפ-געהערט. מ׳האָט אונטערגעשפּאַרט די רעכטע האַנט אין דער לינקער. דער טשעך ווענצעל האָט געהאַלטן ביי אַנטדרעמלט ווערן. עללען בראַנד האָט געהאַט אָנגעשפּאַרט לייכט אירע פינגער און האָט אָנ-געשטעלט איר גרויסן און ריינעם קינדישן בליק דירעקט אויף דעם נאַכט-לעמפּל.

פּלוצלונג האָט דאָס גלאָז זיך אַ בויג געטאָן, אַ קלאַפּ געטאָן און זיך אַרויסגערוקט פון אונטער די הענט. מ׳האָט מיט מי נאָכגערוקט די פינגער. ער האָט זיך אַזוי צוגעשאַרט ביז צום ראַנד פון טיש, איז געלאָפן אַ שטיק לענגאויס דעם ברעג און איז דערנאָך מיט אַ גלייכער ליניע צוריק אַוועק אינמיטן טיש. דאָ האָט עס נאָכאַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן און געבליבן שטיין שטיל.

אַלעמענס שרעק איז געווען צום טייל אַ פריידיקע, צום טייל אַ פיינלעכע. פרוי שטער האָט דערקלערט מיט אַ וויינענדיקן ניגון, מ׳זאָל ליבערשט אויפהערן, אָבער מ׳האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז זי

האָט פריער געדאַרפט אויספרווון זיך, און אַז זי זאָל זיך איצט פאַר־האַלטן רויק. דער ענין איז, אַפנים, אַריין אין טראַנס. מ׳האָט באַ־שטימט, אַז כדי צו ענטפערן אויף יאָ און ניין, זאָל דאָס גלאָז נישט דאַרפן אָנווייזן אויף די אותיות, נאָר זאָל געבן דעם סימן מיט איינעם און מיט צוויי קלעפּ.

— געפינט זיך דאָ אַ גייסטיקער כוח? — האָט אַלבין זיך גע־פרעגט מיט אַ שטרענגער מינע איבער די קעפּ אין דער ליידיקייט אַריין... דאָס גלאָז האָט זיך אַ קווענקל געטאָן. דערנאָך האָט עס אַ קלאַפּ געטאָן אויף יאָ.

— ווי הייסטו? — האָט אַלבין געפרעגט כמעט מיט אַ שאַרפן טאָן און ער האָט מיט אַ קאָפּ־שאָקלען פאַרשטאַרקט די ענערגישקייט פון זיין אויספרעגן.

דאָס גלאָז האָט זיך גענומען רוקן. עס איז געלאָפן זיגזאַגיש און מיט אַנטשלאָסנקייט פון מאַרקע צו מאַרקע און דערביי איז עס אַלעמאָל צוריקגעלאָפן אַ שטיק צום מיטן פון טיש. ס׳איז געלאָפן צום h, צום o, צום l. אַ ווילע האָט זיך גערוכט, אַז ס׳איז פאַרמאַטערט געוואָרן, צעטומלט זיך און אַז ס׳ווייסט מער נישט וואו צו גיין, באַלד אָבער האָט עס ווייטער אויסגעפונען די g, די e און די r. גיי שטעל דיר פאָר! ס׳איז געווען טאַקע האָלגער בכבודו ובעצמו, דער גייסט האָלגער, וואָס האָט געוואוסט די מעשה מיטן ביסל זאַלץ אאַז״וו, האָט זיך אָבער, פון דער אַנדער זייט, אין קיין שול־זאַכן נישט געמישט. ער איז איצט געווען דאָ, גע־פלויגן אין דער לופט, געשוועבט אַרום דעם קרענצל מענטשן. וואָס קאָן מען אָנהייבן טאָן מיט אים? דער קליינער עולם איז געבליבן זיצן אַ ביסל פאַרנאַרישט. מ׳האָט זיך שטילערהייט און גיך גע־האַלטן אַן עצה, וואָס מ׳זאָל נעמען ביי אים אויספרעגן. אַלבין האָט צום סוף דעצידירט זיך צו פרעגן, פון וואָס פאַר אַ שטאַנד האָלגער איז גע־ווען ביים לעבן און מיט וואָס ער האָט זיך באַשעפטיקט. ער האָט עס געטאָן ווי פריער מיט אַ פאַרהערערישן טאָן, שטרענג און מיט צוזאַמענגעצויגענע ברעמען.

דאָס גלאָז האָט אַ ווילע געשוויגן. דערנאָך האָט עס וואַקלענדיק און זיך אָפּשטעלנדיק צוגעשאַרט זיך צום d, זיך אָפּגעריכט און אָנגעוויזן אויף i. וואָס וועט דאָ דערפון ווערן? די שפּאַנונג איז געווען

אַ געוואַלדיקע. ד"ה טינג־פו האָט כיבענדיק אַרויסגעזאָגט זיין מורא, צי האָלגער איז נישט אַמאָל געווען קיין „דיעב" (גנב). פרוי שטער האָט זיך היסטעריש צעלאַכט, אָבער דאָס גלאָז האָט דערביי געטאָן פונדעסטוועגן דאָס זייניקע, איז פויקנדיק און קלאַפּנדיק צו צו c, זיך צוגעגליטשט צו h, האָט אָנגערירט די t און האָט — פּאַר־פעלנדיק, אַפּנים, די e — געענדיקט מיט r. עס האָט אויפגעשריבן: „דיכטער".

אַזוי, צו אַלדי רוחות, אַ דיכטער איז האָלגער געווען? — גאַנץ איבעריק און שוין סתם אַזוי מחמת שטאָלץ, ווי ס'האָט אויסגעזען, האָט דאָס גלאָז זיך אַ הייב־געטאָן און צוגעקלאַפּט אויף יאָ. — אַ לירישער דיכטער? — האָט געפּרעגט די קלעפּעלד און האָנס קאַסטאָרפּ האָט מיט אַנטיפּאַטיע באַמערקט, אַז זי האָט אויסגערעדט די i ווי אַן y... אָבער צו אַזעלכע ספּעציפישקייטן האָט האָלגער, אַפּנים, נישט געהאַט קיין חשק. ער האָט נישט געענטפערט דערויף. ער האָט בוכשטאַבירט דאָס פריערדיקע נאָכאַמאָל, גיך, זיכער און קלאָר, דערביי האָט ער צוגעגעבן די e, וועלכע ער האָט פריער געהאַט פאַרגעסן.

גוט, גוט, הייסט עס — אַ דיכטער. די פאַרלעגנהייט איז געוואַקסן, — אין אויסטערלישע פאַרלעגנהייט, וועלכע האָט זיך גענומען דערפון, וואָס עס האָבן זיך אָפּגערופן אומקאָנטראָלירבאַרע געגנטן אין דער אייגענער אינערלעכקייט. די דאָזיקע אומקאָנטראָלירבאַרקייטן האָבן אָבער באַלד ווידער באַקומען זייער אויסגאַנג אין דעם דרויסנדיקן רעאַלן אָט טאַקע צוליב זייער פלאַטערדיקער האַלב־ממשותדיקייט. מ'האָט געוואָלט וויסן, צי האָלגער פילט זיך גוט און גליקלעך אין זיין צושטאַנד. — דאָס גלאָז האָט אויף אַ טרוימערישן אופן אויסגעפאָרמט דאָס וואָרט „געלאַסן". אַך, אַזוי, „געלאַסן" הייסט עס. נו, יאָ, אַליין וואָלט דאָס קיינעם נישט איינגעפאַלן, אָבער היות דאָס גלאָז האָט אַזוי אויסגעבוכשטאַבירט, האָט מען עס שוין גע־האַלטן פאַר מעגלעך און געזאָגט. און ווי לאַנג געפינט זיך שוין האָלגער אין אָט־דעם געלאַסענעם צושטאַנד? איצט איז ווידער געקומען עפּעס אַזוינס, וואָס ס'וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן, עפּעס טרוי־מערישס־איינגס. „איילנדיקע ווײַלעניש". זייער גוט. ס'האָט אויך געקאָנט

קלינגען: „ווײַלנדיקע אײַלעניש". ס'איז געווען אַ קונציקער דיכטער־שפּרוך, האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס געהאַלטן פֿאַר אויסגעצייכנט. אַן „אײַלנדיקע ווײַלעניש" איז געווען האָלגערס צייט־עלעמענט; נאַטירלעך, ער האָט געמוזט די פֿרעגער אָפּפּטרן מיט אַ ווערטל, ווי אַזוי צו אָפּפֿערירן מיט ערדישע רייד און געניטע מאָסן האָט ער שוין מסתּמא פֿאַרגעסן. וואָס נאָך האָט מען געוואָלט פֿון אים דערגיין? די לעווי האָט מודה געווען, אַז זי איז נײַגעריק צו וויסן, ווי אַזוי האָלגער זעט אויס, אָדער, אַנדערש געזאָגט, ווי אַזוי ער האָט אַמאָל אויסגעזען. צי איז ער אַ שיינער בחור? — זאָל זי אים אַליין פֿרעגן, — האָט אַלבין באַפֿוילן, ווײַל די דאָזיקע נײַגעריקייט האָט ער געהאַלטן פֿאַר נידעריקער פֿון זײַן כּבוד. זי האָט טאַקע געפֿרעגט פֿער „דו", אויב דער גייסט האָלגער האָט בלאָנדע לאָקן.

— שיינע ברוינע, ברוינע לאָקן, — האָט דאָס גלאָז געענטפֿערט און דערבײַ האָט עס דאָס וואָרט „ברוינע" גענוי צוויי מאָל בוכשטאַבירט. אינם קרײַז איז געוואָרן לוסטיק. די דאַמען האָבן אָפֿן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז זיי זײַנען פֿאַרליבט. זיי האָבן קרום צוגעוואָרפֿן האַנט־קושן קעגן דעם סופֿיט. ד"ה טינג־פֿו האָט כיכענדיק זיך אַרויסגעזאָגט, אַז מיסטער האָלגער האַלט פֿון זיך, אַפּנים, גאָר נישקשה.

דאָ איז דאָס גלאָז געוואָרן צאָרנדיק און משוגע! עס האָט גענומען ווילד און אָן זין לויפֿן איבערן טיש, האָט צאָרנדיק זיך אויסגעבויגן, איז אומגעפֿאַלן און זיך אַרויפֿגעקאָלערט דער פּרוי־שטער אויף דער שויס. יענע האָט דערויף אַ קוק געטאָן בלייך פֿון שרעק, מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס. מ'האָט עס פֿאָרזיכטיק און מיט אַנטשולדיקונג צוריקגעשטעלט אויפֿן אָרט. דעם כינעזער האָט מען אָנגעזידלט. ווי אַזוי האָט ער דאָס געהאַט די העזה! אָט זאָל ער זען, צי וואָס ס'דערפֿירן אַזעלכע מיני וויצן! וואָס וועט זײַן, אויב האָלגער וועט דערפֿון אין כּעס ווערן און וועט נישט וועלן מער ענטפֿערן קיין וואָרט? מ'האָט גענומען ריידן צום גלאָז זייער העפֿלעך. צי וואָלט ער נישט געוואָלט אַמאָל עפּעס דיכטן? ער איז דאָך געווען אַ דיכטער, איידער ער איז אַרײַן אין דער וועלט פֿון „אײַלנדיקע

װײלעניש״. אַך, װי זײ אַלע לעכצן עס נאָך אַ שטיקל געדיכט! זײ װעלן דערפון אַזױ האַרציק הנאה־האָבן.

און מאָרגנע, דאָס גוטע גלאָז האָט אַ קלאַפּ געטאָן אױף יאָ. ס׳איז באמת געלעגן עפּעס גוטמוטיק־איבערגעבעטנס אין דעם, װי אַזױ עס איז געטאָן געװאָרן. דערנאָך האָט דער גײסט האָלגער אָנגעהױבן צו דיכטן און ער האָט געדיכטעט ברײט, אױספּירלעך און נישט־געטראַכטערהײט, װער װײסט װי לאַנג. ס׳האָט זיך אױסגעװיזן, אַז מ׳האָט אים בכלל מער נישט קאָנען שװײגנדיק מאַכן! ס׳איז געװען אַ געדיכט, װאָס האָט דורך־און־דורך איבערגעראַשט, אָט דאָס, װאָס ער האָט דאָ, מעשה בױך־רעדנער, געלאָזט הערן, און די אַרומ־זיצנדיקע האָבן עס באַװאונדערנדיק נאָכגעזאָגט. ס׳איז געװען אַ מין מאַגישע זאַכעניש, אָן ברעג װי דער ים, װאָס װעגן אים האָט זיך טאַקע דאָ דערעיקרשט גערעדט. גרױסע קופּעס ים־גראָז לענגאױס דעם שמאָלן ברעג פון דעם אינזל־לאַנדס טיפן אײנגוס, אַ ברעג פול מיט גלײכע זאַמד־אָנשיטן. אָ, זעט װי שטאַרבנדיק גרין די אומ־געהײערע װײטקײט שװעבט אַװעק אין דער אײביקײט; דאָרטן, װאו די זומערדיקע זון קװענקלט זיך אונטערצוגײן אונטער די ברײטע נעפּל־פּאַסן אין טריבן קאַרמעזין־קאָליר און מילכיק װײסע שנײען! קײן שום מויל איז ניט בכוח אַרױסצוזאָגן, װען און װי אַזױ דער ציטערנדיקער זילבערנער אָפּגלאַנץ פון װאַסער פאַרװאַנדלט זיך אין לױטער פּערלמוטער, אין אַ פאַרבן־שפּיל פון בלאַס־בונט־אָפּאַלירנ־דיקן לבנה־גלאַנץ, װאָס פאַרגיסט אַלץ און װאָס ס׳איז אוממעגלעך אים אָנצורופן מיט אַ נאָמען... אַך, סודותדיק שטאַרבט אָפּ דער שטילער כישוף, אַקוראַט װי ר׳איז אַנטשטאַנען. דער ים איז אַנטשלאָפן גע־װאָרן, אָבער די מילדע שפּורן פון זון־אָפּשײד בלײבן אױף אים דאָ און דאָרט. ס׳װערט נישט פינסטער ביז טיף אין דער נאַכט. אַ האַלב גײסטער־ליכט הערשט אין סאָסנע־װאַלד, װאָס אױבן אױף דעם זאַמד־אָנשיט, און דאָס בלײכע זאַמד פון אונטן זעט צוליב דעם אױס װי שנײ. מ׳קאָן מײנען, אַז דאָס שװײגט אַ װינטערדיקער װאַלד, װאָס אַ סאָװע פליט אַדורך דורך אים שװער און קנאַקנדיק! זײ אונזער רו־אָרט אין דער דאָזיקער שעה! אַזױ װײך איז דער טריט, אַזױ הױך און מילד די נאַכט! און פאַמעלעך אָטעמט טיף אונטן

דאָרט דער ים און שעפּטשעט אויסגעצויגן אין חלום. ווילסטו עס ווידער אָנקוקן? אויב אַזוי — גיי צו צום אַש=גרויען גלעטשער=אָפּהאַנג פונם אָנשיט און שטייג אינגאַנצן אַרויף, שטייג אין אַ ווייכקייט, וואָס וועט קיל אַריינרינען אין דיינע שיך. דאָס לאַנד פאַלט אַראָפּ צום שטיינערנעם ברעג האַרט און ווילדערדיק און נאָך אַלץ גישפּענסטערן ביים ראַנד פון דער צעשוואומענער וויטקייט די רעשטלעך פונם טאָג... זעץ דיך דאָ אויבן אַוועק אין זאַמד! ווי טויט קיל עס איז, ווי מעליק=זיידן=ווייך! דער זאַמד פליסט דיר אַרויס פון דער האַנט אין אַ פאַרבלאָז=דינעם שטראַל און שאַפט אויף דער ערד אַ צאַרט בערגעלע. דערקענסטו אָט דאָס פיינע שיטן זיך? עס איז דאָס שטילע שמאָלע שטראָמען דורך דעם העלזל פון אַ זאַמד=זייגער, פון אָט דער ערנסטער און שוואַכער כלי, וואָס באַצירט דעם מתבודדס וואוין. אַן אויפגעמישט בוך, אַ טויטן=שיידל, און אויף אַ קליין געשטעל, לייכט גערעמט — דאָס טאָפּלט=אויסגעהוילטע גלעזל, אין וועלכן אַ ביסל זאַמד, טייל פון דער אייביקייט, טוט, ווי צייט, אַ סודותדיקע, הייליקע און מוראדיקע עובדא.

אַזוי אַרום איז דער גייסט האָלגער ביי זיין „לידישער" אימפּראָוויזאַציע דורך מאָדנע אַסאָציאַציעס פון דעם ים, וואָס אין זיין היים=לאַנד, אַרויף אין זיין שמועס איבן מתבודד און זיין זאַמד=זייגער. ער איז אַרויף נאָך אויף אַנדערע ענינים, האָט גערעדט וועגן מענטשלעכן און געטלעכן אין טרוימעריש געוואַגטע ווערטער, איבער וועלכע דאָס קרענצל האָט זיך אָן אַ שיעור געוואונדערט בעת מ'האָט עס בוכשטאַבירט. מ'האָט כמעט נישט באַוויזן אויסצודריקן די התפעלות, אַזוי גיך איז דאָס גלאָז זיגזאַגיש געגאַנגען אַלץ גיכער און ווייטער און האָט גאָרנישט געוואָלט אויפהערן. ס'איז שוין געווען אַוועק אַ שעה און דאָס דיכטן האָט זיך נאָך וויט נישט געהאַט געענדיקט. ער האָט אויסשעפּנדיק גערעדט וועגן דער מוטערפּיין, וועגן ערשטן קוש פון די געליבטע, וועגן דער קרוין פון ליידן און וועגן גאָטס ערנסטער פּאָטערלעכער גוטסקייט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער שוויבלעניש און גריבלעניש פון דער קרעאַטור, האָט זיך פאַרלאָרן אין צייטן, לענדער און אין שטערן=רוים, האָט אַפילו איינמאָל דערמאָנט די כאַלדעער און די מזלות און

ס'וואָלט באַשטימט געווען אַזוי געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, ווען די אָנטיילנעמער וואָלטן סוף־כל־סוף נישט געווען אַראָפּגענומען זייערע פינגער פון גלאָז און מיט די בעסטע דאַנק־אויסדריקן דערקלערט האָלערן, אַז פאַר דעם מאָל מוז עס זיין גענוג. עס איז געווען הערלעך איבער יעדער השגה און ס'איז אַ גרויסע שאָד, הלמאי עס׳ן האָט עס נישט פאַרשריבן, אַזוי, אַז דאָס געדיכטעטע וועט אָן שום ספק פאַרגעסן ווערן. ליידער איז דער גרעסטער טייל שוין פאַרגעסן מחמת אַ געוויסער נישטהאַלטעוודיקייט, ווי דאָס געשעט אין חלום. דאָס צווייטע מאָל וועלן זיי שוין אָנגרייטן אַ סעקרעטאַר און עס וועט זיין אינטערעסאַנט ווי אַזוי דאָס וועט אויסנעמען, זייענדיק פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס און אין אַ צוזאַמענהאַנג. אין איצטיקן מאָמענט אָבער, איידער האָלגער קערט זיך צוריק אום אַ געלאַסענער אין זיין „אַיילנדיקער ווילעניש״, וואָלט עס געווען בעסער און אַלנפאַלס אויסערגעוויינלעך פיין פון זיין זייט, ווען ער ענטפערט נאָר דעם קרייז אויף דער אָדער יענער זאַכלעכער פראַגע. מ'ווייסט נאָך נישט וועלכע, אָבער צי וויל ער אין געגעבענעם כאַל בכלל און פרינציפיעל זיין אַזוי גוט און מסכים זיין דערצו?

— יאָ, — איז געווען די תשובה. אָבער ערשט איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ'קאָן זיך נישט קיין עצה געבן, וואָס צו פרעגן. עס איז געווען ווי אין אַ מעשהלע, בעת די פייע אָדער דאָס קליינע מענטשעלע וויל דערפילן אַ בקשה און מ'איז אין דער סכנה אינגאַנצן צו פאַרשפּעטיקן די טייערע מעגלעכקייט. ס'איז געווען אַזויפיל וואָס צו פרעגן וועגן דער וועלט און דער צוקונפט און ס'איז געווען אַן אחריות אויסצוקלייבן עפּעס. היות קיינער האָט נישט געקאָנט קומען צו קיין באַשלוס, האָט האַנס קאַסטאָרפּ — מיט אַ פינגער אויפן גלאָז און די לינקע באַק אונטערגעשפּאַרט מיט דער פויסט — געזאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט פרעגן, ווי גרויס ס'וועט זיין די צייט פון זיין זיצן דאָ אויבן, אַנשטאָט די דריי וואָכן, וועלכע ער האָט לכתחילה בדעה געהאַט דאָ צו זיין.

גוט. היות מ'האָט נישט אויסגעפונען עפּעס בעסערס, האָט דער גייסט געמעגט אויסזאָגן אָט דאָס ערשטע־בעסטע פון זיין שפע מיט וויסן. נאָך אַ געוויסער קווענקלעניש האָט דאָס גלאָז זיך

געגומען רוקן. עס האָט אויפגעצייכנט עפּעס אַנין אויסטערלישס און, דוכט זיך, אָן שום שייכות צו דער זאַך. און ס'איז קיינעם נישט געלונגען צו מאַכן דערפון אַ לייטישן זאַץ. עס האָט אויסגערוקט די זילבע „גיי" און דערנאָך דאָס וואָרט „קווער". אָבער מ'האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי דאָס צו פאַרשטיין. צום סוף האָט עס אויסגערוקט עפּעס וועגן האַנס קאַסטאָרפּס צימער, אַזוי אַז די גאַנצע קנאַפּע אָנווייזונג איז געווען, אַז: דער פּרעגנדיקער זאָל גיין קווער דורך זיין צימער. — קווער דורך זיין צימער? קווער דורך נומער 34? וואָס איז דאָס אַזוינס? בשעת מ'איז אַזוי געזעסן און זיך געהאַלטן אַן עצה און געשאָקלט מיט די קעפּ, האָט מען פּלוצלינג דערהערט אַ שווערן קלאַפּ מיט דער פויסט אין דער טיר.

אַלע זיינען געבליבן פאַרגליווערט. איז דאָס געווען אַן אָנפאַל? אָדער ד"ר קראָקאָווסקי איז געשטאַנען אינדרויסן און געוואָלט צעטרייבן די זיצונג? מ'האָט זיך איבערגעקוקט צעמישט, מ'האָט אָפּגעוואַרט דאָס אַריינקומען פון דעם אָפּגענאַרטן קראָקאָווסקי. פּלוצלונג האָט עס מיט אַ קראַך אַ קלאַפּ געטאָן אויפן טיש, ווידער ווי מיט דער גאַנצער פויסט, ווי כדי פעסטצושטעלן, אַז אויך דער ערשטער קלאַפּ איז נישט געקומען פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק.

איז דאָס געווען אַ ביליקער וויץ פון אַלבינען? — ער האָט געלייקנט מיט אַן ערנוואָרט און אַלע זיינען, אגב, אויך אָן זיין וואָרט אַזוי גוט ווי זיכער געווען, אַז קיינער פון זייער קרענצל האָט דעם קלאַפּ נישט געטאָן. האָט עס, הייסט עס, געטאָן האָלגער? מ'האָט אַ קוק געטאָן אויף עללין און אַלעמען איז אויף איינמאָל אויפפאַלנדיק געוואָרן איר שטיל פאַרהאַלטן זיך. זי איז געזעסן, אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָנלען פון שטול, די פינגער-שפּיצן פון איר הענגענדיקן האַנט-געלענק האָט זי געהאַלטן אויפן טיש-ראַנד, דער קאָפּ איז געווען צוגעבויגן צו די אַקסלען, די אויגן-ברעמען זיינען געווען פאַרצויגן, דאָס מויל פאַרקלענערט און אַ ביסל געווענדט אַראָפּ-צו. איר זייער לייכטער שמייכל האָט אין זיך געהאַט עפּעס סודותדיקס און אומשולדיקס און אירע בלויע קינדער-אויגן, וואָס האָבן גאָר נישט געזען, האָבן געקוקט קרום אין דער ליידיקייט אַריין. מ'האָט צו איר גערעדט, אָבער זי האָט אַפילו נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן

פון קעגנוואַרט. אין דער רגע איז פאַרלאָשן געוואָרן דאָס טיש=
לעמפל.

פאַרלאָשן געוואָרן? פרוי שטער האָט מער נישט געקאָנט
אויסהאַלטן, האָט געשריען „הי“ און „הו“, וואָרעם זי האָט דער=
הערט פאַרדרייען. דאָס ליכט איז נישט אויסגעגאַנגען, עס איז
אַראָפּגעדרייט געוואָרן, פון אַ האַנט, וואָס מ'וואָלט זי באַצייכנט מיט
צופיל שוינונג, אויב מ'וואָלט זי אָנגערופן: פרעמדע. איז עס
געווען האָלגערס האַנט? ער איז ביז איצט געווען אַזוי מילד, אַזוי
דיסציפּלינירט און פּאָעטיש. איצט אָבער האָט ער אָנגעהויבן קאַ=
ליע=ווערן און אָפּגעבן זיך מיט שטיפעריי און אָפּטועניש. ווער
גאַראַנטירט, אַז אַ האַנט, וואָס קלאַפּט מיט דער פויסט אויף דער
טיר און אויפן מעבל און פאַרדרייט מעשה=קונדס דאָס ליכט, קאָן אויך
נישט עמעצן אָנכאַפּן ביים גאָרגל? מ'האָט אין דער פינסטער גע=
רופן, מ'זאָל דערלאַנגען שוועבעלעך, אַן עלעקטריש טאַש=לעמפל.
די לעווי האָט אַ געשריי געטאָן, אַז מ'האָט זי אַ צי=געטאָן ביי די
האָר. פרוי שטער האָט פון שרעק זיך נישט געשעמט הויך צו
בעטן גאָט. „אַך, גאָט, נאָך דאָס איינציקע מאָל!“ — האָט זי גע=
שריען און געיאָמערט, אַז ס'זאָל געשען חסד אָנשטאָט דין, כאָטש
מ'האָט געזינדיקט און אויסגעפּרווט דעם רוח. ערשט דעם ד"ר
טינג=פו איז אַיינגעפאַלן דער געזונטער געדאַנק אויפצודרייען די
עלעקטריע פון סופיט, אַזוי אַז באַלד איז דאָס צימער העל באַ=
לויכטן געוואָרן. מ'האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס נאַכט=לעמפל אויפן
טיש איז באמת נישט אויסגעגאַנגען צופעליק, נאָר ס'איז אַראָפּגע=
דרייט געוואָרן, און מ'דאַרף נאָך אַמאָל אַ דריי טאָן, ווי כ'האָט עס
פריער געטאָן די פאַרבאָרגענע האַנט, כדי עס זאָל ווידער אָנהייבן
ברענען. בשעת=מעשה איז האַנס קאַסטאָרפּ פערזענלעך איבערראַשט
געוואָרן פון עפּעס, וואָס ער האָט אויפגעפּאַסט ווי אַ ספּעציעלע אויפ=
מערקזאַמקייט מצד די קינדישע געהיימקייטן, וואָס האָבן זיך דאָ
מאַניפעסטירט. אויף זיינע קניען איז געלעגן אַ לייכטער געגנ=
שטאַנד, דער „סוווענירר“, וואָס האָט אַמאָל דערשראָקן זיין פעטער,
בשעת ער האָט עס אַ נעם=געטאָן פון זיין קאָמאָדע אַרויס: דער
גלעזערנער דיאַפּאָזיטיוו, וואָס האָט געוויזן קלאַוודיאַ שאָשאַס אינער=

לעכקייט און וואָס ער, האַנס קאַסטאָרפּ, האָט באַשטימט נישט אַריינגעברענגט אַהער אין צימער.

ער האָט עס באַהאַלטן און נישט געמאַכט דערפון קיין שום רייד. דער עולם איז פאַרנומען געווען מיט עללען בראַנד, וואָס איז נאָך אַליך געזעסן אויף איר אָרט אין דער פריערדיקער פּאָזיציע, מיט אַ בלינדן בליק און מיט אַ מאָדנע שיינעם אויסדרוק פון פּנים. אַלבין האָט אויף איר אַ בלאָז געטאָן און האָט נאָכגעמאַכט פאַר איר פּנים ד״ר קראָקאָווסקיס פאָכנדיקע האַנט-באַוועגונג אַרויפצו. דערפון האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און — אומקלאָר פאַרוואָס — אַ ביסל געוויינט. מ׳האָט זי געגלעט, געטרייסט, געקושט אין שטערן און זי אַוועקגעשיקט שלאָפן. די לעווי האָט זיך דערקלערט גרייט צו פאַרברענגען די נאַכט ביי דער פרוי שטער, ווייל די עס-האַרציקע פרוי האָט מורא געהאַט זיך צו גיין לייגן. האַנס קאַסטאָרפּ מיטן דיאַפּאָזיטיוו אין בוזעם-קעשענע האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, ער זאָל פאַרענדיקן דעם משונהדיקן אָוונט צוזאַמען מיט די איבעריקע מענער מיט אַ קאָניאַק ביי הער אַלבין. וואָרעם ער האָט אויסגעפונען, אַז אַזעלכע געשעענישן ווי די דאָזיקע האָבן ניט קיין ווירקונג נישט אויפן האַרץ, נישט אויפן גייסט, נאָר אויף די מאָגן-נערוון, אַ ווירקונג, וואָס בלייבט לאַנג דערנאָך, אַקוראַט ווי ס׳דוכט זיך אַ ים-קראַנקן נאָך שעהן-לאַנג אויף דער יבשה, אַז ער שפּירט די וואַקלונגען, פון וועלכע עס נודעט אים.

לעת-עתה איז זיין נייגעריקייט געווען געשטילט. האָלנערס געדיכט איז בשעת-מעשה געווען נישט שלעכט, אָבער די פּאָרויסגעזאָגטע אינערלעכע האָפענונגסלאָזיקייט און דער צייגעשמאַק פון דעם גאַנצן האָבן געטאָן דאָס זייעריקע גאָר בולט, אַזוי, אַז די עטלעכע פונקען פון גהינום-פייער, מיט וועלכע ער איז באַשפּריצט געוואָרן, זיינען גאַנץ געגנוג געווען. אַזוי האָט ער געטראַכט. כעטעמבריני, ווי מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, האָט מיט אַלע כּוחות אים געשטאַרקט אין אָט דער מיינונג, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים דערציילט פון זיינע איבערלעבענישן. — דאָס, — האָט ער אויסגערופן, — האָט נאָך געפעלט צו די צרות! אָ, אומגליק, אומגליק! און ער־

האָט בקיצור דערקלערט, אַז די קליינע עללי איז אַ ראַפינירטע ליגנערין.

זיין תלמיד האָט דערויף נישט געזאָגט נישט יאָ און נישט ניין. צוקנדיק מיט די אַקסלען, האָט ער אַרויסגעזאָגט זיך, אַז ס'איז גאָר נישט אַזוי איינדייטיק קלאָר, וואָס ס'איז אַזוינס ווירקלעכקייט און וואָס — שקר. אפשר איז די גרענעץ אַ פליסנדיקע. אפשר זיינען פאַראַן איבערגענג צווישןביידע גראַדן פון רעאַליטעט אין דער וואָרט-און שאַצונג-לאָזער נאַטור, וועגן וועלכע מ'קאָן נישט אַנטשיידן. וואָס, א.ג.ב, טראַכט הער סעטעמבריני וועגן וואָרט „קונצנמאַכעריי״, וועגן אָט דעם באַגריף, אין וועלכן ס'מישן זיך צונויף עלעמענטן פון חלום און פון רעאַליטעט און וואָס עס קאָן גרייכעך זיין, אַז אָט די מישונג איז דער נאַטור גופא ווייניקער פרעמד, ווי אונזער גראָבלעכן אַלטעגלעכן דענקען. דער סוד פון לעבן איז בפירוש אומדערגרינטלעך, און וואָס-זשע איז דאָס וואונדער, אַז ס'שווימען אויף דערפון פאַרשיידענע קונצעמאַכערייען, וועלכע— —און אַזוי ווייטער אויף אונזער העלדס פריינדלעך-צושאָקלענדיקן און שטאַרק-לויזן שטייגער.

סעטעמבריני האָט אים גוט אויסגעשיינעצט און באַוויזן אויסצופועלן ביי אים אַ מאָמענטאַלן הירהור-תשובה און א מין צוזאָג, מער נישט קיין אָנטייל צו נעמען אין אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן. — האָט דרך-ארץ, — אַזוי האָט סעטעמבריני געטענהט, — פאַר דעם מענטש אין זיך, אינזשיניער! האָט צוטרוי צו דעם קלאָרן און הומאַנעם געדאַנק און פאַראַכט די מוח-צעדרייטקייט, דעם גייסטיקן זומפ! קונצנמאַכעריי? לעבנס-סוד? Caro mio! טייערער מיינער! דאָרט, וואו ס'ברעכט זיך איבער דער מוט צו אַנטשיידונג און צו אונטערשיידונג צווישן שקר און ווירקלעכקייט, דאָרטן ענדיקט זיך בכלל יעדעס לעבן, אורטייל, ווערט, אויסבעסערנדיקע טאַט און ס'הייבט אָן זיין שווידערלעכע אַרבעט דער צעפאַלונגס-פּראָצעס פון מאָראַלישן סקעפּטיציזם. דער מענטש איז די מאָס פון די זאַכן — האָט ער ווייטער געזאָגט. — זיין רעכט אונטערצושיידן צווישן גוטס און שלעכטס, אמת און אויסדרוכטעניש, איז איבער יעדן ספק און ווי צו דעם, וואָס הייבט אָן צו בלאָנדזשען אין זיין גלויבן אין אָט

די שעפערישע רעכט! ס'איז גלייכער, מ'זאָל אים אָנהענגען אַ מיל־שטיין אויפן האַלז און אים דערטרינקען אין טיפסטן ברונעם.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט צוגעשאָקלט און האָט זיך פּאַקטיש די ערשטע צייט דערוויטערט פון אָט־די אונטערנעמונגען. ער האָט געהערט, אַז ד"ר קראָקאָווסקי האָט אײַנגעאָרדנט אין זיין אַנאַליטישער סוטערין זיצונגען מיט עללען בראַנד, צו וועלכע ס'זיינען צוגעצויגן געוואָרן געקליבענע מענטשן פון עולם. אָבער ער האָט גלייכגילטיק אָפּ־געוואָרפן זיין באַטייליקונג. נאַטירלעך האָט ער פונדעסטוועגן זיך אויסגעפרעגט דאָס און יענץ וועגן די רעזולטאַטן ביי די ביי־זייענ־דיקע און ביי ד"ר קראָקאָווסקין גופא. קאַמעראַד קראָקאָווסקי האָט היפּנאָטיזירט די קליינע עללי לויט אַלע כללים און זי אַריינגעבראַכט אין אַ וואָכעדיק חלומדיקן צושטאַנד, סיסטעמאַטיש און ביי דער, ווי ווייט מעגלעך פולער, קאָנטראָל פון דער עכטקייט, און ער האָט דער־גרייכט און פאַרפירט צו קראַפטאויסדריקן פון דעם מין, ווי דאָס איז געשען ווילד און אָן שום צוגרייטונג ביי דער קלעפּעלר אין צימער: אַ קלאַפּן אין טיש און אין די ווענט, דאָס פאַרדרייען דעם לאָמפּ און נאָך מער און ווייטערס. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ מוזיקאַ־לישע באַגלייטונג האָט פאַרלייכטערט דעם עקספּערימענט, דערפאַר האָט מען אין יענע אָוונטן איבערגעטראָגן דעם גראַמאָפאָן און ער פלעגט אַרומגערינגלט ווערן פון דעם מאַגישן קרייז. דווקא אָבער דער משעך ווענצעל, וואָס האָט באַדינט דעם גראַמאָפאָן ביי דער געלעגנהייט, איז געווען אַ מוזיקאַלישער מענטש און מ'האָט גע־קאָנט זיכער זיין, אַז ער וועט נישט שלעכט באַגיין זיך מיטן אינ־סטרומענט און וועט אים נישט קאַליע־מאַכן, האָט עס האַנס קאַס־טאָרפּ געקאָנט אים רויק איבערגעבן. ער האָט פון זיין פּלאַטן־אוצר איבערגעבראַכט אַ מין באַזונדערן אַלבאָם, וואָס ער האָט צונויפ־געלייגט ספּעציעל צו דעם צוועק פון פלערליי לייכטע זאַכן, טענץ, קליינע אוווערטורעס און סתם גאָרגלערייען. עללי האָט לחלוטין נישט פאַרלאַנגט קיין בעסערע מוזיק און דאָס איז ממילא פולשטענדיק גוט געווען פאַרן צוועק.

ביי די דאָזיקע קלאַנגען, הייסט עס — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געהערט דערציילן — האָט אַ טאַשנטיכל אַליין זיך אויפגעהויבן פון

דער ערד, אָדער בעסער געזאָגט: ס׳האָט עס אויפגעהויבן עפּעס אַ פאַרבאָרגענע „קלאָ״, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אין די פאַלדן פון טיכל... דעם דאָקטאָרס פּאַפּיר־קויש האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופט צום סופיט, דאָס פענדל פון אַ וואַנט־זייגער איז „פון קיינעם נישט״ כסדר פאַרהאַלטן געוואָרן און צוריק אָפּגעלאָזט גע־וואָרן. אַ טיש־גלעקל איז „גענומען״ געוואָרן און מ׳האָט דערמיט גע־קלונגען, און נאָך אַ סך אַזעלכע פוילע שטיק זיינען געשען. דער געלערנטער אָנפירער פונם פרווו איז געווען אין דער גליקלעכער לאַגע צו קאָנען אָנרופן אָט די עובדאָס מיט אַ גריכישן נאָמען פול מיט ווּיסנשאַפטלעכן ערנסט. עס זיינען געווען — אַזוי האָט ער דערקלערט אין זיינע רעפעראַטן און אין פּריוואַט־שמועסן — „טע־לעפּאַטישע״ ערשיינונגען, פאַלן פון ווייט־באַוועגונגען. דער דאָקטאָר האָט זיי אַרונטערגענומען אונטער דעם געביט פון פענאָמענען, וועלכע די ווּיסנשאַפט האָט אַ נאָמען געגעבן מאַטעריאַליזאַציע און אויף וועלכען זיין קלערן און טראַכטן איז געווענדט געווען ביי זיינע פרווון מיט עללען בראַנד.

אויף זיין לשון האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ ביאָפּסיכי־שער פּראָיעקציע פון אומבאַוואוסטע קאָמפּלעקסן און אָביעקטיוון, וועגן דערשיינונגען, וואָס מ׳דאַרף ווי זייער מקור באַטראַכטן די מעדיאַלע קאָנסטיטוציע, דעם היפּנאָטישן צושטאַנד. מ׳וואָלט עס אויך אויף אַזויפיל געקאָנט אָנרופן: אָביעקטיוויזירטע חלום־פאָרשטעלונ־גען, אויף וויפיל ס׳אַנטפּלעקט זיך דערין אַן אידעאָפּלאַסטישער כוח פון דער נאַטור, אַ געוויסע פעיקייט פונם געדאַנק ביי געוויסע באַ־דינגונגען אָנצוטאָן זיך אין אַ מאַטעריעלן לבוש און צו באַקומען אַזוי־אַרום דעם חותם פון אַ פאַרבייגייענדיקער ממשות. די דאָזיקע מאַטעריע שטראָמט אַרויס פון דעם מעדיומס קערפּער, כדי אויסער אים אויסצוגעשטאַלטיקן זיך אין ביאָלאָגיש־לעבעדיקע ענדונג־אָר־גאַנען, אָננעם־אברים, הענט, וועלכע ברענגען עס טאַקע אַרויס יענע דערשטוינענדיקע ניסים־ונפלאות, וועלכע מ׳האָט צוגעזען ביי ד״ר קראָקאָווסקין אין לאַבאָראַטאָריום. ביי געוויסע באַדינגונגען האָט מען געקאָנט אָט־די גלידער זעען און אָנטאַפּן, זיי האָבן געלאָזט פאַר־אייביקן זייער פאָרם אין פּאַראַפין און אין גיפּס. אָבער ביי אַנ־

דערע באַדינגונגען האָט עס זיך אויסגעשטאַלטיקט גאָר אַנדערש. פֿאַר די אויגן פֿון די עקספּערימענטירנדיקע האָבן זיך מאַטעריאַליזירט קעפּ, אינדיווידועלע מענטשן־פּנימער, פֿאַנטאָמען אין דער פֿולער געשטאַלט און זיי זיינען אַפֿילו אַריין אין אַ געוויסן באַגרענעצטן פֿאַרקער מיט זיי — — דאָ האָט שוין ד"ר קראָקאָווסקיס לערע אָנגעהויבן צו ווערן ווייט־אויגיק, גענומען שיקלען און אָנגענומען דעם אייגענעם וואַקלדיקן און טאָפּל־דייטיקן כאַראַקטער ווי זיינע אַמאָליקע דרשות וועגן „ליבע". וואָרעם ס'איז שוין איצט נישט געגאַנגען בלויז דערין, מ'זאָל אָן פּלאָנטערנישן פֿאַרשטיין פֿון וויסנשאַפֿטלעכן שטאַנדפּונקט די ממשותדיקע אָפּשפּיגלונג פֿון דעם מעדיומס און זיינע מיטהעלפֿערס סובּיעקטיוויטעטן. איצט האָבן זיך אין שפּיל אַריינגעמישט, — לכל־הפּחות האַלב־אויף־האַלב, — עפּעס איכן פֿון דרויסן און פֿון יענער זייט. ס'האָט זיך געהאַנדלט אין אַ מעגלעכקייט, וואָס מ'האָט נישט אינגאַנצן מודה געווען אין איר — ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס נישט־לעבעדיקס, וועגן וועזנס, וואָס האָבן אויסגענוצט די פֿאַרוויקלטע און סודותדיקע גינציקייט פֿון דער מינוט, כדי צוריקצוקערן צום מאַטעריעלן און זיך אָנצורופֿן צו די אַרויסרופֿערס, — בקיצור: וועגן ספּיריטיסטישן אַרויסרופֿן מתים.

אָט דערצו, הייסט עס, האָט ד"ר קראָקאָווסקי געשטרעבט לעצטנס אין דער אַרבעט מיט זיינע מענטשן. אויסגעגלייכט און מיט אַ קערנדיקן שמייכל, וואָס פֿאָדערט־אויף צו צוטרוי, האָט ער זיך אַליין געפֿילט היימיש אין דעם זומפּיק־פֿאַרדעכטיקן און אונטער־מענטשלעכן און איז געווען אַן אמתער פֿירער אין די ענינים אַפֿילו פֿאַר אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געקווענקלט און געווען פֿול מיט ספֿקות. אַדאַנק עללען בראַנדס אויסערגעוויינלעכע איינגעבוירנקייטן, וועלכע ער האָט זיך גענומען אַנטוויקלען און ריינקן, האָט ער אייך געהאַט גרויס דערפֿאָלג, ווי האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהערט זאָגן. ס'זיינען שוין פֿאָרגעקומען פֿאַלן, בעת איינצלנע אָנטיילנעמער זיינען באַרירט געוואָרן פֿון מאַטעריאַליזירטע הענט. דער פּראָקוראָר פּאַראַוואַנט האָט באַקומען פֿון דער טראַנסצעדענץ אַ פֿעטש

פּאַטש און ער האָט עס קווטירט מיט ווּיסנשאַפטלעכער לוסטיקייט, ער האָט אַפילו פון גרוים פּאַראינטערעסירטקייט דערלאַנגט די צווייטע באַק, — כאַטש ווי אַ קאַוואַליר, יוריסט און סעניאָר פון אַ קאָרפּאָראַציע וואָלט ער אַנדערש גערעדט רעאַגירן, אויב דער „גלעט" וואָלט נאָר געקומען פון עפּעס אַ וויטאַלן מקור. א. ק. פּערגע, דער פּראָסטער סבלן, וואָס יעדעס העכערע איז אים געווען פּרעמד, האָט אין איינעם אַן אָונט אַזאַ מין גייסטער־האַנט געהאַלטן אין דער אייגענער האַנט און מיטן חוש־המישוש פעסטגעשטעלט די ריכטיקייט און פולשטענדיקייט פון איר געבוי. דערנאָך האָט זיך די האַנט, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין זיינער אויף אַ האַרציקן אופן און אין די גרענעצן פון רעספּעקט, אויף אַ שטייגער, וואָס לאָזט זיך נישט געניי שילדערן, צוריקגעצויגן. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ שטיק צייט, אַן ערך אַ דריטהאַלבן חדשים, ביי צוויי זיצונגען יעדע נאַכט, ביז איבער דער טיש־פּלאַטע האָט זיך באַוויזן פאַר אַלעמענס אויגן אַ יענע־וועלטישע האַנט, מיט פינגער רויטלעך־באַלויכטן פון דעם נאַכט־לעמפּל, וואָס איז געווען באַצויגן מיט רויט פּאַפּיר. ס'איז געווען די האַנט פון אַ יונגנמאַן, ווי ס'האָט אויסגעזען, און זי האָט איבערגעלאָזט איר שפּור אין אַן ערדענער שיסל מיט מעל. אָבער נישט מער ווי אין אַכט טעג אַרום איז אַרום האַלבער נאַכט אַריינגעפאַלן צו האַנס קאַסטאָרפּן אויפן באַלקאָן אַ גרופּע פון דר. קראָקאָווסקיס מיטאַרבעטער, אַלבין, די פרוי שטער, דאָס פּאָרפאָלק מאַגנוס. אַלע זיינען פול געווען מיט ווילדער באַגייסטערונג און פיבערדיקער אַנטציקונג און זיי האָבן האַנס קאַסטאָרפן, וואָס האָט געדרעמלט אין ביימנדיקן פראָסט, אָנגעזאָגט האַסטיק איינער נאָך דעם אַנדערן, אַז מ'האָט שוין געזען עללים האָלגער. זיין קאָפּ האָט זיך געוויזן איבער די אַקסלען פון דער איינגעשלעפערטער. ער האָט באמת געהאַט „שיינע, ברוינע, לאָקן" און האָט אַזוי אומפאַרגעסלעך מילד און מעלאַנכאָליש אַ שמייכל געטאָן איידער ער איז פאַרשוואונדן.

ווי שטימט עס, — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט, — אָט דער איידעלער טרויער מיט האָלגערס באַנעמונג פריער, מיט זיינע פאַנטאַזיעלאָזע קינדערייען און פּשוטע לאָבוסוואַטע שטיק, מיט דעם

גאַנץ אוממעלאַנכאָלישן פּאַטש, וואָס דער פּראָקוראָר האָט גע־כאַפּט פון אים? קיין קאָנסעקווענטע געשלאָסנקייט פון כאַראַקטער האָט מען דאָ, אַפּנים, נישט געדאַרפט דערוואַרטן. אפשר איז גע־ווען אַ שטימונג ענלעך צו דער שטימונג פון יענעם הויקערל אין ליד, דעם הויקערל מיט זיין ווייטאָגדיקער און מחילה־בעטנדיקער צולהכעיס־דיקייט. האָלגערס פּאַרעדער האָבן, אַפּנים, וויניק אַריינגעטראַכט דע־רין. זיי איז קודם־כל געגאַנגען אין דעם, צו ווירקן אויף האַנס קאַסטאָרפּן, ער זאָל אויפהערן מיט זיין צוריקגעהאַלטנקייט. ער מוז אומבאַדינגט ביוזיין אויף דער נאָענטסטער זיצונג, אויב אַלץ גייט אַזוי שיין. וואָרעם עללי האָט אין שלאָף צוגעזאָגט דאָס נאָענטסטע מאָל אַרויסצופירן איטלעכן מת, וועלכן מ׳וועט נאָר פאָדערן אין קרייז.

איטלעכן? האַנס קאַסטאָרפּ האָט פונדעסטוועגן זיך קענגגע־שטעלט. אָבער דער פאַקט, וואָס מ׳קאָן אַרויסרופן יעדן מת, וואָס מ׳וויל, האָט אים דאָך אַזוי ווייט באַשעפטיקט, אַז ער איז אין משך פון די לעצטע דריי טעג געקומען צו פאַרקערטע באַשלוסן. געניי גענומען איז עס נישט געווען דריי טעג, נאָר בלויז עטלעכע מינוט צווישן זיי האָבן אים דערפירט דערצו. די ענדערונג אין זיין שטי־מונג איז פאָרגעקומען בעת ער האָט אין אַן איינזאַמער אָוונט־שעה אין מוזיק־סאַלאָן ווידער געלאָזט לויפן יענע פּלאַטע, אין וועלכער ס׳איז געווען אַיינגעשטעמפּלט וואַלענטינס אור־סימפּאַטישע פערזענ־לעכקייט; בעת ער איז געזעסן אויף זיין שטול און איינגעהאָרכט זיך צום סאָלדאַטן־געבעט פון דעם אַוועקגייענדיקן וואָרילן מענטש, וועלכן ס׳האָט געטריבן אויפן פעלד פון ערע און האָט געזונגען:

און רופט מיך גאָט אין הימלישער הויך,
וועל איך אָראָפּקוקן אויף דיר און דיך שיצן,
אָ מאַרגאַרעט?

דעמאָלסט איז האַנס קאַסטאָרפּ, ווי אַלעמאָל ביי דעם גע־זאַנג, געוואָרן שטאַרק גערירט, אָבער דאָסמאָל איז די גערירטקייט צוליב געוויסע פאָראויסגעזעענע מעגלעכקייטן פאַרשטאַרקט גע־וואָרן און זיך קאָנדענסירט צו אַ פאַרלאַנג. ער האָט געטראַכט:

פּוסט און זינדיק אָדער נישט, ס'וואָלט אָבער דאָך געווען מאָדנע הארציק און זייער אַ ליב געשעעניש. ער, אויב ער האָט באמת עפּעס אַ שייכות דערמיט, וועט עס מיר נישט נעמען פאַר אומגוט, אויף וויפיל איך קען אים. און ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם גלייכגעוויכטיק־ליבעראַלן „ביטע, ביטע!", וואָס ער האָט אַמאָל, אין דער דורכלויכטונגס־לאַבאָראַטאָריע, באַקומען אַלס תשובה פון דער נאַכט אַה'יס, בעת ער האָט געגעבן די דערלויבעניש אריינצוקוקן אין געוויסע אָפּטישע אומדיסקרעטקייטן.

צו מאָרגן אינדערפרי האָט ער געמאָלדן, אַז ער נעמט אָנטייל אין דער זיצונג, וואָס דאַרף פאָרקומען אינאָוונט און אַ האַלבע שעה נאָך אָוונט־ברויט איז ער אַוועק צו די איבעריקע אָנטייל־נעמער, וואָס האָבן געפּלוידערט פריי, ווי געניטע צוקוקערס פון אויסטערלישע זאַכן, און האָבן זיך געלאָזט גיין צו ד"ר קראָקאָווסקי אין דער סוטערין אַריין. ער האָט זיך צונויפגעטראָפן אויף די טרעפּ אין דערנאָך אין ד"ר קראָקאָווסקיס צימער מיט בלויז אײַנגעוואָרצלטע תושבים, אָדער סתם לאַנג־צוגעהעריקע ווי ד"ר טינג־פו און דער טשעך ווענצל. ס'זיינען, הייסט עס, געווען: די הערן פערגע און וויזאַל, דער פּראָקוראָר, די פרויען לעווי און קלעעפעלד, שוין אָפּגערעדט פון יענע, וועלכע זיינען אים געקומען אָנזאָגן די בשורה, אַז האַלגערס קאָפּ האָט זיך באַוויזן, און פון דעם מעדיום גופא — עללי בראַנד.

בעת האַנס קאַסטאָרפּ איז אַריין אין דער טיר, וואָס איז באַצירט געווען מיט דער וויזיט־קאַרטע, איז שוין דאָס קינד פון צפון געווען אין דאָקטאָרס רשות. זי איז געשטאַנען לעבן קראָקאָווסקין, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצן קיטל און האָט פּאָטערלעך אַרומגענומען איר אַקסל מיט זיין אָרעם. זיי האָבן אָפּגעוואַרט די געסט ביי די טרעפּ, וואָס האָבן נאָך פון דער סוטערין אַראָפּגעפירט אין אַסיסטענטס וואוינונג, און האָבן צוזאַמען באַגריסט זיך מיט די אָנקומענדיקע. די באַגריסונג איז געווען אַן אויפגערוימטע, פול מיט פּשוטער האַרציקייט. מ'האָט, ווייזט אויס, ספּעציעל באַמיט זיך צו באַפרייען די שטימונג פון יעדער פייערלעכער שטייפקייט. מ'האָט גערעדט צווישן זיך הויך און וויציק, מ'האָט זיך געשטויסן אויף אַ

שפּאַס אין די זייטן און מ׳האָט אויף יעדן אופן אַרויסגעוויזן די אומפּאַרלעגנהייט. אין ד״ר קראָקאָווסקיס באָרד האָבן זיך געוויזן אַלע־מאָל די גלעע ציין, בעת ער האָט איבערגעחזרט זיין: „איך גריס איך“, פּול מיט יענעם קערנדיקן אויסדרוק, וואָס פּאָדערט־אויף צו צוטרוי. באַזונדערס האָבן זיך די ציין געוויזן בעת ער האָט אָפּ־געגעבן זיין ברוך־הבא האַנס קאַסטאָרפּן, וועלכער איז געווען שווייג־דיק און האָט געהאַט אַ קווענקלדיקע מינע. מוט, מיין פריינד! — האָט, דאַכט זיך, אויסגעדריקט זיין שאָקלען מיטן קאָפּ אַראָפּ און אַרויף, בעת ער האָט דעם יונגנמאַן שיר נישט צו־פעסט אַ דריק געטאָן די האַנט. — מ׳דאַרף נישט ציטערן און פּלאַטערן! דאָ איז נישט דאָס אָרט פאַר פּחדנות און פאַר געמאַכטער פרומקייט, נאָר בלויז פאַר מענלעכער אויפגערו׳מטקייט פון אָביעקטיווער פאָרשונג! אָבער דעם, פאַר וועמען ס׳איז באַשטימט אָט־די גאַנצע פאַנטאָמימע, איז דערפון נישט לייכטער געוואָרן. מיר האָבן אים געלאָזט דער־מאָנען זיך אין די געשעענישן אין דער דורכלויכטונגס־לאַבאָראַ־טאָריע, אָבער די דאָזיקע אַסאָציאַציע איז נישט געווען גענוג איין צו ענדערן זיין שטימונג. דאָס האָט אים גיכער דערמאָנט וועגן לעבעדיק אין דעם מאָדנעם אומפּאַרגעסלעכן צושטאַנד, געמישט פון גאווה און נערוועזיטעט, נייגעריקייט, ביטול און ערנסטקייט, אין וועלכן ער איז אַריינגעפאַלן מיט יאָרן צוריק, בעת ער האָט זיך, אַ ביסל אַ צעהוליעטער, געלאָזט דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען מיט חברים אין אַ הייזל אויף קאַנקט־פּאַולי.

היות דער עולם איז געווען אין קאָמפּלעט, איז ד״ר קראָ־קאָווסקי אַוועק צוזאַמען מיט צוויי אַסיסטענט׳נס (דאָזמאָל פרוי מאַ־נגס און די העלפאַנדביינערנע לעווי) אין אַ צווייטן צימער, כדי קער־פּערלעך צו קאָנטראָלירן דעם מעדיום. האַנס קאַסטאָרפּ מיט די ניין איבעריקע אָנטיילנעמער האָבן אָפּגעוואַרט אין דאָקטאָרס אַרבעטס־און אָרדינאַציע־צימער דעם סוף פון דעם וויסנשאַפטלעך־שטרענגן אַקט, וואָס גיט קיינמאָל נישט קיין שום רעזולטאַט. די דירה איז האַנס קאַסטאָרפּן היימיש געווען צוליב געוויסע שמועסן, וועלכע ער האָט אַ צייט לאַנג, הינטער יאָאַכימס רוקן, געפירט דאָ מיטן אַנאַליטי־קער. עס איז געווען אַן אַלטמאָדישער דאָקטאָריש אויפנעם־צימער מיט

אַ שרייב־טיש, אַ שטול און אַ באָטעל פאַר פאַציענטן לינקס בײַם פענסטער; מיט אַ האַנט־ביבליאָטעק אין ביידע זייטן פון דער זײַ־טיקער טיר; מיט דעם שעזלאָנג, וואָס איז געשטאַנען אין רעכטן הינטערגרונד און איז אָפּגעטיילט געווען פון שרייב־טיש דורך אַ שפּאַניש ווענטל; מיט דער אינסטרומענטן־שאַנק אין אין ווינקל; מיט היפּאָקראַטעסעס ביוסט אין אַן אַנדער ווינקל און מיט דעם שטיך פון רעמבראַנדס „אַנאַטאָמיע“ איבער דעם גאַז־קאַמין אויף דער רעכ־טער זייטיקער וואַנט. פונדעסטוועגן האָט מען געקאָנט באַמערקן אייניקע אָפּענדערונגען אין דער געוויינלעכער אָרדענונג ספּעציעל פאַרן איצטיקן צוועק. דער קײַלעכיקער מאַכאָן־טיש, וואָס שטייט געוויינ־לעך אינמיטן שטוב אַרומבאַשטעלט מיט שטולן, אונטער דעם עלעקטרישן הענג־לאָמפּ אויף דעם רויטן טעפּעך, וואָס האָט כמעט פאַרדעקט דעם גאַנצן באָדן, איז געווען צוגערוקט צום לינקן ווינקל פון פאָדערגרונד, דאָרט, וואו ס'איז געשטאַנען דער גיפּסענער ביוסט. נאָענט צום ברענענדיקן קאַמין, פונוואַנען ס'האָט געשלאָגן אַ טרו־קענע היץ, איז געשטאַנען אַ קלענער לייכט־באַדעקט טישל אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען אַ רויט פאַרהילט לעמפּל. פון סופּיט אַראָפּ האָט איבער דעם אַראָפּגעהאַנגען נאָך אַ באַרנע, אויך פאַרהילט מיט רויטס און אויסערדעם נאָך מיט שוואַרצן קרעפּ. אויף און לעבן דעם טישל זיינען געשטאַנען עטלעכע פּאַסיקע זאַכן: דאָס טיש־גלעקל, אָדער אייגנטלעך צוויי פון פאַרשיידענע קאָנסטרוקציעס, איין האַנט־גלעקל און איין דרוק־גלעקל אויף אַ קוועטש־צו־טאָן, ווייטער— דער טעלער מיט מעל און דער פּאַפּיר־קויש. דאָס טישל איז גע־ווען אַרומגערינגלט אין אַ האַלב־קרייז מיט אַ האַלב טוץ שטולן און בענקלעך פון פאַרשיידענע מינים. אָנגעהויבן האָבן זיי זיך בײַם סוף פון שעזלאָנג און געענדיקט זיך אַקוראַט אינמיטן צימער, אונטער דעם סופּיט־זשיראַנדאָל. דאָ, נאָענט צו דער לעצטער שטול, בערך אַ האַלבן וועג צו דער נעבן־טיר, איז געשטאַנען דאָס מוזיק־שענקל. דער אַלבאָם מיט די לייכטע זאַכן איז געלעגן אויף אַ שמול דערבײַ. אַזוי איז געווען די אָרדענונג. די רויטע לאָמפּן זיינען נאָך נישט געווען אָנגעצונדן. דער סופּיט־זשיראַנדאָל האָט אַרויסגע־געבן אַ טאָג־ווייס ליכט. דאָס פענסטער, צו וועלכן דער טיש איז

געווען זייטיק אויסגעדרייט, איז געווען פארהילט מיט א טונקעלן פארהאנג. איבער דעם איז נאך געהאנגען א קרעם-פארביקער, גע-לעכערטער פארהאנג מיט שפיצן, אן אזוי-גערופענער שטאר.

אין צען מינוט ארום איז דער דאקטאר צוריקגעקומען מיט די דריי דאמען פון קאבינעט. דער אויסערלעכער לבוש פון דער קליי-נער עללי האט זיך געענדערט. זי איז מער נישט ארויסגעקומען אין אין אירע קליידער, נאר אין א מין ויצונגס-קאסטיום, אין א שלאפ-ראק-געוואנט פון ווייסער קרעפע, וועלכס איז אין דער טאליע צו-זאמענגענומען געווארן פון א גארטעלע, און מ'האט ארויסגעזען אי-רע שמאלע נאקעטע ארעמס. היות איר יונג-מיידלשע ברוסט האט זיך הינטער דעם אפגעצייכנט אזוי ווייך און נישט-פארשטייפט, האט זיך אויסגעוויזן, אז זי טראגט הינטער דעם געוואנט.

מ'האט זי לעבעדיק באגריסט. — האלא, עללי! ווי רייצנדיק זי זעט שוין ווידער אויס! אן אמתדיקע מכשפה! לאך עס פיין, מלאך מיינער! — זי האט געשמייכלט פון די צורופן, פון איר גארניטור, וואס האט איר, ווי זי האט געוואוסט, געפאסט. — די פארקאנ-טראל נעגאטיוו, — האט ד"ר קראקאווסקי פעסטגעשטעלט. — איב אזוי — צו דער ארבעט, חברים! — האט ער צוגעגעבן מיט אן עקזאטישער צונג-ריש. האנס קאסטארפ, וועלכער האט זיך שלעכט געפילט פון דעם אופן ריידן, האט שוין געהאט בדעה זיך אוועק-צוזעצן ערגעץ גלייך ווי די אנדערע, וועלכע האבן אנגעהויבן צו פארנעמען אן ארט אויפן האלבן קרייז שטולן, רופנדיק „האללא", פלוידערנדיק און קלאפנדיק אין די אקסלען. אבער דא האט זיך דער דאקטאר געווענדט צו אים פערזענלעך.

— איך, מיין פריינד (מיין פריינד), — האט ער געזאגט, — וואס איז אין אונזער קרייזל א שטיקל גאסט אדער נייער, וואלט איך געוואלט דעם היינטיקן אוונט געבן באזונדערע ערן-רעכט. איך געטריי אייך די קאנטראל פון אונזער מעדיום. מיר וועלן עס מאכן אזוי. ער האט געבעטן דעם יונגנמאן, ער זאל זיך אוועקזעצן ביים עק פון אפענעם צירקל לעבן דעם שעזלאנג און דעם ספאנישן ווענטל. עללי האט שוין דארטן געהאט פארנומען א געוויינלעכע שטרוי-שטול. איר פנים איז געווען מער אויסגעדרייט צו דער איינגאנג-טיר מיט די

טרעפּ, ווי צום צימער. קראָקאָווסקי האָט זיך געזעצט האַרט לעבן איר אויך אויף אַזאַ שטול און האָט אָנגענומען אירע הענט, דערביי האָט ער אירע ביידע קניען אַיינגעקלעמט צווישן זיינע. — מוט עס נאָך — האָט ער באַפוילן און האָט געלאָזט, אַז האַנס קאַסטאָרפּ זאָל אים פאַרטרעטן. — איר וועט מודה זיין, אַז דער כאַפּ איז אַ פולשטענדיקער. איר וועט אויך נאָך קריגן הילף. מיין פריילין קלעע־פעלד, צי מעג איך פאָרלייגן? און די, וואָס האָט אַזוי העפלעך עקזאָמיש באַקומען דעם כיבוד, איז צוגעגאַנגען צו דער גרופּע און האָט אַרומגענומען מיט אירע ביידע הענט עללים אַראָפּפאַלנ־דיקע האַנט־געלענקען.

ס'איז געווען אוממעגלעך אויסצומיידן, אַז האַנס קאַסטאָרפּ זאָל נישט אַריינקוקן אין פנים פון דעם מיידלשן וואונדערקינד, וואָס ער האָט אַזוי פעסט צוגעהאַלטן. זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, אָבער עללים האָבן גענומען פינטלען צום צייכן פון אַ שעמעוודיקייט, וועל־כע איז געווען באַגרייפלעך ביי אַזאַ לאַגע. זי האָט דערביי צוגע־שמייכלט אַ ביסל חנעוודיק, מיט אַ קרום־פאַרבויגענעם קאָפּ און מיט לייכט אויסגעשפּיצטע ליפּן, ווי לעצטנס בעתן גלאָז־סעאַנס. אגב, האָט די דאָזיקע שטילע חנעוודיקייט אַסאָציירט זיך ביי אים מיט נאָך אַ ווייטערע דערמאָנונג. אַזוי, בערך, איז אים אַיינגעפאַלן, האָט געשמייכלט קאַרען קאַרשטעדט, בעת ער איז געשטאַנען מיט יאָאַכימען און מיט איר ביי דעם נאָך נישט געעפנטן קבר פון בית־עולם אין „דאָרף"...

דער האַלב־קרייז האָט זיך צונויפגעדריקט. עס זיינען געווען דרייצן פּערזאָן, אַחוץ דעם טשעך וווענצעל, וועלכער האָט זיך אינ־גאַנצן אָפּגעגעבן מיט דעם גראַמאָפאָן און נאָך דעם ווי ער האָט צו־געגרייט דעם אַפּאַראַט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל מיטן רוקן צום עולם. ער האָט אויך מיטגעהאַט מיט זיך זיין גי־טאַרע. אונטער דעם מיטלסטן זשיראַנדאָל, דאָרט, וואו די אויס־געקרימטע שורה האָט זיך ווידער געענדיקט, האָט זיך אַוועקגעזעצט ד"ר קראָקאָווסקי. פאַר דעם האָט ער מיט איין דריי אָנגעצינדן ביידע רויטע לעמפּלעך און מיט דעם צווייטן אויסגעלאָשן דאָס ווייסע ליכט פון סופיט. אַ לייכט גליענדיקע פינסטערניש האָט זיך אויסגע־

לייגט איבערן צימער. זיינע ווייטערדיקע טיילן און די ווינקלען האָט מען בכלל נישט געקענט זען. אייגנטלעך איז נאָר געווען שוואַך רויטלעך באַלויכטן די טיש־פּלאַטע און דאָס נאָענטסטע אַרום איר. די ערשטע עטלעכע מינוטן האָט איינער קוים געזען דעם אַנדערן. בלויז ביסלעכווייז האָבן זיך די אויגן צוגעוויינט צו דער טונקלקייט און האָבן זיך אויסגעלערנט צו געניסן פון דעם ליכט, וואָס איז אַ ביסל פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך די טענצלדיקע פלאַמען אין קאַמין.

דער דאָקטאָר האָט גערעדט עטלעכע ווערטער וועגן דער באַ־לייכטונג, האָט פאַרענטפערט אירע וויסנשאַפטלעכע חסרונות. מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיק און נישט האַלטן עס פאַר שטימונג־מאַכעריי און מיס־טיפיקאַציע. מער ליכט קאָן מען נישט אין דעם פאַל באַנוצן ביים בעסטן ווילן. עס איז שוין די נאַטור פון די כוחות, וועלכע מ׳וויל דאָ אויספאָרשן און שטודירן, אַז זיי אַנטוויקלען זיך נישט ביי ווייס ליכט און מ׳קאָן זיי דאַן נישט ברענגען צו קיין ווירקונג. דאָס איז אַ באַדינג, וועלכן מ׳מוז לעת־עתה נאָכגעבן. — האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען צופרידן. די טונקלקייט האָט הנאה געטאָן, האָט געמילדערט די אויסטערלישקייט פון דעם מצב. דערפאַר האָט ער זיך, כדי צו באַרעכטיקן די טונקלקייט, דערמאָנט אין יענער פינסטערניש, וועל־כע מ׳האָט ערנסט אויפגענומען אין זיך אין מיט וועלכע מ׳האָט זיך געמוזט אויסוואַשן די טאָג־אויגן, איידער מ׳האָט געזען״.

דאָס מעדיום, — אַזוי האָט ד״ר קראָקאָווסקי ווייטער געצויגן זיין פאָרוואָרט, וואָס איז, אַפנים, געווען ספּעציעל געווענדט צו האַנס קאַסטאָרפּן, — דאַרף מער נישט, אַז ער, דער דאָקטאָר, זאָל עס איינשלעפערן. זי וועט פון זיך אַליין שוין אַריינפאַלן אין טראַנס, ווי דער קאָנטראָלער וועט באַמערקן. ווען דאָס וועט געשען, וועט איר באַשיצנדיקער גייסט, דער באַקאַנטער האָלגער, נעמען אַרויסריידן פון איר. דערפאַר וועט מען זיך דאַרפן ווענדן צו אים, נישט צו איר. אגב, איז עס אַ טעות און ס׳קאָן קאַליע מאַכן, ווען מ׳רעדט זיך איין, אַז מ׳מוז מיט געוואַלד קאָנצענטרירן דעם ווילן און דעם געדאַנק אויף דעם פענאָמען. פאַרקערט, ס׳איז נוצלעכער, מ׳זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק אָנשטרענגען און מ׳זאָל אַפילו כאַפּן אַ שמועס. האַנס קאַס־

טאָרפֿ דאַרף געדענקען דערין, אַז די הענט און די פֿיס פֿון מעדיזים זאָלן זיין די גאַנצע צייט אין איצטיקן צושטאַנד.

— מיר בילדן די קייט! האָט ד"ר קראָקאָווסקי געענדיקט. מ'האָט טאַקע אַזוי געטאָן און מ'האָט געלאַכט, ווען מ'האָט אין דער טונקלקייט נישט אַזוי לייכט געפֿונען די שכנישע הענט. ד"ר טינגפּו, וואָס איז געזעסן לעבן הערמינע קלעעפעלד, האָט אַרויפֿגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף איר אַקסל און האָט דערלאַנגט די לינקע ווייזאַלן, וואָס איז געזעסן נאָך אים. לעבן דעם דאָקטאָר זיינען געזעסן הער און פֿרוי מאַגנוס, נאָך זיי — א. ק. פֿערגע, וועלכער האָט, — אויב האַנט קאַסטאָרפּ האָט נישט געהאַט קיין טעות, — געהאַלטן די האַנט פֿון דער העלפֿאַנדביינערנער לעווי. און אַזוי ווייטער. מוזיק: — האָט ד"ר קראָקאָווסקי באַפֿוילן. און דער טשעך, וואָס איז אויסגעדרייט געווען מיטן רוקן צו ד"ר קראָקאָווסקין און צו זיינע נאָענטע שכנים, האָט געלאָזט לויפֿן די פּליטע און אַריינגעשטעלט די נאָדל. שמועסן! — האָט ד"ר קראָקאָווסקי ווידער קאָמאַנדירט, בשעת ס'האָבן זיך געלאָזט הערן די ערשטע טאַקטן פֿון מילעקערס אוווערטור. דער עולם איז געהאָרכזאַם אַרויף אויף אַ שמועס וועגן דעם אין וועגן יענעם, וועגן שניי פֿון היינטיקן ווינטער, וועגן די לעצטע שפּייזן, וועגן אַ נייעם פּאַציענט, וועגן אַ ווילדער אָדער לעגיטימער אָפּרייזע. האַלב פֿאַרווישט פֿון דער מוזיק, האָט דער שמועס זיך אָפּגעריסן, ווידער זיך צונויפֿגעקלעפּט, קינסטלעך זיך געהאַלטן. אַזוי אַרום זיינען אַוועק עטלעכע מינוט.

די פּלאַטע איז נאָך נישט געווען געענדיקט, בעת עללי האָט גענומען שטאַרק אָפּשאָקלען זיך. זי האָט אויפֿגעציטערט, זיך צעזיפֿצט, איר אייבערשטער טייל קערפּער האָט זיך אויסגעבויגן פֿאָרויס, אַזוי, אַז איר שטערן האָט אָנגערירט האַנס קאַסטאָרפּס. גלייכצייטיק האָבן אירע אָרעמס צוזאַמען מיט די אָרעמס פֿון די איפּזעערס גענומען מאַכן עפּעס פּאָמפּענדיקע באַוועגונגען, פֿאָרויס און אויף צוריק.

דער טראַנס! — האָט צו וויסן געגעבן די קלעעפעלד. די מוזיק איז פֿאַרשטומט געוואָרן. דער שמועס האָט זיך אָפּגעהאַקט. אין

טיפער שטילקייט האָט מען געהערט דעם דאָקטאָרס ווייך שלעפּנדיקן באַריטאָן און זיין פראַגע:

— צי איז האָלגער דאָ?

עללי האָט אויפסניי אויפגעציטערט. זי האָט זיך אַ וואַקל גע־טאָן אויף איר שטול. דערנאָך האָט האַנס קאַסטאָרפּ געשפּירט, ווי זי דריקט קורץ און פעסט די הענט זיינע מיט אירע ביידע הענט.

— זי דריקט מיר די הענט, — האָט ער אינפאָרמירט.

— ער! — האָט אים פאַרבעסערט דער דאָקטאָר. — ער האָט זיי אייך געדריקט. דאָס הייסט, אַז ער איז דאָ. מיר גריסן דיך, האָלגער, — האָט ער גערעדט פייערלעך. — אַ האַרציקן ברוך־הבא דיר, פריינד! און איצט דערמאָן דיך! ווען דו ביסט דאָס לעצטע מאָל געווען מיט אונז, האָסטו צוגעזאָגט אַרויסצורופן אונז איטלעכן מיט, אַליין איינס צי אַ מאַן אָדער אַ פרוי, און צו מאַכן אַזוי, אַז די שטערבלעכע אויגן אונזערע זאָלן זען, וועלכן אונזער קרייז וועט פאַרלאַנגען.

עללי האָט ווידער אויפגעשוידערט. זי האָט געזיפצט און גע־קווענקלט זיך מיט אַן ענטפער. פּאַמעלעך האָט זי צוגעפירט אירע הענט צוזאַמען מיט די הענט פון די בייזיצערס צו איר שטערן און זיי אַ ווײַלע דאָרט געהאַלטן. דערנאָך האָט זי האַרט ביי האַנס קאַס־טאָרפּס אויער הייס אַרויסגעשעפּטשעט: יאָ.

דער שעפּטשען גלייך אין אויער אַריין האָט ביי אונזער פריינד אַרויסגערופן יענעם מין שוידער, וואָס מ׳רופט אים אָן פּשוט „גענזענע הויט" און וועלכן דער הויפראַט האָט אים אַמאָל געהאַט דערקלערט. מיר ריידן פון אַ שוידער, כדי אונטערצושיידן דאָס ריין־קערפּערלעכע פון דעם נשמהדיקן, ווייל פון קיין פּחד האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. געטראַכט האָט ער בערך אַזוי: מנאַ, זי פאַרמעסט זיך ווייט! דערביי אָבער איז ער געווען גערירט און אַפילו דערשיטערט; ס׳איז געווען אַ צעטומלטע גערירטקייט און דערשיטע־רונג, אַ געפיל, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון דער פאַרווירטקייט, פון דער אויסדוכטעניש, אַז דאָס יונג־בלוטיקע מיידל, ביי וועלכן

ער האָט געהאַלטן די הענט, האָט אַ שעפּטשע געטאָן אין זיין אויער אַריין: יאָ.

— ער האָט געזאָגט יאָ — האָט ער אָפּגעגעבן ראַפּאָרט און זיך געשעמט.

— איז גוט, האָלגער! — האָט ד״ר קראַקאָווסקי גערעדט. -- מיר האַלטן דיך ביים וואָרט. מיר אַלע האָבן געהערט, אַז דו וועסט טאָן דאָס דיינע יושרדיק. דעם נאָמען פון יענעם, וועלכער זאָל דערשיינען פאַר אונז, וועט מען דיר תיכף אָנרופן. חברים, — האָט ער זיך געווענדט צום עולם, — אַרויס מיט לשון! ווער האָט עפּעס אַ פאַרלאַנג? ווען זאָל ווייזן אונזער פריינד האָלגער?!

אַלע האָבן געשוויגן. יעדער איינער האָט געוואַרט, דער צווייטער זאָל עפּעס זאָגן. אין די לעצטע עטלעכע טעג האָט יעדער איינציקער אַריינגעטראַכט, וועמען ער וואָלט איינגטלעך געוואָלט זען. דאָך בלייבט דער צוריקקער פון געשטאָרבענע, דאָס הייסט: דער פאַרלאַנג, אַז אַזעלכע זאָלן ווידער צוריקקערן, אַלעמאָל אַ קאָמפּליצירטער און טונקעלער ענין. אין תוך אַריין און קלאָר גערעדט עקסיסטירט גאָרנישט אַזאַ מין פאַרלאַנג. ער איז אַ טעות. עס איז, אָפּן געקוקט, אַקוראַט אַזוי אוממעגלעך, ווי דער פאַקט גופא, און מ׳וואָלט זיך אַרויסגעוויזן ערשט דאַמאָלסט, ווען די נאַטור וואָלט אָפּ־די אוממעגלעכקייט באַזייטיקט. דאָס, וואָס מיר רופן אָן טרויער, איז אפשר גאָרנישט דער טרויער אויף דער אוממעגלעכקייט, אַז אונזערע מיטע זאָלן צוריק לעבעדיק ווערן, נאָר ס׳איז דער טרויער, הלמאי מיר קאָנען עס זיך אַפילו נישט ווינטשן.

אַלע האָבן עס טונקל געפילט. אמת, ס׳האָט זיך דאָ נישט געהאַנדלט וועגן קיין ערנסטן און פראַקטישן צוריקקער צום לעבן, נאָר וועגן אַ ריין סענטימענטאַלער און טעאַטראַלישער איינאָרדענונג, ביי וועלכער מ׳וועט דעם געשטאָרבענעם בלויז זען, אָן שום קאָנסעקווענצן. פונדעסטוועגן האָט מען מורא געהאַט פאַר דער צורה פון יענעם, וועגן וועלכן מ׳האָט געטראַכט, און יעדער וואָלט מיט פאַרגעניגן געוועזן איבערגעגעבן דעם צווייטן דאָס רעכט אַרויסצוזאָגן זיין פאַרלאַנג. אויך האַנס קאַסטאָרפּ, — כאָטש ער האָט געהערט פון דער פינסטערניש דעם גוטמוטיק־ליבעראַלן „ביטע־ביטע“,—

האָט זיך צוריקגעהאַלטן און איז אין לעצטן מאָמענט שוין גרייט געווען אָפּצוטרעטן דעם זכות אַן אַנדערן. היות ס'האָט אָבער צו־לאַנג געדויערט, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום עולם אין דער ריי און האָט מיט אַ צוגעדושעט קול זיך אָנגערופן.

— איך וואָלט געוואָלט זען מיין פאַרשטאָרבענעם קוזין יאָאַכים ציִמסען.

דערפון האָבן אַלע לייכט אָפּגעעטעמט. פון די אַלע, וואָס זיינען דאָ געווען, האָבן נישט געקאָנט יאָאַכימען בלויז ד"ר טינג־פו, דער טשעך ווענצעל און דאָס מעדיום אַליין. די איבעריקע — פערגע, וויזאַל, הער אַלבין, דער פּראָקוראָר, הער און פרוי מאַגנוס, די פרוי שטער, לעווי און קלעעפעלד, — האָבן הויך און מיט פרייד אַרויס־געזאָגט זייער הסכמה. אַפילו ד"ר קראָקאָווסקי אַליין האָט צוגעשאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ, כאָטש זיין פאַרהעלטעניש צו יאָאַכימען איז געווען אַ קילע, ווייל יענער האָט אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן חשק צו אַנאַליז.

— זייער גוט, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — דו האָסט גע־הערט, האָלגער? אין לעבן איז דער אָנגערופענער דיר געווען פרעמד. צי ווייסטו אים דערקענען אויף דער צווייטער וועלט און צי ביסטו גרייט אים אַרויסצורופן?

גרויסע דערוואַרטונג. די שלאָפנדיקע האָט זיך אַ קווענקל געטאָן, האָט אָפּגעזיפצט און אויפגעשוידערט. זי האָט, דוכט זיך, געזוכט און געקעמפט מיט עפּעס, בשעת זי האָט זיך געשאָקלט אַהין און אַהער און האָט געשעפּטשעט אָט אין האַנס קאַסטאָרפּס אויער אַריין און אָט צו דער קלעעפעלד. צום סוף האָט האַנס קאַסטאָרפּ דערפילט אַ דרוק פון אירע ביידע הענט, אַ סימן אויף יאָ. ער האָט דאָס געמאָלדן, און —

— אויב אַזוי, איז גוט! — האָט אַ רוף געטאָן ד"ר קראָקאָווּ־סקי. — צו דער אַרבעט, האָלגער! מוזיק! — האָט ער אַ רוף גע־טאָן. — שמועסט! און ער האָט ווידער איבערגעחזרט אַקצענטירנדיק, אַז נוצן דער זאַך קאָן דאָ נישט קיין שום געדאַנקען־אָנשטרענגונג און בכיוונדיקע פאָרשטעלונג, נאָר בלויז אַ פרייע, לויזע האַלטונג.

איצט איז געקומען די וואונדערלעכסטע שעה אינם יונגן לעבן פון אונזער העלד. און כאָטש אונז איז נישט פילשטענדיק דייטלעך זיין שפּעטערדיקער גורל; כאָטש מיר וועלן אים פאַרלירן פון אויג אין אַ באַשטימטן פּונקט פון אונזער געשיכטע, וואָלטן מיר פונדעסטוועגן געוואָלט אָננעמען, אַז דאָס איז געווען דאָס אויסטער־לישסטע, וואָס ער האָט איבערגעלעבט.

עס האָט געדויערט מער ווי צוויי שעה, — מיר זאָגן עס גלייך, — אויסער אַ קורצער הפסקה אין האָלגערס „אַרבעט", אָדער איינגנטלעך אויך אין פריילין עללים. די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך געצויגן שרעקלעך לאַנג, אַזוי, אַז מ'האָט בכלל שוין אָנגעהויבן צווייפלען אין רעזולטאַט. אַחוץ דעם האָט מען צוליב ריינער מיט־לייד געפילט די באַדערפעניש צו מאַכן אַ סוף דערמיט, ווייל ס'איז אָפנים, געווען אַן אויסמאַטערנדיקע עבודה איבער די כוחות. מיר, מענער, אויב מיר וויכן נישט אויס דאָס מענטשלעכע, קענען גאַנץ גוט אין געוויסע לעבנס־סיטואַציעס אָט דאָס רחמנות־געפיל, וואָס איז קאָמיש אין אַלעמענס אויגן און איז וואַרשיינלעך אויך גאָר נישט אויפן אָרט; דער דאָזיקער מרידהשער „גענוג", וואָס וויל זיך אַרויס־רייסן פון אונזער ברוסט, כאָטש „עס" וויל נישט אויפהערן און דאַרף אַזוי אָדער אַנדערש דערפירט ווערן צו אַ סוף. מען פאַר־שטייט שוין, אַז מיר ריידן דאָ וועגן אונזער מאַן־און פאָטערשאַפט, וועגן דעם אַקט פון געבורט, צו וועלכן עללים מאַטערנישן זיינען אַזוי נישט־צווייִדייטיק און געוויי ענלעך געווען, אַזוי, אַז ס'האָט געזען די ענלעכקייט אַפילו יענער, וואָס האָט נאָך קיין חבלי־לידה נישט געזען, ווי אַ שטייגער, דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ, וועלכער האָט אויך נישט אויסגעווייכט דאָס לעבן און האָט קענען־געלערנט אָט־דעם אַקט, פול מיט אָרגאַנישער מיסטיק, אין דער דאָזיקער פאָרם! און אויף וואָס פאַר אַן אופן! און ביי וואָס פאַר אַ מצב! מ'האָט געמוזט אומ־באַדינגט באַצייכענען ווי סקאַנדאַליעזע סיי די אַלע סימנים און איינצל־הייטן פון דער דאָזיקער רויטבאַלויכטענער געבורט־שטוב; סיי די מיידלשע קאָמפּעטאָרין אין צעפּאַלדעוועטן שלאָפראָק און מיט די בלויזע אָרבל, סיי די וויטערדיקע אומשטאַנדן: די אומאויפהערלעכע לייכטע גראַמאָפאָן־מוזיק, די קינסטלעכע פלוידערייען וועלכע דער האַלב־רייז

האָט געמוזט פירן, די כּסדרדיקע פּריילעך אויפמונטערנדיקע צורופן מצד דעם עולם צו דער קעמפנדיקער: „האַלאָ, האָלגער! מוט! ס'וועט גיין! ניט נאָכלאָזן, האָלגער, אַרבעט כּסדר, ס'וועט שוין ווערן!" ס'איז אויך לחלוטין נישט געווען אַנדערש די לאַגע פונם „מאַן" (אויב מיר מעגן באַטראַכטן האַנס קאַסטאָרפן, וועלכער האָט אַרויסגעזאָגט דעם פאַרלאַנג, פאַר דעם מאַן), וועלכער האָט געהאַלטן די קניען פון דער „מוטער" צווישן זיינע און אירע הענט — אין זיינע. די דאָזיקע הענט זיינען אַזוי נאַס געווען, ווי אַמאָל דער קליינער לייליאַס, אַזוי אַז ער האָט כּסדר געמוזט אָנשטרענגען זיך, די זאָלן זיך נישט אַרויסגליטשן פון אים.

וואָרעם דער גאַנצער קאַמין האָט געזעצט מיט אַהיץ הינטער די רוקנס פון די זיצנדיקע.

מוזיק און הייליקונג? אָך, ניין, אַלץ איז פאַרגעקומען שרייענדיק און געשמאַקלאָז אין דער רויטער טונקלקייט, וואָס די אויגן האָבן זיך צו איר אויף אַזויפיל צוגעוווינט, אַז זיי האָבן מערווייניקער באַהערשט דאָס צימער. די מוזיק, די רופערייען האָבן דערמאָנט די פּראָפּאַגאַנדע־מעטאָדן פון דער אויסלייזונגס־אַרמיי. ס'האָט דערמאָנט דערין אויך אַזעלכע מענטשן, ווי האַנס קאַסטאָרפּ, וועלכער האָט נאָך קיינמאָל ניט ביייגעוואוינט אַ גאָט־פייערונג פון די דאָזיקע אויפגערוימטע קנאַים. כאָטש די סצענע איז געווען מיסטיש, סודותדיק, רעליגיעז, האָט זי פונדעסטוועגן נישט געהירקט געשפּענסטיש, נאַר, נאַטירלעך, אָרגאַניש — און דורך וואָס באַר אַ נאָענטער און אינטימער קרובהשאַפט האָבן מיר שוין געזאָגט. עללים אָנשטרענגונגען זיינען געווען ווי אַמין ווייטאָגן נאָך גוטשטאַנדן פון רו, בעת וועלכע זי איז געזעסן. אוממעכטיק איבערגעבויגן איבער דער שטול, אינגאַנצן אָן באַוואוסטזיין, דאָס, וואָס ד"ר קראָקאָווסקי האָט באַצייכנט ווי „טיף־טראַנס". דערנאָך איז זי ווידער אויפגעשפּרונגען, האָט געזיפצט, געוואָרפן זיך אַהער און אַהין, זיך אָנגעשפּאַרט, געקעמפט מיט אירע אויפזועערס, האָט אַריינגעשעפּטשעט עפּעס אין זייערע אויערן הייס און אָן שום זין, האָט געמאַכט זייטיק שליידערנדיקע באַוועגונגען, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס אַרויסטרייבן פון

זיך, האָט געקריצט מיט די ציין און האָט איינמאָל אַפילו אײנגע־בּיסן האַנט קאַסטאָרפּס אָרבּל.

ס'האָט זיך געצויגן אַזוי אַ שעה און לענגער. דערנאָך האָט דער פירער פון דער זיצונג געפונען פאַר נייטיק צו מאַכן אַ פּויזע. דער טשעך וווענצעל, וואָס האָט צוליב לייכטער אָפּוועקסלונג אָפּ־געשטעלט דעם גראַמאָפאָן און האָט זייער פלינק צוגעשפּילט אויף זיין גיטאַרע, האָט אַוועקגעשטעלט דעם אינסטרומענט אָן אַ זייט. מ'האָט אָפּזיפצנדיק אָפּגעלאָזט די הענט. ד"ר קראָקאָווסקי איז צו־געגאַנגען צו דער וואַנט און האָט אויפגעדרייט דאָס סופיט־ליכט. די ווייסע העלקייט האָט בלענדנדיק אויפגעשיינט, אַזוי אַז אַלע האָבן געמוזט פאַרמרוזשען די אויגן. עללי האָט געדרעמלט אַ טיף־אויסגעבויגענע, מיטן פּנים כמעט אויף דער שויס. מ'האָט געזען, אַז זי איז מאָדנע פאַרנומען, פאַרטאָן אין אַן עובדא, וועלכע האָט פאַר אַנדערע אויסגעזען צו זיין באַקאַנט, אָבער האַנס קאַסטאָרפּן האָט עס פאַרוואונדערט און געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. אין משך פון עטלעכע מינוט האָט זי מיט אירע הוילע הענט געפּאָ־רעט זיך אַרום אירע היפטן אַהער און אַהין. זי האָט אַ שאַר גע־טאָן מיט די הענט און זיי צוריקגענומען מיט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט עפּעס אָנגעשעפּט, ווי זי וואָלט עפּעס צונויפגעשאַרט און אָנגעזאַמלט. דערנאָך האָט זי עטלעכע מאָל אַ ציטער געטאָן און איז געקומען צו זיך. אויך זי האָט מיט נישט־צוגעוויינטע שלאָף־אויגן געפינטלט קעגן דער שיין און געשמייכלט.

זי האָט געשמייכלט — חנעוודיק און אַ ביסל פאַרשלאָסן אין זיך. דאָס רחמנות אויף איר מאַטערניש איז, ווייזט אויס, באמת גע־ווען איבעריק. מ'האָט ניט געזען, אַז זי זאָל זיין באַזונדערס אויס־געמוטשעט. זי איז געזעסן אין דאָקטאָרס פּאַציענטן־שטול ביי דער אַנדערער ברייטער זייט פון שרייב־טיש קעגן פענסטער, צווישן טיש און דעם שפּאַנישן ווענטל, וואָס האָט אַרומגענומען דעם שעזלאָנג. די שטול איז געשטאַנען אַזוי, אַז זי האָט געקאָנט אָנשפּאַרן די האַנט אויפן טיש, און זי האָט געקוקט אין צימער אַריין. דער עולם האָט זי געגלעט מיט געטרייטע בליקן, אויפמונטערנדיק צו־געשאָקלט צו איר מיטן קאָפּ, און זי איז זיך אַזוי געזעסן און

געשווינגן אין משך פֿון די גאַנצע פֿופֿצן מינוט, וואָס די פּיזע האָט געדויערט.

ס'איז געווען אַן אמתדיקע פּויזע — אַ פֿרייע און פֿול מיט מילדער סאַטיספֿאַקציע צוליב דער אָפּגעטאָגענער אַרבעט. די צי־גאַרן־פּושקעס ביי די מענער האָבן געקלאַפּט. מ'האָט גערויכערט מיט הנאה און מ'האָט שטייענדיק דאָ און דאָרט אין גרופּעס אַרומגע־שמועסט דעם כאַראַקטער פֿון דער זיצונג. מ'איז געווען ווייער ווייט דערפֿון, מ'זאָל האָבן ספֿקות, ס'זאָל קומען אויפֿן רעיון, אַז מ'וועט נישט דערגיין צו קיין שום רעזולטאַט. ס'זיינען געווען סימנים, וועל־כע האָבן געוויזן, אַז אַזאַ מין אומגלויבן איז נישט אויפֿן אָרט. יענע, וואָס זיינען געזעסן אין קעגנאיבערדיקן סוף פֿון האַלבן קרייז, ביים דאָקטאָר, האָבן אַלע געטענהט דאָס אייגענע, אַז זיי האָבן אַ סך מאָל און דייטלעך געשפּירט אַ קילן הויך, וואָס גייט רעגלמעסיק פֿון דעם מעדיום אין אַ באַשטימטער ריכטונג, בעת עס האַלטן ביים באַווייזן זיך פֿענאָמענען. אַנדערע זאָלן גאָר האָבן באַמערקט ליכט־דערשיינונגען, ווייסע פֿלעקן, וואַנדערנדיקע באַלעכ־לעך ענערגיע, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט באַוויזן פֿאַר דעם שפּאַנישן ווענטל. בקיצור, קיין שום יאוש! קיין שום ספֿקות! האָל־גער האָט געגעבן זיין וואָרט און מ'האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו צווייפֿלען, צי ער וועט עס מקיים זיין.

דר. קראָקאָווסקי האָט געגעבן אַ סימן, מ'זאָל ווידער אָנ־הויבן די זיצונג. בשעת די איבעריקע האָבן ווידער אויפֿגעזוכט זייערע ערטער, האָט ער אַליין צוריק צוגעפֿירט עללין צו איר בראָך־שטול, דערביי האָט ער געגלעט אירע האָר. אַלץ איז צוגעגאַנגען ווי פֿריער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַפֿילו געמאָלדן, אַז ער וויל זיך איצט באַ־פֿרייען פֿון דער עובדא צו זיין דער ערשטער קאָנטראָלער, אָבער דער פֿירער פֿון דער זיצונג האָט דאָס אָפּגעוואָרפֿן. ס'האָט פֿאַר אים אַ וואָרט, האָט ער געזאָגט, אַז יענער, וואָס האָט אַרויסגע־זאָגט דעם פֿאָרלאַנג, זאָל זיך קענען דירעקט איבערציינן, אַז יע־דע אָפּנאַרערישע מאַניפּולאַציע מצד דעם מעדיום איז פּראַקטיש

אויסגעשלאָסן. האַנס קאַסטאָרפּ האָט מְמילא ווידער אָנגענומען זיין אויסטערלישע פּאָזיציע מיט עללין. דאָס ליכט איז ווידער געוואָרן טונקל־רויט. די מוזיק האָט זיך אויסגעניי אָנגעהויבן. ווידער האָט עללי אין משך פון עטלעכע מינוט געהאַלטן אין איין אויפצי־טערן און מאַכן באַוועגונגען, ווי זי וואָלט עפּעס אָנגעפּאַטפּעט. דאָס־מאָל האָט האַנס קאַסטאָרפּ געמעלדן, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער „טראַנס". די סקאַנדאַלעזע חבלי־לידה האָבן זיך גענומען ציען ווייטער.

ווי שרעקלעך שווער ס'איז צוגעגאַנגען! ס'האָט אויסגעזען זיך נישט צו רירן פון אָרט, — און צי איז דאָס מעגלעך געווען? וואָס פאַר אַ שיגעון! פונוואַנען דער פאַרגלייך מיט מוטערשאַפט? אויפבינדונג — ווי אַזוי און פון וואָס? „העלפט! העלפט!" — האָט דאָס קינד געזיפצט, בשעת די ווייען האָבן געהאַלטן ביים איבער־גיין אין יענעם געפערלעכן דווערנדיקן קראַמף, וועלכן געלערנטע אַקושערן רופן אָן עקלאַמפּסיע. זי האָט גערופן דעם דאָקטאָר, ער זאָל אויף איר אַרויפלייגן די הענט. ער האָט עס געטאָן און דערביי זיך קערנדיק באַרויקט. די מאַגנעטיזירונג, אויב ס'עקסיסטירט אַזעלכע, האָט איר געגעבן כוחות צום ווייטערדיקן קאַמף.

אַזוי־אַרום איז אַריבער די צווייטע שעה. די גיטאַרע האָט אין דער צייט אַלעמאָל אויפגעשפּילט און דער גראַמאָפאָן האָט אַרויסגעזונגען די שטיקער פון לייכטן אַלבאָם. די אויגן האָבן זיך שוין ווידער געהאַט צוגעוווינט צום ליכט. פּלוצלונג איז געשען עפּעס אינמיטן און האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען דער גורם דערפון. ער האָט געגעבן אַן אָנרעגונג צו עפּעס, האָט אַרויסגעזאָגט אַ באַר־לאַנג און אַן אידעע, מיט וועלכער ער האָט זיך אַרומגעטראָגן נאָך פון פריער, אייגנטלעך פון כאַמע אָנהייב אָן, און מיט וועלכער ער וואָלט אייגנטלעך פריער געדאַרפט אַרויס. עללי איז געלעגן, האָט אָנגעשפּאַרט דאָס פּנים אויף אירע צוגעהאַלטענע הענט, איז גע־ווען אין „טיף־טראַנס" אין העכער וועגנצל האָט געהאַלטן ביי טוישן אַ פּלאַטע. אָדער זי איבערדרייען. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך אונזער פריינט אַנטשלאָסן און האָט געזאָגט, אַז ער האָט צו מאַכן אַ פאָרשלאָג, — אַ אומבאַדייטנדיקן, אַגב, אָבער דאָך

קאָן דאָס אפשר ברענגען נוצן. ער האָט דאָ.... דאָס הייסט: צווישן דעם פלאַטן־קאָמפּלעט פון דער אַנשטאַלט איז פאַראַן אַ נומער, „פויסט“ פון גונאָ, וואַלענטינס אַ געבעט, אַ באַריטאָן מיט אַן אָרקעסטער, זייער אַ רירנדיקע אַריע. ער, קאַסטאָרפּ, האַלט, אַז מ׳וואָלט געדאַרפט אַ פּרוּוו־טאָן מיט דער דאָזיקער פּלאַטע.

— און פאַרוואָס עפּעס? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט דורך דער רויטער טונקלקייט...

— אַ שטימונגס־ענין — אַ געפיל־זאַך — האָט געענטפערט דער יונגערמאַן. דער גייסט פון יענעם שטיק איז אַ מאָדנער און ספּעציפישער. מ׳וואָלט געדאַרפט פּרוּוון. לויט זיין מיינונג, איז ניט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן, אַז דער דאָזיקער גייסט און כאַראַקטער זאָלן פאַרקירצן דאָס, וואָס ס׳קומט דאָ פאָר.

— די פּלאַטע איז דאָ אויפן אָרט? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

ניין, דאָ איז זי נישט. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ קאָן זי גאַנץ פּשוט ברענגען.

— וואָס פאַלט איך איין! — קראָקאָווסקי האָט דאָס תיכף דעצידירט אָפּגעוואָרפן. — וואָס? האַנס קאַסטאָרפּ וויל גיין און קומען, עפּעס ברענגען און דערנאָך ווידער אָנהייבן די איבעריקע אַרבעט? די אומדערפאַרנקייט רעדט אַרויס פון אים. ניין, דאָס איז פּשוט אוממעגלעך. אַלץ וואָלט קאַליע געוואָרן, מ׳וואָלט געדאַרפט אָנהייבן אויפסניי. אויך די וויסנשאַפטלעכע עקזאַקטקייט דערלויבט נישט, מ׳זאָל אַפילו טראַכטן וועגן אַזאַ מין סתם אַריין־און אַרויסגיין. די טיר איז פאַרשלאָסן. ער, דער דאָקטאָר, טראָגט דעם שליסל ביי זיך אין קעשענע. בקיצור, אויב די פּלאַטע איז נישטאָ אויפן אָרט, מוז מען — — ער האָט נאָך עפּעס גערעדט, אָבער פּלוצלונג האָט דער טשעך זיך אָנגערופן פון גראַמאָפאָן אַהער:

— די פּלאַטע איז דאָ.

— דאָ? — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט.

— יאָ, דאָ, מאַרגערעט, געבעט פון וואַלענטין. ביטע זייער. זי איז צופעליק געלעגן אין לייכטן אַלבאָם און נישט אין גרינעם אַריען־אַלבום נומער II, וואו זי וואָלט געדאַרפט ליגן לויטן סדר.

זי איז צופעליק, אומערווארטעטערווייז, צוליב פּאַרזען און טאַקע אויך אַ דערפרייענדיקן אומפּן געלעגן צווישן די לייכטע זאַכן און מ'האָט זי בלויז געדאַרפט לאָזן.

וואָס האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט דערצו? ער האָט גאָר נישט געזאָגט. דער דאָקטאָר האָט געענטפערט: „איז נאָך בעסער", און די איבעריקע האָבן עס נאָכגעזאָגט. די נאָדל האָט גענומען רייבן, דאָס דעקל איז אַראָפּגעפאַלן. און עס האָט גענומען קלינגען מענלעך אונטער באַגלייטונג פון כאָר: „און ווען כ'זאָל מוזן פאַרלאָזן" —

קיינער האָט נישט גערעדט. מ'האָט זיך איינגעהערט. באַלד ווי דאָס געזאַנג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט עללי באַנייט איר אַרבעט. זי איז אומגעשפּרונגען, האָט געציטערט, געאָכצט, געפּאָמפּעוועט און ווידער אומגעהויבן די גליטשיק-נאַסע הענט צום שטערן. די פּלאַטע איז געלאָפן. ס'איז געקומען דער מיטלסטער טייל מיט דעם שפּרינגענדיקן ריטם, די שטעל פון קאַמף און געפאַר, דרייסט, פרום און פראַנצויזיש. באַלד איז עס אַדורך, ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער כוף, די אָרקעסטראַל-פאַרשטאַרקטע דאַ-קאַפּאָ פון אָנהייב מיטן מעכטיקן קלאַנג: אָ, האַר פון הימל, הער מיין געבעט —

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט צו טאָן מיט עללין. זי האָט זיך אויפגעריכט, האָט דורך דער פאַרשטיקטער קעל אַריינגעצויגן לופט, דערנאָך איז זי אויפזיפצנדיק צוריק אַוועקגעפאַלן און איז געבליבן שטיל. ער האָט זיך זאָרגעוודיק איבערגעבויגן איבער איר, אָבער פּלוצלונג האָט ער דערהערט דער פרוי שטערס קוויטשענדיק, זיפצנדיק קול:

— צים—סען —!

ער האָט זיך נישט אומגעהויבן. ער האָט דערפילט אין מויל אַ ביטערן טעם. ער האָט געהערט ענטפערן אַן אַנדער קול טיף און קאַלט:

— איך זע אים שוין לאַנג.

די פּלאַטע איז אָפּגעלאָפן, דער לעצטער בלאָז-אַקאָרד איז פאַרשטילט געוואָרן. אָבער קיינער האָט נישט פאַרהאַלטן דעם אינסטרומענט. די נאָדל האָט ווייטער ליידיק געקראַצט אינמיטן דער

פלאַטע. דעמאָלט האָט האַנס קאַסטאָרפּ אויסגעהויבן דעם קאָפּ און זיינע אויגן זיינען, נישט זוכנדיק, אַוועק אויפן ריכטיקן וועג.

אין צימער איז געווען מיט איינעם מער ווי פריער. דאָרט, זייטיק פון עולם, אין הינטערגרונט, וואו די רעשט פון דער רויטער ליכט איז כמעט איבערגעגאַנגען אין פינסטערניש, איז געזעסן יאָאַכים, צווישן דעם שרייב־טיש און דעם שפּאַנישן ווענטל, אויף דעם דאָקטאָרס פּאַציענטן־שטול, וואָס איז אויסגעדרייט געווען צום צימער, דאָרטן, וואו עללי איז געזעסן בשעת דער פויזע. עס איז געווען יאָאַכים מיט די שטענדיקע אַריינגעפאַלענע באַקן און מיט דער קריגס־באָרד, ווי אין די לעצטע טעג זיינע. פון דאָרטן האָבן זיך די ליפּן געוועלבט אַזוי פול און שטאָלץ. ער איז געזעסן אָנגעלענט און האָט געהאַלטן איין פוס פאַרלייגט אויפן צווייטן.

אין זיין אָפּגעצערט פּנים האָט מען דערקאָנט דעם חותם פון ליידן, כאָטש עס איז געווען באַשאָטנט פון אַ קאָפּ־באַדעקונג, און אויך דעם אויסדרוק פון ערנסט און שטרענגקייט, וואָס האָט צוגעגעבן דעם פּנים אַזאַ מענלעכע שיינקייט. אויף זיין שטערן צווישן די אויגן זיינען געשטאַנען צוויי קנייטשן, וואָס האָבן זיך אַיינגעגראָבן טיף אין די ביינערדיקע הייל, פונדעסטוועגן האָט עס נישט פאַרמינערט די מילדקייט אין בליק פון אָט־די שיינע, גרויס־טונקעלע אויגן, וואָס זיינען שטיל און פריינטלעך־פאָרשנדיק געווענדט צו האַנס קאַסטאָרפּן, צו אים אַליין. מ'האָט דערקאָנט זיינע אָפּשטייענדיקע אויגן, צוליב וועלכע ער האָט אַמאָל געהאַט צרות, אונטער דער קאָפּ־באַדעקונג. עס איז געווען אַן אויסטערלישע באַדעקונג. יאָאַכים איז נישט געווען אין ציוויל־קליידונג. זיין שווערד איז, דאַכט זיך, געהאַנגען איבער די פאַרלייגטע פיס, ער האָט געהאַלטן די הענט אויף דעם אָנגעם און מ'האָט דערקאָנט אויף זיין פּאַסיק עפּעס אַזוינס, ווי אַ פּיסטוילן־בייטל. פונדעסטוועגן איז דאָס, וואָס ער האָט געטראָגן, נישט געווען קיין אמתדיקער באַקאַנטער מונדיר. מ'האָט דערויף נישט באַמערקט קיין שום בלאַנקענדיקס, קיין שום פאַרביקס. ס'איז דאָ געווען אַ פאַרלייגטער קראַגן און זייטן־קעשענעס און ערגעץ גאָר נידעריק איז געהאַנגען אַ קרייץ. יאָאַכימס טריט האָבן אויסגעזען גרויס און די פיס — זייער דין. זיי

האָבן אויסגעזען צו זיין ענג פאַרוויקלט, גיכער ספּאָרטיש ווי מיליטעריש. און וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ קאָפּ־באַדעקונג? ס׳האָט אויסגעזען גלייך ווי יאָאַכים וואָלט זיך אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ פעלד־געשיר, אַ מין טאָפּ, באַפעסטיקט מיט אַ באַנד אונטער דער גאָמבע. פונדעסטוועגן האָט עס אויף אַ מערקווערדיקן אופן געווירקט פאַרצייטישדיק, האָט דערמאָנט אין אַ לאַנד־קנעכט און אים צוגעגעבן אַ קריגערישן אויסזען.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געשפּירט עלי׳ן בראַנדס אָטעם אויף זיינע הענט. לעבן זיך האָט ער געהערט דער קלעפּעלדס אָטעם, וואָס איז געגאַנגען האַסטיקער. אויסער דעם האָט מען גאָרנישט געהערט, אַחוץ דעם אומאויפהערלעכן גערויש אין רייבונג פון דער פּלאַטע, וואָס האָט, נישט ווערנדיק פון קיינעם אָפּגעשטעלט, ווייטער ראָטירט אונטער דער נאָדל. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט צו קיינעם פון זיין קאָמפּאַניע, האָט גאָרנישט געוואָלט ביי זיי זען און וויסן. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די קניען און האָט קרום איבער די הענט געגלאָצט דורך דער רויטער טונקלקייט צום גאַסט אויף דער שטול. אַ רגע האָט זיך געדאַכט, אַז דער מאָגן זיינער וועט זיך איבערקערן. די קעל איז אים ענג געוואָרן און ער האָט פיר אָדער פינף מאָל קראַמפּנדיק אַ שלוקערץ געטאָן. — זיי מוחל! — האָט ער אַריינגעשעפּטשעט אין זיך. דערנאָך זיינען אים איבערגעגאַנגען די אויגן און ער האָט מער גאָרנישט געזען.

ער האָט געהערט שעפּטשען: רעדט עפּעס צו אים! — ער האָט געהערט ד״ר קראָקאָווסקיס באַריטאָנאַלע שטים אָנרופן זיין נאָמען פייערלעך און מונטער און — איבערחזרן די אויפפאָדערונג. אָבער אָנשטאָט צו האָרכן אים, האָט ער אַפּערגענומען זיינע הענט פון אונטער עלי׳ס פּנים און איז אויפגעשטאַנען.

ווידער האָט ד״ר קראָקאָווסקי גערופן זיין נאָמען — דאָסמאָל מיט אַ שטרענג־דערמאָנענדיק קול. אָבער האַנס קאַסטאָרפּ איז מיט עטלעכע טריט שוין געווען ביי די טרעפּ פון דער אַיינגאַנגס־טיר און האָט מיט איין באַוועגונג אויפגעדרייט די ווייסע ליכט.

עללי בראַנד האָט באַקומען אַ שווערן אַטאַק. זי איז אַריינגעפאַלן אין קלעפּעלדס אָרעמס. יענע שטול איז געווען ליידיק.

קראָקאָווסקי האָט זיך איינגעשטעלט און האָט פּראָטעסטירט, און האַנס קאַסטאָרפּ איז צו אים צוגעגאַנגען, שטייענדיק האַרט לעבן אים. ער האָט געוואָלט רײדן, אָבער זיינע ליפּן האָבן נישט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט מיט אַ באַפעלנדיקער קאָפּ־באַוועגונג. היות ער האָט באַקומען דעם שליסל, האָט ער דעם דאָקטאָר אַ סך מאָל דראָענדיק צוגעשאָקלט אין פּנים אַריין, האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַרויס פון צימער.

---

## די גרויסע צערייצטקייט

ווי די יאָרעלעך זיינען אַזוי געגאַנגען, האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס טאָן אין בערגהאָף, ס'האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ גייסט, וועגן וועלכן האַנס קאַסטאָרפּ האָט געאַנט, אַז ער שטאַמט דירעקט פון יענעם דעמאָן, וואָס זיין שלעכטן נאָמען האָבן מיר שוין אַמאָל אָנגערופן. ער האָט שטודירט דעם דאָזיקן דעמאָן מיט דער אומפאַראַנטוואָרטלעכער נייגעריקייט פון אַ מענטש, וואָס פאַרט זען אַ וועלט. ער האָט אַפילו געפונען אין זיך געפערלעכע מעגלעכקייטן אָנטיילצונעמען מיט אַלע אַרום דער שרעקלעכער עבודה צו אים. ער האָט געפילט, אַז לויט זיין כאַראַקטער איז ער ווייניק מסוגל צו דינען יענעם וועזן. וואָס האָט איצט גענומען וואַקסן, כאָטש זיינע שרשים האָבן, אַקוראַט ווי דאָס אַמאָליקע, זיך אַרומגעוויזן נאָך פריער פון צייט צו צייט. פונדעסטוועגן האָט ער געפילט מיט שרעק, אַז אויב ער וועט זיך אַ ביסל לאָזן מיטשלעפּן, וועט ער אויך מיט זיינע תּנועות, רייד און האַלטונג אַריינפאַלן אין יענער עפּידעמיע, פון וועלכער קיינער בלייבט נישט אומבאַרירט.

וואָס איז געשען? וואָס איז געלעגן אין דער לופט? — מחלוקת. אַן אויפרעגונג און צערייצטקייט. אַן אומגעדולדיקייט אָן אַ פאַרוואָס. אַן אַלגעמיינע נייגונג צו גיפטיקע ווערטער צו כעס־אויסברוך, אַפילו צו געשלעג. אַ פאַרביטערטער קאַמף, אַ ווילד געשרייערײ פלעגט אויסברעכן יעדן טאָג סיי מצד איינצלנע, סיי פון גאַנצע גרופּן. דאָס כאַראַקטעריסטישע איז געווען דאָס, וואָס די נישט־

באַטייליקטע האָבן נישט בלויז נישט צעריסן די אָנפאַלנדיקע און נישט אַריינגעלייגט זיך אין שלום, נאָר האָבן אפילו גענומען דע־רין אַ הייסן אָנטייל און האָבן זיך אויך אינערלעך איבערגעגעבן דער צעטומלעניש. מ׳איז בלאַס געוואָרן און מ׳האָט אויפגעצי־טערט. די אויגן האָבן גענומען בלישטשען, די מיילער האָבן זיך אויסגעקרימט ליידנשאַפטלעך. מ׳האָט מקנא געווען די אַקטיווע צו־ליב דעם רעכט, צוליב דער סיבה צו שרייען. דער גוף און די נשמה זיינען געפייניקט געוואָרן פון אַ פאַרצערנדיקן חשק דאָס נאָכצוטאָן, און ווער ס׳האָט נישט געהאַט דעם כוח צו אַנטלויפן אין דער איינזאַמקייט — איז אַ פאַרפאַלענער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאָכעניש. אין דער אַנשטאַלט בערגהאָף זיינען אַלץ אָפ־טער געוואָרן די פוסטע קאָנפליקטן, די קעגנזייטיקע באַליידיקונגען אַפילו פאַר די דאָקטוירים אין די אויגן. די דאָקטוירים האָבן זיך באַמיט צו לינדערן די מחלוקתן, האָבן זיך אָבער לייכט דערשראָקן און אַליין אַריינגעפאַלן אין דער רוישיקער גראָבקייט. ווער ס׳איז אַוועק בײַ אַ געזונטער אַטמאָספער, האָט נישט געוואוסט, בײַ וואָס פאַר אַ שטימונג ער וועט צוריקקומען. אַ מיטגליד פון גוטן רוסן־טיש, אַן אמת עלעגאַנטע פּראָווינץ־דאַמע פון מינסק, נאָך אַ יונגע און אַ לייכט־קראַנקע (מ׳האָט איר דיקטירט דריי חדשים, נישט מער), איז אין איינעם אַ טאָג אַוועק אין שטעטל, אונטן, כּדי עפּעס אײַנצוקויפן אין פראַנצויזישן קאָנפעקציע־געשעפט. דאָרטן האָט זי זיך אַזוי ווייט צעקריגט מיט דער פאַרקויפערין, אַז זי איז אַהיים־געקומען אין דער גרעסטער אויפרעגונג, האָט באַקומען אַ בלוט־שטורץ און איז פון דעמאָלט אָן שוין אָנגעגאַנגען פאַר אַן אומ־היילבאַרער. מ׳האָט אַרויסגעפאָדערט אַהער איר מאַן און מ׳האָט אים געמאָלדן, אַז זי מוז שוין דאָ פאַרבלייבן לעולם־ועד.

דאָס איז געווען אַ בײַשפּיל דערפון, וואָס ס׳האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן. מיט ווידערווילן מ׳זן מ׳ר ברענגען נאָך אַנדערע בײַשפּילן. עמעץ פון די לייענער וועט זיך דערמאָנען אין דעם שילער, אָדער געוועזענעם שילער מיט די קיילעכיקע ברילן, וואָס איז געזעסן בײַ פרוי סאַלאָמאָנס טיש, אין דעם דאָזיקן נעבעכדיקן יונגן מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַ רגילות צוזאַמענצושנײַדן זיין פּאָרציע אויף קליינע

שטיקלעך אין דערנאָך, דאָס אַלץ אונטערשפּאַרנדיק זיך, אַראָפּצישלינ=
גען. דערביי פלעגט ער מיטן סערוועט אַריינפאָרן הינטער די דיקע
אויגן==גלעזער. מילא, איז אָט=דער שילער, אָדער אַמאָליקער שי=
לער דאָ געזעסן די גאַנצע צייט, האָט געשלונגען, זיך געווישט
די אויגן און האָט נישט געגעבן קיין שום סיבה, מ'זאָל זיך פאַר=
אינטערעסירן מיט זיין פערזאָן. מ'האָט אים פּשוט קוים באַמערקט.
איצט פונדעסטוועגן האָט ער אין איינעם אַ פרימאָרגן בעתן ערשטן
פרישטיק גאַנץ איבעראַשנדיק און פון דער העלער הויט, אַזוי
צו זאָגן, פלוצלונג באַקומען אַן אַטאַק פון כעס, וואָס האָט אַלע=
מען איבערגערודערט און האָט דעם גאַנצן עס=זאַל געשטעלט אויף
די פיס. ס'איז געוואָרן אַ טומל אַרום אים. ער איז געזעסן אַ
בלייכער און האָט געשריגן צו דער קאַרליקיכע, וואָס איז געשטאַ=
נען לעבן אים. איר זאָגט ליגן! — האָט ער זיך אַליין איבערגע=
שריגן. — די טיי איז קאַלט! אַייז=קאַלט איז די טיי, וועלכע איר
האָט מיר געברענגט, איך וויל זי נישט, פאַרזוכט אַליין, איידער
איר זאָגט ליגן, וועט איר זען, אַז ס'איז אַ ביסל לוילעך וואַ=
סער און קיין אָנשטענדיקער מענטש וועט דאָס בכלל נישט טרינ=
קען! ווי קאָנט איר עס וואַגן מיר צו ברענגען אַייז=קאַלטע טיי, ווי
קאָן עס אַייך קומען אויפן געדאַנק און ווי קאָנט איר זיך דאָס אַיינ=
ריידן, אַז איר וועט מיר געבן אַזאַ לוילעכע חזיריי און איך זאָל עס
נאָך טרינקען?! איך טרינק עס נישט! איך וויל עס נישט: —
האָט ער געקוויטשעט און האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין טיש
מיט ביידע פויסטן, אַז דאָס גאַנצע געשיר אויפן טיש האָט גע=
נומען קלינגען און טאַנצן. — איך וויל הייסע טיי! הייסע טיי.
ס'זאָל זידן, וויל איך, איך קאָן דאָס פאַרלאַנגען פאַר גאָט און פאַר
לייטן. איך וויל נישט די טיי, איך וויל קאָכעדיקע, זאָל איך
שטאַרבן אויפן אָרט, אויב איך וועל כאָטש איין שלוק — — פאַר=
שאָלטענער קריפּל!!: — האָט ער אויף איינמאָל אַ ריטש גע=
טאָן, איז ווי אויף איינמאָל אַרויס פון די כלים און איז אַריין
אין דער סאַמע עקסטרעמער צעלאָזנקייט און שיגעון. ער האָט אויפ=
געהויבן די פויסטן קעגן עמערענציאַ און האָט איר ממש געוויזן
זיינע שוימיקע ציין. דערנאָך האָט ער ווידער געקלאַפּט, געטופּעט

און כסדר געדעוועט „איך וויל“, „איך וויל נישט“ — — אין זאַל איז דערווייל צוגעגאַנגען ווי אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן. מ'האָט געקוקט אויף דעם שילער מיט מוראדיקער און נערוועזער סימפּאַטיע. טייל זיינען אויפגעשפּרונגען און האָבן זיך צוגעקוקט צו אים אויך מיט געבאַלטע פויסטן, פאַרהאַקטע ציין און מיט גליענדיקע בליקן. אַנדערע זיינען געזעסן בלייך מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און האָבן געציטערט. זיי זיינען געבליבן אַזוי אַפילו נאָכדעם ווי דער שילער איז שוין געהאַט לאַנג צוריק געזעסן אַן אויסגעמאַטערטער ביי זיין פרישער טיי און זי נישט געטרונקען.

וואָס איז דאָ געשען?

צווישן עולם פון „בערגהאָף“ איז אָנגעקומען איינער אַן אַמאָליקער סוחר, אַ דרייסיק־יעריקער, אַ מענטש, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט היץ און האָט געוואַנדערט פון סאַנאַטאָריע צו סאַנאַטאָריע. דער מענטש איז געווען אַ קעגנער פון יידן, אַן אַנטיסעמיט, ער איז עס געווען פּרינציפּיעל און ספּאָרטמעסיק, מיט פריידיקער פאַרביסנקייט. די דאָזיקע פאַרניינונג איז געווען דער שטאָלץ און דער אינהאַלט פון זיין לעבן. ער איז אַמאָל געווען אַ סוחר, איצט איז ער עס מער נישט געווען, ער איז מער גאָרנישט געווען אויף דער וועלט, אָבער אַ יידנפיינט איז ער געבליבן. ער איז געווען זייער ערנסט קראַנק, האָט שטאַרק און צוגעדושעט געהוסט און ס'האָט אויסגעזען טיילמאָל, ווי ער וואָלט געניסט מיט דער לונג הויך, קורץ, איינמאָליק, אומהיימלעך. אָבער קיין ייד איז ער נישט געווען און דאָס איז געווען דאָס פּאָזיטיווע אין אים. זיין נאָמען איז געווען ווידעמאַן, אַ ריין קריסטלעכער נאָמען. ער האָט אַבאָנירט אַ צייטשריפט, וואָס האָט געהייסן „דער אַרישער פאַקל“ און האָט געגעהאַלטן אַזעלכע מיני דרשות:

— איך קום צו פאָרן אין סאַנאַטאָריום X אין א... וואו איך וויל מיך אינסטאַלירן אין דער ליג־האַלע, — ווער ליגט אויף אַ ליג־שטול לינקס פון מיר? דער הער הירש! ווער ליגט רעכטס? דער הער וואָלף. פאַרשטייט זיך, אַז כ'בין תיכף אַוועקגעפאָרן — און אַזוי ווייטער.

— ס'איז דיר ווייער נייטיק! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געטראַכט מיט אַן אָפּגייגונג.

ווידעמאַן האָט געהאַט אַ קורצן, לאָקערנדיקן בליק. ער האָט פּאַקטיש און נישט לשם פּאַרגלייך אויסגעזען אַזוי, גלייך ווי האַרט ביי זיין נאָז וואָלט עפּעס געהאַנגען, אויף וואָס ער שיקלט בייז און הינטער דעם זעט ער מער גאָרנישט. די נעגאַטיווע אידעע, וועלכע האָט אים באַהערשט, איז פּאַרוואַנדלט געוואָרן ביי אים אין אַ ביסנדיקן חשד, אין אַ אומרויִקער פּאַרפּאָלגונגס-מאַניע, וועלכע האָט אים געטריבן צו דעמאַסקירן און צו באַדעקן מיט שאַנד אומריינקייט, וועלכע האָט זיך, ווי עס האָט אים אויסגעוויזן, נאָענט פון אים פּאַרבאַהאַלטן אָדער פּאַרמאַסקירט. ער האָט דערקוטשעט, האָט תּושד געווען און האָט געשאָטן מיט גאַל, וואו ער איז געשטאַנען און געגאַנגען. בקיצור, זיין איינציקע עובדא איז געווען צו שטעלן צום שאַנד-סלופּ אַלדאָס לעבעדיקע, וואָס האָט נישט געהאַט די איינציקע מעלה, וואָס ער האָט יאָ פּאַרמאָגט, אין דאָס האָט אים אויסגעפּילט די טעג.

די אינערלעכע לאַגע, אויף וועלכער מיר האָבן דאָ מרמז געווען, האָט אויסערגעוויינלעך פּאַרערגערט די ליידן פון אָט דעם מענטש. היות ער האָט אויך דאָ זיך געמוזט אָנשטויסן אויף לעבן, וואָס האָט געהאַט יענע הסרונות, פון וועלכע ער, ווידעמאַן, איז פריי געווען, איז במילא אונטער דעם איינפלוס פון דער גאַנצער שטימונג געקומען צו יענער סצענע, וועלכע ס'איז האַנס קאַסטאָרפּן באַשערט געווען ביי צו וואוינען און וועלכע מוז אונז דינען פאַר אַ צווייטן ביישפּיל פון דעם געשילדערטן מצב.

וואָרעם ס'איז דאָ געווען נאָך אַן אַנדער מענטש. דעמאַסקירן איז דאָ נישט געווען וואָס, אויף וויפל ס'איז נוגע אים, ווייל די זאַך איז געווען קלאָר. דער דאָזיקער מענטש האָט געהייסן זאָנענשיין און היות מ'קאָן שוין ערגער נישט הייסן, איז ממילא זאָנענשיין פון ערשטן טאָג אָן געוואָרן די לונג-און-לעבער איבער ווידעמאַנס נאָז, אויף וועלכער ער האָט געקוקט שאַרף און בייז און זי געקלאַפּט, נישט כדי עס אַוועקצויאָגן, נאָר כדי זי צו צעוויגן און זיך אַזוי-אַרום נאָך מער צו צערייצן.

זאָנענשיין, אַ סוחר, אַקוראַט ווי יענער, איז אויך געווען ערנסט קראַנק און קרענקלעך עמפּינדלעך. עס איז געווען אַ פריינטלעכער מענטש, נישט קיין נאַרישער און אַפילו פון דער נאַטור מיט הומאָר, אָבער ער האָט אויך פון זיין זייט פיינט געהאַט כמעט ביז ווייטאָג ווידעמאַנען פאַר זיינע שטעך-ווערטער און טשעפּען זיך און אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איז זיך די גאַנצע האַלע צונויפגעלאָפן, ווייל ווידעמאַן און זאָנענשיין האָבן זיך אויף אַ צעלאָזענעם און חישהן אופן געשלאָגן.

ס'איז געווען אַ מוראדיק און יאָמערדיק בילד. זיי האָבן זיך געקייקלט ווי קליינע יינגלעך — אָבער מיט דער פאַרצווייפלונג פון דערוואַקסענע מענער, וואָס זיינען דערגאַנגען אַזוי ווייט. זיי זיינען אַריין איינער דעם אַנדערן מיט די נעגל אין פנים, האָבן זיך געריבן ביי די נעז און ביי די גאָרגלען און דערביי זיך געקלאַפּט, האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, האָבן זיך אויף אַ מוראדיקן און לעצטן אופן געוואַלגערט אויף דער ערד, זיך באַשפּיגן, געטרעטן איינער איפן אַנדערן, געשטויסן, געריסן, געזעצט זיך און געשוימט. דאָס ביוראָ-פּערסאָנאַל, וואָס איז זיך צונויפגעלאָפן, האָט מיט גרויס מי פונאַנדערגעריסן די פאַרביסענע און צונויפגעקנאָדערטע. ווידעמאַן האָט געשפּיגן און געבלוטיקט, האָט געהאַט אַ ווילד פנים און די האָר האָבן זיך אים ממש געשטעלט קאַפּויר. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געהאַט געזען און נישט געגלויבט, אַז ס'קאָן זיך טרעפן. אָבער ביים הער ווידעמאַן האָבן זיך די האָר איבערגעשטעלט שטאַר און שטייף און אַזוי איז ער אַוועקגעלאָפן. ביים הער זאָנענשיין איז איין אויג געווען בלוי פאַרלאָפן און ער האָט געהאַט אַ בלוטיקן לאָך אין דעם קראַנץ שוואַרצע לאָקיקע האָר. מ'האָט אים אַוועקגעפירט אין ביוראָ, וואו ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען ביטער וויינען אין די הענט אַריין.

אַזוי איז דאָס געשען מיט ווידעמאַן און זאָנענשיין. אַלע, וואָס האָבן דאָס צוגעזען, האָבן שעהן-לאַנג נאָך געציטערט. ס'איז דערפאַר לגבי דער פריערדיקער געמיינקייט אַ נחת צו דערציילן פון אַן אמתדיקער ערן-אַפערע, וואָס געהער אויך צו יענעם פעריאָד און וואָס איז ממש לעכערלעך געווען צוליב דער פאָרמעלער פייער-

לענקייט, ווי אַזוי ס'איז געשען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס נישט בייגעוואוינט אין די איינצלנע פאַזן, נאָר האָט זיך דערוואוסט פון דעם דראַמאַטישן און פאַרוויקלטן ענין דורך דאָקומענטן, דערקלערונגען און פּראָטאָקאָלן, וועלכע זיינען זיך צעגאַנגען סיי אין דער סאַנאַטאָריע און אויך אויסער איר, דאָס הייסט, נישט בלויז אויפן אָרט, אין קאַנטאָן, אין לאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד און קיין אַמעריקע זיינען אַוועק קאָפּיעס און צו אַזעלכע מענטשן, וועגן וועלכע מ'האָט אָן שום קלנצן געמוזט זיין זיכער, אַז מ'וועט אַפילו ביי זיי נישט געפינען קיין טראָפּן אינטערעס דערצו.

עס איז געווען אַ פּוילישער ענין, אַן ערן-מעשה, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן דער פּוילישער גרופּע, וואָס האָט זיך לעצטנס צונויפגעטראָפן אין „בערגהאָף“, אַ גאַנץ קליינע קאָלאָניע, וואָס האָט באַזעצט דעם גוטן רוסן-טיש (אַגב, האַנס קאַסטאָרפּ איז מער דאָרטן נישט געזעסן, נאָר איז מיט דער צייט אַריבער צו דער קלעפּעלדס טיש, דערנאָך צו דער סאָלאָמאָנס און צום סוף צו דער פרייליין לעווים). די געזעלשאַפט איז געווען אַזוי עלעגאַנט און ריטערלעך צוגעפּוצט, אַז מ'האָט בלויז געקאָנט פאַרציען די ברעמען און גרייט זיין אויף אַלץ. ס'איז דאָרט געווען אַ פּאָר-פּאָלק, אַ פרייליין, וואָס איז געשטאַנען אין פריינטשאַפטלעכע באַציִונגען מיט איינעם פון די הערן און אויסער דעם לויטער קאַוואַליערן. זיי האָבן געהייסן מיט אַזעלכע נעמען ווי פאָן זשולאַווסקי, ציעשינסקי פאָן ראָשינסקי, מיכאַל לאָדיגאָווסקי, לעאָן פאָן אַסאַראַפּעטיאַן און ענלעכע. אין רעסטאָראַן פון „בערגהאָף“ איז ביים שאַמפּאַניער געשען, אַז אַ געוויסער יאַפּאָל האָט אין דער קעגנוואַרט פון צוויי אַנדערע קאַוואַליערן אויסגעדריקט זיך מיאוס וועגן הער פאָן זשולאַווסקיס ווייב און אויך וועגן לאָדיגאָווסקיס פריינדין, וואָס האָט געהייסן קרילאָוו. דער רעזולטאַט דערפון זיינען געווען שריט, מעשים און פאָרמאַליען, וועלכע זיינען באַשריבן געווען אין די צעטיילטע און צעשיקטע אָפּשרייבונגען. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געלייענט:

דערקלערונג, איבערגעזעצט פון דעם פּוילישן אָריגינאַל. אין 27 מערץ ....19 האָט זיך הער סטאַניסלאַוו פאָן זשולאַווסקי געווענדט צום הער ד"ר אַנטאָני ציעשינסקי און סטעפאַן פאָן ראָ-

שינסקי מיט דער ביטע, זיי זאָלן זיך אין זיין נאָמען ווענדן צום הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל, כדי צו פאַרלאַנגען פון אים לויטן אָנגעוויזענעם וועג פון ערן־קאָדעקס אַ סאַטיספאַקציע פאַר דער שווערער באַליידיקונג און רכילות, וועלכע הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל האָט געוואָרפן אויף זיין פרוי יאַדוויגאַ פאָן זשילאַווסקאַ אין אַ שמועס מיט די הערן יאַנוש טעאָפיל לענאַרט און לעאָ פאָן אַסאַראַפּעטיאַן.

בעת הער זשולאַווסקי האָט זיך דערהאַוסט מיט עטלעכע טעג צוריק אומדירעקט פון דעם איבערמאָנטן שמועס, וואָס איז פאָרגעקומען סוף נאָוועמבער, האָט ער תיכף אונטערגענומען שריט, כדי צו באַקומען אַ פולע זיכערקייט וועגן דעם פאַקט און מהות פון דער באַליידיקונג. נעכטיקן טאָג, דעם 27טן מערץ ...19 איז די רכילות און די באַליידיקונג פעסטגעשטעלט געוואָרן מצד דעם הער לעאָ פאָן אַסאַראַפּעטיאַן, דער אוממיטלבאַרער עדות פון שמועס, אין וועלכן ס'זיינען געפאַלן די באַליידיקונגען און רכילות. צוליב דעם האָט דער הער סטאַניסלאַוו פאָן זשולאַווסקי געפונען פאַרנייטיק זיך תיכף צו ווענדן צו די אונטערגעשריבענע און האָט זיי איבערגעגעבן דעם רשות צו פירן דעם ערן־פּראָצעס קעגן הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל.

די אונטערגעשריבענע גיבן אָט־די דערקלערונג:

I) שטיצנדיק זיך אויף אַן איינזייטיקן פּראָטאָקאָל פון 9 אַפּריל ...19, וועלכער איז פאַרפאַסט געוואָרן פון די הערן זדזשיסלאַוו זיגילסקי און טאַדעאוש קאַדי בנוגע דעם ענין פון הער וולאַדיסלאַוו גאָדולעטשני קעגן הער קאַזימיעזש יאַפּאָל; ווייטער שטיצנדיק זיך אויף דער דערקלערונג פון ערן־געריכט פון 18טן יוני ...19, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין לעמבערג בנוגע דעם זעלבן ענין, וואו ביידע אַקטן שטעלן פעסט אין איינקלאַנג, אַז הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל „קאָן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ דזשענטלמען צוליב זיין כסדרדיק פאַרהאַלטן, וואָס שטייט נישט אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּן פון ערע.

II) ציען די אונטערגעשריבענע פון דעם איבערדיקן די קאָנסעקווענצן אין דער גאַנצער ברייט און שטעלן פעסט די אַבסאָ־

לוטע אוממעגלעכקייט, אַז הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל זאָל נאָך זיין וואָס־ס'איז סאַטיספאַקציע־פעיק.

III) די וועלכע האַלטן עס פאַר נידעריקער פון זייער כבוד צו פירן ערע־ענינים אָדער אַזעלכע צו פאַרמיטלען קעגן אַ מענטש, וואָס שטייט אויסערן באַגריף פון ערע.

נעמענדיק אין אַכט די דאָזיקע סיטואַציע, מאַכן די אונטער־געשריבענע דעם הער סטאַנִיסלאַוו פאָן זשולאַווסקי אויפמערקזאַם דערויף, אַז ס'איז צוועקלאָז צו זוכן אַ סאַטיספאַקציע מצד דעם הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל אויף דעם וועג פון ערן־רעכט, און ראַטן אים צו גיין אויפן שטראָף־געריכטלעכן וועג, כדי אויסצומיידן ווייטערדיקע באַליידיקונגען מצד אַ פּערזאָן, וואָס איז אַזוי ווייט נישט סאַטיספאַקציע־פעיק, ווי ס'איז דער פאַל מיט הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל (דאַטירט אין אונטערגעשריבן) ד"ר אַנטאָני ציעשינסקי, סטעפאַן ראָשינסקי.

האַנס קאַסטאָרפּ האָט ווייטער געלייענט:

פראָטאָקאָל

מצד די עדות פון דעם פאַל צווישן הער סטאַניסלאַוו פאָן זשילאַווסקי און הער מיכאַל לאָדיגאָווסקי

און צווישן די הערן קאַזשימיעזש יאַפּאָל און יאַנוש טעאָפיל לענאַרט אין באַר פון קורהויז אין ד. דעם 2טן אַפּריל ...19 צווישן $7\frac{1}{2}$ און $7\frac{3}{4}$ אַזייגער אין אָוונט.

היות דער הער סטאַניסלאַוו פאָן זשולאַווסקי איז אויפן סמך פון דער דערקלערונג מצד זיינע פאַרטרעטער, ד"ר אַנטאָני ציעשינסקי און סטעפאַן ראָשינסקי, בנוגע דעם הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל דעם 28טן מערץ ...19 נאָך רייפן ישוב־הדעת געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער פאָרגעלייגטער שטראָף־געריכטלעכער וועג קען הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל וועט נישט קאָנען געבן קיין שום סאַטיספאַקציע פאַר „דער שווערער באַליידיקונג און רכילות“ אויפן חשבון פון זיין פרוי יאַדוויגאַ, וואָרעם:

I) ס'איז פאַראַן אַ באַרעכטיקטער חשד, אַז הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל וועט זיך אין געגעבענעם מאָמענט נישט צושטעלן צום

געריכט און דער פאַקט, וואָס ער איז אַן עסטרייכישער בירגער, וועט נישט בלויז באַשווערן די ווייטערדיקע פאַרפאָלגונגען, נאָר זיי פשוט מאַכן אוממעגלעך.

II) אַ געריכטלעכע שטראָף אויף הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל א.ז. חוץ דעם, ניטא בכוח אָפּצווישן די באַליידיקונג דורך וועלכער הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל האָט געוואָלט מאַכן צו שאַנד דעם נאָמען און די פאַמיליע פון הער סטאַניסלאַוו פאָן זשולאַווסקי און זיין פרוי יאַדוויגאַ.

דערפאַר האָט הער סטאַניסלאַוו פאָן זשילאַווסקי אויסגעקליבן דעם וועג, וואָס איז לויט זיין איבערצייגונג דער קירצסטער, גרינד־לעכסטער און פאַסיקסטער אין די געגעבענע אומשטאַנדן און נאָך־דעם ווי ער איז אומדירעקט געוואָר געוואָרן, אַז הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל האָט בדעה אויף צו מאָרגנס צו פאַרלאָזן דאָס אָרט.

און האָט דעם 2טן אַפּריל ...19 צווישן 7½ און 7¾ אַ זייגער אינאָוונט, אין קעגנוואַרט פון זיין פרוי יאַדוויגאַ און פון די הערן מיכאַל לאָדיגאָווסקי און איגנאַץ פאָן מעלן, עטלעכע פעטש געגעבן דעם הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל, וואָס איז געזעסן אין אַמע־ריקאַן־באַר פון היגן קורהויז ביי אַלקאָהאָלישע משקאות אין דער געזעלשאַפט פון הער יאַנוש טעאָפיל לענאַרט און צוויי אומבאַ־קאַנטע מיידלעך.

באַלד דערנאָך האָט הער מיכאַל לאָדיגאָווסקי געפּאַטשט דעם הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל און דערקלערט, אַז ער טוט עס פאַר די שווערע באַליידיקונגען אויף זיין און פריילין קרילאָווס חשבון.

באַלד דערנאָך האָט הער מיכאַל לאָדיגאָווסקי געפּאַטשט דעם הער יאַנוש טעאָפיל לענאַרט פאַר זיין נישט־קוואַליפיצירבאַרער עוולה לגבי דעם הער און פרוי פאָן זשולאַווסקי.

נישט פאַרלירנדיק קיין איין רגע, האָט אויך הער סטאַניסלאַוו פאָן זשולאַווסקי אַ סך פעטש געגעבן דעם הער יאַנוש טעאָפיל לענאַרט פאַר מבזה זיין זיין פרוי און אויך די פריילין קרילאָוו.

די הערן קאַזשימיעזש יאַפּאָל און יאַנוש טעאָפיל לענאַרט האָבן זיך בשעת דער גאַנצער געשיכטע פאַרהאַלטן אינגאַנצן פּאַ־

סיוו (דאַטירט און אונטערגעשריבן:) מיכאַל לאָדיגאָווסקי, איגנאַץ פאָן מעללין.

די אינערלעכע סיטואַציע האָט נישט דערלויבט האַנס קאַסטאָרפן, ער זאָל קאָנען לאַכן איבער דעם האָ״ל פון אָפיציעלע פעטש, ווי ער וואָלט עס געטאָן אַן אַנדערש מאָל. ער האָט אויפגעציטערט, בשעת ער האָט דאָס געלייענט. די פעסטע האַלטונג פון איין צד און די נישטיקע און אָפּגעלאָזענע ערע=לאָזיקייט פונם אַנדערן, ווי מ׳האָט געקאָנט דערזען אין די דאָקומענטן, האָבן אים מיט ווייער אַ ביסל=טרוקענער אָבער אַיינדרוקפולער היפּוכדיקייט אויפגערעגט ביז גאָר. אַלע האָבן דאָס געפילט. מ׳האָט פון אַלע זייטן דיסקוטירט אַרום דעם פוילישן ערע=קאָנפליקט און גערעדט וועגן דעם מיט פאַרהאַקטע ציין. אַ ביסל אויפפרישנדיק האָט געווירקט דאָס קעגן=פלוט=בלאַט מצד דעם הער קאַזשימיעזש יאַפּאָל, וואו ער האָט דערקלערט, אַז דער זשולאַווסקי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער, יאַפּאָל, איז אַמאָל דיסקוואַליפיצירט געוואָרן פון עפּעס אַן אויפגעבלאָזענעם גאָרנישט און אַלע זיינע געאַיילטע און נישט=פאַרזוימטע שריט זיינען געווען אַ ריינע מאַלפעריי, ווייל ער האָט פאָרויס געוואוסט, אַז ער וועט זיך נישט דאַרפן גיין שלאָגן. אויב פאָן זשולאַווסקי האָט אים, יאַפּאָלן, נישט אָנגעקלאָגט, איז עס געשען בלויז צוליב דעם גרונד, ווייל ער ווייסט, גלייך ווי יעדער אַנדערער, אַז זיין ווייב יאַדוויגאַ האָט אים אַ סך מאָל צוגעשטעלט הערנער. ער, יאַפּאָל, וואָלט זייער לייכט געקאָנט ברענגען די באַווייזן דערויף, אויך די קרילאָוו וואָלט פונם געריכט ווייניק כבוד געהאַט צוליב איר אויפפירונג. אַגב, האָט מען דאָ בלויז געפּסלט זיין, יאַפּאָלס, סאַטיספאַקציע=פעיקייט, נישט זיין מיטשמועסערס, לענאַרטס. זשולאַווסקי אָבער האָט זיך שוין אויסבאַהאַלטן הינטער דעם ערשטן פּסול, כדי אויסצומיידן די געפאַר. פון דער ראָל, וועלכע הער אַסאַראַפעטיאַן האָט געשפּילט אין דער גאַנצער זאַך, וויל ער גאָרנישט רירן. וואָס ס׳איז נוגע דעם געשעעניש אין באַר פון קורהויז, — איז ער, יאַפּאָל, טאַקע אַ מענטש מיט אַ שאַרף מויל און געניגט צו

ווינצלען זיך, אָבער ווייער אַ שוואַכער מענטש. זשולאַווסקי צוזאַ־
מען מיט זיינע פריינט און מיט דער אויסערגעוויינלעך שטאַרקער זשו־
לאַווסקאַ זיינען פשוט געווען פּידיש שטאַרקער. אמת, אין זייער,
יאַפּאָלס און לענאַרטס, געזעלשאַפט האָבן זיך געפונען צוויי דאַ־
מען, גאַנץ לוסטיקע באַשעפענישן, אָבער פּחדנותדיקע ווי די הינער.
בלויז כדי אויסצומיידן אַ ווילדע שלעגעריי און אַן עפנטלעכן סקאַנ־
דאַל, האָט ער געפועלט ביי לענאַרטן, וואָס האָט זיך געוואָלט קעגנ־
שטעלן, ער זאָל זיך פאַרהאַלטן רויק און נישט רעאַגירן אויף די
אייבערפלעכלעכע געזעלשאַפטלעכע באַרירונגען מצד די הערן זשו־
לאַווסקי און לאָדיגאָוסקי, וואָס האָבן נישט ווי געטאָן און וועל־
כע דער עולם אַרום האָט אויפגעפאַסט ווי אַ פריינטשאַפטלעך שטיפן.

אַזויפיל יאַפּאָל, וואָס האָט ווייניק־וואָס אָפּגעראַטעוועט. זיינע
אויסבעסערונגען זיינען בלויז אייבערפלעכלעך ביכולת געווען צו פאַר־
ווישן דעם שיינעם קאָנטראַסט צווישן כבוד און נעבעכדיקייט, ווי
ס'האָט אַרויסגעדרונגען פון צווישן צדס פעסטשטעלונגען. בפרט
נאָך, אַז יאַפּאָל האָט נישט געהאַט אַזאַ טעכניק פון קאָפּירן, ווי זשו־
לאַווסקיס פּאַרטיי, נאָר האָט בלויז מיט עטלעכע בלעטער אויף אַ
מאַשין פאַרשפּרייט זיין רעפּליק צווישן מענטשן. יענע פּראָטאָקאָלן
דערפאַר האָט דערהאַלטן, ווי געזאָגט, יעדער איינציקער, אַפילו
מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען זייער ווייט דערפון. נאַפּטאַ און
סעטעמברני, צום ביישפּיל, האָבן עס אויך באַקומען. האַנס קאַס־
טאָרפּ האָט געזען ווי זיי האַלטן דאָס און האָט מיט איבעראַשונג
באַמערקט, אַז אויך זיי קוקן דערויף מיט פאַרביסענע און מאָדנע
פאַרכאַפּטע צורות. ער האָט געהאָפט כאָטש פון סעטעמבריניס זייט
צו הערן אַ ביסל חוזק, אויף וועלכן ער אַליין האָט זיך נישט גע־
קאָנט דערלויבן, צוליב דער אינערלעכער סיטואַציע. אָבער האַנס
קאַסטאָרפּ האָט באַמערקט, אַז אויך אויף דעם קלאָרן גייסט פון
מאַסאָן האָט אַפּנים די עפּידעמיע אַזויפיל איינגעגעסן, איר חותם, אַזוי, אַז
עס איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן דאָס געלעכטער און ס'איז
דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט ערנסט אויפגענומען די אויפקאָכנ־
דיקע רייד פון דעם האָגל מיט פעטש. אויסער דעם האָט אים, דעם
לעבנס־מענטש, פאַרחושכט זיין געזונט־צושטאַנד, וואָס איז פאַמעלעך

און כסדר ערגער געוואָרן, כאָטש ס'זיינען פון צייט צו צייט געווען צייטווייליקע ענדערונגען צום גוטן. ער האָט אָט־דעם מצב פאַרשאָלטן און ער האָט זיך געשעמט דערמיט, פול מיט כעס און ביטול צו זיך אַליין; דערביי איז ער אַלע עטלעכע טעג געצוואונגען געווען זיך צו ליגן אין בעט אַריין.

נאַפטאַן, זיין שכן און בעל־דבר, איז אייך נישט געגאַנגען בעסער. אויך אין זיין אָרגאַניזם איז די קראַנקהייט געגאַנגען ווייטער. דאָס איז דאָך געווען דער פיזישער גרונד — אָדער אויסרייד — הלמאַי זיין יעזויטישע קאַריערע האָט זיך אַזוי פרי געענדיקט. אָבער אויך די הויכע און דינע אַטמאָספער, אין וועלכער ער האָט געלעבט, האָט נישט געקאָנט אײַנהאַלטן די אויפברייטערונג פון דער קרענק. אויך ער איז אָפט געלעגן צום בעט. דער געפלאַצטער טעלער פון זיין קול האָט שטאַרקער געקלאַפט בעת ער האָט גערעדט און ביי דער הויכער טעמפעראַטור האָט ער גערעדט נאָך מער, שאַרפער און בייסנדיקער ווי פריער. יעדע אידעאַלע קעגן־כוחות קעגן קראַנקהייט און טויט, וועלכע האָבן געמוזט אָפטרעטן פאַר דעם כוח פון אַ נידערטרעכטיקער נאַטור און פון וואָס דער סעטעמברינע האָט געהאַט אַזויפיל עגמת־נפש, זיינען, אַבנים, דעם קליינעם נאַפטאַן געווען פרעמד. דער אופן, ווי אַזוי ער האָט אויפגענומען די פאַרערגערונג פון זיין קערפערלעכן מצב, האָט זיך אויך נישט אויסגעדריקט אין טרויער און כעס, נאָר אין אַ חוזקדיקער אויפגעלייגטקייט און אין אַ מאָדנעם חשק אָנצופאַלן, אין אַ שטרעבונג צו גייסטיקער פאַרצווייפלונג, פאַרניינונג און פאַרווירונג, וואָס האָט שטאַרק צערייצט ס'עטעמברינים מרה־שחורה און זייערע אינטעלעקטועלע מחלוקתן זיינען פאַרשאַרפט געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג. האַנס קאַסטאָרפ האָט, נאַטירלעך, געקאָנטריידן בלויז וועגן יענע, וועלכע ער האָט בייגעוואוינט. אָבער ס'איז געווען גאַנץ זיכער, אַז ער האָט נישט פאַרזוימט קיינס, אַז ער, דער פעדאַגאָגישער אָביעקט, איז נייטיק געווען, כדי פאָרצוזעצן באַדייטנדיקע דיספוטן. כאָטש ער האָט פאַרשאַפט עגמת־נפש סעטעמברינין, אָנזאָגנדיק, אַז עס איז כדאַי צו הערן נאַפטאַס בייסנדיקע רייד, האָט ער פונדעסטוועגן געמוזט מודה־זיין, אַז זיי זיינען לכל־הדעות און ווייט אַריבער די מאָס פון גייסטיקן געזונטן.

דער דאָזיקער קראַנקער האָט נישט געהאַט די קראַפט אָדער דעם גוטן ווילן זיך צו דערהויבן איבער דער קראַנקהייט, נאָר האָט געזען די וועלט אין דעם בילד און אונטער דעם צייכן פון אָט דער קראַנקהייט. להכעיס סעטעמברינין, וועלכער וואָלט אַמליבסטן דעם יונגן צוהערער אַרויסגעטריבן פון שטוב אָדער אים צוגעהאַלטן די אויערן, האָט נאַפטאַ דערקלערט די מאַטעריע פאַר אַ צו-שלעכט מאַטעריאַל, כדי דער גייסט זאָל דערין קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן. צו שטרעבן דערצו איז אַ טיפשות. וואָס קומט אַרויס דערפון? אַ פאַראָדיע! דער ווירקלעכער רעזולטאַט פון דער באַזונגענער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז די קאַפּיטאַליסטישע בורזשואַזע מלוכה — אַ שיינע מתנה! — וועלכע מ'וויל פאַרבעסערן דערמיט, וואָס מ'וועט די צרה מאַכן אוניווערסאַל. די וועלט-רעפובליק, דאָס וואָלט געווען דאָס גליק, אַוודאי! פּראָגרעס? אַך, ס'גייט דאָ וועגן דעם באַרימטן קראַנקן, וואָס האַלט זיך אין איין דרייען, ווייל ער קלערט, אַז ס'וועט אים אַזוי-אַרום לייכטער ווערן. דער נישט-אַרויסגעזאָגטער פאַרלאַנג צו מלחמה, וואָס טאָטשעט אַלע שטילערהייט, איז דער בעסטער איסדרוק דערפון. זי וועט קומען, אָט די מלחמה, און און דאָס איז גוט, כאָטש ס'וועט דערפון אַרויס עפּעס גאָר אַנדעריש, ווי דאָס, וואָס ס'האָבן דערפון יענע, וועלכע ווילן דערפירן דערצו. נאַפטאַ האָט מבטל געווען די בירגערלעכע מיליטערישע מלוכה. ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו ריידן וועגן דעם, בעת מ'איז אין האַרבסט געגאַנגען שפּאַצירן אין דער הויפּט-גאַס און תּיכף, ווי ס'האָט גענומען רעגענען, האָבן אַלע פּלוצלונג און ווי אויף קאָמאַנדע אַ צעעפן געטאָן די רעגן-שירעמס. דאָס איז ביי אים געווען אַ סימבאָל פון פּחדנות און פון אָרדינערער פאַרווירטקייט, אַ רעזולטאַט פון דער ציוויליזאַציע. אַזאַ צווישנפאַל און וואָרענונג, ווי דער אונטערגאַנג פון „טיטאַניק", ווירקט אַטאַוויסטיש, אָבער ס'איז ממש מחיה. דערנאָך מאַכט מען אַ גרוים געשריי וועגן אַ גרעסערער זיכערקייט פון דער קאָמוניקאַציע. בכלל ווערט אַ גרויסע בהלה יעדעס מאָל, ווי באַלד ס'נעמט עפּעס דראָען דער „זיכערקייט". דאָס איז קלאָגעדיק. די דאָזיקע הומאַניטאַרע פּחדנות פּאָרט זיך אָבער ווייער גוט מיט דער וועלפישער גיריקייט און נידערטרעכטיקייט פון דעם עקאָ-

גאָטישן שלאַכט־פעלד, וועלכעס עס שטעלט מיט זיך פאָר די בירגער־לעכע מלוכה. מלחמה, מלחמה! ער איז מסכים און די אַלגעמיינע תאווה דערצו ברענגט נישט, לויט זיין מיינונג, קיין אומכבוד.

תיכף אָבער ווי סעטעמבריני האָט געפרווט אַריינפירן אין שמועס דאָס וואָרט „גערעכטיקייט" און דערקלערן דעם דאָזיקן הויכן פרינציפ פאַר דעם בעסטן מיטל אויסצומיידן אינלענדישע און אויס־לענדישע פּאָליטישע קאַטאַסטראָפעס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער, נאַפטאַ, וואָס האָט ערשט נישט־לאַנג געהאַלטן דאָס גייסטיקע פאַר צו־גוט, עס זאָל ווען עס איז קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן, שטרעבט דאָס גייסטיקע אַליין אויך צו שטעלן אין ספק און אַפילו עס צו דערנידעריקן. גערעכטיקייט! צי איז דאָס דען אַ באַגריף, וועלכן מען דאַרף פאַרערן? אַ געטלעכער באַגריף? אַ באַגריף פון דער ערשטער מדרגה? גאָט און נאַטור זיינען אומגערעכט, זיי האָבן זייערע ליב־לינגס, ביי זיי איז די בחירה, זיי באַצירן איינעם מיט די געפערלעכסטע אויסצייכענונגען און גיבן דעם אַנדערן אַ נישטיקן, פשוטן גורל. און דער מענטש מיט ווילן? פאַר אים איז גערעכטיקייט פון איין זייט אַ אָפּטויטנדיקע שוואַכקייט, דער צווייפל אַליין, און פון דער אַנדערער זייט אַ פאַנפאַרע, וואָס רופט צו אומבאַטראַכטע מעשים. אויב דער מענטש ווייטער מוז כסדר, כדי צו בלייבן גערעכט, קאָרעגירן די „גערעכטיקייט" אין דעם זין דורך דער „גערעכטיקייט" אין אַנדערן זין, — וואו־זשע בלייבט די אומבאַדינגטקייט און דער ראַדי־קאַליזם פונם באַגריף? אַגב, איז מען אַלעמאָל גערעכט לגבי איין שטאַנדפונקט אָדער לגבי דעם אַנדערן; די רעשט איז ליבעראַליזם און אַפילו אַ הונט הינטערן פיעקעליק ווערט זיך נישט צוכאַפּן מער דערצו. גערעכטיקייט איז, זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אַ ליידיק וואָרט־שאָלעכץ פון דער בירגערלעכער רעטאָריק און אויב מ׳גייט עפעס טאָן, מוז מען קודם־כל וויסן, וועלכע גערעכטיקייט מען מיינט: צי יענע, וועלכע גיט יעדן דאָס זייניקע, אָדער יענע, וועלכע טיילט איין יעדן גלייך.

מיר האָבן בלויז דאָ אַרויסגענומען העלכן ס׳איז ביישפיל פון דעם אומענדלעכן, כדי אויפצווייזן, ווי אַזוי ער האָט זיך באַמיט צו מאַכן אַ תל פון דער פאַרנונפט. אָבער נאָך ערגער איז געווען,

הען ער האָט גענומען רײדן װעגן דער װיסנשאַפט, אין װעלכער ער האָט נישט געגלױבט. ער גלױבט נישט אין איר, האָט ער געטענהט, װײל דער מענטש האָט די פולשטענדיקע פרײהײט יאָ אָדער נישט צו גלױבן אין איר. עס איז אַ גלױבן װי יעדער אַנדערע, בלױז אַן ערגערער און נאַרישערער װי יעדער אַנדערער און דאָס װאָרט „װיסנ־שאַפט" אַלײן איז דער אױסדרוק פון טעמפּסטן רעאַליזם, װאָס שעמט זיך נישט אָנצונעמען פאַר אַ ריכטיקער מטבע אָדער צו לאָזן אין לויף די צװײפלהאַפטיקע אָפּשפּיגלונגען פון די אָביעקטן אין מענטש־לעכן אינטעלעקט. דערפון מאַכט מען דערנאָך אַ גײסטלאָזע און פינסטערע דאָגמאַטיק, װעלכע די מענטשהײט האָט נאָר װען־ס׳איז געהאַט. צי איז דען נישט דער באַגריף פון אַ װעלט, װאָס עקסיסטירט פאַר זיך, די לעכערלעכסטע פון אַלע סתירות? אָבער די מאָדערנע נאַטורװיסנשאַפט שטיצט זיך װי אַ דאָגמע בלױז אין נאָר אויף דער מעטאַפיזישער הנחה, אַז די דערקענטעניש־פאָרמען פון אונזער גײסטיקער אָרגאַניזאַציע — צײט, רױם און קװאַליטעט*, אין װעלכער עס שפּילט זיך אָפּ די װעלט פון דערשײנונגען — זײנען רע־אַלע פאַרהעלטענישן, װאָס עקסיסטירן אומאָפּהענגיק פון אונזער דערקענטניש. די דאָזיקע מאָניסטישע באַהױפּטונג איז די סאַמע גרעסטע אומפאַרשעמטקײט, װעלכע דער גײסט האָט װען־ס׳איז נאָר געזען. רױם, צײט און קװאַליטעט, דאָס הײסט אויף מאָניסטיש: אַנטװיקלונג — דאָס איז די צענטראַל־דאָגמע פון דער פרײדענקעריש־אַטעיסטישער פּסײדאָ־רעליגיע, דערמיט װיל מען משהס חומש מבטל זײן און עס פאַרבײטן מיט אַ נאַרישער מעשה פון השׂכּלהשן װיסן, גלײך װי העקל װאָלט געװען דערבײ, בעת די ערד איז אַנטשטאַנען. עמ־פּיריע!** און דער װעלט־עטער איז טאַקע עקזאַקט? דער אַטאָם, אָט־דער לײכטער מאַטעמאַטישער װיץ הען „קלענסטן, אומטײלבאַרן טײלכל" איז באַװיזן? די לערע װעגן דער אומענדלעכקײט פון רױם און פון דער צײט שטיצט זיך, הײסט עס טאַקע, אויף דערפאַרונג? באמת, װען מ׳נעמט צו הילף אַ ביסל לאָגיק, װאָלט מען געקומען

* דאָס געזעץ, װאָס יעדע סיבה רופט אַרױס אַ פּועל־יוצא.

** דערפאַרונג.

צו היפּש־פּריילעכע דערפאַרונגען און רעזולטאַטן מיט דער דאָגמע וועגן דער אומענדלעכקייט און רעאַלקייט פון צייט און רוים: נישט מער און נישט ווייניקער ווי צו דער הכּרה, אַז דער רעאַליזם איז ריינער ניהיליזם. פאַרוואָס? צוליב דעם איינפאַכן מאָטיוו, ווייל דאָס פאַרהעלטעניש פון יעדער איינער גרייס איז גלייך נול לגבי דעם אומענדלעכן. אין דער אומענדלעכקייט קאָן נישט געמאָלט זיין קיין שום גרייס און אין דער אייביקייט — קיין שום דויער און פאַראַנדערונג. אין דער רוימלעכער אומענדלעכקייט וואָלטן אַפילו נישט געקאָנט זיין קיין צוויי פונקטן איינער לעבן אַנדערן, ווייל יעדע דיסטאַנץ איז דאָרט מאַטעמאַטיש גלייך נול, שוין אָפּגערעדט, אַז ס׳וואָלט אוממעגלעך געווען די עקסיסטענץ פון צוויי קערפּער לעבן זיך, אָדער גאָר פון אַ באַוועגונג. דאָס שטעלט ער, נאַפטאַ, פעסט, כּדי אַ ביסל אָפּצוקילן די חוצפּה, מיט וועלכער די מאַטעריאַליסטישע וויסנשאַפט גיט־אָן אירע אַסטראָנאָמישע דברים בטלים, אירע פּוסטע פּלוידערייען וועגן „אוניווערסום“ פאַר אַבסאָלוטער דערקענטעניש. אַ רחמנות אויף דער מענטשהייט, וואָס ווערט נישטיק ביי זיך צוליב די באַרימערייען מיט נישטיקע ציפערן, און פאַרלירט דעם פּאַטאָס פון דער אייגענער וויכטיקייט! ווארעם ס׳איז נאָך דערטרעגלעך, ווען מענטשלעכע פאַרנונפט און דערקענטעניש האַלטן זיך ביים ערדישן און באַהאַנדלען אין דער דאָזיקער ספערע זייערע איבערלעבענישן, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ סוביעקטיוו־אָביעקטיווע רעאַלקייט. נעמט זי זיך אָבער צו די אייביקע רעטענישן און טרייבט אַזוי־גערופענע קאָסמאָלאָגיע*, קאָסמאָגאָניע**, דעמאָלט הערט אויף דער שפּאַס און די חוצפּה דערגייט צו דער העכסטער מדרגה. וואָס פאַר אַן אומזין דאָס איז, אין תוך, צו מעסטן די „ווייטקייט“ פון וועלכן ס׳איז שטערן פון דער ערד אין טריליאָנען קילאָמעטערס אָדער גאָר אין ליכט־יאָרן און זיך איינצורעדן, אַז מיט אַזאַ אָנשטעל פון ציפערן גיט מען דעם מענטשלעכן גייסט אַ מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין מהות פון אומענדלעכקייט און אייביקייט. פאַקטיש האָט אומענד־

---

* לערע וועגן דער וועלט.

** לערע וועגן אַנטשטייונג פון דער וועלט.

לעכקייט בכלל נישט צו טאָן מיט גרייס און אייביקייט נישט מיט דויער. פאַרקערט, אומענדלעכקייט און אייביקייט זיינען זייער ווייט פון צו זיין ווּיסנשאַפטלעכע באַגריפן און זיינען גראָד די אויפהע־רונג דערפון, וואָס מיר רופן אָן נאַטור. באמת, די פשטות פון אַ קינד, וואָס גלויבט, אַז די שטערן זיינען לעכער אין הימלישן גע־צעלט, דורך וועלכע סשיינט דורך די אייביקע ליכטיקייט, איז אים טויזנט מאָל ליבער, ווי די גאַנצע פוסטע, אומזיניקע און חוצפהדיקע פלוידעריי, וועלכע די מאָניסטישע וויסנשאַפט פאַרשפרייט וועגן „וועלט־אַל“.

סעטעמבריני האָט אים געפרעגט, צי ער, פון זיין זייט, האָט אויך אָט־דעם גלויבן בנוגע די שטערן. דערויף האָט נאַפטאַ געענטפערט, אַז ער וויל האָבן די הכנעה און די פרייהייט פון סקעפּסיס. דערפון האָט מען לייכט געקאָנט אַרויסזען, וואָס ער פאַרשטייט אונטער „פרייהייט“ און וואוהין אַזאַ באַגריף קאָן אַרויספירן. וואָלט נאָר סעטעמבריני נישט געהאַט קיין גרונד מורא צו האָבן, אַז פאַר האַנס קאַסטאָרפּן איז דאָס אַלץ נאָך אינטערעסאַנט!

נאַפטעס צולהכעיסדיקייט האָט געלאָקערט אויף אַ געלעגנהייט צו דערטאַפן די שוואַכקייטן פון דעם נאַטור־באַצווינגענדיקן פראָ־גרעס, אויפצווייזן, אַז זיינע טרעגער און פיאָנערן פאַלן פשוט מענטשלעך אַריין אינם אירראַציאָנעלן. אַוויאַטיקער, פליער, האָט ער געזאָגט, זיינען ס'רוב פאַסקודנע און פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, קודם־כל — זייער אָבערגלויביש. זיי נעמען מיט זיך מיט אין די לופט־שיפן גליק־חזרימלעך, קרוקעס, שפייען אויס דריי מאָל אַהער און אַהין, טוען אָן די הענטשקעס פון גליקלעכע פילאָטן. ווי אַזוי פאָרט זיך אַזאַ פרימיטיווע אומשכלדיקייט מיט דעם וועלט־באַנעם, אויף וועלכן עס שטיצט זיך זייער פראָפעסיע? — די סתירה, וועלכע ער האָט אויפגעוויזן, האָט אים דערקוויקט, געגעבן אים סאַטיספאַקציע. ער האָט לאַנג גערעדט וועגן דעם... אָבער מיר כאַפּן זיך אָן אין דעם אומאויסשעפּלעכן ים פון רייד דאָ און דאָרט ביי פרוּוון פון נאַפטעס מיזאַנטראָפּיע און מיר פאַרגעסן דערווייל צו דערציילן דעם עיקר.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג אין פעברואַר האָבן עטלעכע פון קרייז אָפּגעשמועסט צו מאַכן אַן אויספלוג קיין מאָנשטיין, אַן

אָרט, וואָס איז אָנדערטהאַלבן שעה שליט=וועגס פון דער היים. עס זיינען געווען נאַפּטע, סעטעמבריני, האַנס קאַסטאָרפּ, פערגע און וועזאַל. זיי זיינען געפאָרן אין צוויי איינשפּאַניקע שליטנס. האַנס קאַסטאָרפּ איז געזעסן לעבן דעם הומאַניסט, נאַפּטאַ איז געזעסן מיט פערגע, און וועזאַל — לעבן קוטשער. זיי זיינען אַרויסגעפאָרן אַרום דריי אַ זייגער פון שניידערס הייזל, גוט איינגעהילטע, און האָבן — אונטערן קלאַנג פון גלעקלעך, וואָס קומט אַרויס אַזוי היימיש אין דער שניי=שטילקייט — געלאָזט זיך לענג=אויס דעם רעכטן שיפּוע, דורך פרויענקירך און גלאַריס, קיין דרום=צו. ס'האָט דאָ אין דער הויך באַלד גענומען פאַלן אַ שניי, אַזוי אַז באַלד האָט מען איבער דער קייט פון די רעטישע אַלפּן בלויז געזען אַ בלאַס=בלויען פלעק. עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט, די בערג זיינען געווען פאַרהילט אין נעפּלען. די גאַס, אין וועלכער זיי זיינען געפאָרן, אַ שמאָלע פּלאַטפאָרם אָן אַ באַריערע צווישן דער באַרג=וואַנט און דעם תהום, האָט זיך אויפגעהויבן שאַרף צווישן ווילדע פּאַסעס. מ'איז געפאָרן איצט טריט ביי טריט. ס'זיינען זיי אָפּט אַנטקעגנגעקומען אַראָפּפאָרנדיקע שליטלערס, וואָס האָבן ביי דער באַגעגעניש געמוזט אָפּשטייגן. הינטער יעדן אָפּבייג פון גאַס האָבן צאַרט און מיט וואָרעניש אויפגעקלונגען אַ פרעמד קלינגעריי, שליטנס געשפּאַנט מיט צוויי פערד און דאָס אויסמיידן זיך האָט געפאָדערט פאָרזיכטיקייט. לעבן דעם ציל האָט זיך געעפנט אַ שיינער אויסקוק אויף אַ פעלדזקער בעת=גרופּע. מ'איז אויסגעשטיגן פון אונטער די דעקעס פאַר אַ קליין גאַסטהויז אין מאָנשטיין, וואָס האָט זיך אָנגערופן „קורהויז“, די שליטנס האָט מען געלאָזט שטיין און מ'איז נאָך געגאַנגען עטלעכע טריט ווייטער, כדי אַ קוק צו טאָן קיין דרום=מזרח צום „שטולזערגראַט“. די ריזיקע וואַנט, דריי טויזנט מעטער הייך, איז געווען פאַרהילט אין נעפּל. בלויז דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעשטאַרט פון נעפּל אַ הימל=הויכער שפּיץ, אַן איבערערדישער, אַ ווייטער און אַ הייליק=אומצוגענגלעכער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט דאָס זייער באַוואונדערט און האָט אויך אויפגעפאָדערט די אַנדערע, זיי זאָלן דאָס טאָן. ער איז דאָס געווען, וואָס האָט מיט הכנעה אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „אומצוגענגלעך“ און אַזוי=אַרום געגעבן סעטעמברינין

אַ גרונד צו באַטאָנען, אַז אויף יענעם פּעלז איז מען שוין נישט איינמאָל געווען. בכלל עקסיסטירט דאָך כּמעט נישט קיין אומצוגענגלעכקייט און וועלכע עס איז נאַטור, אויף וועלכער דער מענטש האָט שוין נישט געשטעלט זיין פוס. אַ קליינע גוזמא און באַרימעריי — האָט געענטפערט נאַפטאַ. און ער האָט אָנגערופן מאָנט עווערעסט*, וואָס האָט ביז איצט אייזיק אָפּגעשטויסן אַלע מענטשלעכע פאַרטעסטונגען און ס'ווייזט אויס, אַז ער האָט בדעה שטענדיק צו בלייבן אַזוי אין זיין רעזערוו. דעם הומאַניסט האָט דאָס פאַרדראָסן. דערנאָך איז די גרופּע צוריק אַוועק צום „קורהויז". לעבן די אייגענע שליטנס זיינען דאָרטן געשטאַנען נאָך עטלעכע פרעמדע, אויסגעשפּאַנטע.

מ'האָט דאָ געקאָנט זיך אויפהאַלטן. אויבן גאָרן זיינען געווען האָטעל־צימערן מיט נומערן. דאָרטן איז אויך געלעגן דאָס עסצימער, פּויעריש און גוט־באַהייצט. מ'האָט באַשטעלט ביי דער העפלעכער באַלעבאָסטע אַן איבערבייס: קאַווע, האָניק, זעמל און באַרן־ברויט, אַ ספּעציאַליטעט פון יענעם אָרט. די קוטשערס האָט מען אַרויסגעשיקט רויטן וויין. ביי אַנדערע טישן זיינען געזעסן שווייצאַרישע און האָלענדישע געסט.

מיר האָבן חשק צו זאָגן, אַז צו דעם העכערן שמועס פון אונזערע פינף פריינד האָט גורם געווען די דערוואַרעמונג דורך דער הייסער און זייער גוטער קאַווע. אָבער דאָס וואָלט געווען אַן אומפּינקטלעכקייט, וואָרעם דער דאָזיקער שמועס איז אייגנטלעך בלויז געווען נאַפּטעס אַ מאָנאָלאָג. אינאָנהייב האָבן אים נאָך אַנדערע איבערגעריסן מיט עטלעכע ווערטער, דערנאָך האָט ער שוין גערעדט אַליין. ס'איז געווען זייער אַ מאָדנער און גוזעלישאַפטלעך־באַלייריקנדיקער מאָנאָלאָג. דער עקס־יעזויט האָט זיך דערביי, מעשה העפלעכער באַלערער, געווענדט בלויז צו האַנס קאַסטאָרפּן. צו סעטעמברינין, וואָס איז געזעסן אין דער אַנדערער זייט פון אים, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן און ער האָט אויך איגנאָרירט די איבעריקע צוויי הערן.

---

* דער העכסטער באַרג אויף דער ערד (8840), ליגט אין די הימאַלאַיאַ־בערג אין צזיע.

ס'וואָלט שווער געווען אָנצורופן ביים נאָמען די טעמע פון זיין אימפּראָוויזאַציע, צו וועלכער האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך צוגע־הערט און צוגעשאָקלט דעם קאָפּ מיט האַלבער הסכּמה. קיין איינ־הייטלעכע טעמע איז דאָ, אייגנטלעך, נישט געווען. די רייד האָבן זיך בלויז געדרייט אַרום גייסטיקע ענינים און זיך דאָ און דאָרט, דער עיקר אָפּגעשטעלט דערויף, בולט צו מאַכן און צו באַ־ווייזן די צווייִדייטיקייט פון די גייסטיקע לעבנס־דערשיינונגען און די שעמערירנדיקע טבע און קעמפערישע אומנוצלעכקייט פון די גרויסע אידעען, וואָס ווערן אַרויסגעפירט פון זיי, וואָרעם דאָס אַבסאָ־לוטע האָט אויף דער ערד נישט קיין פעסטן לבוש.

אַלנפאַלס האָט מען פון זיין רעפעראַט געקאָנט אויסשיילן די פּראָבלעם פון פרייהייט, וועלכע ער האָט באַהאַנדלט ווי אַ פאַרווירנ־דיקע דערשיינונג. ער האָט צווישן אַנדערן גערעדט וועגן דער ראָמאַנטיק און וועגן דער פאַסצינירנדיקער צווייִדייטיקייט פון דער דאָזיקער אייראָפּעיִשער באַוועגונג אינאָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט, צוליב וועלכער די באַגריפן פון רעאַקציע און רעוואָלוציע וואָלטן בטל גע־וואָרן, אויף וויפיל זיי וואָלט זיך נישט פאַראייניקט צו אַ העכע־רער גאַנצקייט. וואָרעם ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך זייער לעכערלעך צו פאַרבינדן דעם באַגריף פון רעוואָלוציע אויסשליסלעך מיט דעם באַגריף פון פּראָגרעס און מיט דער נצחונדיק־שרייטנדיקער אויפ־קלערונג. די אייראָפּעיִשע ראָמאַנטיק איז קודם־כּל געווען אַ פריי־הייטס־באַוועגונג: אַנטיקלאַסיציסטיש, אַנטיאַקאַדעמיש, געווענדט קעגן אַלט־פראַנצויזישן געשמאַק, קעגן דער אַלטער שול פון פאַרנונפט. די פאַרטיידיקער אירע האָט די ראָמאַנטיק אויסגעלאַכט און זיי אָנגערופן געפּודערטע פאַרוקן־קעפּ.

און נאַפטאַ האָט זיך צעלאָזט איבער די פרייהייטס־מלחמות*, איבער פיכטעס** באַגייסטערטע אידעען, איבער יענע רויש־

* 1812 ביז 1815 קעגן נאַפּאָלעאָנען.

** פיכטע, באַוואוסטער דייטשער פילאָסאָף — 1762—1814, באַגייסטער־טער פּאַטריאָט און טוער בעת די פראַנצויזיש־פּרייסישע מלחמות; פון דעמאָלט שטאַמען זיינע באַרימטע „רעדעס צו דער דייטשער נאַציע".

און געזאַנגפולע פאָלקישע מרידות קעגן אַן אומדערטרעג־לעכער טיראַנעריי, — אין וועלכער מ'האָט ליידער פאַרקער־פערט, העֶ־הע, די פרייהייט, דאָס הייסט: די אידעען פון דער רע־וואָלוציע. זייער קאָמיש: מיט געזאַנג איז מען אַרויסגעטרעטן צו צעשלאָגן די רעוואָלוציאָנערע טיראַנעריי לטובת דעם רעאַקציאָנערן פירשטן־געזינדל און דאָס האָט מען געטאָן פאַר דער פרייהייט.

דעם יוגנטלעכער צוהערער וועט דאָ קאָנען באַמערקן דעם אונ־טערשייד אָדער אויך דעם היפוך צווישן אויסערלעכער און אי־נערלעכער פרייהייט און ער וועט גלייכצייטיק בלייבן שטיין פאַר דער קיצלדיקער פראַגע, וועלכע אומפרייהייט פאַרטראָגט זיך צום בעסטן, העֶ־הע, צום ווייניקסטן מיטן כבוד פון אַ נאַציע.

פרייהייט איז אייגנטלעך נאָך מער אַ ראָמאַנטישער באַגריף ווי אַן אויפקלערערישער, ווייל מיט דער ראָמאַנטיק האָט אָט־דער באַגריף בשותפותדיק די שטרעבונג צו פאַרפלאָנטערן די מענטשלכע געזעלשאַפטלעכע אינסטינקטן און ליידנשאַפטלעך צו באַטאָנען דעם איגענעם איך. די אינדיווידואַליסטישע פרייהייטס־שטרעבונג האָט געצייטיקט דעם היסטאָריש־ראָמאַנטישן קולט פון נאַציאָנאַלן, וואָס איז קריגעריש, און וועלכן דער הומאַניטאַרער ליבעראַליזם רופט אָן פינסטער, כאָטש דער לעצטער פרעדיקט אויך אינדיווידואַליזם, נאָר אַ ביסל אַנדערש. דער אינדיווידואַליזם איז ראָמאַנטיש־מיטל־אַלטערלעך אין זיין איבערצייגונג וועגן דער אומענדלעכער, קאָס־מישער וויכטיקייט פון יחיד און דערפון איז אַרויס די לערע וועגן דער אומשטאַרבלעכקייט פון דער נשמה, די געאָצענטרישע לערע* און די אַסטראָלאָגיע. פון דער אַנדערער זייט איז אינדיווידואַליזם אַן ענין פון ליבעראַליזירנדיקן הומאַניזם, וואָס איז גענייגט צו אַנאַרכיע און וויל אַלנפאַלס באַשיצן דאָס ליבע אינדיווידואום, עס זאָל נישט ווערן אַ קרבן פון כלל. דאָס איז אינדיווידואַליזם, סיי דאָס סיי יענץ, איין וואָרט פאַר עטלעכע זאַכן.

אָבער איינס מוז מען מודה זיין, אַז פרייהייטס־פּאַטאָס האָט אַרויסגעבראַכט די גלענצנדיקסטע פרייהייטס־שונאים, די גייסטרייכסטע

* לויט וועלכער אַלע פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום דער ערד.

ריטער פון דעם פאַרגאַנגענעם אין קאַמף קעגן פּראָגרעס, וואָס צע־
שטערט אַלץ אָן שום פּיעטעט. און נאַפּטאַ האָט דערמאָנט אין
אַרנדטן*, וועלכער פאַרשעלט דעם אינדוסטריאַליזם און פאַרהער־
לעכט דעם אַדל־שטאַנד, האָט דערמאָנט אין גערעס**, וואָס האָט
פאַרפאַסט די קריסטלעכע מיסטיק. און צי האָט מיסטיק גאָרנישט
צו טאָן מיט פרייהייט? צי איז זי דען נישט געווען אַנטי־סכאָ־
לאַסטיש, אַנטי־דאָגמאַטיש, אַנטי־פּריסטעריש? מ'איז אַוודאי געצוואונ־
גען צו זען אין דער היעראַרכיע אַ פרייהייטס־מאַכט, ווייל די היעראַרכיע
האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער אומגעצוימטער מאָנאַרכיע. אָבער
די מיסטיק פון אויסגייענדיקן מיטלאַלטער איז אין איר פרייהייטלעכן
מהות געווען די פּאָראויסגייערין פון דער רעפאָרמאַציע — פון דער
רעפאָרמאַציע, הע־הע, וועלכע איז אַליין אויך געווען איין פּלאָנ־
טער פון פרייהייט און מיטלאַלטערלעכער רעאַקציע...

לוטערס טאַט... איי יאָ, ער האָט געהאַט די מעלה, וואָס
ער האָט דעמאָנסטרירט מיט דער שאַרפסטער בולטקייט דעם צווייפל־
האַפטיקן מהות פון דעם טאַט גופא, פון דעם טאַט בכלל. צי נאַפּ־
טעס צוהערער ווייסט, וואָס אַ טאַט איז? אַ טאַט איז, צום ביישפיל,
געווען די דערמאָרדונג פון מלוכה־ראַט קאָטצעבוע*** דורך דעם
סטודענט זאַנד. וואָס אַזוינס האָט, קרימינאַליסטיש גערעדט, זאַנדן
„אַריינגעשטופּט דאָס געווער אין דער האַנט?“ — פרייהייטס־באַגייס־
טערונג, זעלבסטפאַרשטענדלעך, קוקט מען זיך אָבער צו נעענ־
טער, איז עס נישט געווען דאָס, עס איז גיכער געווען מאָראַל־פאַ־
נאַטיזם און די שנאה צו אומנאַציאָנאַלער פריוואָלקייט. אַלנפאַלס
איז קאָטצעבוע געשטאַנען אין רוסישן דינסט, דאָס הייסט אין

* ע. מ. אַרנדט (1769 ביז 1860)—באַוואוסטער דייטשער דיכטער און
פּאַטריאָט אין דער צייט פון די פרייהייט־מלחמות.

** באַרימטער פּובליציסט, 1776 ביז 1848.

*** באַוואוסטער דייטשער קאָמעדיע־שרייבער, רוסישער מלוכה־ראַטמאַן
און פּאָליטיש־פּאָליצייִשער שפּיאָן אין דייטשלאַנד, וואָס האָט אין זשורנאַלן אָפּ־
געחוזקט פון ליבעראַליזם און ראָמאַנטיק, איז דערשטאָכן געוואָרן 1819 דורך
דעם סטודענט זאַנד.

דינסט פון דער הייליקער אַליאַנץ *. קומט אױס, אַז זאַנד האָט ווידער געהרגעט פאַר דער פרייהייט. אָבער אויך דאָס ווײַזט זיך אַרויס פאַר אומוואַרשיינלעך צוליב דעם פאַקט, וואָס צווישן זיינע נאָענטסטע פריינד זיינען געווען יעזויטן. בקיצור, וואָס אַזינס דער מאַט זאָל נישט זיין, אויף יעדן פאַל איז ער אַ שלעכט מיטל זיך קלאָר צו מאַכן. ער העלפט אייך ווייניק צו, אַז די גייסטיקע פּראָבלעמען זאָלן קלאָר ווערן.

— מעג איך בײַ אײַך פרעגן, צי איר האָט בדעה באַלד צו פאַרענדיקן אײַערע גליטשיקע דיבורים?

געפרעגט האָט סעטעמבריני און — שאַרף. ער איז געזעסן, האָט געפּיקט מיט די פינגער אויפן טיש און געדרייט די וואָנסן. איצט איז עס געווען גענוג. זיין געדולד האָט זיך געענדיקט. ער איז געזעסן גלייך, מער ווי גלייך, ער איז געווען זייער בלייך און איז אַזוי־צו־זאָגן, געזעסן אויף די שפּיצן פינגער, אַזוי אַז בלויז זיינע שענקלען האָבן אָנגערירט די שטול. אַזוי־אַרום האָט ער מיט אַ בליצנדיקן שאַרפן בליק באַגעגנט דעם שונא, וואָס האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיט אַן אָנשטעל פון פאַרוואונדערונג.

— ווי־אַזוי האָט איר אײַך באַוויליקט אויסצודריקן? — האָט נאַפטאַ צוריקגעפרעגט...

— איך האָב באַוויליקט — האָט געענטפערט דער איטאַליענער און האָט אָפּגעהאַקט —איך באַוויליק מיך אויסצודריקן, אַז כ'בין אַנטשלאָסן אײַך צו שטערן, איר זאָלט ווייטער שפּילן די אומבאַשיצטע יוגנט מיט אײַערע צווייידייטיקייטן!

— מיין הער, איך פאָדער אײַך אויף, איר זאָלט אײַך רעכענען מיט די ווערטער!

— אַזאַ אויפפאָדערונג, מיין הער, איז נישט נייטיק. איך בין געוווינט זיך צו רעכענען מיט די ווערטער און מיינע ווערטער שטימען פּרעציז מיטן פאַקט, ווען איך זאָג, אַז אײַער אופן צו צע־

* 1815 אין פּאַריז געשאַפענער בונד צווישן די מאָנאַרכן פון רוסלאַנד, עסטרייך, פּרייסן קעגן ליבעראַליזם.

טומלען, צו פֿאַרפֿירן און עטיש אָפּצושוואַכן די אַזוי־אויך נישט פֿעסטע יוגנט, איז אַ  א י נ פֿ אַ מ י ע און ס'איז נישטאָ גענוג שאַרפֿע ווערטער דאָס צו שטעמפּלען...

ביי דעם וואָרט „אינפֿאַמיע" האָט סעטעמבריני אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט־פֿלאַך איבן טיש און ער איז — אָפּרוקנדיק די שטול אויף צוריק — שוין אינגאַנצן אויפֿגעשטאַנען. — אַ צייכן, אַז אַלע איבעריקע זאָלן אויך טאָן דאָס אייגענע. פֿון די אַנדערע טישן האָט מען זיך אומגעקוקט און זיך צוגעהערט, אייגנטלעך — בלויז פֿון איין טיש, ווייל די שווייצאַרישע געסט זיינען שוין געהאַט אַוועק, בלויז די האָלענדער האָבן זיך אַיינגעהאָרכט מיט דערשטוינטע מינעס צו דעם שאַרפֿן ווערטער־קאַמף.

ביי אונזער טיש זיינען, הייסט עס, אַלע געשטאַנען שטייף און גלייך: האַנס קאַסטאָרפּ, ביידע קעגנער און קעגנאיבער זיי — פֿערגע און וועזאַל. אַלע פֿינף זיינען געווען בלאַס, האָבן געהאַט איינגעריסענע אויגן און געציטערט מיט די מיילער. צי האָבן די דריי אומבאַטייליקטע נישט געקאָנט פּרוּוון צו פֿאַרווישן דעם ענין, אָפּצושוואַכן די געשפּאַנטקייט מיט אַ וויץ און מיט וועלכן ס'איז מענטשלעך וואָרט אַלץ צוריק גוט צו מאַכן? זיי האָבן עס נישט געפּרוּווט. די אינערלעכע סיטואַציע האָט געשטערט דערין. זיי זיינען געשטאַנען און האָבן געציטערט און נישט ווילנדיק האָבן זיך געבאַלט זייערע פֿויסטן. אַפֿילו א. ק. פֿערגע, וועלכן אַלדאָס העכערע איז, ווי ר'האָט אַמאָל דערקלערט, אינגאַנצן ווייט און וועלכער האָט באַלד פֿאָרויס נישט געפּרוּווט אָפּשאַצן די הויך פֿון וויכּוח, — אַפֿילו ער איז אויך געווען איבערגעצייגט, אַז ס'איז אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. ער איז אַליין אויך געווען מיטגעריסן און זיכער געווען, אַז מ'קאָן גאָרנישט טאָן, נאָר לאָזן גיין די זאַך איר וועג. זיינע גוטמוטיקע וואָנסעס האָבן זיך געהויבן אַראָפּ און אַרויף.

עס איז שטיל געווען און מ'האָט געהערט, ווי נאַפֿטאַ קריצט מיט די ציין. דאָס איז פֿאַר האַנס קאַסטאָרפּן געווען אַזאַ נייס, ווי ווידעמאַנס אויפֿגעשטעלטע האָר. ער האָט געקלערט, אַז מ'זאָגט בלויז אַזוי, און אַז פֿאַקטיש געשעט עס נישט. איצט אָבער האָט נאַפֿטאַ פֿאַקטיש געקריצט אין דער שטילקייט מיט

די צייַן. עס איז געווען אַ מוראדיק אומאָנגענעם, ווילד און אויס־טערליש געוויש. ס'האָט זיך אָבער אויך אַרויסגעוויזן פאַר אַ סימן פון מוראדיקער באַהערשונג, וואָרעם ער האָט נישט געשריגן, נאָר האָט געזאָגט שטילערהייט און בלויז מיט אַ כאָרכלדיקן האַלבן גע־לעכטער:

— אינפאַמיע? סטעמפּלען? צי די מאָראַלישע אייזלען בונ־טעווען זיך? צי האַלט עס שוין אַזוי ווייט מיט דער פּעדאַגאָגישער פּאָליציי פון דער ציוויליזאַציע, אַז זי ציט אַרויס דאָס שווערדל? לויטן אָנהייב איז עס אַן ערפאָלג, — לייכט צום דערגרייכן מוז איך צוגעבן מיט ביטול, אויב איין קליניקייט איז גענוג געווען, אַז די וואַכנדיקע מאָראַל זאָל זיך כאַפּן צו כלי־זיין! דאָס ווייטערדיקע וועט שוין גיין, מיין הער. אויך דאָס „סטעמפּלען", דאָס אויך. איך האָף, אַז אַייערע ציווילע פּרינציפּן וועלן אייך נישט שטערן צו וויסן, וואָס איר זענט מיר שולדיק, ווען נישט, וועל איך זיין גע־צוואונגען אויסצושטעלן די דאָזיקע פּרינציפּן דורך אַנדערע מיטלען אויף אַ נסיון, ווערכער —

סעטעמבריניס אַ שטייפע באַוועגונג האָט אים געניגט ווייטער צו זאָגן:

— אַך, אַך זע, אַז ס'וועט נישט נייטיק זיין. איך בין אייך אין וועג, איר — מיר, מילא גוט, מיר וועלן אויסגלייכן אָט־די קליינע דיפערענץ אויפן געהעריקן אָרט. אין דעם מאָמענט בלויז איינס. אייער פרומע מורא, מ'זאָל חלילה, ניט אָנרירן דעם סכאָלאַסטישן פּילפּול פון דער יאַקאָבינער־רעוואָלוציע זעט אַ פּעדאַגאָגישן פאַר־ברעך אין מיין אופן צו לערנען די יוגנט צווייפלען, אָפּשאָקלען זיך פון די קאַטעגאָריעס און צוצונעמען ביי די אידעען זייער אַקאַדעמיש־מאָראַלישע ווערדע. די דאָזיקע מורא איז זייער באַרעכטיקט, ווייל אייער הומאַניטעט — איר מעגט זיין זיכער דעריין — איז שוין אַ געענדיקטע און אַ פּאַרטיק־געמאַכטע. ביים היינטיקן טאָג איז זי בלויז נאָך אַ צוטשעפּעניש, אַ קלאַסיציסטישע מיאוסקייט, אַ גייסטיקע לאַנגוויי־ליקייט, וואָס איז גורם אַ גענעץ און די רעשט וועט אויכגערוימט ווערן בקרוב דורך דער נייער, דורך, אונזער רעוואָלוציע, מיין הער. אויב מיר ווי דערציער פּרעדיקן דעם סקעפּטיציזם, טיפער ווי

ס'האָט זיך אַייער חשובער אויפגעקלערטקייט נאָר געקאָנט חלומען, ווייסן מיר, וואָס מיר טוען. נאָר פון דעם ראַדיקאַלן סקעפטיציזם, פון מאָראַלישן כאַאָס קומט אַרויס דאָס אומבאַדינגטע, דער הייליקער טעראָר, וועלכן די צייט באַדאַרף. דערמיט פאַרענטפער איך מיך און דערקלער אַייך. דאָס איבעריקע איז שוין אַן אַנדער ענין. איך וועל אַייך נאָך געבן צו וויסן פון מיר.

— איר וועט קריגן אַן ענטפער! — האָט אים נאָכגערופן סעטעמברינע, וועלכער איז אַוועק פון טיש און איז צוגעגאַנגען גיך צו דער גאַרדעראָב, כדי אַרויסצוקריגן זיין פעלץ. דערנאָך האָט זיך דער פרייםוייערער האַרט אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און האָט צוגעפרעסט זיין האַרץ מיט די הענט.

* Distruttore! Cane farabbiato! Bisogna ammazzarlo!

האָט ער אַרויסגעדרעכעט מיט אַ קורצן אָטעם.

די איבעריקע זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען ביים טיש. פערגעס וואָנסעס האָבן זיך נאָך אַלץ געהויבן אַראָפּ און אַרויף. וויזאַל האָט קרום געהאַלטן די גאָמבע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אָנגעשפּאַרט דעם קין ווי זיין זיידע, ווייל ס'האָט ביי אים געציטערט דער קאַרק. אַלע האָבן געטראַכט וועגן דעם, ווי ווייניק מ'האָט זיך געריכט אויף אַזאַ סוף ביים אַרויספאָרן. אַלע, סעטעמברינע אויך, האָבן געטראַכט גלייכצייטיק, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, וואָס מ'איז געקומען אין צוויי שליטנס און נישט צוזאַמען אין איינעם. דאָס האָט דערווייל פאַרלייכטערט דעם אַהיימפאָר. אָבער וואָס ווייטער?

— ער האָט אַייך אַרויסגעפאָדערט! — האָט האַנס קאַסטאָרפּ געזאָגט מיט עגמת־נפש.

— אָן שום־ספק — האָט געענטפערט סעטעמברינע און האָט צוגעוואָרפן צו אים אַ בליק. דערנאָך האָט ער זיך באַלד אָפּגעווענדט פון אים און האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ האַנט.

— איר נעמט אָן? האָט וויזאַל געוואָלט וויסן...

* איטאַליעניש: צעשטערער, משוגענער הונט, מען דאַרף אים הרגענען.

— איר פרעגט נאָך? האָט געענטפערט סעטעמברינ'י און ער האָט אויך אים אַ ווײַלע באַטראַכט... — מײַנע הערן — האָט ער ווײַטער גערעדט און האָט זיך אײַנגאַנצן באַהערשט — מיר טוט באַנג דער אויסגאַנג פון אונזער פאַרגעניגן, אָבער מיט אַזעלכע צווישן־פאַלן דאַרף זיך רעכענען יעדער מענטש אין לעבן. טעאָרעטיש סימפאַטיזיר איך נישט מיטן דועל, מײַן אופן פון טראַכטן איז געזעצלעך. אָבער מיט דער פּראַקטיק איז די מעשה אַנדערש; עס זײַנען פאַראַן סיטואַציעס, סתּירות, וועלכע — בקיצור, איך שטיי אים מיט פאַרגעניגן צו דיספּאָזיציע. ס'איז זייער גוט, וואָס איך האָב מיך אין מײַן יוגנט אַ ביסל געלערנט שלאָגן. עטלעכע שעה איבן זיך וועלן מיר ווידער געבן די פלינקייט. לאָמיר גיין! דאָס ווײַטערע וועט מען שוין אָפּריידן. איך בין זיך משער, אַז יענער האָט שוין געהייסן אײַנשפּאַנען —

האַנס קאַסטאָרפּ האָט געהאַט בעת דער נסיעה אין דערנאָך מאָמענטן, בעת וועלכע ס'האָט אים אַזש גענומען שווינדלען אין קאָפּ צוליב דעם שרעקלעכן, וואָס דאַרף געשען. דער עיקר, בעת ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאַפטאַ האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין וויים געווער, נאָר האָט דווקא געוואָלט קעמפן מיט פּיסטאָלעטן. פאַקטיש האָט ער געקאָנט אויסקלײַבן זיך דאָס געווער, וואָרעם לויט די ערע־געזעצן איז ער געווען דער באַליידיקטער. מאָמענטן, זאָגן מיר, זײַנען באַפאַלן דעם יונגנמאַן, בעת וועלכע זײַן גייסט האָט זיך ביז אַ געוויסער מדרגה באַפרייט פון דער אַלגעמיינער פאַרפּלאָנטערטקייט און פאַרנעפּלטקייט צוליב דער אינערלעכער סיטואַציע און ער האָט זיך אַליין געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שיגעון און אַז מ'מוז עס אויסמיידן.

— ווען דאָס וואָלט כאָטש געווען אַן אמת־יקע באַליידיקונג! — האָט ער געזאָגט אין שמועס מיט סעטעמברינין, פּעפּערקאָרן און ווייזאַלן, וועלכן נאַפטאַ האָט אויף צוריקוועגס באַשטימט פאַר זײַן סעקונדאַנט און וועלכער האָט פאַרמיטלט צווישן די צדדים. — ווען ס'וואָלט כאָטש געווען אַ בירגערלעכע, געזעלשאַפטלעכע באַליידיקונג. ווען איינער וואָלט געווען באַשמוצט דעם ערלעכן נאָמען פון דעם אַנדערן, ווען ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פרוי און נאָך

אַזאַ ממשותדיקן לעבנס־קאָנפליקט, ביי וועלכן מ'זעט נישט קיין שום מעגלעכקייט פון אויסגלייך! גוט, פאַר אַזעלכע פאַלן איז דער דועל דער לעצטער אויסוועג און אויב די ערע קריגט איר סאַטיס־פאַקציע און די מעשה גייט אָפּ גלאַטיק, אַזוי אַז ס'הייסט: די קעג־נער האָבן זיך געשיידט איבערגעבעטענע, — דעמאָלט קאָן מען אַפילו זאָגן, אַז ס'איז אַ גוטע איינאָרדענונג, אַ נוצלעכע און אַ פּראַקטישע אין געוויסע קאָמפּליקאַציעס. אָבער וואָס האָט ער געטאָן? איך האָב אים נישט בדעה צו פאַרטיידיקן, איך פרעג נאָר, וואָס אַזוינס האָט ער געטאָן, איר זאָלט זיך באַליידיקן? ער האָט געהייסן אָפּשאָקלען זיך פון די קאַטעגאָריעס. ער האָט, ווי ר'האָט זיך אויסגעדריקט, צוגענומען ביי די באַגריפן זייער אַקאַדעמישע ווערדע. דערפאַר האָט איר אייך געפילט באַליידיקט, — לאָמיר אַפילו אָננעמען, אַז מיט רעכט. —

— אָננעמען? — האָט סעטעמבריני איבערגעחזרט און האָט אים אָנגעקוקט...

— מיט רעכט, מיט רעכט, ער האָט אייך באַליידיקט, אָבער נישט אָנגעזידלט! דאָס איז אַן אונטערשייד, דערלויבט מיר צו זאָגן! ס'האַנדלט זיך וועגן אַבסטראַקטע ענינים, וועגן גייסטיקע. מיט גייס־טיקע זאַכן קאָן מען באַליידיקן, אָבער נישט באַשמוצן. דאָס איז אַ מאַקסימע, וועלכע יעדעס ערן־געריכט וואָלט אָנגענומען, איך קאָן אייך פאַרזיכערן, ווי גאָט איז מיר ליב. דערביי איז אייער „אינפאַמיע" און אייער „סטשמפּלען" אויך נישט געווען קיין זידלעריי, ווייל אויך דאָ איז די כוונה געווען אַ גייסטיקע. אַלץ האָט זיך אָפּגעטאָן אין גייסטיקע ספערן און עס האָט בכלל נישט געהאַט צו טאָן מיט דעם פּערזענלעכן, פאַר וועלכן ס'האָט אַן אָרט דער באַגריף זידלעריי. דאָס גייסטיקע קאָן קיינמאָל נישט זיין פּערזענלעך — דאָס איז די דערגאַנצונג און די קלאָר־מאַכונג פון דער מאַקסימע און דערפאַר טאַקע —

— איר האָט אַ טעות, מיין פריינט — האָט געענטפערט סע־טעמבריני מיט צוגעמאַכטע אויגן. — קודם־כל האָט איר אַ טעות, ווען איר נעמט אָן, אַז דאָס גייסטיקע טראָגט קיינמאָל נישט קיין פּערזענלעכן כאַראַקטער. איר דאַרפט נישט אַזוי טראַכטן — האָט

ער געזאָגט און האָט צוגעשמייכלט מאָדנע פיין און ווייטאָגדיק. איך שאַצט קודם־כל נישט ריכטיק אָפּ דאָס גייסטיקע בכלל, וועלכעס איך האַלט, אַפּנים, פאַר צו־שוואַך, כדי אַרויסצוברענגען קאָנפליקטן און ליידנשאַפטן פון אַזאַ כוח, אַז זיי זאָלן אַרויסברענגען רעאַלע קאָנסעקווענצן און נישט האָבן קיין אַנדערן אויסוועג ווי אַ דועל.

All' incontro! * דאָס אַבסטראַקטע, דאָס געריייניקטע, דאָס אידעאַלע איז גלייכצייטיק אויך דאָס אַבסאָלוטע, ממילא איז עס דאָס אייגנטלעך שטרענגע און עס פאַרבאָרגט אין זיך אַ סך טיפערע און ראַדיקאַלערע מעגלעכקייטן פון שנאה, פון אומבאַדינגטער און טיפער קעגנערשאַפט, ווי דאָס סאָציאַלע לעבן. איר וואונדערט אייך, ווי אַזוי דאָס גייסטיקע דערפירט מער דירעקט און אומברחמנותדיק, ווי דאָס סאָציאַלע, צו דער מדרגה פון איך אָדער דו, צו דער אייגנטלעך ראַדיקאַלער סיטואַציע, צום דועל, צום קערפּערלעכן קאַמף? דער דועל, מיין פריינד, איז נישט קיין „איינאָרדענונג", ווי יעדע אַנדערע. עס איז דאָס סאַמע לעצטע, אַן אומקער צום אור־מצב פון דער נאַטור, נאָר לייכט געמילדערט דורך געוויסע ריטערלעכע כללים, וואָס זיינען זייער אייבערפלעכלעכע. דער עיקר פון דער זאַך איז פּשוט דאָס אוראַלטע, דער קערפּערלעכער קאַמף און עס איז דער חוב פון יעדן מאַן, אַז ער זאָל ביי דער גאַנצער ווייטקייט דערפון, דאָך זיך פילן גרייט דערצו. עס קאָן זיך טרעפן יעדן טאָג. ווער ס'קאָן נישט באַשיצן דאָס אידעאַלע מיט זיין פּערזאָן, מיט זיין האַנט, מיט זיין בלוט, דער איז עס נישט ווערט. ס'גייט וועגן דעם, אַז ביי דער גאַנצער גייסטיקייט, זאָל מען בלייבן אַ מאַן.

אַזאַ לעקציע האָט האַנס קאַסטאָרפּ באַקומען. וואָס האָט מען דערויף געקאָנט ענטפערן? ער האָט געשוויגן און מיט עגמת־נפש ווייטער זיך געגריבלט. סעטעמברינים ווערטער זיינען אַרויסגעקומען באַהערשט און לאָגיש, פונדעסטוועגן האָבן זיי דאָך געקלונגען פרעמד און אומנאַטירלעך ביי אים. זיינע געדאַנקען זיינען נישט געווען זיינע אייגענע, אַקוראַט ווי נישט ער איז געווען דער, וואָס איז

* איטאַליעניש: פאַרקערט.

געפאַלן אויפן רעיון פון דועל, נאָר אים איבערגענומען פון טעראָריסטישן קליינעם נאַפטאַ. זיינע רייד זיינען געווען דער אויסדריק פון דער אַלגעמיינער אינערלעכער סיטואַציע, וועמענס קנעכט און געצייג ס'איז געווען אַפילו סעטעמברינים שיינער פאַרשטאַנד. וואָס הייסט, דערפאַר ווייל דאָס גייסטיקע איז שטרענג, זאָל עס אומבאַרהמנותדיק פירן צום חיהשן, צום אויסוועג דורך דעם קערפּערלעכן קאַמף? האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם, אָדער ער האָט עס בלויז געפּרוווט טאָן און ער האָט טאַקע מיט שרעק איינגעזען, אַז ר'איז נישט בכוח. די אינערלעכע סיטואַציע האָט שטאַרק געווירקט אויך אויף אים, אויך ער איז נישט געווען דער מענטש, וואָס זאָל דאָס קאָנען גובר זיין. עס האָט מוראדיק און שטאַרק אַלעמאָל אויפסניי אַ ווייע געטאָן אין זיין זכרון דאָס בילד ווי ווידעמאַן און זאָנענשיין האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ הילפלאָז-חיהשן קאַמף, און ער האָט באַנומען מיט שרעק, אַז נאָך אַלע זאַכן בלייבט סוף-כל-סוף נאָר דאָס קערפּערלעכע, די נעגל, די ציין, יאָ, יאָ, מ'מוז זיך מסתמא שלאָגן, וואָרעם אַזוי ווערט לכל-הפּחות דער אור-מצב געמילדערט דורך ריטערלעכע כללים... האַנס קאַסטאָרפּ האָט פאָרגעלייגט סעטעמברינין, אַז ער וויל ווערן זיין סעקונדאַנט.

דאָס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. ניין, ס'פּאַסט נישט, ס'איז נישט אויפן אָרט, האָט מען אים געענטפערט. פריער — מצד סעטעמברינין, וואָס האָט דערביי צוגעשמייכלט פיין און ווייטאָגדיק, דערנאָך נאָך אַ ישוב-הדעת אויך מצד פערגע און ווייזאַל, וואָס האָבן אויך אָן שום באַזונדערע מאָטיוו, איינגעפונען, אַז ס'האָט נישט קיין זין, אַז האַנס קאַסטאָרפּ זאָל נעמען אַן אָנטייל אין אָט-דעם קאַמף אין דעם כאַראַקטער. ווי אַן אומפּאַרטייאישער — ווייל אויך די אָנוועזנהייט פון אַזעלכן געהער צו דער באַשטימטער ריטערלעכער מילדערונג פון חיהשן — מעג ער זיין אָנוועזנדיק אויף דעם קאַמפּלאַץ, אַפילו נאַפטאַ האָט זיך דורך זיין ערן-פּאַרמיטלער ווייזאַל אַרויסגעזאָגט דערפאַר און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך באַנוגנט דערמיט. אַן עדות אָדער אַן אומפּאַרטייאישער — אַלנפאַלס האָט ער געקריגן די מעגלעכקייט צו האָבן אַן איינפלוס אויף דער פעסטשטע-

לונג פון די באַדינגונגען און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר שטאַרק נייטיק.

וואָרעם נאַפטאַ איז איבערגעגאַנגען יעדע מאָס מיט זיינע פאָר־שלאָגן. ער האָט פאַרלאַנגט אַ דיסטאַנץ פון פינף שריט און אַ דריימאָליקן קוילן־אויסטויש, אין פאַל ווען ס'וועט נייטיק זיין. דעם דאָזיקן שיגעון האָט ער נאָך באַפוילן אינאָווענט נאָך דער מהלוקת דורך וויזאַלן, וועלכער איז געוואָרן אינגאַנצן דער מליץ און פאַר־טרעטער פון יענעמס ווילדן אינטערעס און ער האָט זיך איינגע־שפאַרט אויף אַזעלכע באַדינגונגען מיט דער גרעסטער עקשנות אַ ביסל דערפאַר, ווייל מ'האָט עס אים איבערגעגעבן אַזוי, אַ ביסל — צוליב זיין אייגענעם געשמאַק. נאַטירלעך, האָט סעטעמבריני גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אָבער פערגע ווי אַ סעקונדאַנט און דער אומ־פאַרטייאישער האַנס קאַסטאָרפּ זיינען געוואָרן אויסער זיך. דער לעצ־טער האָט אַפילו גענומען ריידן גראָב מיטן קלאָגעדיקן וויזאַל. צי שעמט ער זיך נישט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ געפרעגט, אַרויס־צוקריכן מיט אַזעלכע ווילדע אויסטערלישקייטן, ווען ס'גייט וועגן אַ ריין־אַבסטראַקטן דועל, וועלכער שטיצט זיך גאָרנישט אויף קיין שום רעאַלער באַליידיקונג! שוין גענוג דאָס, וואָס מ'וועט זיך באַ־נוצן מיט פיסטוילן, דערצו נאָך אָט־די מערדערישע באַדינגונגען! דאָ הערט שוין־אויף די ריטערלעכקייט, ס'וועט נאָך דערגיין דערצו, אַז מ'וועט זיך שיסן איבערן נאָז־טיכל! אויף אים, וויזאַלן, וועט מען נישט שיסן פון אַזאַ שטח, דערפאַר גייט עס ביי אים אַזוי־לייכט אַרויס פון די ליפּן אַזאַ מין אַכזריות — און אַזוי ווייטער. וויזאַל האָט געצוקט מיט די אַקסלען און ער האָט שווייגנדיק געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די סיטואַציע איז אַ ראַדיקאַלע און אַזוי־אַרום האָט ער אין אַ געוויסער מאָס אַנטוואָפנט דעם צד שכנגד, וועלכער איז געווען גענייגט דאָס צו פאַרגעסן. אַלנפאַלס איז זיי אין משך פון טאָג געלונגען קודם־כל צו דערפירן דורך אונטערהאַנדלונג, אַז אָנשטאָט דריי מאָל אויסצוטוישן קוילן, זאָל עס געשען בלויז איין מאָל און די דיסטאַנץ־פראַגע איז געוואָרן רעגולירט אַזוי, אַז די קעגנער זאָלן שטיין איינער פון אַנדערן אויף אַ שטח פון פופצן שריט און אַז יעדער פון זיי זאָל האָבן אַ רעכט אַרויסצורוקן זיך

אויף אַ פינף טריט פאַרן דאָס. אָבער אויך דאָס איז דערגרייכט געוואָרן בלויז אַדאַנק דער פאַרזיכערונג, אַז ס'וועלן נישט געמאַכט ווערן קיין שום פרוון שלום צו מאַכן. אַגב, זיינען נישט געווען קיין פיסטוילן.

אַלבין האָט געהאַט געווער. אַחוץ דעם בלישטשענדיקן קליי־נעם רעוואָלווער, מיט וועלכן ער האָט ליב געהאַט צו שרעקן די דאַמען, האָט ער געהאַט נאָך אַ פּאָר אָפיצירישע פיסטוילן, וואָס זיי־נען געלעגן אין אַ בשותפותדיק שיידל אויסגעבעט מיט סאַמעט. זיי האָבן געשטאַמט פון בעלגיע. עס זיינען געווען אַוטאָמאַטישע ברוי־נינגס מיט הענטלעך פון ברוינעם האָלץ, אין וועלכע ס'האָבן זיך געפונען די מאַגאַזינען: בלוילעך־שטאָלערנע מעכאַניזמען און בלישטשענדיקע רערלעך, וואָס אויף זייערע מיילער זיינען געזעסן דראָבנע און פיינע דעקלעך. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיי געזען אַמאָל ביי דעם פּלוט און ער האָט קעגן זיין איבערציינגונג, בלויז צוליב מזל, צוגעזאָגט זיי צו באָרגן ביי אים. ער האָט עס טאַקע געטאָן און דערביי נישט געמאַכט קיין סוד פון דעם צוועק, ער האָט בלויז גע־נומען ביי אים אַן ערן־וואָרט נישט צו דערציילן און ער האָט תיכף געפועלט ביי דעם לייכטזיניקן פלוידערזאַק. אַלבין האָט אים אַפילו אָנגעוויזן, ווי אַזוי אָנצולאָדן, און האָט אינדרויסן אויסגעשאָסן מיט בלינדע קוילן פון ביידע.

דאָס אַלץ האָט געדויערט און דערפאַר האָט געדויערט צוויי טעג און דריי נעכט ביז צום צוויפּטרעף. דעם טרעף־פּונקט האָט אויסגעפונען האַנס קאַסטאָרפּ: ער האָט פאָרגעלייגט דאָס מאָלערישע, זומער בלוי־בליענדיקע אָרט פון זיין רעגירונגס־התבודדות. דאָ האָט גע־דאַרפט דעם דריטן פרימאָרגן נאָכן קאָנפליקט, תיכף ווי ס'וועט נאָר זיין געגנוג ליכטיק, דערליידיקט ווערן דער ענין. ערשט אַן אָוונט פריער, שוין גענוג שפּעט, איז דעם אויפגערעגטן האַנס קאַסטאָרפּן איינ־געפאַלן דער געדאַנק, אַז מ'וועט מוזן מיטנעמען אַ דאָקטאָר אויף דעם קאַמף־פּלאַץ.

ער האָט תיכף אַרומגערעדט מיט פערגען אָט־דעם פּונקט, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן פאַר זייער אַ האַרבן. ראַדאַמאַנט איז טאַקע געווען אַמאָל אַ קאָרפּאָראַציע־סטודענט, אָבער ס'איז אוממעגלעך

געווען צו פאַרלאַנגען פון שעף פון דער סאַנאַטאָריע אַן אונטערשטי־צונג בנוגע אַזאַ אומגעזעצלעכקייט, בפרט נאָך ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן קראַנקע. ס׳איז בכלל געווען אַ קנאַפּע האָפענונג, אַז מ׳זאָל דערצו אויסגעפינען אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל זיין גרייט צו אַסיסטירן ביי אַ פּיסטויל־דועל צווישן צוויי שווער־קראַנקע. וואָס ס׳איז נוגע קראָקאָווסקין, איז אַפילו נישט זיכער געווען, צי דער דאָזיקער ספּירי־טועלער קאָפּ פילט זיך בכלל פעסט אין הילכות פאַרבאַנדאַזשירן אַ וואונד.

מ׳האָט צוגעצויגן וויזאַלן און יענער האָט איבערגעגעבן, אַז נאַפטאַ האָט שוין גערעדט וועגן דעם און געזאָגט, אַז ער וויל נישט האָבן קיין דאָקטאָר. ער גייט נישט אויף יענעם אָרט, כדי מען זאָל אים שמירן און וויקלען, נאָר כדי זיך צו שלאָגן און זייער ערנסט. וואָס ס׳וועט זיין דערנאָך, גייט אים נישט אָן און ס׳וועט זיך שוין עפּעס אויסגעפינען. דאָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ פינסטערע נבואה, אָבער האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך באַמיט עס אויסצוטייטשן אַזוי, אַז נאַפטאַ האַלט שטילערהייט, אַז ס׳וועט נישט נייטיק זיין קיין דאָקטאָר. צי האָט דען נישט אויך סעטעמבריני געלאָזט זאָגן דורך פעתגען, וועלכער איז אַוועק צו אים, אַז מ׳זאָל אַראָפּנעמען די פראַגע און אַז זי אינטערעסירט אים נישט? ס׳איז נישט געווען אינגאַנצן אַן אומזין צו האָפן, אַז די קעגנער האָבן אין תוך די זעלבע מיינונג, נישט צו דערלאָזן צו בלוט־פאַרגיסונג. מ׳איז צוויי מאָל געשלאָפן זינט יענעם ווערטער־אויסטויש, און איצט איז גע־גאַנגען די דריטע נאַכט. דאָס קילט אָפּ, דאָס נניכטערט אויס. אַ געוויסע שטימונג קאָן נישט בלייבן אומפאַרענדערט לגבי דעם לויף פון די שעהן. מאָרגן אינדערפרי וועט קיינער פון די קעגנער מיטן געוועזר אין דער האַנט נישט זיין דער זעלבער, וואָס אינאָוונט בעתן מחלוקת. זייער האַנדלונג וועט זיין העכסטנס מעכאַניש און צוליב אָנ־גענומענע ערע־כללים נישט לויטן פרייען ווילן, ווי זיי וואָלטן דע־מאָלט עס געטאָן מיט חשק און איבערצייגונג. אַזאַ אָפּלייקענונג פון אַקטועלן איך לטובת דעם, וואָס ס׳איז געשען אַמאָל, וועט מסתמא אויף וועלכן ס׳איז אופן איסגעמיטן ווערן!

האַנס קאַסטאָרפּ איז נישט אומגערעכט געווען מיט זיין אי־בערצייגונג, אָבער נישט אומגערעכט, לײדער, אויף אַן אופן, וועגן וועלכן ער האָט אַפילו נישט געחלומט. ער איז אַפילו אינגאַנצן גערעכט געווען אויף וויפיל ס'איז געגאַנגען בנוגע סעטעמברינין, ווען ער וואָלט אָבער געווען גערעכט, אין וואָס פאַר אַ ריכטונג לעאָ נאַפטאַ וועט האָבן ביז דער לעצטער רגע געענדערט זיינע פּלענער אָדער זיי אין לעצטן מאָמענט ענדערן, — דעמאָלט וואָלט אַפילו די אי־נערלעכע סיטואַציע, פונוואַנען אַליך האָט זיך גענומען, אים נישט אָפּגעהאַלטן פון קעגנשטעלן זיך דער געשעעניש.

7 אַ זייגער האָט נאָך די זון ווייט נישט געהאַלטן דערביי, זי זאָל אַרויסקומען פון הינטער דעם באַרג, אָבער עס האָט פּאַמע־לעך נעטאָגט שוין, בעת האַנס קאַסטאָרפּ האָט נאָך אַן אומרוי־קער נאַכט פאַרלאָזט בערגהאָף, כּדי אַוועקצוגיין צום טרעף־פּונקט. די דינסטמיידלעך, וואָס האָבן געראַמט די האַלע, האָבן אים פאַר־וואונדערטע נאָכגעקוקט פון דער אַרבעט. אָבער דער הויפּט־טויער איז מער ניט געווען פאַרשלאָסן. פערגע און ווייזאַל, באַזונדער אָדער אָדער צוזאַמען, זיינען שוין מסתּמא דאָ־אַרום דורכגעגאַנגען, איינער — כּדי צו ברענגען סעטעמברינין צום קאַמף־פּלאַץ, דער צווייטער — נאַפטען. ער, האַנס, איז געגאַנגען אַליין, ווייל זיין ראָל פון אַן אומפּאַרטייאישן האָט אים נישט דערלויבט צו גיין מיט איינעם פון ביידע צדדים.

ער איז געגאַנגען מעכאַניש און געצוואונגען דורך דעם דרוק פון דער סיטואַציע. זיין בייזיין בעת דעם דועל איז געווען אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע נויטווענדיקייט. אוממעגלעך זיך אָפּצוזאָגן דערפון און צו דערוואַרטן דעם רעזולטאַט אין בעט, ערשטנס, ווייל — — אָבער דעם ערשטנס האָט ער נישט דערפירט צום סוף, נאָר האָט באַלד צוגעגעבן דעם צווייטנס, אַז מ'קאָן דעם ענין נישט איבערלאָזן סתם אויף הפקר. קיין שלעכטס איז נאָך, גאָט צו דאַנקען, נישט געשען און עס דאַרף נישט געשען קיין שלעכטס, ס'איז אַפילו אַ אומוואַרשיינלעכקייט. מ'האָט געדאַרפט אויפשטיין, אָנצינדן די עלעקטרע און אָן פרישטיק אַוועקקריכן אין דער ביטערער קעלט. דאָס איז געווען אָפּגעשמועסט. אָבער דערפאַר וועט אונטער דער ווירקונג פון

זיין. האַנס קאַסטאָרפּס, בייזיין זיך אַליין אַ קער טאָן אָן שום ספק צום גוטן און פריילעכן — אויף אַן אופן נישט פאָרויסצוזען און וועלכן ס'איז גלייכער נישט צו טרעפן, וואָרעם די דערפאַרונג לערנט, אַז אַפילו די מינדסטע געשעעניש קומט אַנדערש פאָר, ווי מ'האָט זיך עס פריער געפרוווט אויסמאָלן.

פונדעסטוועגן איז עס דאָך געווען דער אומאָנגענעמסטער פרי־מאָרגן, וועלכן ער האָט נאָר ווען־ס'איז געדענקט. אַ מאַטער און אַ נישט־אויסגעשלאָפענער, איז האַנס קאַסטאָרפּ געווען גענייגט נערוועז צו קלאַפּן מיט די ציין און איז שוין איצט אין דער טיפעניש פון זיין מהות געווען אין ספק בנוגע זיינע זעלבסט־באַרויִקונגען. ס'זיינען געווען אַזעלכע אויסטערלישע צייטן... די דאַמע פון מינסק, וואָס איז קראַנק געוואָרן צוליב מחלוקת, דער ווילד־געוואָרענער שילער, ווי־דעמאַן און זאָנענשיין, די פוילישע פעטש, — דאָס אַלץ איז אים פינסטער אַהורך דורך די רעיונות. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז פאַר זיינע אויגן, ווען ער איז געווען דערביי, וועלן די צוויי שיסן איינער אויפן אַנדערן, זיך בלוטיק צעהרגענען. אָבער ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, וואָס ס'איז פאַקטיש געשען מיטווידעמאַן און זאָנענשיינען פאַר אָט די אויגן זיינע, האָט ער פאַר־לוירן דעם צוטרוי צו זיך און צו דער וועלט און ער האָט גענומען פרירן אין זיין פוטערנער קורטקע. דערביי האָט אים פונדעסטוועגן, ביי אַל־דעם דערהויבן און באַלעבט דאָס געפיל פון דער אויסערגע־וויינטלעכקייט און פאַטעטיק פון מצב און אויך די פרישע לופט פון פרימאָרגן.

ביי אַזעלכע געמישטע און זיך בייטנדיקע געפילן און גע־דאַנקען איז ער פאַרטאָג, בעת ס'איז ביסלעכווייז העל געוואָרן, אַרויפגעשטיגן אין „דאָרף“, ביי דעם אָרט, וואו דער באָב־וועג ענ־דיקט זיך, מיט אַ שמאָלן שטעג איבערן שיפּוע, האָט דערגרייכט דעם טיף־פאַרשנייטן וואַלד, איז דורכגעגאַנגען איבער די הילצערנע בריקן, אונטער וועלכע דער וועג איז געלאָפן, און האָט גענומען טשאַפּען צווישן ביימער, אויף אַ וועג, וועלכן ס'האָבן גיכער אויס־געטרעטן פיס, ווי אָפּגערוימט שופלעס. היות ר'איז געגאַנגען האַסטיק, האָט ער באַלד דעריאָגט סעטעמברינין און פערגען, וועלכער האָט

מיט איין האַנט געהאַלטן דאָס פּיסטויל-קעסטל הינטער דער בּעלע-רינע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט בּדעה געהאַט צוצוגיין צו זיי און תּיכּף ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיט זיי, האָט ער אויך דערזען נאַפטען און וועזאַלן, וועלכע זיינען געגאַנגען אַ ביסל פאָרויס.

— אַ קאַלטער פרימאָרגן, מינדנסטנס אַכצן גראַד — האָט ער געזאָגט מיט אַ גוטער כּוונה. ר'האָט זיך אָבער בּאַלד דערשראָקן צוליב דער פריוואַלקייט פון זיינע ווערטער און האָט צוגעגעבן: — מיינע הערן, איך בּין איבּערגעצייגט...

די איבּעריקע האָבן געשוויגן. בּיי פּערגען האָבן די גוטמוטיקע וואָנסן זיך געהויבן אַראָפּ און אַרויף. אין אַ ווײַלע אַרום איז סע-טעמבּריני געבּליבּן שטיין, האָט אָנגענומען האַנס קאַסטאָרפּס האַנט, אַרויפגעלייגט אויף זיין צווייטער און געזאָגט:

— מיין פריינט, איך וויל נישט הרגענען קיין מענטש. איך וויל עס נישט טאָן. איך וועל מיך אַוועקשטעלן פאַר זיין קויל, דאָס איז אַלץ, וואָס די ערע קאָן פון מיר פאַרלאַנגען. אָבּער איך וויל נישט הרגענען, איר קאָנט אייך פאַרלאָזן.

ער האָט אים אָפּגעלאָזט און איז געגאַנגען ווייטער. האַנס קאַסטאָרפּ איז געווען טיף גערירט, פונדעסטוועגן האָט ער נאָך עטלעכע טריט אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז וואונדערבּאַר שיין פון אייער זייט, הער סעטעמבּריני, אָבּער פון דער אַנדער זייט... ווען ער פון זיין צד...

סעטעמבּריני האָט בּלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ. און היות האַנס קאַסטאָרפּ האָט אײַנגעזען, אַז אויף וויפיל איינער וויל נישט שיסן, וועט אויך דער צווייטער בּשום-אופן דאָס נישט פועלן בּיי זיך, האָט ער אַיינגעפונען, אַז אַלץ הייבּט-אָן אַוועקצוגיין גוט און אַז זיינע השערות הייבּן זיך אָן צו בּאַשטעטיקן. ס'איז אים געוואָרן לייכטער אויפן האַרץ.

זיי האָבּן אַריבּערגעשפּרייזט דעם שטעג, וואָס האָט געפירט איבּער דעם שפּאַלט, דאָרט, וואו זומער איז געגאַנגען דער איצט-פאַרגליווערטער וואַסער-פאַל און וועלכער האָט אַזאַ חלק געהאַט אין דעם מאָלערישן כאַראַקטער פון דער געגנט. נאַפּטאַ און ווע-זאַל זיינען געגאַנגען אַהין-און-צוריק פאַר דער בּאַנק, וואָס איז

אויסגעבעט געווען מיט דיקע שניי־קישנס, האָרטן, וואו האַנס קאַסט־טאָרפּ האָט אַמאָל איבערגעלעבט זיינע אויסערגעוויינלעך לעבעדיקע דערמאָנונגען און איבערגעוואַרט ביז ס'וועט אויפהערן גיין בלוט פון זיין נאָז. נאָכדעם האָט געראָיכערט אַ פּאַפּיראָס. האַנס קאַסטאָרפּ האָט אויך געפּרוווט, צי ער האָט חשק דערצו, ער האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז ער האָט נישט דערצו דעם מינדסטן חשק, און ער האָט באַשלאָסן, אַז ס'איז ביי יענעם אַוודאי נישט מער ווי אַפעקטאַציע. מיט דער הנאה, וועלכע ער האָט אַלעמאָל געהאַט פון דער געגנט, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין דער דרייסטער אינטימקייט פון דער געגנט, וואָס איז אין דער קעלט און שניי נישט וויניקער שיין געווען ווי אין די צייטן, ווען אַלץ איז געווען בלויי צעבליט. דער שטאַם אין די צווייגן פון דער קרום־אַרויסגעשאָסענער סאָסנע זיינען געווען באַלאָדן מיט שניי.

— גוט־מאָרגן! — האָט ער מיט אַ לוסטיקער שטים געוואונטשן, כדי באַלד אַריינצוברענגען אַ נאַטירלעכן טאָן און אַזוי־אַרום העלפן, אַז דאָס שלעכטע זאָל צעגיין. ער האָט אָבער דערמיט נישט גע־האַט קיין מזל, ווייל קיינער האָט נישט געענטפערט. מ'האָט זיך געגריסט מיט שטומע באַוועגונגען, אַזעלכע שטייפע, אַז מ'האָט זיי כמעט נישט אָנגעזען. פונדעסטוועגן איז ער געווען אַנטשלאָסן תיכף־ומיד אויסצונוצן צוליב דעם גוטן צוועק זיין אָנקום, זיין פאַרשנע־לערטן אָטעם, די וואַרעמקייט, וועלכע ער האָט געקריגן צוליב דעם שפּאַציר אין דעם ווינטערדיקן פרימאָרגן, און ער האָט אָנגעהויבן:

— מיינע הערן, איך בין איבערגעצייגט...

— איר וועט אייערע איבערצייגונגען אַנטוויקלען אַן אַנדערש מאָל — איז אים נאַפטאַ קאַלט אַריינגעפאַלן. — דאָס געווער, אויב איך קאָן בעטן — האָט ער צוגעגעבן מיט דער זעלבער גאווה. און האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט אַ פאַרמאַכט מויל געמוזט צוזען, ווי פערגע נעמט אַרויס דאָס פאַטאַלע שיידל פון הינטער זיין פּעלע־רינע, ווי ווייזאַל, וואָס איז צוגעגאַנגען צו אים, נעמט ביי אים איינעם פון די פּיסטוילן און דערלאַנגט נאַפטאַן. סעטעמברינ'י האָט ביי פערגען גענומען דעם אַנדערן. דערנאָך האָט מען געמוזט באַשטימען דעם פּלאַץ. פערגע האָט זיך מורמלענדיק גענומען אומקוקן און האָט

אָנגעהויבן אויסמעסטן די דיסטאַנץ און אָנצווייזן: די אויסערלעכע גרעניצן האָט ער אין קורצע ליניעס אויסגעטרעטן מיט קנאַפּל אין שניי, די אינעווייניקסטע באַריערעס האָט ער געמאַכט מיט צוויי שטעקנס. זיין איינענעם און סעטעמבריניס.

דער גוטמוטיקער סבלן, מיט וואָס אַזוינס האָט ער זיך איצט פאַרנומען? האַנס קאַסטאָרפּ האָט נישט געגלויבט די אייגענע אויגן. פערגע האָט געהאַט לאַנגע פיס און האָט געמאַכט גרויסע שפּרייזן, אַזוי אַז די פופצן שריט זיינען געווען אַ היפּשער שטח, הגם די פאַסקודנע באַריערעס זיינען געווען נאָענט איינע צו דער אַנדע־רער. אַוודאי, ער האָט געהאַט אַ גוטע כוונה. אָבער פונדעסטוועגן, ווי פאַרנעפּלט האָט געמוזט זיין זיין מוח, בעת ער האָט געמאַכט אַזעלכע מיני הכנות?

נאַפּטאַ, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן זיין מאַנטל אויפן שניי, אַזוי, אַז מ'האָט אַרויסגעזען דאָס פוטער, האָט זיך מיטן פיסטויל אין דער האַנט אַוועקגעשטעלט אויף איינעם פון די אויסערלעכע קנאַפּל־ליניעס תיכף ווי מ'האָט זי אויסגעטרעטן, נאָך איידער פערגע האָט פאַרענדיקט די וויטערדיקע אויסמעסטונגען. ווען ער איז פאַר־טיק געוואָרן, האָט סעטעמבריני אויך פאַרנומען זיין אָרט און איז געבליבן שטיין אין זיין אויסגעריבענער צעקנעפּלטער קורטקע. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין פאַרגליווערונג און האָט נאָך אַמאָל האַסטיק זיך דערנענטערט.

— מיינע הערן — האָט ער געזאָגט אַ דערשלאָגענער — אָן איילעניש! עס איז נישט געקוקט אויף אַלעמען מיין חוב...

— שווייגט! — האָט נאַפּטאַ אַ רוף געטאָן שניידנדיק. — איך פאַרלאַנג דעם צייכן.

אָבער קיינער האָט נישט געגעבן קיין צייכן. וועגן דעם האָט מען זיך נישט געהאַט אָפּגערעדט. מ'האָט געזאָלט אַ זאָג טאָן: איצט! אָבער ס'איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז די דאָזיקע מוראדיקע אויפפאָדערונג דאַרף געבן דער אומפּאַרטייישער און מ'האָט אַלנ־פאַלס נישט דערמאָנט וועגן דעם. האַנס קאַסטאָרפּ איז געבליבן שטיין שטום און קיינער האָט עס נישט געטאָן פאַר אים.

– מיר הייבן־אָן –האָט דערקלערט נאַפּטאַ –- לאָזט אַייך גיין, מיין הער, און שיסט! האָט ער אַ רוף געטאָן צו זיין קעגנער און האָט אַליין אָנגעהויבן צו גיין פאָרויס, מיטן פּיסטויל אין דער אויס־געשטרעקטער האַנט, געווענדט גלייך אויף סעטעמבריני, צו דער ברוסט – אַ אומגלייבלעכער מאָמענט. אויך סעטעמבריני האָט גע־טאָן דאָס אייגענע. ביים דריטן טריט (דער אַנדערער האָט שוין דער־גרייכט די באַריערע און נאָך אַלץ נישט געהאַט אויסגעשאָסן) האָט ער אויפגעהויבן דעם פּיסטויל זייער הויך און האָט אַ קוועטש גע־טאָן. דער שאַרפער שאָס האָט זיך צעקלונגען מיט פאַרשיידענע ווידער־קולות אין די בערג, דער טאָל האָט דערפון גענומען ליאַ־רעמען און האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ס'וועט ווערן אַ צוזאַמענלויף.

– איר האָט געשאָסן אין דער לופט – האָט נאַפּטאַ גע־זאָגט מיט זעלבסטבאַהערשונג און האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיטן פּיסטויל.

סעטעמבריני האָט געענטפערט:

– איך שיס, וואו עס גלוסט זיך מיר.

– איר וועט נאָכאַמאָל שיסן!

– עס פאַלט מיר נישט איין. די ריי איז אויף אייך. – סע־טעמבריני האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט צום הימל, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ ביסל זייטיק צו יענעם, נישט אינגאַנצן מיטן פראָנט, ס'איז געווען ממש רירנדיק צוצוקוקן. מ'האָט בולט געזען, אַז ער האָט געהערט דערפון, אַז מ'דאַרף נישט קעגנשטעלן דעם קעגנער דווקא די ברוסט און אַז ער האַנדלט לויט אָט־דער אָנווייזונג.

– פּחדן! – האָט אַ געשריי געטאָן נאַפּטאַ און האָט מיט דעם דאָזיקן אויסרוף אַרויסגעזאָגט, אַז מ'דאַרף האָבן מער מוט צו שיסן איידער צו לאָזן אויף זיך שיסן. דערנאָך האָט ער אויפ־געהויבן זיין פּיסטויל אויף אַן אופן, וואָס האָט מער גאָרנישט גע־האַט צו טאָן מיט קאַמף, און ער האָט זיך געשאָסן אין קאָפּ אַריין.

אַ קלאָגעדיק, אומפאַרגעסלעך בילד! בעת די בערג האָבן זיך געשפּילט אין באַלן מיט דעם שאַרפן ליאַרעם פון זיין טאַט, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן עטלעכע טריט אויף צוריק. די פיס האָט ער אַ וואָרף געטאָן פאָרויס, האָט מיטן גאַנצן קערפּער געמאַכט אַ פאַל-בויגן און איז געפאַלן מיטן פּנים אין שניי.

אַלע זיינען אַ רגע געבליבן שטיין פאַרגליווערט. סעטעמברינן האָט אַ וואָרף געטאָן ווייט פון זיך דעם פּיסטויל און ער איז דער ערשטער צוגעלאָפן.

che cosa fai per l'amor di .האָט ער געראָפן *! Infelice
! Dio

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אים צוגעהאָלפן איבערדרייען דעם קערפּער. מ׳האָט געזען דאָס שוואַרץ-רויטע לאָך לעבן דער שלייף. זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויפן פּנים און האָבן עס גלייכער צוגעדעקט מיט דעם זיידענעם נאָז-טיכל, וואָס האָט געשטעקט ביי נאַפטען אין בוזים-קעשענע.

---

## דער דונער

זיבן יאָר איז האַנס קאַסטאָרפּ געבליבן דאָ אין די בערג — נישט קיין קיילעכדיקע צאָל פאַר אָנהענגער פון דעצימאַל-סיסטעם, אָבער דאָך אַ גוטע, ממשותדיקע צאָל אויף איר שטייגער; מ׳קאָן כמעט זאָגן — אַ מיטיש-מאָלערישער צייט-קערפּער, באַצר־דיקנדיקער פאַרן געמיט, ווי עפּעס אַ האַלב טוץ. ער איז געזעסן ביי אַלע זיבן טישן פון עס-זאַל, ביי יעדן מער-ווייניקער אַ יאָר. צום סוף איז ער געזעסן ביים שלעכטן רוסן-טיש צוזאַמען מיט צוויי אַרמענער, צוויי פינלענדער, צוויי בוכאַריער און איין קורד. די לעצטע צייט האָט ער זיך געהאַט פאַרלאָזט אַ קליין בערדל, אַ שטרוי-בלאָנד בערדל פון אַן אומבאַשטימטער פאָרם, און מיר זיינען געצוואונגען עס אויפצופאַסן ווי אַ באַווייז פון אַ געוויסער פילאָסאָפישער גלייכגילטיקייט בנוגע זיין אויסזען. יאָ, מיר מוזן גיין נאָך ווייטער און

---

* איטאַליעניש: אומגליקלעכער, וואָס האָסטו געטאָן פון ליבע צו גאָט!

פאַרבינדן די אידעע צו פאַרנאַכלעסיקן זיך אַליין מיט דער זעל=
בער נייגונג מצד דער אויסערלעכער וועלט לגבי אים. די פאַרוואַלטונג
האָט אויפגעהערט פאַר אים אויסצוטראַכטן פאַרווײַלונגען. אַחוץ
דער פרימאָרגנדיקער פראַגע, צי ר'איז „גוט" געשלאָפן — אַ ריין
רעטאָרישע פראַגע און צו אַלע געווענדט — האָט דער הויפראַט
גאַנץ זעלטן גערעדט מיט אים. אויך אַדריאַטיקאַ פאָן מילענדאָנק
(אין דער צייט, וועגן וועלכער מיר ריידן, האָט זי געהאַט אין אויג
אַ רייפן גערשטן) האָט עס נישט געטאָן צו=אָפט. אויב מ'זאָל
זיך נאָך מער צוקוקן, איז עס געשען גאָר זעלטן אָדער — אינ=
גאַנצן נישט. מ'האָט אים געלאָזט צורו — אַ ביסל אַזוי ווי אַ שי=
לער, וואָס געניסט פון דער ספּעציפישער פריווילעגיע, אַז מ'פרעגט
אים מער גאָרנישט, מ'הייסט אים מער גאָרנישט טאָן, ווייל זיין
בלייבן אין קלאַס אויף איבעראַיאָר איז אַ באַשלאָסענע זאַך. עס איז
אַן אָרגיאָסטישע פאָרם פון פרייהייט, באַמערקן מיר און מיר פרעגן
דערביי זיך אַליין, צי פרייהייט קאָן בכלל זיין פון אַן אַנדערער פאָרם
און פון אַן אַנדערן מין ווי דאָס. אַלנפאַלס האָט זיך דאָ געפונען
איינער, איבער וועלכן די אָנפירונג האָט ווייטער נישט געמוזט האָבן
השגחה, ווייל עס איז געווען זיכער, אַז אין זיין ברוסט קאָנען מער
נישט צייטיק ווערן קיין שום ווילדע און מרידהשע באַשלוסן; —
ער איז געווען אַ זיכערער און ענדגילטיקער פּאַציענט, וואָס האָט
שוין לאַנג סיי=ווי=סיי נישט געוואוסט פון קיין שום אַנדער אָרט
און פון וועלכן דער געדאַנק וועגן אומקערן זיך אין פלאַכלאַנד האָט
בכלל נישט עקסיסטירט... שוין=זשע האָט זיך דערין, וואָס מען
האָט אים אַוועקגעזעצט ביים שלעכטן רוסן=טיש, נישט אויסגעדריקט
באמת אַ געוויסע זאָרגלאָזיקייט בנוגע זיין פּערזאָן? דערמיט, אַגב,
ווילן מיר לחלוטין גאָרנישט פוגע בכבוד=זיין דעם אַזוי=גערופענעם
שלעכטן רוסן=טיש! ס'זיינען נישט געווען קיין שום ממשותדיקע
מעלות און חסרונות אין די טישן. עס איז געווען אַ דעמאָקראַטיע
פון ערן=טישן, דרייסט גערעדט. מ'האָט דערלאַנגט די אייגענע גע=
וואַלדיק=זעטיקע מאָלצייטן ביי דעם, ווי ביי אַלע אַנדערע; ראַדאַמאַנט
אַליין פלעגט טיילמאָל דאָרט זיצן לויטן סדר און האָט פאַרלייגט
זיינע ריזיקע הענט פאַרן טעלער. די נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן

דאָרטן געגעסן, זיינען געווען בּכבודיקע מיטגלידער פון דער מענטש־הייט, כאָטש זיי האָבּן נישט פאַרשטאַנען קיין לאַטיין און זיך נישט באַנומען ביים עסן איבּערגעטריבּן מאַניִרלעך.

די צייט איז לחלוטין ניט ענלעך אויף די וואָקזאַל־זייגערס, בּיי וועלכע דער גרויסער ווייזער גיט זיך אַ רוק יעדע פינף מינוט, נאָר צו די גאַנץ קליינע זייגערלעך, בּיי וועלכע מ׳זעט בּכלל נישט די באַוועגונג פון די ווייזערס, אָדער צום גראָז, וואָס קיינער זעט נישט ווי ס׳וואַקסט, כאָטש עס וואַקסט שטילערהייט און ס׳קומט אַ טאָג, ווען מ׳קאָן דאָס נישט אָפּלייקענען. די צייט איז אַ ליניע, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון בּלויז אומרוימלעכע פּונקטן (נאַפּטאַ, עליו־השלום, וואָלט מסתּמא געווען געפרעגט, ווי אַזוי ס׳קאָן פון בּלויז אומרוימ־לעכע פּונקטן ווערן אַ ליניע). בּקיצור, די צייט האָט כּסדר אויף איר קריכנדיק־אומזעבּאַרן, סודותדיקן און דאָך פּלייסיקן שטייגער גע־האַלטן אין איין צייטיקן פאַרענדערונגען. לאָמיר נעמען פאַר אַ משל דאָס יינגל טעדי. אין איינעם אַ טאָג (נישט אין „איין טאָג“, נאָר גאַנץ אומבּאַשטימט פון וועלכן טאָג אָן) איז ער מער נישט געווען קיין קינד. די דאַמען האָבּן אים מער נישט געקאָנט נעמען אויף דער שויס, ווען ער פלעגט טיילמאָל אויפשטיין, האָט אָנגעטאָן אָנ־שטאָט אַ פּיזשאַמע אַ ספּאָרט־אָנצוג און איז אַראָפּגעקומען. אומ־בּאַמערקט האָט זיך דער סדר איבּערגעקערט. ער פלעגט גאָר די דאַמען נעמען אויף דער שויס בּיי אַזעלכע געלעגנהייטן און בּיידע צדדים האָבּן הערפון געהאַט דאָס זעלבּע פאַרגעניגן, אַפילו נאָך מער. ער איז — אַ׳יבּ נישט אויפגעבּלי׳ט, זאָל זיין: — אויפגעשאָסן געוואָרן און איצט שוין געווען אַ בּחור. האַנס קאַסטאָרפּ האָט עס נישט צוגעזען, אָבּער ר׳האָט עס געזען. אַגב, האָט די צייט און דאָס אויפשיסן נישט וואויל בּאַקומען דעם יינגל טעדי. ער איז נישט געווען בּאַשאַפן דערצו. דאָס צייטלעכע האָט נישט אַיינגע־בּרענגט אין אים קיין בּרכה, — אין זיין איין־און־צוואַנציקסטן יאָר איז ער געשטאָרבּן פון דער קראַנקהייט, צו וועלכער ער איז געווען אַזוי גענייגט און זיין צימער האָט מען אויסגעשפּריצט. מיר דער־

ציילן עס מיט אַ רויקער שטים, ווייל ס'איז נישט געווען קיין גרויסער אונטערשייד צווישן זיין נייעם צושטאַנד און דעם פריערדיקן.

אָבער ס'זיינען פאָרגעקומען וויכטיקע טויט־פאַלן, פלאַכלענ־דישע טויטפאַלן, וואָס זיינען אונזער העלד אָנגעגאַנגען מער אָדער וואָלטן אים אַמאָל געווען נעענטער אָנגעגאַנגען. מיר האָבן דאָ אין זינען דעם טויט פון אַלטן קאָנסול טינאַפעל, האַנס עלטער־פעטער און דערציער, וועלכן ער האָט שוין כמעט נישט געדענקט. ער האָט זאָרגעוודיק אויסגעמיטן אומגינציקן לופט־דרוק און איבערגעלאָזט פאַרן פעטער זשעמס אַרומפאָרן אין אַזעלכע ערטער. אָבער קיין אַפּאָפּלעקסיע האָט ער סוף־כל־סוף נישט אויסגעמיטן און אין איינעם אַ טאָג האָט האַנס קאַסטאָרפּ, ליגנדיק אויף זיין אויסגעצייכנטער ליג־שטול, באַקומען די טעלעגראַפיש־קורצע, אָבער צאַרטע און שיינענדיקע ידיעה פון זיין סוף. עס איז געווען צאַרט און שיינענדיק מער בנוגע דעם אַוועקגעגאַנגענעם ווי בנוגע דעם דערהאַל־טער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך באַלד דערנאָך געקויפט שוואַרץ־אַרומגערעמט בריוו־פאַפּיר און האָט געשריבן צו די פעטערס־קו־זינס, אַז ער, דער טאָפּל־יתום, וואָס האַלט זיך איצט פאַר נאָכ־אַמאָל פאַריתומט, דאָס הייסט פאַר אַ דרייפאַכן, איז נאָך מער באַטריבט דערפאַר, ווייל ס'איז אים פאַרווערט און פאַרבאָטן אָפּ־צוגעבן דעם עלטער־פעטער דעם לעצטן כבוד.

צו ריידן וועגן טרויער וואָלט געווען שוין־ריידעריי, פונדעסט־וועגן האָבן האַנס קאַסטאָרפּס אויגן אין יענע טעג געהאַט אַ מער־פאַרקלערטן אויסדרוק ווי געוויינלעך. אָט־דער טויט־פאַל, צוליב וועלכן ער וואָלט קיינמאָל נישט געווען צו־שטאַרק געליטן און וועלכער האָט צוליב די געשעענישן אין די עטלעכע יאָר פון אָפּ־געפרעמדטקייט פאַרלוירן כמעט יעדן באַטייט, האָט דאָך איבער־געריסן נאָך אַ פאָדים, נאָך אַ באַציונג מיטן פלאַכלאַנד. דאָס, וואָס האָט געהייסן ביי האַנס קאַסטאָרפּן פרייהייט, איז אַזוי אַרום געוואָרן פולשטענדיק. אין יענער לעצטער צייט, וועגן וועלכער מיר ריידן, האָט זיך שוין פאַקטיש געהאַט אויסגעלאָזט יעדער צוזאַמענבונד צווישן אים און דעם פלאַכלאַנד. ער האָט נישט געשריבן און נישט דער־האַלטן קיין בריוו. ער האָט מער נישט אויסגעשריבן פון דאָרטן

קיין מאַריאַ=מאַנציני. ער האָט דאָ אויבן אויסגעפונען אַ מאַרקע, וועלכע האָט געשמעקט און וועלכער ער איז איצט געווען אַקוראַט אַזוי טריי ווי יענער פריינדין. ס'איז געווען אַ פאַבריקאַט, וואָס וואָלט אפילו דעם פאָלאַר=פאָרשער אין אַייז אַרויסגעהאָלפן ביי בייקומען די ערגסטע אָנשטרענגונגען. ווען מ'איז געווען פאַרזאָרגט דערמיט, האָט מען זיך פשוט געפילט, ווי בעת מ'ליגט ביים ים. ס'איז געווען אַ באַזונדערס גוטער זאַמדבלאַט=ציגאַר, וואָס האָט געהייסן „ריטלי שבועה"*, אַ ביסל אַ האַרטערער ווי מאַריאַ, פון אַ מאָך=גרויען קאָליר מיט אַ בלוילעך פאַסיקל אַרום — זייער אַן אָנגענעמער און לייכטער. דאָס שניי=ווייסע אַש האָט זיך לאַנג געהאַלטן און מ'האָט דערקאָנט דערין די אָדערלעך פון איבערשטן בלאַט. ער האָט זיך אויסגערויכערט אַזוי רעגולער, אַז ער וואָלט געקאָנט דינען דעם רויכערנדיקן אָנשטאָט אַ זאַמד=זייגער און ער האָט טאַקע גענוצט דערצו, ווייל דאָס טאַשן=זייגערל האָט האַנס קאַסטאָרפ מער נישט געטראָגן. עס איז געבליבן שטיין. עס איז אים איינמאָל אַראָפּגעפאַלן פון נאַכט=טישל און ער האָט זיך נישט אומגעקוקט דערויף, מ'זאָל עס ווידער לאָזן גיין. ער האָט עס געטאָן צוליב דער אייגענער סיבה, פאַרוואָס ער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט באַנוצן קאַלענדאַרן, סיי אויף אָפּצורייסן יעדן טאָג, סיי אַזעלכע, וואו מ'באַשרייבט, ווען ס'פאַלן טעג און יום=טובים; צוליב דער „פרייהייט", הייסט עס, צוליב די שפּאַצירן ביים ברעג, לכבוד דעם שטייענדיק=און=אייביק, אָט=דעם הערמעטישן כישוף, צו וועלכן ער איז געווען גענייגט, און וואָס איז געווען דאָס גרעסטע געשעעניש אין זיין נשמה, דאָס, אין וועלכן ס'האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַלע אַלכעמיסטישע געשעענישן.

אַזוי איז ער געלעגן און אַזוי=אַרום איז טיף אין זומער אַריין ווידער געווען דער יאָר=טאָג פון זיין אָנקומען, צום זיבעטן מאָל.

פּלוצלונג האָט אויפגעדונערט —

---

* ריטלי = דאָס אָרט, וואו די שווייצער האָבן לויט דער לעגענדע געשוואָרן טרייקייט דעם בונד, וואָס זיי האָבן געשאַפן צו באַפרייען דאָס לאַנד פון עסטרייך אין XIV יאָרהונדערט.

אָבער בושה און מורא האַלטן אונז אָפּ דערציילעריש מאַריך צו זיין וועגן דעם, וואָס ס'האָט זיך צעטראָגן און וואָס ס'איז געשען. נאָר נישט קיין גוזמאות, נאָר נישט קיין מליצות! מיר וועלן מיט אַ שטילן קול זאָגן, אַז ס'האָט אַ זעץ געטאָן דער דונער, וועגן וועלכן מיר אַלע ווייסן. ס'איז געווען דער באַטויבנדיקער אויפרייס פון פון לאַנג־אָנגעזאַמלטע קופעס טעמפּקייט און צערייצטקייט, — אַ היסטאָרישער דונער, מיט דרך־ארץ גערעדט, וואָס האָט אויפגע־טרייסלט די יילן פון דער וועלט. פאַר אונז איז עס געווען דער דונער, וואָס האָט צעשמעטערט דעם צויבערבאַרג און האָט גאַנץ פּשוט אַרויסגעזעצט דעם זיבן־יאָריקן פּעפּער פאַרן טויער. ער זיצט אַ געפּלעפּטער אין גראָז און רייבט זיך די אויגן, ווי אַ מענטש, וואָס האָט פאַרגעסן צו לייענען די פּרעסע, כאָטש מ'האָט אים טיילמאָל דערמאָנט דערין.

זיין מיטללענדישער פריינד און לערער האָט אים אַלעמאָל אַ ביסל געוואָלט אַרויסהעלפן און געפּרוווט בקיצור דערקלערן דעם ציטערדיקן קינד פון זיין דערציִונג, וואָס ס'הערט זיך אין פלאַכ־לאַנד, אָבער יענער האָט אים קנאַפּ געהערט. ווען דעם גייסטיקן שאָטן פון די זאַכן האָט ער אַפילו דאָס און יענץ בשעת זיינע התבודדות־שעהן געחלומט טיילמאָל, אָבער אויף די זאַכן אַליין האָט ער זיך נישט אומגעקוקט צוליב דער גאַוודיקער גייוונג אָנ־צונעמען די שאָטנס פאַר זאַכן. אין די זאַכן פאַר שאָטנס. אַגב, קאָן מען עס אים נישט צו־שטאַרק פאַריבל האָבן, ווייל די דאָזיקע פראַגע איז נאָך עד־היום נישט אינגאַנצן אויפגעקלערט.

אַמאָל האָט סעטעמברִיני געהאַט פלוצלונג אויפגעדרייט דעם לאָמפּ, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים בעט פון האָריזאָנטאַלן האַנס קאַסטאָרפּ און האָט זיך באַמיט אים צו געבן צו פאַרשטיין די ענינים פון טויט און לעבן און אויך אים אַזוי־אַרום צו ווירקן. איצט איז האַנס קאַסטאָרפּ געזעסן מיט די הענט צווישן די קניען, ביים בעט פון הומאַניסט אין קליינעם קאַבינעט אָדער ביי זיין סאָפע אין דער סעפּאַרירטער און היימישער פאַציאַטע מיט די קאַרבאָנאַראַ־שמילן און מיט דער קאַראַפינקע וואַסער. האַנס קאַסטאָרפּ האָט מיט אים געשמועסט און האָט העפלעך זיך איינגעהערט אין זיינע

אָפּהאַנדלונגען װעגן דער װעלט=לאַגע. װאָרעם לעצטנס איז הער לאָדאָװיקאָ שױן װײניק אַרומגעגאַנגען. נאָכדעם מוראדיקער סוף, דער טעראָריסטישער טאַט פון בײז=פּאַרצװײפלטן דיספּוטאַנט, האָט אַ האַרטן שטױס געטאָן זײן שפּירעװדיקער נאַטור, ער האָט מער נישט געקאָנט אַרױס דערפון און איז זינט דעמאָלט געװען זײער שװאַך און האָט געקרענקט. זײן אַרבעט פאַר דער „סאָציאָלאָגישער פּאַטאָלאָגיע“ איז געבליבן שטעקן; דער לעקסיקאָן פון אַלע שײן=גײסטיקע װערק, װאָס באַהאַנדלען די מענטשלעכע לײדן, האָט זיך מער נישט גערירט פון אָרט. יענע ליגע האָט אומזיסט געװאַרט אויף אָט=דעם באַנד אין איר ענציקלאָפּעדיע. סעטעמבריני איז געװען געצװאונגען צו באַגרענעצן זײן טעטיקײט פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון פּראָגרעס אויף מונדלעכער אַגיטאַציע. האַנס קאַסטאָרפּס פרײנט=שאַפטלעכע באַזוכן האָבן אים אַזױ=אַרום געשאַפן אַ געלעגנהײט, װעלכע ער װאָלט אָן דעם נישט געװען געהאַט.

ער האָט גערעדט מיט אַ שװאַך קול, אָבער אַ סך, שײן און האַרציק װעגן דער זעלבסטפאַרפולקומונג פון דער מענטשהײט אויפן געזעלשאַפטלעכן װעג. זײנע רײד זײנען שטיל געװען, װי טױבן, אָבער װען ער האָט גענומען רײדן װעגן דער פאַראײניקונג פון די באַפרײטע פעלקער לטובת דעם אַלגעמײנעם גליק, דעמאָלט האָט זיך אין זײנע רײד אַרײנגעמישט (ער האָט עס נישט געװאָלט און אַלײן נישט געװוסט דערפון) דער רױש פון אָדלערפליגל. דאָס האָט אָן שום ספק גורם געװען די פּאָליטיק, דעם זײדנס ירושה, װאָס האָט זיך צוזאַמען מיט דער הומאַניסטישער ירושה פון פאָטער פאַראײניקט בײ אים, לאָדאָװיקאָן, אין שײנער ליטעראַטור. ס'איז געשען אַקוראַט אַזױ װי די הומאַניטעט און די פּאָליטיק האָבן זיך פאַראײניקט אין די הױך=אידעען פון דער ציװיליזאַציע, אָט די אידעע פיל מיט טױבן=מילדקײט און אָדלערישער דרײסטקײט, װאָס װאַרט אויף איר טאָג, אויף דעם פעלקער=מאָרגן, װען דער פּרינציפּ פון רעאַקציע װעט קריגן אַ מפּלה און די הײליקע אַליאַנץ װעט אָפּטרעטן דעם װעג פאַר דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע... בקיצור, ס'זײנען דאָ געװען אומקאָנסעקװענטקײטן. סעטעמבריני איז געװען הומאַניטאַר, אָבער אײנזײטיק און טאַקע דערמיט איז ער — שטילערהײט גערעדט —

געווען קריגעריש. ביים הועל איז ער זיך מיט דעם עקסטרעמען נאַפּטען באַגאַנגען ווי אַ מענטש, אָבער אין גרויסן פאַרנעם, דאָרטן, וואו די מענטשלעכקייט האָט זיך אַ באַגייסטערטע פאַרבונדן מיט דער פּאָליטיק צוליב דעם זיג און הערשאַפט פון דער ציוויליזאַציע און וואו מ'האָט געהייליקט דעם בירגעס שפּיז אויפן מזבח פון דער מענטשהייט, — דאָרט איז אַ ספק געווען, צי ער — אומפּערזענלעך נאַטירלעך — איז געניגט געווען צוריקצוציען זיין האַנט פון בלוט. יאָ, די אינערלעכע סיטואַציע האָט געווירקט אַזוי, אַז אין סעטעמבּרינים שיינעם אופן פון טראַכטן האָט אַלץ מער גובר געווען דער עלעמענט פון אָדלערישער דרייסטקייט קעגן דער טויבן=מילדקייט.

נישט זעלטן איז זיין באַציִונג צו די גרויסע קאָנסטעלאַציעס פון דער וועלט געווען ניט קיין אויסגעהאַלטענע, פול מיט ספקות און שטרויכלונגען. לעצטנס, מיט אַ צוויי אָדער אָנדערטהאַלבן יאָר צוריק, האָט אים באַאומרויִקט די בשותּפותדיקע דיפּלאָמאַטישע טעטיקייט צווישן זיין לאַנד און עסטרייך אין ענין אַלבאַניע, ווי מ'האָט עס געזען פון זיינע רייד. די דאָזיקע בשותּפותדיקע טעטיקייט האָט אים אויפגערודערט, ווייל ער האָט פיינט געהאַט די לאַטיינלאָזע האַלב=אַזיע, די קנוטעס און שליסלבורג. עס האָט אים געפּייניקט ווי אַ בונד מיטן אייביקן שונא, מיטן פּרינציפּ פון רעאַקציע און פעלקער=קנעכטשאַפט. דעם פאַרגאַנגענעם האַרבסט האָט אין אים אויפגעוועקט ענלעכע סתּירותדיקע מחשבות, פראַנקרייכס הלוואה פאַר רוסלאַנד אויף אויסצופּויען אַ באַן=נעץ אין פּוילן. וואָרעם סעטעמבּריני האָט געהערט צו דער פראַנקאָ=פילישער פּאַרטיי אין זיין לאַנד און מ'דאַרף זיך גאָרנישט וואונדערן דערויף, אויב מ'נעמט אין אַכט, אַז זיין זיידע האָט פאַרגליכן די טעג פון דער יולי=רעוואָלוציע מיט די טעג פון וועלט=באַשאַפונג. אָבער די פריינטשאַפט צווישן דער ראַציאָנעלער רעפּובליק מיט דעם ביזאַנטינישן סקיטנטום האָט אים אַריינגעבּרענגט אין אַ מאָראַלישער פאַרלעגנהייט און האַרץ=קלעמעניש. פון דער אַנדערער זייט, האָט ער געוואוסט, אַז די דאָזיקע באַן=נעץ האָט אַ סטראַטעגישן זין און דאָס ווידער האָט געמאַכט קלאַפּן זיין האַרץ פון האָפענונג און פרייד. צום סוף איז געשען די מעשה מיטן פירשטן=מאָרד, וועלכער איז פאַר יעדן —

אַחוץ פאַר אַ דייטשן זיבן־יאָריקן שלעפּער — געווען אַ צייכן פון שטורעם, אַן אָנזאָג פאַר די ווייסנדיקע, צו וועלכע מ'קאָן צורעכענען סעטעמברינין מיט אַ פול מויל. האַנס קאַסטאָרפּ האָט געזען, אַז ווי אַ פּריוואַט־מענטש, שאָקלט ער זיך אָפּ פון אַזאַ מין שרעקלעכן טאַט, ער האָט אָבער אויך געזען, אַז זיין ברוסט נעמט זיך הייבן ביים געדאַנק, אַז ס'איז דאָ געשען אַ פאָלקס־און באַפרייונגס־טאַט, געווענדט קעגן זיין ערגסטן שונא, כאָטש פון דער צווייטער זייט האָט ער מיט עגמת־נפש געוואוסט, אַז דאָס איז אַ רוסיש שטיקל אַרבעט. ביי אַלעמען האָט עס אים נישט געשטערט צו כאַראַקטעריזירן אין דריי וואָכן אַרום דעם אולטימאַטום צו סערביע, ווי אַ באַליידיקונג פאַר דער מענטשהייט און פאַר אַ מוראדיקן פאַרברעך, ווייל ער האָט שוין פאָראויסגעזען די קאָנסעקווענצן, אויף וועלכע ער האָט געהאָפט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם....

בקיצור, סעטעמברינים געפילן זיינען געווען זייער קאָמפּליצירטע, אַקוראַט ווי די מהומה, וועלכע ער האָט געזען אָנקומען מיט גרויס שנעלקייט. ער האָט געפּרוּווט מיט האַלבע ווערטער מאַכן אויפמערקזאַם זיין תלמיד דערויף, כאָטש אינגאַנצן זיך צו צעפירן דעריבער האָט אים אָפּגעהאַלטן אַ מין נאַציאָנאַלע העפלעכקייט און מיטגעפיל. אין די טעג פון די ערשטע מאָביליזאַציעס פון דער ערשטער קריג־דערקלערונג פלעגט ער אויסשטרעקן צום גאַסט ביידע הענט און אים דריקן זיינע, אַזוי אַז דאָס נאַרישע בחור'ל האָט עס דערפילט, כאָטש ער האָט נישט פאַרשטאַנען. — מיין פריינט — האָט געזאָגט דער איטאַליענער — דאָס שיס־פולווער, די פּרעסע — מ'קאָן נישט אָפּלייקענען, איר האָט עס אַמאָל אויסגעפונען! אָבער אויב איר מיינט, אַז מיר וועלן מאַרשירן קעגן דער רעוואָלוציע... Caro...*

אין די טעג פון דערשטיקנדיקער דערוואַרטונג, בעת אייראָפּעס נערוון זיינען געווען געשפּאַנט פון אמתדיקע טאָרטורן, האָט האַנס קאַסטאָרפּ נישט געזען סעטעמברינין. די וויסטע ידיעות האָבן איצט דירעקט אַריינגעדרונגען פון דער טיף צו זיין באַלקאָן, האָבן דורכגעציטערט איבערן הויז, האָבן אָנגעפילט דעם עס־זאַל און אַפילו

* איטאַליעניש: טייערער.

די צימערן פון די שווער־ און מסוכן־קראַנקע מיט זייער שוועבל־ריח, וואָס האָט פאַרקלעמט די ברוסט. עס זיינען געווען יענע סעי־קונדן. ווען דער פעפער אין גראָז נעמט זיך, אַליין נישט ווינדיק, וואָס ס'טוט זיך מיט אים, פאַמעלעך אויפהויבן איידער ער זעצט זיך אינגאַנצן אַוועק און נעמט רייבן די אויגן.... מיר ווילן אָבער דאָס בילד דערפירן צום סוף, כדי צו באַרעכטיקן זיין שטימונג. ער האָט אויסגעצויגן די פיס אונטער זיך, איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט זיך דערזען אַ אויסגעטוענער פון כישוף, דערלייזט, באַפרייט, — נישט פון אייגענע כוחות, ווי ער האָט געמוזט מיט בושה זיך אַליין מודה זיין, נאָר אַרויסגעשטויסן פון עלעמענטאַרע אויסערלעכע כוחות, צוליב וועלכע ס'איז בלויז אַגב־אורחא געקומען זיין באַפרייונג. אָבער אויב אפילו זיין קליינער גורל איז גאָרנישט געווען קעגן דעם אַלגעמיינעם, צי האָט זיך דאָך נישט אויסגעדריקט דערין אַ גוטסקייט און אַ גערעכטיקייט פון דער השגחה פרטית? אויב דאָס לעבן האָט פאָרט ווידער אויפגע־נומען זיין זינדיק ציטערדיק קינד, — האָט עס נישט געקאָנט זיין אויף אַ ביליקן אופן, נאָר אַזוי ווי איצט — אויף אַזאַ ערנסטן און שטרענגען שטייגער. אפשר איז עס געווען אַ מין נסיון, וואָס איז נישט דווקא געווען לעבן, אָבער עס זיינען אין דעם פאַל געווען פאַר אים, דעם זינדיקן, דריי ערן־שאָסן. ער איז דערפאַר אַוועקגעפאַלן אויף די קני, האָט אויפגעהויבן דאָס פנים און די הענט צום הימל, וואָס איז געווען מונקל פאַרכמורעט, אָבער נישט מער פאַרשטאָפּט פאַר זיינע תפילות.

אין אָט־דעם מצב האָט אים געטראָפן סעטעמבריני — פאַר־שטייט זיך, אַז מיר האָבן עס נאָר געגעבן אין אַ משל. וואָרעם פּאַקטיש, ווייסן מיר, האָט אונזער העלדס שטרענגקייט פון דער אויפפירונג אויסגעשלאָסן אַזאַ מין טעאַטער־זשעסט. אין דער פשוטער ווירקלעכקייט האָט אים דער לערער געטראָפן ביים איינפּאַקן די וואַליזעס. וואָרעם פון דער רגע אָן, וואָס ער האָט אויפגעוואַכט, האָט האַנס קאַסטאָרפּ דערפילט זיך אַריינגעריסן אין ווירוואַר פון ווילדן אָפּפאָר, וועלכן ס'האָבן אַרויסגערופן די דונערן פון פלאַכ־לאַנד. די „היימאַט" איז געגליכן געווען צו אַ מוראַשניק בעת אַ

בהלה. פון פינף טויזנט פוס האָט זיך דאָס ביסל היגע אַ שיט געטאָן איבער האַלז און נאַקן צום פלאַכלאַנד פון נסיונות. מ׳האָט זיך צונויפגעדריקט אויף די טרעפ פון דער באַלאַגערטער קליין-באַן, באַדיי אָן די פעק, וועלכע זיינען געלעגן אָנגעלייגט אויפן פעראָן פון טומלענדיקן וואָקזאַל, צו וועלכן ס׳האָבן, דאַכט זיך, אַרויפ-געשלאָגן די פאַרגנגע הייכן פון אונטן. האַנס קאַסטאָרפּ איז מיטגע-לאָפן, אין טומל האָט אים לאָדאָוויקאָ אַרומגענומען, — ער האָט אים ממש אַריינגענומען אין זיינע אָרעמס אין האָט אים, ווי אַ דרום-מענטש (אָדער אויך ווי אַ רוס) געקושט אין ביידע באַקן. ביי אַלעמען האָט זיך אונזער ווילדער אָפּפאָרערי געפילט דערפון היפש זשע-נירט. אָבער צום סוף איז ער אינגאַנצן געוואָרן אויסער זיך, וואָרעם אין לעצטן מאָמענט האָט אים סעטעמבריני אַ רוף געטאָן ביים פאָר-נאָמען, „דזשיאָוואַני“*, דערביי האָט ער אָפּגעהאַקט מיט דער מערב-לענדישער ציוויליזירטער פאָרם און האָט צו אים גענומען ריידן אויף דו.

E cosi in giù — האָט ער געזאָגט. !ingú finalmente

Addio, Giovanni mio! ** איך וואָלט מיר געוואונטשן דיך צו זען אַוועקפאָרן אויף אַן אַנדער אופן, אָבער נישט אַנדעריש נאָר די געטער האָבן באַשטימט אַזוי. איך האָב געהאָפט, דיך אַוועקצו-שיקן צו אַרבעט, איצט ועסטו גאָר מוזן קעמפן צווישן דיינע. מיין גאָט, דיר איז עס באַשערט געווען און נישט אונזער לייטענאַנט. דעם לעבנס קונצן... קעמף העלדיש, האָרט, וואו דו ביסט געבונדן דורכן בלוט! מער קאָן איצט קיינער נישט טאָן. אָבער זיי מוחל, אויב איך וועל פאַרנוצן די רעשט פון מיינע כוחות דערצו, אַז מיין לאַנד זאָל אויך אַריינגעריסן ווערן אין קאַמף, אויף יענעם צד, אויף וועלכן ס׳ווייזן-אָן דער גייסט און דער הייליקער עגאָיזם*** Addio!

האַנס קאַסטאָרפּ האָט אַריינגעשטופּט זיין קאָפּ צווישן צען אַנדערע, וואָס האָבן אויסגעפילט די ראַם פון פענסטערל. ער האָט

---

* איטאַליעניש: האַנס.

** איטאַליעניש: און איצט אַראָפּ, ענדלעך אַראָפּ, זיי געזונט, מיין האַנס.

*** איטאַליעס באַוואוסטער לאָזונג בעת דער וועלט-מלחמה: sacro egoismo.

צוגעשאָקלט פון האָרטן. סעטעמברִיני האָט אויך געשאָקלט מיט דער רעכטער האַנט און דעם שפּיץ פון רינג־פינגער פון דער לינקער האַנט האָט ער לייכט צוגערירט צום אויגווינקל.



וואו זיינען מיר? וואָס איז דאָס? וואוהין האָט אונז פאַרוואָרפן דער חלום? טונקלקייט, רעגן און שמוץ, דער טריבער הימל איז שרפהדיק רויט. ער ברילט אָן אויפהער פון שווערע דונערן, וואָס פּילט אָן די נאַסע לופט, איז צעריסן פון שאַרפע פּייפעדייען, פון צאָרנדיקער מלאַכי־חבלהשע הײלערײען, איז פול מיט שטיקער, שפּריצן, קראַכעריי, פלאַמען, זיפצן און געשרייען, מיט שמעטערדיקן צינק און פויקעריי, וואָס גייט אַליץ שנעלער, שנעלער... דאָרט איז אַ וואַלד, פון וועלכן ס'גיסן זיך אַרויס אָנפאַרביקע מחנות, וואָס לויפן, פאַלן און שפּרינגען. דאָרטן ציט זיך אַ שורה בערגלעך פאַר דער ווייטער שריפה, וואָס רייסט זיך טיילמאָל אויף מיט פלאַמען פייער. אַרום אונז ליגט אַ צעכוואַליעט פעלד, צעגראָבן, צעווייכט. גלייך מיטן וואַלד לויפט בלאָטיק אַ שאָסיי באַדעקט מיט אָנגעבראָכענע צווייגן. אַ פעלד־וועג — צעריסן און אָן אַ גרונד — גייט אַוועק פון דאַנען אין אַ בויגן צו די בערגלעך־צו. אָפּגעריסענע ביימער שטייען אין קאַלטן רעגן, נאַקעטע, אָן צווייגן... דאָ איז אַ וועג־ווייזער, אָבער ס'איז נישטאָ וואָס צו פרעגן ביי אים, אַפילו ווען די שילד וואָלט נישט געווען דורכגעריסן פון אַ קויל, וואָלט צוגעדעקט זיין שריפט די טונקלקייט. מזרח אָדער מערב? ס'איז דאָס פלאַכלאַנד, ס'איז מלחמה. און מיר זיינען אָפּגעשראָקענע שאָטנס אויפן וועג, פאַרשעמטע מיט אונזער שאָטנדיקער זיכערקייט און לחלוטין נישט געניגט צו צעלאָזן זיך מיט גוזמאות און מליצות. ס'האָט אונז בלויז אַהערגעבראַנגט דער גייסט פון דער דערציילונג, צווישן די גרויע, לויפנדיקע, פאַלנדיקע, פאָרויס געשטופּטע חברים, וואָס שיטן זיך פון וואַלד אַרויס, אַ קוק צו טאָן נאָך איין מאָל אין פּנים אַריין — איידער עס וועט אונז פאַרלוירן פון די אויגן — איינעם, וועלכן מיר קענען, דעם וועג־חבר פון אַ היפּשע פּאָר יאָר,

דעם גומטומיקן בשר־ודם, וועמענס קול מיר האָבן שוין אַ סך מאָל געהערט.

מ׳האָט זיי אַהער צונויפגעטריבן, די חברים, כּדי צו דערצײלן צום לעצטן מאָל מיט דער שלאַכט, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. ס׳איז געגאַנגען וועגן צוריקגעווינען יענע בערגלעך און די ברענענדיקע דערפער הינטער זיי, וועלכע מ׳האָט פאַרלוירן ביים פיינט מיט צוויי טעג צוריק. עס איז אַ רעגימענט פריווויליקע, יונג בלוט, ס׳רוב סטודענטן, נישט לאַנג אויפן פראָנט. זיי זיינען אַליאַרמירט געוואָרן אין דער נאַכט, זיי זיינען געפאָרן מיט דער באַן ביז אינדערפרי און האָבן אין רעגן מאַרשירט ביז נאָכמיטאָג אויף שלעכטע וועגן. אייגנטלעך זיינען עס גאָר קיין וועגן נישט געווען. די שאָסייען זיינען געווען פאַרשטאָפט, מ׳איז געגאַנגען דורך פעלדער און זומפן, זיבן שעה לאַנג, אין שווערע נאַסע מאַנטלען, מיט מלחמה־געפעק. ס׳איז גאָרנישט געווען קיין שפּאַציר, וואָרעם אויב מ׳האָט נישט געוואָלט פאַרלירן די שטיוול, האָט מען כמעט ביי יעדן טריט געמוזט מיט די פינגער אַריינקריכן הינטער די כאָלעוועס, כּדי אַרויסצוציען דעם פוס פון צעפּאַטשקעטן גרונד. דערפאַר האָט געדויערט אַ שעה, כּדי אַריבערצוגיין אַ קליינע לאָנקע. איצט זיינען זיי דאָ. דאָס יונגע בלוט האָט גובר געווען אַלע מניעות. זייערע קערפּערס — דורכגענומענע און שוין פאַרמאַטערטע, וואָס זיינען געהאַלטן אין שפּאַנונג דורך די טיפסטע לעבנס־רעזערוון — פאָדערן נישט קיין שלאָף, קיין עסן. זייערע נאַסע פּנימער, באַשפּריצט מיט שמוץ און אַרומגערעמט מיט שטורעם־פּאַסקעס, גליען אונטער די גרוי־איבערגעצויגענע, פאַרזוקטע העלמען. זיי גליען פון אָנשטרענגונג און צוליב די פאַרלוסטן, וואָס זיי האָבן געהאַט ביים דורכגיין דעם זומפּיקן וואַלד. וואָרעם דער פיינט האָט זיך דערוואוסט וועגן זייער אָנקום, האָט זיי מקבל־פּנים געווען מיט אַ פאַרהאַלטונגס־פייער פון שראַפּנעלן און גרויס־קאַליבריקע גראַנאַטן. שוין אין וואַלד האָט עס אַריינגעשפּריצט צווישן זייערע רייען און איז הילכיק, האָגלדיק און פלאַמענדיק געפאַלן איבער דער ווייטערער לאָנקע.

זיי מוזן אַדורך, די דריי טויזנט פיבערדיקע יינגלעך, זיי מוזן ווי אַ לעצטער רעזערוו דערצײדן מיט זייערע באַגנעטן דעם שטו־

רעם אויף די גראָבנס פאַר און הינטער די בערגלעך, און אויף די ברענענדיקע דערפער און העלפן דערגיין ביז צו אַ געוויסן פונקט, וואָס איז אָנגעצייכנט אין באַפעל, וועלכן דער פירער זייערער טראָגט ביי זיך אין קעשענע. זיי זיינען דריי טויזנט, כדי ס'זאָל כאָטש בלייבן צוויי טויזנט, ווען זיי ווילן אָנקומען צו די בערגלעך, צו די דערפער. דאָס איז דער זין פון דער מאַסע. זיי זיינען אַ קערפער, אויסגערעכנט דערויף, ער זאָל קאָנען טעטיק זיין און זיגן נאָך אַלע פאַרלוסטן און צו קאָנען באַגריסן דעם זיג נאָך אַלץ מיט טויזנט-שטימיקע קולות פון הוראַ, נישט געקוקט אויף יענע, וואָס זונדערן זיך אָפּ און פאַלן אַוועק. שוין נישט איינער האָט זיך אָפּגעזונדערט און איז אַוועקגעפאַלן בעתן שווערן מאַרש, פאַר וועלכן ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו-יונג אָדער סוּבטעל. ער איז געוואָרן בלאַסער און געוואַקלט זיך, האָט געפּאָדערט פון זיך פאַרביסענע מענלעכקייט און איז סוף-כל-סוף פאָרט אָפּגעשטאַנען. ער האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געשלעפּט לעבן דער מאַרש-קאָלאָנע. איין ראָטע נאָך דער אַנדערער האָט אים איבערגעיאָגט און ער איז נעלם געוואָרן, געבליבן ליגן דאָרט, וואו ס'איז נישט געווען גוט. צום סוף איז מען אָנגעקומען צום וואַלד, וואָס איז באַשאָסן געוואָרן. אָבער יענע, וואָס רייסן זיך פאָרויס, זיינען נאָך אַלץ אַ סך. דריי טויזנט קאָנען פאַרלירן אַ ביסל בלוט און בלייבן נאָך אַלץ אַ ריזיקער המון. זיי זיינען שוין אַריבערגעפלאָסן אונזער צעפּאַטשקעט בלאָטיק פעלד, דעם שאָסיי, דעם פעלד-וועג, די צעגאָסענע פעלדער. מיר צוקוקנדיקע שטאָטנס ביים וועג זיינען צווישן זיי. ביים ראַנד פון וואַלד ווערן כסדר אַרויפגעזעצט די באַגנעטן, מיט אויסגעלערנטע באַוועגונגען. דער צינק רופט, די פויק קלאַפּט און קוילערט זיך אין טיפן דונער, זיי לויפן פאָרויס ווי ס'לאָזט זיך, מיט געוואַלדן און שלעפּן שווער די פיס, ווייל די גרודעס ערד האַלטן זיך בלייען אָנגעקלעפּט אין זייערע גראָבע שטיוול.

זיי וואַרפן זיך אַנידער פאַר די שאָסן, וואָס לויפן אָן מיט געהייל, און באַלד שפּרינגען זיי ווידער אויף און נעמען לויפן האַסטיק מיט יונגן מוט-געשריי, דערפאַר ווייל ס'האָט זיי נישט גע-טראָפן. און ווען ס'טרעפט זיי, אין שטערן, אין האַרץ, אין די געדע-

רים, — פאַלן זיי און נעמען פלאָנטערן מיט די אָרעמס. זיי ליגן מיט די פנימער אין בלאָטע און רירן זיך נישט מער. זיי ליגן, דער רוקן אָנגעשפּאַרט אויפן טאָרניסטער, די הינטערשטער טייל קאָפּ איז אַריינגעבויערט אין דער ערד און זיי מאַכן קראַמפּנדיק מיט די הענט אין דער לופט. אָבער דער וואַלד שיקט אַרויס נייע, וואָס וואַרפן זיך אַנידער און שפּרינגען־אויף און טשאַפּען פּאָרים מיט געשריי אָדער שטומערהייט צווישן די געפאַלענע.

דאָס יונגע בלוט מיט די טאָרניסטערס און שפּיזן, מיט די פאַר־שמוצטע מאַנטלען און שטיוול! מ'וואָלט געקאָנט אויף אַ הומאַניס־טיש־שיינעם אופן אויסחלומען זיך אויך אַנדערע בילדער. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן: פערד באָדן זיך אין אַ ים־איסגאָס, יונגע מענטשן דרייען זיך אַרום מיט זייערע געליבטע ביים ברעג, די ליפּן ביי די אויערן פון די צאַרטע כלה־מיידלעך, אָדער זיי לערנען זיך גליקלעך און מיט פריינטשאַפט שיסן פון אַ בויגן. אַנשטאָט דעם ליגן זיי מיט די נעז אין פייערדיקער בלאָטע. דער פאַקט, וואָס זיי טוען עס פריידיק, כאָטש מיט אָן אַ שיעור מורא און מיט געוואַלדיקער בענקשאַפט אַהיים, — דאָס איז אַ דערהויבענער און פאַרשעמענדיקער פאַקט פאַר זיך, אָבער ס'דאַרף בשום אופן נישט זיין די סיבה, מ'זאָל זיי אַריינברענגען אין אַזאַ מצב.

אָט איז אונזער באַקאַנטער, אָט איז האַנס קאַסטאָרפּ! מיר האָבן אים דערקענט נאָך פון הינטן וויַיט אָן זיין בערדל, וועלכעס ער האָט זיך געלאָזט אָנוואַקסן, זיצנדיק ביים שלעכטן רוסן־טיש. ער גליט אַ דורכגענעצטער, ווי אַלע. ער לויפט מיט בלאָטיקע, שווערע פיס, מיטן באַגנעט אין דער הענגענדיקער פויסט. גיט אַ קוק, ער טרעט אַרויף אַ געפאַלענעם חבר אויף דער האַנט, — טרעט אַריין טיף מיט זיינע באַשלאָגענע שטיוול אָט־די האַנט אין צעפּאַטשקעטן גרונט, וואָס איז באַדעקט מיט שטיקער קוילן. ער איז עס אָבער פאָרט. וואָס דען, ער זינגט! ווי מ'זינגט אַלעמאָל פאַר זיך אין פאַר־גליווערטער, צעחושטער אָפּגערעגטקייט, אַליין נישט וויסנדיק. ער נוצט אויס זיין אָפּגעריסענעם אָטעם, כדי מיט אַ האַלב קול צו זינגען פאַר זיך:

כ'האָב אין זיין קאָרע אַריינגעשניטן
שוין נישט איין ליבלעך וואָרט —

ער פּאַלט אַנידער. ניין, ער האָט זיך בלויז אַזוי אויסגעצויגן גלייך, ווייל ס׳האָט אַ הייל געטאָן איינער פון די מלאַכי־חבלה, אַ גרויסער שאָס, אַ עקלהאַפטער היטל צוקער פון גיהינום. ער ליגט, דאָס פּנים — אין דער קילער בלאָטע, די פיס צעשפּרייט, די שיך — אויסגעדרייט, די קנאַפּלען — צו דער ערד. דער פּראָדוקט פון אַ פאַרווילדעוועטער וויסנשאַפט, באַלאָדן מיט סאַמע ערגסטן, גיט מיט דרייסיק טריט ווייטער פון אים אַ פּאַל אַריין אין דער ערד, ווי דער רוח אַליין, צעפּלאַצט דאָרטן אונטן מיט אַ מוראדיקן כוח און זעצט אַרויס פון דער ערד, ווי אַ פאָנטאַן פון פייער, אייזן, בליי און מיט צעפּיצלטע מענטשלעכע אברים. וואָרעם דאָרטן זיינען געלעגן צוויי זעלנער — זיי זיינען געווען פריינט, זיי האָבן זיך צוזאַמען אַוועקגעלייגט בעת דער סכנה. איצט זיינען זיי אויסגעמישט און אָפּגעגעוואַשט.

אָ, מיר שעמען זיך מיט אונזער שאָטנדיקער זיכערקייט! אַוועק! מיר ווילן מער נישט דערציילן! צי מ׳האָט אונזער באַקאַנטן געטראָפן? אַ וויילע האָט זיך אים געדאַכט, אַז יאָ. אַ גרויסע גרודע ערד האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין קני־ביין, דאָס האָט אמת ווייגעטאָן, אָבער נאַרישקייטן. ער הייבט זיך־אויף, וואַקלט זיך הינקענדיק ווייטער מיט שווערע פיס און זינגט אַליין נישט וויסנדיק

און זיי—נע צווייגן רוי—שן
ווי ז׳וואָל—טן רו—פן מיך—

און אַזוי, אין טומל, אין רעגן, אין דער טונקלקייט ווערט ער אונז פאַרלוירן פון די אויגן.

פאַרבלייב געזונט, האַנס קאַסטאָרפּ, טריי און ציטערנדיק קינד פון לעבן! דיין געשיכטע איז אויס. מיר האָבן דערציילט ביזן סוף. זי איז געווען נישט קורצווייליק, נישט לאַנגווייליק, ס׳איז געווען אַ הערמעטישע געשיכטע. מיר האָבן זי דערציילט פאַר אירעטוועגן, נישט צוליב דיר, ווייל דו ביסט אַ פּשוטער מענטש. אָבער צום סוף איז זי געוואָרן דיין געשיכטע. היות זי האָט זיך געטראָפן מיט דיר, האָסטו געמוזט האָבן עפּעס אַ שייכות צו איר און מיר לייקענען נישט די פּעדאַגאָגישע צוגעבונדנקייט, וועלכע

מיר האָבן באַקומען צו דיר אין משך פון דער צייט, אַזוי אַז מיר קאָנען אויך לייכט אַ וויש טאָן מיטן פינגער־שפּיץ ביים ווינקל פון אויג ביים געדאַנק, אַז מיר וועלן מער דיך נישט זען און נישט הערן אין דער צוקונפט.

גיי לשלום — דו וועסט לעבן אָבער בלייבן! דיינע פּערספּעקטיוון זיינען שלעכטע. דער שלעכטער טאַניץ, אין וועלכן דו ביסט אַריינגע־ריסן געוואָרן, וועט נאָך דויערן עטלעכע זינדיקע יאָרן און מיר קאָנען נישט ערב זיין, אַז וועסט אַדורך בשלום. דעם אמת געזאָגט, לאָזן מיר אָן דאגות די פראַגע אָפן. די טרעפעניש אין דער ווירק־לעכקייט און אין גייסט, וואָס האָבן דערהויבן דיין פשטות, האָבן גורם געווען, זאָלסט איבערלעבן גייסטיק דאָס, וואָס דו וואָלסט קערפּערלעך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט. ס'זיינען געווען מאָמענטן, ווען פון טויט און פון קערפּערלעכער טומאה איז ביי דיר אויסגעוואַקסן אַזוינס פול און דורך התבודדות דער חלום פון ליבע. צי וועט אויך פון אָט־דער אָרגיע פון טויט, אויך פון דער פיבערדיקער שריפה, וואָס צינדט אָן אַרום דעם רעגנדיקן נאַכט־הימל, אַרויסוואַקסן אַמאָל די ליבע?

**Finis Operis** *

---

* לאטייניש — סוף פון ווערק.

# אינהאַלט פון פערטן בוך

---

## זיבענט קאַפּיטל



---

